## 1

ווי נאָר דער וואַנטזיינגער האָט אויסגעשלאָגן אַכט, די מענטשלאַך אינעווייניק האָבן אָפּגעזונגען און אָפּגעשפּילט דאָס שוין צום טויזנטסטן מאָל געשפּילטע און געזונגענע, אַזוי איז דעמאָלט דער פּרוי עטינגער געוואָרן גרינגער אויפ'ן הארצן — דער טאָג איז שוין פאַרגאַנגען, נאָך אַ מינוט צי נאָך אַ מינוט און עס וועט באַלד אַריינקומען איר מאַן און זי וועט באַלד קענען זען מיט אירע אייגענע אויגן ווי אַזוי ער קוקט היינט אויס — עס האָט איר בלויז געגעבן נאָך אַמאָל אַ קליינעם קלאַפּ אין הארצן, ווען ער איז טאַקי אַריינגעקומען.

און מיט זיין אַריינקומען האָט זיך טאַקי באַלד, איבער דער שטוב דורכגעטראָגן אַ שטילער רויש. כאָטש קיינער האָט גאָר נישט ניט געזאָגט און קיינער האָט גאָר נישט ניט געטאָן, האָבן זיך אָבער פון זיך אַליין אָנגעהויבן באַוועגן די שווערע גאַרדינען, וואָס זענען געהאַנגען איבער די פענסטער, און די שטילע שווערבאַהאַנגענדיגקייט, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט צעפּאַרעטער לופט, האָט לויז אָנגעהויבן אַרומצושוועבן און זיך אויפהויבן אַרויף צו דער סטעליע צו, דער שמאָלער, לאַנגער קאָרידאָר האָט שווער און ווייטיק אָנגעהויבן צו קרעכצן — עס האָט זיך געדוכט ווי דער גאַנצער לאַנגער חלל איז געוואָרן אָנגעפילט מיט דעם מאַן — מרדכי עטינגער.

— נעם אַראָפּ מיין מאַנטל עמאַ! — האָט ער אַ ווייטאָק־דיקער, מיט פאַרביסענע ליפּן, ווי פון צווישן די ציין, גביר'יש אַרויסגעזויגן — גיב מיר די יאַרמולקע, גיס אָן די וואַנע.

און ער איז געבליבן אַזוי שטיין. די הענט צושפּרייט, מיט דער נאָז האָט ער שווער געבלאָזן, האַלב אַראָפּגעשלעפּט דעם מאַנטל פון די פּלייצעם האָט ער געוואַרט אַז די דינסט זאָל צונעמען דעם בגד.

אָבער זײַנע רייד זײַנען געווען לחלוטין איבעריקע. די וואָגע איז שוין געווען פון פריער אָן אָנגעגאָסענע, און נאָך אַ סך פריער, אײדער זײַן אָנקומען, האָט זיך שוין איבער דער שטוב אַרומגעטראָגן זײַן אָנקומענדיקער אָטעם. דער גרויסער וואַנטזייגער האָט דאָך שוין געקלונגען, און אפשר לכבוד אים געקלונגען, עמאַ מיט אַלעם צוגעגרייט, איז שוין געזעסן פּוסט און פּאַס אויף דעם ווייסן בענקל, וואָס אין קיך און פון זיך צעשפּרייט אַן אומרואיקע ערוואַרטונג. גאָפּל און מעסער האָבן געקלונגען אַרויס פון עסצימער. די צודעקלאַך איבער די אַלומנע טעפּ אין קיך, האָבן זיך געהויבן פון דער זודיקער פּאַרע און געקלאַפּט מיט דריבנע נערוועזע קלעפּ, און איבער דער גאַנצער שטוב האָט זיך שוין געטראָגן דער געווירצטער ריח פון געשמאַקע מאכלים — עס איז געווען אינגאַנצן איבעריק זײַנע רעד, ווען ער האָט נאָך אַמאָל ווידערהאָלט — „זאָל די וואָגע זײַן אַ הייסע, עמאַ — אַ זודיקע“.

מען האָט אים אָבער אין דעם אַלעמען ניט געקענט באַשולדיקן. זײַן פּאַרקרימט פּנים איז איצט געווען אינגאַנצן שפּיציק; טיפֿע קנייטשן אָנגעשטאָפּטע מיט ווייטאָק האָבן זיך אײַנגעשניטען אַרום זײַן מויל. זײַן נאָז איז געווען אויסגעצויגן, ווי אַ שנאָבל און בלאַס אויפֿ׳ן סאַמע שפּיץ. מען האָט אויף אַן אמת׳ן פֿאַר זיך געזען אַ חולה מסוכן, און מרדכי עטינגער מיינט שוין דעמאָלט אַז אָט איז געקומען די מינוט פֿון פּעקלען זיך — ער הויבט זיך אָן גרייטן צום פּעקלען זיך. ער אײַלט זיך. צען מאָל אין אַ מינוט ווידערהאָלט ער די זעלביקע רעד. ער טוט זיך אויס און ער טוט זיך צוריק אָן. ווי אַן אָקס, וואָס דערשמעקט בלוט אַזוי הויבט ער אָן אַ פֿאַרצווייפֿלטדערשלאָגענער אַרומשפּאַנען אַהער און אַהין. שנעל, ווי אַ בליץ טוט אים אַ קלאַפּ אין האַרצן זײַן טיפֿבאַהאַלטענער חטא — ווען וועט ער אָפּוואַשן זײַנע זינד? מיט וואָס וועט ער אָפּוואַשן זײַנע זינד? טאָמער וועט ער שוין, די נאַכט שטאַרבן?

און עס באַפֿאַלט אים אַן אימה. אײַלנדיק טוט ער תשובה. אויף אויסנווייניק און אין אומאָרדנונג זאָגט ער פֿאַרשידענע פּסוקים און קאַפּיטלאַך פֿון אַלערליי תפילות. ער קאָרטשעט זיך אינגאַנצן אײַן, פֿון די צוויי אַקסלען וואַקסן אויס צוויי

הויכע האָרבן, צווישן וועלכע עס זיצט אַ גרויסער שפּיציקבאָ־יאַרמולקעטער קאַפּ, און אַן זיין אייגענעם באַוואוסטזיין שרייט ער שוין סיי ווי סיי אויף דער דינסט:

— זע די וואַנע זאָל זיין אַ הייסע עמאַ. טאַקע אַ שטאַרק זודיקע.

מרדכי עטינגער איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פופציק. ער האָט געהאַט אַ רעליגיעזע נאַטור, און איז געווען אַן אָבער־גלויבישער מענטש. אַ מענטש אַ זיכערער און ניט זיכערער.

ווען ער פלעגט, מיט'ן באַגינען, אויפשטיין, און שטיל, האַלב־נאַקעט זיך אַרומשאַרן איבער די ווייך־וואַרעמע טעפּיכער, האָט דעמאָלט פון זיינע אויגן אַרויסגעשיינט אַ פריידיקע שיין. פון זיין מח האָבן זיך אין דער לופט אַרוים צושפּרייט שאַרפע טראַכטונגען. גאָר אַן אַנשטרענגונג האָבן זיך פון זיין מח אויסגעשיילט אַלערליי ווייטזעענדיקע פּלענער, און אין דער לופטן, מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט ער געקענט לעזן אַלערליי ציפערן. ער האָט די ציפערן גע'חיבור'ט, זיי גע'כפל'ט און צום סוף צעבראָכן אויף'ן קלענסטן תשבורת, און ער האָט שוין אַזוי אַ פאַרטיק אויסגעטראַכטער, געקענט זען אין דער לופטן זיין גאַנצן מסחר. אַלערליי סאָרטן וואָל — ענגלישע און שפּאַנישע און זיד־אַמעריקאַנישע, זיינען געשטאַנען פאַר זיינע אויגן. ער האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געזען אַזוי פיל באַלן פון דעם סאָרט, און אַזוי פיל פון דעם סאָרט און דערנאָך האָט ער געגעבן איז דער לופטן אַ פּאַר מיט דער האַנט, וואָס האָט געמיינט אַ פּאַס, ווי מען ציט אונטער אַ חשבון — און ער האָט שוין אין זיין קלאָרקייט געוואוסט, וואָס ווייטער צו טאָן.

אָבער אין מיטן פון אַזאַ מין קלאָרן טראַכטן, האָבן זיך ערגיץ אין זיין מח פּלוצלינג געעפנט קליינע פאַרמאַכטע קע־מערלאַך, אָנגעשטאָפּטע מיט ביינאַכטיקער טונקלקייט, וואָס האָבן צעשפּרייט שרעק איבער זיין לייב. און דעמאָלט פלעגט ער שוין ווערן איינגעקאָרטשעט פון ווייטאָק. זיין האַרץ הויבט אין אים אָן צו קלאַפּן פון עפּעס אַ פאַרהוילטן אָנקום, ווי אויף ווייכן גומי, וואָס שפּרינגט אָפּ פון דער ערד, אַזוי ווערט דעמאָלט

זיין טראַט לופטיק פליענדיק און אין איין און דער זעלבער צייט טראַכט ער שוין אַלערליי געדאַנקען.

— פאַרוואָס זאָל זיין טאָכטער אסתר ניט חתונה האָבן מיט'ן אייניקל פון דעם באַוואוסטן גוטן אידן ? — קומט אים אַן אַ געדאַנק אויפ'ן זינען — צי אפשר וואָלט מען געקענט אויסגעפינען אַ מיטל אַז אויף די קריזשעס פון פערד און פון קי זאָלן וואַקסן וואָל ? אין מיטן העלן טאָג האָט זיך אים איינמאָל גע'חלומ'ט אַ חלום, אַז די הויז אין וועלכער עס געפינט זיך זיין ווייב עטעל, האָט זיך אָנגעצונדן פון אַלע פיר זייטן. דער ווינט האָט אונטערגעטראָגן זיין געוואָרענע גרינג־קייט. זיינע אויגן זענען געוואָרן רויט און זענען געקראָכן פון די לעכער. ער האָט געזען פלאַמען זיך ציען פון די פענסטער אַרויס. ווי אַ צעווילדעטע חיה אין אַ פאַרשלאָסענער שטייג איז זיין ווייב אַרומגעלאָפן אין דער ברענענדיקער שטוב. ער האָט זיך געלאָזט לויפן צו דער הויז, אָבער אינמיטן האָט אים איבערגעהאַקט דעם וועג אַ גרויס פליסנדיק וואַסער. ווען ער האָט אַראָפגעוואָרפן זיינע שיך האָט זיך דאָס וואַסער אויפ־געהויבען העכער. ווען ער האָט דערנאָך פאַרקאַטשעט די הויזן, ביזקל די קני האָט זיך דאָס וואַסער אויפגעהויבן נאָך העכער, — דאָס וואַסער האָט זיך אויפגעהויבן ביז'ן האַלדז, ער איז שיעור ניט דערטרונקען געוואָרן.

אויך האָט זיך איינמאָל געטראָפן אַז ער איז געשטאַנען ביי זיך אין שאַפּ און עס איז אַריינגעקומען אשר ראָזענצווייג. דער איד איז געווען אַ גרויסער סוחר. עטינגער האָט מיט אים געהאַנדלט פאַר יאָרן לאַנג. טאַקי דעם זעלבן אינדערפרי האָט אים מרדכי עטינגער אַרויסגעשיקט אַ טראַנספּאָרט מיט ענגלישע „מאַהיירס", און ער האָט זיך געפרייט מיט'ן גרויסן רווח דעם פרימאָרגנדיקן — ערשט עס עפנט זיך טיר, און עס קומט אַריין אשר ראָזענצווייג, זיין פּנים איז אויסגעשמירט אין בלאָטע, אין בלאָטע איז איינגעקאָלטנט די באָרד, דער רעכטער אויער איז ביי אים אויף צוויי דינע העלפטן צעשפּאָלטן און אויסגעבויגן, ווי בלעטער פון דיקן פּאַפּיר, אשר ראָזענצווייג האָט אויסגעשטרעקט אַ דאַרע פאַראַליזירטע האַנט — שענקט

מיר א נדבה — האט ער געזאגט. מרדכי עטינגער האט זיך צעוויינט — ווי א מענטש קען דאס איבער נאכט בדלות ווערן.

אין אזעלכע א טעג צי נעכט, פלעגט מרדכי עטינגער אינ־גאנצן איינשרומפן. די הויט פון זיין פנים איז געווארן ווי צוקארבטע קארע. ער פלעגט דעמאלט לערנען אלערליי נישט־קלארע ספרים, געזוכט רמזים, מנדר געווען אלערליי נדרים און אויסמיידן דעם ציפער דרייצן. ער האט מורא געהאט פאר דעם דאזיקן ציפער, און ער פלעגט זיך אליין אויף אלערליי אופנים אויספרואוון. ער האט למשל איצט, מיט זיין קאפווייטאק, זיך אויף אזא מין אופן אויסגעפרואווט: אויב ער וועט זיצן אין וואנע ביז צען מינוט איז עס א גוטער סימן אויב שפעטער ווי צען מינוט, איז עס א שלעכטער סימן, און ער האט זיך שוין — ווי אויף צו להכעיס שפילנדיק זיך מיט זיין אייגענעם שיקזאל, ארומגעטראגן מיט'ן זייגער אין האנט, געציילט די מינוטן און ווייל אין גרויס שרעק, האט ער שוין דווקא אויף זיין דינסט ניט געשריען, פארקערט — גע־דולדיק געווארט — ער האט געוואלט אי זי, אי זיך אויס־פרואוון.

נאר מער ווי צען מינוט האט ער אזוי ניט געקענט אריבער־טראגן. א כוואליע קאלטער שווייס האט זיך געגעבן א צוגאס איבער זיין ווארעמער הויט, און האט מיט איינגעשפארטקייט געשטויסן די היץ וואס איז געקומען פון זיין לייב. ער האט אנגעהויבן ברעכן די פינגער

— נו שוין עמא, זעסט דאך ווי עס ווערט מיר צעשאסן דער קאפ.

און אין א מינוט ארום:

— עמא!

און נאך א סעקונדע — ער איז שוין געווען אין גאנצן פארצווייפלט. א רעזיגנירטער. פאר די זייגערדיקע וויזערס זיך געשראקן. ער האט בגנבה ארונטערגעלייגט זיין קעשענע זייגער אונטער א דעקל פון א צוקער־פושקע.

— פליעז עמא.

עס איז שוין אבער געווען אלעס פארפאלן. דאס וואסער איז געווען אפגעקילט. עמא האט צוויי מאל מיט גרויס דרך

ארץ און שטיל, ווי עס פאסט פאר א באַלעבאַטיש דינסטמיידל, גערופן — דאָס וואַסער ווערט קאַלט — אָבער מרדכי עטינגער האָט זי ניט געהערט, און איצט האָט שוין עמאַ געמוזט עפענען דעם פאַרשטאָפּער כדי דאָס וואַסער איבערצוביַיטן.

מרדכי עטינגער האָט אין דעם געזען אַ סימן פון אומגליק. פון אונטער זייַנע נעגל האָט געבלאַזן שרעק, פון זייַנע נאָז־לעכער אַ דינער ווינט, ער האָט אַזש פאַרקרימט דאָס מויל. און איבערן שטוב האָט זיך צעלייגט אַ שטילע אָנשטרענגונג — פון דאָס נייַ האָט געזשומעט גיסנדיק וואַסער פון דעם אָפענעם קראַן. מען האָט אין חדרים אָנגעצונדן ליכט און זיי צוריק אויסגעלאָשן. עמאַ האָט געשוועבט — אַ שטילער שאָטן איבער די גרויסע חדרים. זי האָט אַרויסגענומען אַ האַנטוך, און זיך אין מיטן דערמאָנט אַז האַנטוכער האָט זי אָנגעגרייט צוויי — אַ טערקישן און אַ פּשוט׳ן — אויף אייביק וועל איך שוין טאַקי בלייבן אַזוי זיצן — האָט זי אָנגעהויבן טראַכטן אין פאַר־צווייפלונג — ביז׳ן גרויען צאָפּ אַריין. אַז אַ מענטש געדענקט ניט פון דאַנען אַהין. אין ווינקל פון קיך האָט זי זיך פאַר־טשעפּעט און איז אומגעפאַלן — זי האָט דריי מאָל אויס־געשפּיגן.

— סיי ווי, — טראַכט מרדכי עטינגער, — איז שוין מיין קוויטל אָן אָנגעצייכנטס — איז וואָס זשע דאַרף מען זיך דעמאָלט איילן? האָט ער שוין טאַקי אַרומגעשפּאַנט אַ וואַרטנ־דיקער איבער זייַנע גראַמע חדרים און געמיטלאַך באַטראַכט דאָס מעבל זייַנס. דאָס מעבל איז געווען פון אמת׳ער מאַהאָגאָני — אימפּאָרטירטע שטיקער. איין צימער האָט אַזוי פּאַראַדנע אַריינגעפירט אין דעם צווייטן צימער, און אָט איז ער שוין אין מוזיק־זאַל. מיט אַ שוואַכער האַנט האָט ער אַרויסגענומען דאָס טיכעלע פון קעשענע און דערמיט אָפּגעשטויבט די פּיאַנאָ. אין ווינקל ביים פענסטער איז געווען אַריינגעשלאָגן אַ קליין טשוועקל האָט ער עס פאַרזיכטיק אַרויסגענומען און אַרויסגע־וואָרפן דורכן פענסטער. פאַר איין סעקונדע, פאַר איין אויגנבליק האָט ער אַ טראַכט געטאָן פון זייַן מסחר.

— אַ גאַנצן וואָגאָן מיט וואָל האָט ער היינט אַרויסגעשיקט

קיין אויסלאַנד. אינווייניק אין די פּעק איז געווען גענוג וואַ־סער אריינגעגאָסן.

— דאַנקען גאָט, — טראַכט ער, — גאָט וועט אים אויך ווייטער ניט פאַרלאָזן. עס וועט מקוים ווערן די ברכה פון זיין טאַטן — זיין טאַטע האָט אים געבענטשט, ווי יעקב — יוסף׳ן — „איך ווינטש דיר זאָלסט ביי אַלעמען נושא חן זיין". מרדכי עטינגער איז ביי אַלעמען נושא חן. ביי די מענטשן מיט וועמען ער האַנדלט, אין זיין שול, אין די בענק — מרדכי עטינגער האָט אַ נאָמען אין די בענק. ער האָט פאַוואָליע אַראָפּגעשלעפּט דעם ראָק, דאָס זיידענע אויבערהעמד, אַ הוימישער איז ער געבליבן שטיין, מיט׳ן בויך דעם גרויסן פאַרדעקט ביז אַ העלפט מיט גרוי געשטרייפטע הויזן. אַ פאַרשעמטער האָט ער צו־ריק געבראַכט דעם גאָלדענעם זייגער מיט׳ן אידיש אויסגעקריצטן מאָנאָגראַם, און אים אריינגעלייגט אין דער קליינער פייער קאַסע; און פאַרזיכטיק פאַרמאַכט דאָס קליינע דעקל.

אַן עברה, אַ עברה, — האָט ער געטראַכט — מען וואָלט געווען געקענט מער וואַסער אריינגיסן — עס איז ריינע וואָל געווען.

ווען ער האָט זיך נאָך אַמאָל אַנגעגענט מיט דער דינסטס בליקן, האָט ער אַ ציטער געטאָן — עס איז שוין געווען אפשר אַ האַלבע שעה זייט זי פאַרעט זיך דאָרטן — אָבער וואָס איז שוין איצט דער חילוק — די זון גייט אַלע טאָג אויף אין מזרח זייט. אַלע פרימאָרגן זינגען פויגלען. עס איז דאָ אַ סדר אין דער וועלט — און ווען די גאַנצע וועלט, וואָלט אפילו אין איין טאָג אונטער־געגאַנגען, איז אויך גוט אַזוי.

עס איז טאַקי גוט אַזוי. אין דער הייסער וואַנע, מיט׳ן זודיקן וואַסער האָט עטינגער׳ן ביסלאַכווייז דער קאָפּווייטאָק אָפּגע־לאָזן און ער האָט דערנאָך אַזוי לאַנג געלייגט הייסע קאָמפּרעסן אויפ׳ן קאָפּ און צום שטערן, ביז די ווייטאָק איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן. עס האָבן זיך ביסלאַכווייז אויסגעגליכן די קנייטשן פון זיין פּנים, דאָס פאַרקרימטע מויל האָט זיך אויך אויסגעגליכן, און עפּעס פליענדיקס האָט אנגעהויבן פלאַטערן אין זיין מוח — אַט טראַכט ער פון סדר העולם, און אַט

טראַכט ער פון זיינע קינדער, און אַמ טראַכט ער שוין פון זיין מסחר. און ווען מרדכי עטינגער האָט זיצנדיק אין וואַגאָן אָנגעהויבן טראַכטן פון מסחר, האָט ער אינסטינקטיוו פון דאָרטן ארויסגענומען אַ נאָסע האַנט, פון דער האַנט האָבן אַראָפּגע־קאַפּעט טראָפּנס צוריק אין וואַגאָן אַריין, און מיט אַ נאַסן פינגער האָט ער אָנגעהויבן רעכענען אויף דער פאַרשוויצטער שויב פון דעם קליינעם פענסטערל. ער האָט מיט'ן פינגער אָנגעשריבן — 40 און אין גערענק געטראַכט — ביי אשר ראָזענ־צווייג'ן. נאָך אַ מאָל — 40 — און שוין אין געדאַנק גע־טראַכט — ביי שטיינבערג'ן. — 120 — און געטראַכט — דאָס וועט מען צענויפקלייבן אין שאַפּ — ער האָט אונטערגע־צויגן — 200 — און באַשלאָסן צענויפצושטעלן אַ נייעם טראַנס־פּאָרט!

מרדכי עטינגער'ן טוט שוין ניט וויי דער קאָפּ. איצט זינגט שוין אין אים אַ גאַנצע פרייד. אין די ווינקלען מויל קיצלט אים, ער מוז לאַכן. אַלע סעקונדעס מוז ער לאַכן. און ער איז אַזוי אַ פריילאַכער אריינגעקומען אין לעזעצימער.

ער האָט ניט געלייענט און גאָר נישט ניט געטראַכט. אים איז בלויז געווען ליכטיק אין די אויגן, און ער האָט אַזוי געשפאַנט און איז געזעסן און ווידער ארום געשפאַנט, גדלות'דיק, צעשפּרייט, און אפילו, ווען אַלע קנעפּלאַך פון דעם מאָרגן־ראָק זענען געווען צושפּיליעטע — האָט עס נאָך מער באַוויזן די ברייט־צעשפּרייטע גבור'שקייט זיינע — אַזאַ ברייטער, הויכער באַלעבאָס, מיט אַ לייב, פון וועלכן עס זעצט אַ פּאַרע. ער האָט פון אַ שאַפע ארויסגענומען אַ פלאַש מיט בראַנפן, אָנגעגאָסן אַ העלפט פון אַ זילבערנעם בעכער, געמאַכט אַ ברכה און אויסגעטרונקען.

מרדכי עטינגער איז שוין ביים טיש געזעסן אָן אויסגע־פּוצטער. ביי זיין זייט איז געזעסן זיין ווייב עטעל. אין מיטענדערוואָך — אָבער עס איז אין דעם צימער און איבער דעם טיש געלעגן צולייגט אַ שבת'דיקע אויפגעראַמטקייט. עס האָט געבלאַנקט דאָס טישטאָך, עס האָט זיך געמיניעט אין זילבער־בלוי דאָס עסצייג. זיין ספּעציעל געמאַכטער הויז־ראָק איז געווען פון שוואַרצן ווייכן בראָקאַט, אויפ'ן קאָפּ, הויך איבער'ן שטערן

איז געלעגן די זיידענע, אכט עקיקע יארמאלקע, און זיין בערדל איז געווען פראנצויזיש צוגעשניצט.

ווען ער האט ביים טיש געגומען נאך א ביסל בראנפן, איז אים אויפ'ן הארצן נאך פריילאכער געווארן. דער קאפ א לייכט־צומישטער האט זיך תפילה'דיק געשאקלט. פון זיין הארץ האט זיך צעשפרייט א ברייטע ליבע — עטעל — האט ער געזאגט — איך האב ליב דעם גאט פון אונזערע אבות.

עטעל האט זיך אזש אונטערגעהויבן פון איר זיץ, זי האט צו אים צוגערוקט דעם גרויסן פאלימוסיק מיט דער געקאכטער הון, האט ארומגעשיילט דאס פלייש פון די ביינער, זי וואלט אפילו דאס פלייש אים אין מויל אריינגעלייגט.

— זיץ, זיץ, — האט ער זי פאר דער האנט געשטופט.

— בעסער עס דאס — האט זי געזאגט.

— זאל זיין דאס — האט ער געענטפערט.

— א הארטע הון, — האט זי געזאגט.

— וואס איז דער חילוק — האט ער געענטפערט — עס איז געווען א גרויסע שפע היינט.

— דאנקען גאט, — האט זי געזאגט.

— מארגן שיק איך ווידער.

מרדכי עטינגער האט זיך דערמאנט און געפרעגט:

— כ'געדענק גאר ניט — האסטו גענומען א ביסל בראנפן?

זי האט ניט גענומען קיין ביסל בראנפן. און זי וויל ניט קיין בראנפן, עס איז איר גוט אזוי אויך — זאל ער נאר זען און אכטונג געבן אויפ'ן געזונט.

— ווי אזוי קען דען, און נאך וואס דארף דען א מענטש אכטונג געבן אויף זיין געזונט, ווען גאט איז אליין א גוטער אכטונג־געבער? אכטונג געבן דארף א מענטש בלויז אויף זיינע מעשים, אויף זיין רצון — א מענטש דארף אלע טאג לויטערן און רייניקן זיין נשמה — פון די זינד דארף זיך בלויז א מענטש ריינוואשן.

עטעל האט געשוויגן. זי האט געלויכטן אין איר היימיש־קייט, זי האט זיך אינגאנצן אויפגעלייזט אין דער ליכטיקייט פון איר מאן. מיט איר ניט אמעריקאניזירט פנים, מיט דער הויכער פריזור, מיט'ן דינעם, שווארצן קלייד, און מיט אירע

טרויעריקע, אי גלאַנציקע אי ניט־גלאַנציקע אויגן האָט זי צו־געגעבן צו דעם טיש אַ אידישן חן — מרדכי עטינגער האָט טאַקי געמוזט איבער איר ציטערן — איינער האָט זיך נאָר געזאָרגט פאַר'ן צווייטן, איינער האָט נאָר גערוקט דעם טעלער צום צווייטן — עס דו, און עס דו, נעם דאָס און נעם דאָס — עטעל האָט מיט אַלע אירע מיטלען געוואָלט אָפּווענדן איר מאַנ'ס בליק פון די איבעריק געגרייטע טעלער. די טעלער זיינען גלאַנציק טרויעריק געשטאַנען ווי אַבלים און געוואַרט פאַר די קינדער, די קינדער זיינען ניט געווען. מרדכי עטינגער האָט זיך שטיל געבייזערט — צי קענען זיי דען ניט אָפּוואַרטן מיט'ן אָוועקלויפן ביז דער טאַטע וועט אַהיים קומען?

— זאָג מיר עטעל, מען קען גאָר קיינמאָל מיט זיי ביי איין טיש ניט עסן?

עטעל ווייס ניט וואָס צו ענטפערן. זי טראַכט זיך — ער איז אודאי גערעכט. אָבער עס טוט איר ווי דאָס האַרץ. זי ווייסט אַז קינדער זיינען אַנדערש, — מיט אַ שטיל, כמעט בעטנדיק קול זאָגט זי:

— איז וואָס ווילסטו, אַז קינדער זאָלן דיר זיצן און וואַרטן ביזקל האַלבער נאַכט?

מען עסט שוין די זופּ. מיט אַ שמעקנדיקער פאַרע איז פאַרצויגן דער ברעג טעלער. אַלע מאָל דאַרף עטינגער אָפּ־ווישן די באָרד. ער דרייט דאָס גלאַט אויסגעפּרעסטע סערוועטל אַרום אַ פינגער און ווישט דערמיט זיינע וואָנצן. ער איז שוין זאַט און גוטמוטיק און רעדט איינגאַנצן אַן ווייטאָק.

— ביזט אַ אידענע, אַ אידענע — דו מיינסט אַז מיר אַליין איז עס נוגע. דו מיינסט אַז פון מיינעטוועגן לויף איך אַרום. אַז ווען איך בין רק פאַרנומען איז עס צוליב מיר; קיין מענטש טוט ניט קיין זאַך בלויז צוליב אים אַליין. אינעווייניק אין זיין האַרצן ליגט אַ באַהאַלטענער צוועק, וואָס יעדער מענטש טוט בלינדערהייט אויספאָלגן. פון אויבן איז יעדן אָנגעצייכנט זיין שליחות — איך מרדכי עטינגער דאַרף שיקן וואָל קיין אויס־לאַנד, איך מרדכי עטינגער דאַרף ברענגען וואָל פון אויסלאַנד.

מרדכי עטינגער'ס טאַטע פלעגט שבת ביים טיש זאָגן תורה, ער האָט ליב געהאַט צו רעדן און דערציילן די וואונדער פון דער

תורה, זיין מאמע און אלע קינדער ביים טיש, פלעגן זיצן און הערן דעם טאטנס וואונדער מעשיות — מרדכי עטינגער האט אויך ליב געהאט ביים טיש צו דערציילן מעשיות. ער האט נאכ־געזאגט גאנצע פסוקים פון אלערליי ספרים. ער האט דערציילט מעשיות, מאגיקע פאסירונגען, ער האט איצט א צעפלאמטער, און נאך אביסל בראנפן — אן אויפגעלעגטער גערעדט און גערעדט — דו קענסט זיך גאר ניט פארשטעלן אזא זאך, אז א מענטש טראגט אין זיך א גלויבן. אז א מענטש ווארט בלויז אויף דער מינוט, ווען ער וועט קענען זיין ווארט, זיין אמת׳־דיק ווארט ארויסזאגן. פארשטייסטו ניט אז יעדן מענטשנס לעבן מוז האבן א ציל? און אויב איינער פירט א מלוכה, איינער — שיפן איבער ים׳ען, האב איך מיר אויך מיין שליחות? עס איז דא עטעל א כונה אין מיין האנדלען — א זין האט מיין לעבן, פונקט ווי עס האט א זין דאס וואקסן פון דעם נידריקן גראז — מיט מיין ערציען קינדער אזוי ווי איך וויל, דערפיל איך א הייליגע שליחות. אידישע קינדער טארן ניט פארגעסן אין זייער גאט. וואס בלייבט איבער דעם אידישן קינד, ווען עס גייט אוועק פון זיין גאט? אבער ווארום האב איך ניט קיין כוח מיינע רייד אריינצוגיסן אין זייערע הערצער אזוי, אז זיי זאלן מוזן לעבן אזוי ווי איך וויל! איך זע דאך שוין אז עס איז מער ניט ווי רעד, רעד, רעד, וואס דערגרייכן ניט קיינעמס אויערן. —

ריידנדיק האט זיך מרדכי עטינגער אלץ מער אויפגערעגט, זיין פנים האט זיך גערויטלט, ער האט אפגערוקט פון זיך דעם טעלער מיט דעם לעפל, אנגעהויבן אפשארן די ברעקלאך פון טיש און פון אן אויפגעהויבענער האנט דורך די פינגער געזיפט די ברעקלאך צוריק אין טעלער אריין.

— מיינע קינדער, — האט ער געזאגט, — מוזן זיין אזוי ווי איך וויל, אזוי ווי עס פאסט פאר מיין שטאם, מיינע קינ־דער — איך דארף זיי ניט, אויב זיי גייען אין פרעמדע וועגן, שוין איצט זע איך, ווי זיי וויכן פון מיר, דערווייטערן זיך פון מיר, שעמען זיך מיט מיר.

— ווארום וואכן פון מיר מיינע קינדער?

אין אמת׳ן האבן פון אים די קינדער ניט געוויכט, פאר־

קערט. ער האָט זיי ליב געהאַט און זיי האָבן אים ליב געהאַט. מרדכי עטינגער האָט זיך געזאָרגט פאַר זייער קלענסטער קליי־ניגקייט, און די קינדער זיינען אַלע געווען פאַרזאָרגט פון זיין שוואַכן געזונט. אַהיים קומענדיק שפּעט אין אָוונט, פלעגן די קינדער יעדער באַזונדער נאָך אין קאָרידאָר אַראָפּשלעפּן די שיך כדי זיי זאָלן קענען שטילע אין זייערע צימערן אַריינגיין. בעקי, כאָטש נאָך יונג אין יאָרן, האָט זי כסדר, כמעט אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין עצה'ן זיך מיט דער מאַמען, וואָס צו טאָן, כדי מען זאָל דעם טאַטן אַרויסשלעפּן, כאָטש אויף אַ שטיקעל צייט פון דעם שאַפּ אַרויס. אָבער אין מרדכי עטינגער'ן האָט זיך טאָג נאָך טאָג געשטאַרקט זיין פאַרצווייפלונג, קאָכעדיק בלוט האָט געפּייניקט זיין האַרץ. אים האָט אָנגעהויבן פאַרפאַלגן אַ ווערעמדיקע נאָגעניש — טאָמער וועט ער די קינדער פיינט האָבן? און פּונקט, ווי אַ וואָרים וואָלט זיך באַזעצט אין זיין האַרצן אַזוי האָט אים שטענדיק, אַהיים קומענדיק, אָנגעהויבן פאַרפאַלגן די שרעק איבער זיינע קינדער און אויסהוסטנדיק די כריפּלע הייזעריקייט פון דעם האַלדז האָט ער גערעדט און גערעדט.

— איך ווייס, — האָט ער געזאָגט, — די מחיצה וואָס דאָס לאַנד שאַפט צווישן עלטערן און קינדער. און נאָך טיפער איז דער ריס אין אַ הויז פון מיין שטאַנד. — אין דער אָרימער הויז זיינען קינדער נעענטער צו די עלטערן, דער מאַן איז נעענ־טער צו זיין ווייב, דער ברודער צו זיין שוועסטער, דער פּחד פאַר'ן מאָרגנדיקן טאָג דערנעענטערט מענטשן, פילט אַן זייערע הערצער מיט ליבע. אָבער ביי מיר — ביי מיר איז דייוו זיכער מיט'ן מאָרגדיקן טאָג. דאָס געפיל פון ליבע פעלט איינ־גאַנצן אין זיין האַרצן. אַלעס מעסט ער מיט דער ווערט פון דעם דאָלער — דער ווערט פון דאָלער וועבט איין אין זיין בלוט די גרויסע חוצפה וואָס האָט שוין גאָר קיין שיעור ניט. נעכטן זאָגט ער מיר — טאַטע — יאָ איז אַ לאַנד פון פּראַקטישע מענטשן, סענטימענטן און פיינע געפילן דאַרף אַ מענטש אוועק־לעגן אויף דער פּאָליצע — פאַר הונדערט דאָלער אַ וואָך ביזטו מיין טאַטע און מיין באַלעבאָס, אויב ניט קען איך קריגן אַן אַנדער שטעלע.

— וואָס מיינסטו אַן אַנדער שטעלע — זאָג איך — דו דינגסט זיך גאָר מיט מיר? דו וועסט גיין ערגעץ אַרבעטן?

— יאָ, — זאָגט ער רואיק, — אַט דאָס איז אַמעריקאַ. אויב דו וועסט ניט צאָלן דעם פּרייז גיי איך ערגעץ אַנדערש.

— דעם פּרייז, דעם פּרייז, — נאָט אייך מיין בלוט און באַקומט דעם פּרייז — מיין העכטן פּרייז — מיין העכטן פּרייז...

מיט אַ שווערן געמיט האָט מען שוין פאַרענדיגט דעם מאָלצייט. מרדכי עטינגער האָט טרויעריק פאַרויכערט אַ סי־גאַר, און אַ טרויעריקער איז ער אַריין אין לעזצימער. ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספר און ניט געוואוסט, וואָס ער לערנט. ווען ער איז אין אַ ווײַלע אַרום צוריקגעקומען אין עסצימער, האָט ער שוין דאָרטן געטראָפן דעם טיש אויפ׳סניי אַ געגרייטן, דאָס מאָל מיט טיי און איינגעמאַכטס און אַלערליי געבעקסן. אַרום טיש זענען געזעסן אַ פּאָר שכנים און באַקאַנטע. מרדכי עטינגער איז זיי אַלעמען מיט אַ שאָקל פון קאָפּ לײַכט פאַרבייגעגאַנגען, ער איז אַריינגעגאַנגען צו דייוו׳ן אין צימער, אָנגעשריבן פאַר אים אַ צעטעלע מיט אָנווייזונגען פאַר׳ן מאָרגנדיקן טאָג אַרבעט — מאָרגן גאַנץ פרי — האָט ער געשריבן — וועלן מיר פּאַקן ביי ראָזענצווייגן, דערנאָך וועסטו גיין צו שטיינבערגן, און איידער ער האָט נאָך אַרויסגעלעגט דעם בלייַשטיפט פון האַנט האָט ער שוין חרטה געהאַט אויפ׳ן אָנגעשריבענעם. — אויב מען וועט קומען צו ראָזענצווייגן אַזוי פרי, וועט דער איד באַקומען פּליי אין דער נאָז. ער וועט, ווי זיין טבע איז, אָנהויבן קוועטשן די וואָל אין האַנט און זיפצן — גלויבט מיר רב מרדכי איך האָב מיר אָפּגעשלאָגן די פיס ביז איך האָב צענויפגעשלעפּט אַט די „מאַהיירדס“, ניין — האָט מרדכי עטינגער צו זיך געזאָגט. ער האָט אויסגעמעקט דעם נאָמען ראָזענצווייג און אויף זיין אָרט אָנגעשריבן שטיינבאַרג, און אויפ׳ן אָרט פון שטיינבאַרג האָט ער אָנגעשריבן ראָזענצווייג. ער האָט אַזוי פאַראַדנע אוועק־געלעגט דאָס צעטעלע אויפ׳ן טיש, אַזוי אַז דייוו זאָל עס קענען זען, און ווען ער איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל פון טיר האָט ער צוריקגעבליקט און באַטראַכט דאָס פרעמד בחור׳שע צימער — ביליקע בילדער זיינען געווען צוהאַנגען איבער די ווענט, אָרימע ריחות פון אַלערליי שמיראַכצן האָבן זיך פון דאָרטן גע־

טראַגן, אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַן אויסשטאַט פון פאַרשי־דענע גימנאַסטיק שטיק. מרדכי עטינגער האָט מיט קוים צו־עפנטע ליפּן, שטיל, ווי פאַר זיך אַליין געזאָגט:

— הייסט עס אַז דער קנוף פון דורות ווערט מיט מיר צע־ריסן! וועט זיך עס טאַקי מיט מיר ענדיקן?

2

דער קנוף פון דורות, וועט זיך מיט מרדכי עטינגער'ן נאָך ניט ענדיקן — פונקט ווי אַלע טאָג איז ער אויף מאָרגן אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, און פונקט ווי אַלע טאָג האָט ער זעקס אַ זייגער צו דער מינוט זיך אויפגעכאַפּט — ער האָט שוין אַזוי געלעבט פון יאָרן לאַנג. אַ שפּריציקע ענערגיע האָט פון אַלע זיינע אברים געפּלאַסן, אפילו אין שלאָף איז ער געוועזן וואַ־כיק, שטענדיק האָט אין אים געברויזט אַ ים מיט געפילן. אָט איז ער דאַכט זיך פאַרצווייפלט דערשלאָגן, יאוש בלאָזט פון זיינע אויגן און אים דוכט זיך אַז דער הימל ליגט אויף דער ערד, און אין זיין שוואַכקייט גיט ער זיך אויפ'ן מאָמענט אונ־טער — אָבער עס איז בלויז אויפ'ן מאָמענט, בלויז אויף דער שעה, אין אַ שעה אָדער צוויי איז שוין זיין קאָפּ הויך פאַריסן, ער ווייסט שוין דעמאָלט זיין אייגענעם ווערט, ער מעסט שוין זיינע אייגענע כוחות, זאָל נאָר קומען דער טאָג — זאָל נאָר קומען די שעה — זיין שעה — קיינער דאַרף אים ניט וועקן אין פרימאָרגן — ער דאַרף ניט קוקן אויפ'ן זייגער אין פרימאָרגן, פונקט ווי אַן אומזעעבאַרער, ווי עמיצער מיט אַ האַנטלאָזער האַנט וואָלט אים איבער דער פּלייצע אַ טאָרע געטאָן — רב מרדכי אויפשטיין — און שוין שטייט ער אַ וואַכיקער, מיט אַ פּאָר אָנ־געגרייטע קלאָרע אויגן, האַלב נאַקעט שפּאַנט ער דערנאָך אַרום און שקראַבעט מיט די שטעקשיך איבער די גראַמע חדרים, מיט אַלע צען פינגער צעשפּרייט איבער אַ געקאַכט גלאָז וואַסער זופּט ער הויך אויף אַ קול פון דעם גלאָז, און טראַכט און טראַכט:

— עס וועט זיך ניט ענדיקן מיט אים דער קנוף פון דורות.

— ער האָט אין עטעל'ן אריינגעגאָסן בלוט פון זיין בלוט און מאַרך פון זיין מאַרך — עס איז געבוירן געוואָרן צוערשט אסתר און

דערנאָך דייוו און דערנאָך בעקי — אסתר און דייוו און בעקי זיינען בלוט פון זיין בלוט, אַ ליב פון זיין ליב — זיין אייגן ליב קומט אַרויס פון אַ דורות׳דיקן יחוס — זיין ווייב׳ס ליב האָט ער באַפרוכפּערט מיט זיין דורות׳דיקן יחוס — קיין אַנדער שטאַם האָט זיך מיט איר ניט באַהעפט — קיין אַנדער שטאַם קען פון איר ניט אַרויסקומען — עס איז דער מאַן וואָס באַשאַפט די דורות — ווייבער זיינען בלויז די טרעגער פון דעם מענלאַכן זוים — מיין זוים — מיין יחוס — מרדכי עטינגער האָט אין באַגייסטערונג שטיל אויפגעעפנט די טיר פון דייווו׳ס צימער. דייוו אין טיף אויסגעשניטענע אונטערוועש האָט אַנטפּלעקט זיין נאַקעט ליב. די ברוסט איז געווען שיטער באַוואָקסן און הויך אונטערשפּאַרנדיק דאָס דינע העמד האָט זיך די ברוסט רעגלמעסיק געהויבן אַרויף און אַראָפּ. זיינע הענט זענען געווען ווייסע, מוסקולדיקע, מיט האַרטע קישעלאַך אַריבער די עלענבויגנס ווי מיט אונטערגעלעגטע שטיינער אונטער דער הויט, זיין קאָפּ איז געווען אַ גרויסער, מיט אַ הויכן שטערן, מיט געדיכטע טונקלברוינע האָר, און אַ צאַרט ווייסע הויט האָט באַ־צויגן די אַטלעטיש אויסגעפורעמטע באַקן. מרדכי עטינגער האָט אַ סעקונדע אָדער צוויי געקוקט אויף אָט דעם נייעם מין דור — אויף דעם געמיש פון באַלעבאַטישער צאַרטקייט מיט אַטלע־טישער גבורה. אַ געפיל פון פרייד און מאָרגנדיקער פרישקייט האָט אַרומגענומען זיין האַרץ. פּונקט ווי שטענדיק האָט ער גלייך געהאַט אַ פול מויל מיט ווערטער, וואָס ער האָט ערגעץ גע־לייענט צי ערגעץ געהערט און איז געווען גרייט די ווערטער צו רעדן. ער האָט די ווערטער טאַקי גערעדט. מיט שטיל מורמלענ־דיקע ליפּן האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט:

— דער כוח פון אונזער פאָלק האָט שוין אַ סך נסיונות בייגעשטאַנען. און אַלע צייטן און צווישן אַלע פעלקער האָט מען אונז שטענדיק גע׳רודפ׳ט, אָבער שטענדיק זיינען מיר אַרויסגע־קומען פון אַלע רדיפות געלייטערטע, הייליגע — יעדער אומגליק האָט אונז אויפגעהויבן נעענטער צו גאָט — אונזער לעבן איז אַ פעסטונג — אַלע ביז איצטיקע דורות האָבן באַפעסטיקט אונזער פעסטונג — איך האָב באַפעסטיקט — דו וועסט באַ־פעסטיקן — דו מיין זון וועסט באַפעסטיקן די פעסטונג —

מיין ליבער מיין קדיש, דו וועסט אויך פונקט ווי איך, באפעסטיקן די אידישע פעסטונג — מיט דיין חכמה מיט דיין הארץ.

ער האט שטיל צוריק פארמאכט די טיר. ער האט א שטי־מונגספאל־געהויבענער זיך ווידער ארומגעדרייט איבער די צי־מערן. שפעטער האט ער געהערט, ווי דייוו איז אויפגעשטאנען, אפגעגעסן און אוועקגעגאנגען. דערנאך איז ער אזוי געגאנגען פון צימער צו צימער און געוועקט בעקי'ן און אסתר'ן און זיין ווייב עטעל'ן. אויפ'ן הארצן איז אים געווען פריילאך, סוף כל סוף איז ער דאך דער באלעבאס, ער — דער פירער, און אלעס וועט דאך זיין אזוי ווי ער וויל. ער האט אפגעגעסן א גביר'יש לייכטן פרישטיק, פארויכערט א סיגאר, א פיר־פינף האט ער אריינגע־לעגט אין וועסט קעשענע און ער איז אזא פריילאך־מוטיקער ארוים אין גאס.

אין גאס איז שוין געווען דעמאלט שטיל. דער געוויינלאכער מארגן טומל, וואס איז צעלייגט איבער דער ברייטער סעקאנד עוועניו איז שוין געווען פאריבער. די מענטשן־שטראמען, וואס גיסן זיך אריין פון אלע זייטיקע גאסן דורך דער סעקאנד עוועניו אוועק ווייטער אין די שעפער אריין זענען שוין געווען פאר־שוואונדן, די גאס איז געווען ברייט און גראם און פול מיט זון־ליכט. שפאצירנדיק פארן ארויף און אראפ אטאמאבילן. גאסנקערער אנגעטאן אין ווייסן, גיבן צו ליכט צו די ברייטע טראטוארן. אויף יעדן ווינקל זיינען געשטאנען די פאליסלייט און שפילנדיק געדרייט מיט די „קלאבס". מרדכי עטינגער איז געגאנגען פאמעלאך, מיט גדלות געדרויכערט דעם גראבן סיגאר, זיין פנים האט געשיינט, ער האט באטראכט די קראמען מיט די גלאנצנדיקע שויפענסטער. באטראכט זיינע שיך צי זיי גלאנצן. געקלאפט מיט'ן שטעקן איבער'ן הארטן ברוק און זיך ווי צו־געהערט צום ווידערקול, וואס איז פון דעם הארטן באדן ארויס־געקומען. און פירנדיק לאנגזאם זיין האנט איבער'ן צוגעשניצטן בערדל, האט ער פאמעלאך, מיט אן אינערלאכן ריטם אונטערגע־באמקעט א שטילן ניגון — אתי יצרתי — גרויסער באשעפער — דו אלמעכטיקער.

אלעס אין אים איז געווען זינגענדיק. מיט ווירדיקער שטיל־קייט. מיט געמאסטענע שפאן — פריער אויפ'ן אפצאס, דערנאך

אויפ׳ן גאַנצן ברייט־מענערשן פּוים, אַזוי מיט געציילטע טריט. און פּונקט אַזוי האָט ער געציילט זיינע געדאַנקען, און פּונקט אַזוי האָט ער געציילט זיינע פּערלדיקע טענער — ער איז דעמאָלט געווען אַ טייל פון אַ סימפּאָניע — אַ פּינטל פון אַ געמעל — מרדכי עטינגער איז געווען אַ טייל פון עפּעס אַ גרויסן וואונדער, וואָס ניט ער, און ניט קיינער האָט עס געקאָנט אָנרופן מיט אַ נאָמען.

ער האָט שטיל, רעליגיעז געמורמלט די ווערטער:

— דו באַשאַפער — דו האָסט באַשאַפן — — — ער האָט געוואָלט נאָך אַ סך זאַכן זאָגן — אַ גרויסן לויבגעזאַנג זינגען, ווייל ער האָט געפילט, ווי אין זיין האַרצן גייט אויף אַ זון — ווייל ער האָט געפילט זיין אייגן ווערן — אָט ערשט, ניט לאַנג צוריק איז ער דאָך געווען דער אָרימער יונגערמאַן. מיט אַ קאָפּ פול זאָרג פון דאגות פּרנסה. ער קען אפילו אויף די פינגער אויסרעכענען די יאָרן פון הצלחה — ער געדענקט אפילו, ווען ער האָט פאַרדינט אַזוי פיל און ווען אַזוי פיל. ער געדענקט ווען ער האָט אַרויסגעשיקט דעם ערשטן גרויסן טראַנספּאָרט און געמאַכט דעם ערשטן גרויסן רווח. איצט איז ביי מרדכי עטינגער׳ן שוין אַ גרויסער שאַפּ. פול אָנגעלעגט מיט פּעק וואָל. אַלערליי וואָל. פון ענגלאַנד און פון אַרגענטינע און פון שפּאַניע. אַ פולער שאַפּ מיט אַרבעטער איז איצט ביי מרדכי עטינגער׳ן. אַלערליי לשונות בייטן זיך דאָרטן, און אַלערליי פּנים׳ער מיניען זיך דאָרטן ביים געלן שיין פון דער עלעקטרישער ליכט. מרדכי עטינ־גער ווייס וויפיל יעדער אַרבעטער אַרבעט אויס, און וויפיל ער פאַרדינט אין יעדן אַרבעטער, ער ווייסט אפילו וויפיל ער וועט פאַרדינען אין אַ יאָר אַרום. אויב ער איז אין דער היים דאָס, וואָס ער איז — איז ער אָבער אין שאַפּ אַ שטרענג אויסגע־רעכנטער געשעפטסמאַן. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געמאַכט קיין טעות, ער דאַנקט גאָט דערפאַר, פאַר יעדן טראָט זיינעם דאַנקט ער גאָט. יעדן חודש שיקט ער אַזוי פיל און אַזוי פיל וואַכנגעלט אהיים אין דעם קליינעם שטעטל — ער ווייסט אז גאָט וועט אים דאָס אַלעם אומקערן — מיט פּראָצענט אומקערן.

אַזוי אַ טראַכטנדיק איז ער געגאַנגען אַראָפּ גאַס. ער איז פאַרבייגעגאַנגען די פּערטע גאַס און די דריטע און די צווייטע.

און ווען ער איז אַריינגעקומען אויף קריסטי סטריט, וועלכע איז אַן איינגעשרומפּענע פאַרטזעצונג פון דער ברייטער עווענין, איז ער פּלוצלינג אַליין אויך געוואָרן עטוואָס שמעלער. די הויכע מויערן וואָס זיינען געווען נאָענט צענויפגערוקט איינע צו דער אַנדערער, האָבן אים אַריינגענומען און איינגעוויקלט אין זייער טונקלקייט. ער האָט זיך פּלוצלים פאַרלוירן אין דעם געדרענג פון די מאַסן, אַ פּושקאַרט האָט אָנגערירט זיין מאַנטל און אים איינגעריכט אין מעל. צוויי איטאַליענער האָבן געשריען אויף אַ פרעמד לשון און זיך געוואָרפן איינער אויפ׳ן צווייטן מיט פאַרמאַכטע פויסטן. ער איז געוואָרן עטוואָס צוטומלט, און ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַ זייטיקער גאַס וואָס האָט געפירט צו דער באַוערי צו. נאָר דאָ איז דער טומל געווען נאָך גרעסער. אַרויף און אַראָפּ אויף פיר פּאָר צולייגטע רעלסן זיינען געלאָפן טראַמווייען, אויף ביידע זייטן זיינען געפלויגן אָטאָמאָבילן, איבער׳ן קאָפּ האָט זיך געריסן מיט אַ רעווען פון אַ ווילדן מאָנסטער דער „על“, דער „על“ האָט זיך געדרוכט, ווען זיך איבערברעכן פון זיין אייגענעם גרויליקן קרעכצן, ליידיקע וועגענער מיט שווערע פערד האָבן, ווי שאָסן פון מאַשין־ביקסן אָפּגעהילכט איבער׳ן שפּיציק־שטיינערדיקן ברוק און עס האָט זיך געדוכט, ווי פון אונטער די רעדער הויבט זיך דאָס קול פון עמיצן אַ לעבעדיק באַגראָבענעם. און צו דעם ריטם פון דעם אַלעמען האָט זיך מיטאַמאָל, פון זיך אַליין, צעוויקלט זיין גאַנג, דאָס בלוט האָט אין אים אָנגעהויבן האַסטיק צו קלאַפּן, ער האָט איינגענורעט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, איז געבליבן שטיין ביים ברעג ראָג, געקוקט מיט צושראָקענע אויגן אויף אַלץ־יאָגנדיקן און מורא געהאַט צו מאַכן אַ טראָט. נאָר באַלד האָט ער איינגעבויגן דעם קאָפּ און געגעבן אַ לויף אַריבער דעם וועג.

נאָר איצט האָט ער שוין, ווי פון עמיצן געיאָגט, ברייט געשפּאַנט מיט די פיס. אַ מענטש ווערט פאַרלוירן אין דעם געדרענג פון דאַון־טאַון — אין דער לופט און אין אַלעמענס הערצער שפּרינגט אַרום אַזאַ לאַנג־פּיסיקער און אַ לאַנג־הענטיקער און דרייט געשווינט אַזאַ גרויסן ראָד — אַז עס שווינדלט אַזש פאַר די אויגן, מענטשן ווערן פאַרכאַפּט פון אַ ווירבלדיקן גע־ווימל. — מרדכי עטינגער איז אויך געוואָרן פאַרכאַפּט פון

דעם געווימעל. ער איז געוואָרן אומגעדולדיק. ער האָט שוין אויפ׳ן אָרט געוואָלט וויסן, וואָס עס הערט זיך ביי אים אין שאָפּ. די פּאָר קוואָרטאַלן צום שאָפּ זיינען פאַר אים געווען אַ ווייטער מהלך, ער איז אריין אין אַ טעלעפאָן שטיבל, קיין געדולד געהאַט צו וואַרטן אויף אַן ענטפער, האָט ער אויפגעהאָנגען דאָס רערל און איז ווייטער געלאָפן. ער איז שוין אַזוי אַ צעטראָגענער געלאָפן און געאַרבעט מיט די הענט און מיט די עלנבויגנס, און כמעט, ווי דורכגעבראָכן דעם וועג צווישן דעם געדיכטן עולם.

— מעקער — קלעקער — עמיצער האָט אים נאָכגעשריען — צי עמיצער האָט עס אין דער פּראָנט פון אים געשריען — אָבער ער האָט קלאָר מיטאַמאָל דערהערט אָפּגעריסענע ווערטער — פּלעקער — פּלאַקסן — צוגעפּליעסקעט — ער איז געוואָרן אריינגעצויגן אין אַ ווירבל פון „קוף׳ן". עס האָבן זיך גע־צויגן לאַנגע שורות מיט קנאַקעדיקע ווערטער. ביז׳ן שאָפּ אריין האָבן אים שוין פּאַרפאָלגט אויסטערלישע קלאַנגען — קליאַפּ — קלעצער, — קוליען זיך — קוליען זיך —

כדי ער זאָל זיך באַפרייען פון דער היץ, וואָס האָט זיין לייב באַשלאָגן האָט ער צושפּיליעט זיין ראָק און מיט צוויי פליגלדיקע פאָלעס איז ער אריינגעלאָפן אין שאָפּ אריין.

— נו, נו, שוין איינגעפּאַקט ? די „טראָקס" באַשטעלט ? ביי ראָזענצווייגן געווען ? דייוו האָסט באַשטעלט די „טראָקס ?"

ער האָט זיך האַסטיג אריינגעשאַרט אין די ווינקלען. אָט שטייט ער שוין ביי אַן אָפענעם פּאַק. אָננעמענדיק אַ פולע זשמעניע מיט וואָל, פּרוּווט ער פאַרמאַכן די האַנט און עפּעס פון דאָרטן אַרויסקוועטשן. מיט אַמאָל ווערן זיינע אויגן פאַר־צויגן, עס גיט זיך אַ צעגיס אַ שיטערע רויטקייט איבער די לאַנגע באַקן — קום נאָר אַהער דו פּויער איינער — שלעפּט ער דעם זון זיינעם ביי דעם אַרבל — דו זשלאָבעץ, וויפל דאַרף מען צו דיר רעדן וויפל, דו מיינסט אַז צוליב מיר לויף איך אַרום אַ ! צוליב מיר מיינסטו אַ ! וויפיל וואָסער האָסטו אריינגעגאָסן ?

און באַלד האָט ער שוין ווידער געשריען :

— גיי, גיי, זע צו די טראָקס זיינען שוין דאָ — גיי !

און אזוי שנעל ווי דייוו איז אפגעגאנגען האט ער אויפגעעפנט א שפריצער מיט וואסער, זיינע אויגן זיינען געווארן איילנדיקע, ער האט מיט איינמאל געקוקט איבער דעם גאנצן שאפ, אלץ האט זיך אים געדוכט ארבעט זיך לאנגזאם — אויך דאס וואסער פון דעם שפריצער גיסט זיך ניט שנעל, און ער האט נאך מער אפגעדרייט דעם קראן, ער האט אויך שנעל אנגעהויבן ארומלויפן איבער'ן שאפ, ער איז צוגעלאפן צו די קלייבער און איז צוגעלאפן צו די פעקער; און ווען ער האט שוין ניט געהאט וואוהין מער צו לויפן, האט ער אנגעכאפט דייוו'ן און אים ארייגעשלעפט אין אפיס.

— פארשטיי מיך, פארשטיי מיך — האט ער געזאגט — ווען איך זאג דיר מוסר איז עס די רעד פון א טאטן צו א זון. איך בין עלטער, איך האב שוין דיינע יארן איבערגעלעבט, איך וויים ווי לייכט עס איז פאר א יונגן מאן זיך אויסצוגליטשן, און דערפאר ווארן איך דיך.

— אבער דו דארפסט דאך פארשטיין טאטע אז איך קען ניט זיין דאס, וואס דו ביזט?

— איך וויל ניט זאלסט זיין דאס וואס איך בין. איך וויל אבער אויך ניט דו זאלסט זיין דאס וואס דו ביזט. וואס הייסט דו דינגסט זיך מיט מיר? איז עס דען ניט אינגאנצן דיינס? וועל איך עס דען מיט מיר אין קבר מיטנעמען? איך בין שוין א מענטש אין די יארן, אויף דיר דארף שוין איצט ליגן די גאנצע פאראנטווארטלאכקייט. דו ווייסט אליין אז קענסט דיר נעמען וואס דו ווילסט און וויפיל דו ווילסט, און אז קיינער קוקט דיר ניט נאך. אבער ווען דו דינגסט זיך מיט מיר — — — —

מירדכי עטינגער האט אויף אים געקוקט מיט א פאר טרויעריקע אויגן, פון די אויגן האט שוין ארויסגעשיינט א פייערל פון האפנונג.

— נו גיי שוין, — האט ער געזאגט, — עס איז שוין באלד ניין אזייגער. עס איז שוין באלד דער טאג פאריבער! גיי, גיי!

דייוו איז שטיל ארויסגעגאנגען און מרדכי עטינגער איז אליין פארבליבן אין זיין פריוואטן צימער.

דאָרטן האָט מרדכי עטינגער אין דער שטיל אויפגעעפנט די פייער קאַסע. פאַר אַ מינוט אָדער צוויי איז ער אַזוי געשטאַנען האַלב איינגעבויגן איבער דער אָפענער קאַסע, מורמלענדיק מיט זיינע ליפן, גלייך ער זאָל זאָגן אַ תפילה, דערנאָך איז ער אויף די שפּיץ פינגער אָפּגעטראָטן, פאַרשלאָסן אונטער זיך די טיר, צוריקגעגאַנגען און אַרויסגענומען אַ פּאַק מיט פּאַפּירן און וועקסלען.

זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו גלאַנצן. ער האָט כסדר גערעדט צו זיך אַליין. מיט יעדן וועקסל, וואָס ער האָט גענומען אין האַנט איז פאַר אים אויסגעוואַקסן דאָס לעבעדיקע געשטאַלט פון דעם מענטשן, וואָס האָט אים דאָס וועקסל געגעבן. אַלע מאָל האָט ער אָפּגעשפּיליעט די שפּילקעס פון די בויגנס פּאַפּיר און זיי צוריק צוגעשפּיליעט. ער האָט צוגעשאָקלט מיט'ן קאָפּ אין צופרידנקייט צו זיין אייגענער פירונג און צו זיך אַליין געזאָגט — גוט אַזוי — אַ מענטש דאַרף האָבן אַ מעטאָדע — אַ מענטש דאַרף פירן אַ חשבון — אַ מענטש דאַרף וויסן, וואו ער איז אין דער וועלט. מרדכי עטינגער האָט געוואוסט, אַז ווען ער זאָל וועלן זיך אינגאַנצן צוריקציען פון געשעפט און פאַרלעבן זיינע צען אָדער פופצן טויזנט אַ יאָר וועט ער אויך קענען. אים האָט אַזש געקיצלט אין די אויגן. אַלע מאָל האָט ער געמוזט רייבן זיינע אויגן. עטינגער האָט שוין אפשר צום הונדערטסטן מאָל אויפ'ס'ניי אָנגעהויבן לעזן די פּאַפּירן.

— דעם פינפאונצוואַנציקסטן טויזנט דאָלער. דעם אַכטאונצוואַנציקסטן פופצנהונדערט דאָלער. דעם דרייסיקסטן טויזנט דאָלער — ער איז צעטומלט געוואָרן. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ עין הרע און ער האָט פאַרהאַקט זיינע ליפן.

פאַרזיכטיק און שטיל האָט ער צוריק פאַרמאַכט די קאַסע. עטלאַכע מאָל איבערגעדרייט און געפּרואווט דעם שלאָס. ווען ער איז צוריק אַריינגעקומען אין שאַפּ האָט זיך שוין דאָרטן גע'רעש'ט דער טעגלאַכער טומל. דאָרט זיינען שוין געשטאַנען און געוואַרט פאַר אים אַ גאַנצע עדה מיט אידן. יעדער האָט זיך געשטופּט אים — גוט מאָרגן — צו זאָגן, און יעדער האָט

געוואָלט אַז זיין „גוט־מאָרגן" זאָל פיין קלינגען, האָט יעדער עפּעס אַ חכמה'לע צוגעלעגט.

— גוט מאָרגן מיסטער עטינגער ! — האָט איינער געזאָגט — נאָך אַלץ מיט אייער קאָפּ ווייטאָג ! די בעסטע זאַך איז נעמען אַ גוט ביסל שנאַפּס.

אַ צווייטער האָט געזאָגט :

— גוט מאָרגן רב מרדכי עטינגער ! איך האָב געהערט זאָגן אַז וואָל וועט שטייגן צום הימל צו.

מרדכי עטינגער האָט אַלעמען, אי נאָענט אי פרעמדע, צוגענומען. ער האָט געשמייכלט און געשאָקלט מיט'ן קאָפּ און דערלאַנגענדיק בלויז די שפּיצן פון זיינע פינגער, האָט ער געזאָגט :

— זאָל נאָר גאָט געבן ישועות אויף אידן — וואָל וועט שוין ממילא שטייגן.

— וואָס שטייט איר עפּעס אָן אַ זייט רב משה ? — קומט אהער ! נעמט אַ סיגאַר ! — ער האָט אין ווינקל דערזען שטיין איינעם אַליין פאַר זיך, רב משה'ן. און אַז מרדכי עטינגער האָט אים אַליין צוגערופן, איז משה צוגעקומען, גענומען אַ סיגאַר און מיט אַ שטיל קול געזאָגט :

— דאָס וועקסל מיינס . . . איר ווייסט דאָך . . . עס געפאַלט דעם אַכטאונצוואַנציקסטן, וואָלט איך אייך וועלן אָפּבעטן. די צייטן זענען שלעכטע און . . .

מרדכי עטינגער איז געוואָרן בלאַס. אין איין סעקונדע האָט ער שוין גלייך באַשטימט וואָס צו טאָן — ער וועט אים ניט לאָזן רעדן — פאַר וואָס זאָל ער אים לאָזן אומזיסט פּלאַפּלען ? אָט איז דאָך שוין עלף אַ זייגער ! ! און ער איז מיטאַמאָל געוואָרן הויך און שטייף, אויף זיינע הענט האָבן זיך אָנגעצויגן די אָדערן — ער האָט אָנגעהויבן שרייען :

— ניין, ניין, עס האָט מיט מיר גאָר ניט צו טאָן. אייער וועקסל ליגט אין די בענק. גייט זייט מוחל אין די בענק.

— אָבער איר פאַרשטייט דאָך מיסטער עטינגער . . .

— איך האָב גאָרניט וואָס צו פאַרשטיין. אַז עס האָט איצט מיט מיר גאָר ניט צו טאָן . . . עס ליגט אין די בענק . . .

ער האָט זיך בליץ שנעל אַרויסגעדרייט פון דעם אידן און זיך אַריינגעדרייט צווישן די טישן. איצט האָט ער זיך שוין

געטשעפּעט צו די אַרבעטער, און שוין ווידער געשריען אויף דייוו'ן. ער האָט צום סוף זיך צעשריען אויך אויפ'ן קול — אַ גאַנצע שעה האָב איך געוואָרט אויף דיר! ביז צוועלף מוזן די וועקסלען זיין אין די בענק! דו וועסט מיך אומגליקלאַך מאַכן. מיינע יאָרן וועט איר מיר מקצר זיין — איר זעט איך בין אַ קראַנקער מענטש — וואָס ווילט איר פון מיר? — ער איז צוריק צו צו רב משה'ן — אַ קראַנקער מענטש בין איך — אַט רייסט מיר שוין ווידער דער קאָפּ! וואָס האָט איר זיך פאַר־לעגט אויף מיר!

ער האָט כמעט אַלעמען אַרויסגעשטופּט.

איז שוין יענער אַוועקגעגאַנגען. דייוו איז שנעל מיט די וועקסלען אַוועקגעלאָפן אין די בענק. איצט איז שוין מרדכי עטינגערס פּנים ווידער געווען אַ געוויינלאַכס. ער האָט אַריינ־געקוקט אין די פּעק. איילנדיק, איילנדיק, האָט ער אַלעמען געאיילט. ער האָט געהויבן די פּעק, געטאַפּט די וואָל, ביי זיך אין האַרצן האָט ער זיך געטראַכט — וואָס הייסט עפּעס אַנדערש? ער וועט זיך לאָזן ביי דער נאָז פירן? אַ שיינער תכלית וואָלט פון אים געוואָרן ווען ער לאָזט זיך פון יעדן פאַר דער נאָז פירן. עס האָט אים טאַקי אָנגעהויבן בייסן פאַר דער נאָז, האָט ער מיט.ן אָנצייג־פינגער געריבן די נאָז אַהער און אַהין, און אין מיטן דערינען איז ער נעלם געוואָרן.

ווען ער האָט זיך שפּעטער צוריק אומגעקערט אין שאַפּ אַריין איז שוין דאָרטן קיינער ניט געווען. עס איז בלויז אָנ־געגאַנגען דער געוויינלאַכער שאַפּ טומל. פּעק מיט זעק האָבן זיך געקאַטשעט און געוואָרפן פון איין אָרט צום צווייטן. מען האָט שוין איצט געהאַט פאַרענדיקט דאָס איבערבויען פון דעם צווייטן העלפט שאַפּ, וואָס ער האָט נאָך פאַראַיאָרן צוגעקויפט. און דאָרט איז שוין אַלעס געווען גאָר היינטמאָדיש איינגעשטעלט. צוויי הויב־מאַשינען, אימפּאָרטירטע אַזש פון סיינט־לואיס, זיינען גע־שטאַנען גרייט איינצושלינגען יעדן זאַק, וואָס איז נאָר צו זיי אין די לאַפּעס אַריינגעפאַלן. עס האָבן נאָך געפעלט אַטאָמאַטי־שע „סאָרטירער" און „פּאַק־מאַשינען" — אָבער האָט נאָך צייט — רוים האָט מען אויך ניט אויפגעבויט אין איין טאָג. מרדכי

עטינגער אליין ווים דאָס אויך. ער ווייס אפילו אַז עס זיינען דאָ אַזעלכע מאַשינען, וואָס טיילן אָפּ קאָלירן, און מאַשינען וואָס דערקענען בעסער ווי דער גענױסטער מאַן, וואָס עס איז ענגלישע וואָל און וואָס עס זיינען ארגענטינער וואָל. אָבער מרדכי עטינגער מוז זיך נאָך דערוויַיל באַנוגענען מיט מענערשע הענט. נישט קשה, מיט אַ גוטער סיסטעם קען מען נאָך אַזוי אויך איבערקערן אַ וועלט. ווער עס איז נאָר אריינגעקומען אין דעם ווינקל פון די סאָרטירער האָט עס געקענט זען. שטילע און שווארצע זיינען געשטאַנען די מענער ביי שמאָלע לאַנגע טישן און געקליבן די וואָל, זייערע פינגער זיינען, ווי אַטאָמאַטישע שטעקעלאַך פון אַז אָנגעשטעלטער מאַשין, רעגלמעסיק און פלינק געלאָפן איבער די גלאַטע טישן, דער אויפגעשניטענער זאַק, מיט די צוויי שטייף־איינגעבונדענע אויערן, פון אינעווייניק מיט ווייסער וואָל, האָט אויסגעזען ווי אַ געקוילעטע חיה, וועמעס בויך מען האָט אויפגעשניטן און מען טרייבערט איצט זיינע געדערים. מיט גלייכע און אויסגעקרומטע פינגער האָבן זיך די מענער גע־גריבלט אין דעם אויפגעשניטענעם זאַק, עס האָט זיך געדוכט, ווי זיי אַליין זיינען נייגעריק צו וויסן וואָס זיי וועלן פון דעם זאַק אַרויסקריגן. איבער דער גאַנצער לענג פון שאַפּ זיינען גע־שטאַנען אויסגעשטעלט די שמאָלע לאַנגע זעק, מיט די לאַנגע אויערן, און האָבן אויסגעזען ווי האָזן. עטינגער האָט מיט זיין געניט אויג אַ בליק געטאָן איבער די טישן. ער האָט באַמערקט, ווי אַ מאַן מישט צענויף די פיינע שפּאַנישע „מערינאָ“, וואָס האָט אין זיך גלאַנץ און זאַפט און דינעם געוועב, מיט שטיקער וואָל, וואָס קומען פון זיד אַמעריקאַ. ער האָט אַזש אַ ציטער געטאָן:

— צי ווייסטו וואָס שפּאַנישע „מערינאָ“ איז? — האָט ער געשריען — צי ווייסטו וואָס ענגלישע וואָל איז? ווי נעמסטו זיך אונטער זיין אַ קלייבער, ווען דו ווייסט ניט וואָס וואָל איז?

ער האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס שטיק וואָל, און עס אַ שליידער געטאָן צו דער ערד.

— אויב דו ווילסט ביי מיר זיין אַ קלייבער, דאַרפסטו וויסן

יעדעס ברעקל פון וואָל — גיי אַ היים און לערן זיך אויס די מלאכה.

און ער האָט זיך אַליין אוועקגעשטעלט ביים טיש, אַראָפּ־געוואָרפן דעם ראָק, פאַרקאַטשעט די אַרבל און אָנגעהויבן צו קלייבן.

— זעסט! זעסט ווי אַזוי מען קלייבט!

אין אמת'ן אָבער האָט מרדכי עטינגער אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי מען קלייבט. ער איז קיינמאָל ניט געשטאַנען ביים טיש, זיינע פינגער זיינען געווען ווייסע און שטייפע, און האָבן זיך קוים גערירט איבער דעם גלאַטן טיש, נאָר וואָס שווערער עס איז אים אָנגעקומען די אַרבעט אַלץ העכער האָט ער גע־שריען, און ער האָט צום סוף אָנגעהויבן רעדן רייד, פון וועלכע ער האָט ניט געהאַט קיין שום באַגריף. — אָט דאָס, זעסטו! איז די שפּאַנישע „מערינא", — האָט ער געזאָגט, — זע ווי לאַנג דער פאָדים איז. אַן אַכט צאָל די לענג. ווען זאָלסט נעמען אַ קעמל און עס אויסקעמען וועסטו עס אויסציען ביז צען צאָל. נאָך אין זעכצנטן יאָרהונדערט האָט שוין די וועלט גע־קלונגען מיט דער וואָל. שפּאַניע האָט דערפאַר באַהערשט די גאַנצע וועלט. שפּאַניע — שפּאַניע — ער האָט אין מיטן די רייד צוריק אָנגעטאָן דעם ראָק, מיט די פינגער האָט ער צו־קאַמט די באָרד, האָט אַרויסגענומען פון וועסט קעשענע אַ סיגאַר און דערלאַנגט דעם אַרבעטער.

— באַהאַלט אים — האָט ער געזאָגט — רויכער ניט אין שאָפּ, עס קאָן נאָך חלילה ווערן אַ פייער.

ער איז שוין ווידער געשטאַנען ביי זיך אין אָפיס, עס איז געווען צוועלף אַ זייגער, און עס האָט געקלונגען אַ גלאָק. די אַרבעטער זיינען אַלע אַרויסגעגאַנגען. מרדכי עטינגער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, דורך אַ שפּאַרונע האָט ער דורכגע־קוקט און אַלעמען מיט זיינע בליקן נאָכבאַגלייט. ווען אַלע זיינען שוין געווען אוועקגעגאַנגען איז ער צוריק אַריין אין שאָפּ אַריין, ער האָט געמיטלאַך אַרומגעשפּאַנט איבער'ן שאָפּ, איז צוגעגאַנגען צו יעדן טיש, אַריינגעקוקט אין די טישקעסטלאַך, אויפגעהויבן די אויסגעטאָנענע פאַרטוכער און איבערגעטאַפּט די קעשענעס, דערנאָך האָט ער אויפגעעפנט דעם שפּריצער און

נעלאָזט לויפן וואַסער איבער דער ווייסער וואַנט — איבער'ן שאַפּ האָט זיך אויפגעהויבן אַ דינער ווייסער שטויב.

3

שפּעט נאָכמיטאָג איז מרדכי עטינגער, ווי אַלע טאָג אַרויס־געגאַנגען אין גאַס אַרויס. קיין מסחור טוט מען שוין דעמאָלט נים, די גרויסע קאַנטאָרן און די בענק זיינען שוין פאַרשלאָסן, אויף די אַרבעטער גיט דייוו אַכטונג, גייט ער דעמאָלט אַרויס אין גאַס, ערשטנס זיך אַביסל דורכלופטערן, צווייטנס הערט מען אַ אידיש וואָרט און דריטנס מאַכט זיך טאַקי אין גאַס גאַנץ אָפט אַ מציאה.

איז ער שוין פאַרגאַנגען ביז אַרויף בראָדוויי אין דעם ווינקל פרינץ סטריט, דאָרט וואו עס קומען זיך צענויף די סוחרים פון וואָל און פון זייד. די הויכע בראָדווייער מויערן מיט די טויזנ־טער פענסטער שפּיגלען זיך אין זייער בלוי אָנטקעגן דער נאָכ־מיטאָג זון. פון די גרויסע באַשויבנטע קראָמען שרייען אַרויס אַלערליי סחורות. שטרויענע היט און ווינטערדיקע העמדער און זיידענע זאָקן שטופּן זיך און שרייען אַריבער די סאָלדאַטסקע קעסעלאָך און שווערע שיך און גלאַנציקע גאַרטלען.

עס איז נאָך אַ שטיק אין זומער, אָבער די פענסטער זיינען שוין אַלע אויסגעפּוצט אין ווינטערדיקע מאַנטלען. שווערע אונ־טערוועש ליגן אָנגעלעגט גאַנצע בערג. ווער וועט זיך אָנטאָן אין אַזוי פיל ווינטערדיקע העמדער? וואו וועט בראָדוויי אַהינטאָן אָט די אַלע סחורות? שווערע וועגענער און „טראָקס“ אָנגעלאָדן ביז אונטערן הימל קומען און קומען און וואַרפן אָן פולע טראָטואַרן מיט קאַסטנס און מיט פעסער. שוין אין מיטן גאַס רייסט מען די סחורה פון די פּעק אַרויס. מען איילט זיך. אַלע יאָגן מיט אַ טויוולשן אימפּעט. וואוהין יאָגט מען זיך מיט דעם טייוולשן אימפּעט? וואָס פליען אַזוי שנעל די אַטאָמאָבילן אַרויף און אַראָפּ בראָדוויי? — „קאָם אָן“, „קאָם אָן“ — דער פּאָליסמאַן אַליין טרייבט אונטער דעם לאַנגזאַמען פאָרער — וואָס שלאָפסטו וואָס, — שרייט ער. אָט איז שוין מרדכי עטינגער ביי דער „פוירסט נעשיאָנעל באַנק“. דאָרט ליגט אַ חלק פון זיין געלד. הער, דו,

פארבייגייער! ווער זאָגט אַז מרדכי עטינגער האָט ניט קיין חלק אין דעם לאַנד? דו גיב נאָר אַ קוק, ווי ער דרייט, אָט דאָ, אין מיטן בראָדוויי, די זילבערנע גאַלקע פון זיין שטעקן אין האַנט! דו ווייסט וויפיל עס ליגט זיינס אין אָט דער באַנק? אין דעם טומל פון בראָדוויי פילט זיך שוין מרדכי עטינגער, ווי אַן אייגענער. ניט נאָר ער, אַלע סוחרים פון וואָל און פון זייד, פון ציגל און פון זאַמד און פון גאָלד או פון זילבער, אַלע, אַלע האָבן זיי דאָ, אין סאַמע מיטן רויש פון דער גרויסער שטאָט פאַרנומען אַ גאַנצן קוואַרטאַל. קומען זיך אַהין אַלע נאָכמיטאָג צענויף, נעמען צו דעם גאַנצן טראָטואַר, באַזעצן אַלע קאַפּעס און פירן דאָרטן געשעפטן. מרדכי עטינגער, גלייך ווי ער וואָלט אויף דער ערד געבוירן געוואָרן, פילט ער זיך היימיש מיטן קלינגען פון דעם טראַמוויי, מיטן הילכן פון זיין שטעקן איבער'ן היימישן באָדן, מיט די ווייסע אויגן פון דעם ניגער אויפ'ן ראָג, וואָס פינקלען אויף יעדעס מאָל ווען ער גייט דאָרטן פאַרביי.

זאָל אים עמיצער אַ פרעג טאָן — רב מרדכי! איז דאָס דאָס לאַנד פון דעם אידישן פאָלק? וואָלט ער גלייך געענטפערט — אוודאי איז דאָס דאָס לאַנד פון דעם אידישן פאָלס — פון דאַנען אַרויס וועט קומען די ישועה — וועט ער שפּעטער צוגעבן. און אויב אפילו עס ווערט אים אין מיטן שווער און ער באַדענקט זיך פון זיינע קינדער, ווי זיי דערווייטערן זיך פון אים און פאַרפרעמדן זיך פון זיין הויז איז עס דאָך בלויז זיינע גייסטיקע ליידן. די פאַרמאַכטע קעמערלאַך מיט די אָנגעשטאָפּטע ביינאַכטיקע טונקלקייטן, וואָס דערווייל האָבן זיי נאָך ניט אויף אים קיין גרויסע שליטה. דערווייל פילט מרדכי עיטנגער דאָס פיזיש־שטאַרקע אין אים, ער ווייסט אַז ער איז אַ גרויסער סוחר מיט אַ געשעפט אויפ'ן ווינקל בראָדוויי און ליספּענאַרד סטריט, מיט'ן ברייט־מאַנסבילשן שפּאַן, מיט'ן קאָרעקט צוגע־שניטן בערדל, מיט'ן באַוואוסטזיין אַז ער איז אַן אַמעריקאַנער בירגער, אַ בירגער פון דער גרעסטער שטאָט אין דער וועלט, פון דעם רייכסטן לאַנד אין דער וועלט, הער, דו! — מרדכי עטינגער האָט פאַרבייגייענדיק רייקער און העגעמאַנס אַפּטייק, זיך דער־מאָנט אַז עס טוט אים ווייי דער קאָפּ. און איצט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אַז עס טוט אים ווייי דער קאָפּ, האָט זיך דער וויי־

טאָק צעשפּרייט פון איין שלייף ביז צו דער אַנדערער — איבערן גאַנצן שטערן, און דאָרטן ווי עס הויבן אים אָן אויסצוקריכן די האָר. ער האָט געוואָלט אָוועקלייגן די קאַלטע האַנט אויפ׳ן מיטן הייסן קאָפּ, אָבער ער האָט ניט געקענט אויסרעכענען, ווי אַזוי דאָס צו טאָן, ער וועט דאָך דאַרפן אַראָפּנעמען דעם הוט, איבערבייטן דעם שטעקן פון דער רעכטער אין דער לינקער האַנט אַריין, איז מיט וועלכער האַנט וועט ער צוהאַלטן דעם קאָפּ? האָט ער אַזוי געלאָזט שלאָגן די היץ אין דעם הוט אַריין, אַרויסגענומען פון דער וועסטקעשענע אַ קליין פּודעלע מיט גלאַנציקע פּילן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי קליינע פּאַסאַליעס, זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן פון גאַנג, מיט גרויס כונה אַרויפגעלעגט אויפ׳ן צונג אַ פּיל און שוין דערנאָך, מיט נאָך אַ גרעסערער כונה ווידער אָנגעהויבן טראַכטן:

— וועמעס איז, נאָך אַלעמען, דאָס גליק אויף דער וועלט? וואָס גייען אים אָן די קינדער? צי איז עס ניט צו ערשט דער יחיד, וואָס נעמט אויף, אַלע אַרומיקייטן? און אויב עס איז דער יחיד, דער, וואָס נעמט צוערשט אויף אַלע אַרומיקייטן, איז עס ניט זיין אייגן ליבּ, וואָס איז אים אַמנאָענטסטן? און אויב עס איז זיין אייגן ליב טו, וואָס דאַרף איך טאָן פאַר מיין אייגן ליב? פייניקן עס, צי דערפרייען? ווי וועל איך קענען מיינע זינד מכפּר זיין, אויב איך וועל מיין ליב פּייניקן?

— מרדכי עטינגער האָט כסדר געטראַכט, ווי אַזוי זיינע אַמאָליקע זינד אָפּצוּוואַשן. ער האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן טראַכטן פון אַ פּלאַן וואָס ער האָט אין זיין קאָפּ אויסגעלעגט. אַ גרויסן, גראַנדיאָזן פּלאַן. זיין האַרץ האָט שוין אין אים געציטערט. ער איז דעמאָלט געווען פּונקט ווי אַ קינסטלער ווען עס באַפאַלט אַ גרויסער איינפאַל. זיינע אויגן האָבן שוין ניט געזען דאָס רעאַלע, דער רויש פון דער טומלדיקער גאַס האָט איבערזיינע אויערן געקלונגען ווי רוישנדיק וואַסער, אים האָט זיך געדוכט, אַז עס ציט אַ גרויסע שיף, אָנגעפּאַקט מיט אויסטערלישע האָפֿנונגען, מיט פייערדיקע ערוואַרטונגען — ער האָט שוין מורא געהאַט זיין מויל צו עפענען — מיט אַן אָפּן מויל קען נאָך זיין וואָרט טמא ווערן....

— איך בין נאָך ניט ראוי דערצו, נאָך ניט ראוי, מיינע

כוחות צו שוואַך, מיין פאַרמעגן צו קליין — ער האָט אַזוי גע־מורמלט, און זיך געהאַלטן פאַרן קאָפּ, און אַריינגעלעגט אַ צווייטע פּיל אין מויל אַריין. אויף אַ ווינקל גאַס האָט ער באַגעגנט אשר ראַזענצווייגן. ביידע אידן האָבן אפילו אַ וואָרט ניט אַרויסגע־רעט פון זייער מסחור. ביידע האָבן זיי אָנגעהויבן רעדן און זיך פּילפּל׳ען איבער אַלערליי וויכטיקע און ניט וויכטיקע ענינים. זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן פונם אייריש קאַנדידאַט, וואָס איז אינ׳ם דיסטריקט ערוויילט געוואָרן.

— ס׳איז אַ חרפּה און אַ שאַנדע — האָט געזאָגט אשר ראַזענצווייג — אַז אין אונזער "דיסטריקט„ זאָל אַזוינס טרעפן. וואָס הייסט מע׳ט צווינגען זונטאָג האַלטן פאַרשלאָסן די שעפער! כ׳האָב אָבער געזאָגט, אַז מיר זאָלן אַרויסשטעלן אונזער אייגע־נעם קאַנדידאַט, ניט אַן אייריש חזיר.

— געזאָגט, געזאָגט, — האָט עטינגער געמורמלט — אַבי מען זאָגט, ווען עס קומט עפּעס צו טאָן, טוט קיינער גאָר ניט.

— נו, כאַפּסטו דאָך שוין ווידער אַריבער די מאָס, מרדכי — האָט ווייטער געזאָגט אשר ראַזענצווייג — דו פאַרגעסט אַז מיר זיינען נאָך פונדעסטוועגן ניט אַזאַ כח אַז אַלעם זאָלן מיר קענען טאָן.

— טו צו וואָס די רייד

— כ׳מיין ס׳רעדט זיך אַזוי, איך גלויב ווען מיר זאָלן זיך פאַראייניגן —

מרדכי עטינגער האָט גאָר נישט געהאַט קיין חשק זיך אַריינצולאָזן אין די דאָזיקע וכוחים מיט אשר ראַזענצווייגן. עס איז ביי אים געווען שוין אַ לאַנג אָפּגעמאַכטע מיינונג וועגן דעם און וועגן יענעם. ער האָט געגלויבט און ליב געהאַט דאָס לאַנד אין וועלכן ער האָט געוואוינט, און עס איז שוין ביי אים ניט געווען וועגן וואָס צו רעדן דערפון. ביי אים איז עס געווען אַ פאַקט. — דאָ זענען מיר ביי זיך אין דער היים — דאָ, און די געזעצן פון דעם לאַנד זענען מיר גלייכע פונקט ווי אַלע אַנדערע מענטשן, און עס איז נישטאָ פון וואָס צו רעדן, און טאָמער האָסטו איין עולה. טו גיי און טו דאָס, וואָס יעדער אַנדערער מענטש וואָלט געטאָן, ווען מען באַגייט קעגן אים אַן עולה.

ער האָט אומגעדולדיק געזאָגט: — טו וואָס מען דאַרף און רעד ניט אַזויפיל.

— טו וואָס מען באַדאַרף — האָט ראָזענצווייג איבערגע־רעדט, — עס רעדט זיך אַזוי, טו, מיט וועמען וועסטו טאָן?

— וואָס הייסט מיט וועמען? מיט די זעלבע, מיט וועמען אַלע אַנדערע וועלן טאָן. צווייטנס אויב מען דאַרף האַלטן זונטיק פאַרשלאָסן די שעפּער, וועלן מיר האַלטן פאַרשלאָסן, און פון מיין זייט זע איך גאָר ניט קיין עולה.

די גאַנצע רייד איז זיי ביידן שוין מער ניט אָנגעגאַנגען. ביידע האָבן זיי געוואוסט און געפּיהלט די זיכערקייט פון אונטער זייערע טריט. עס איז שוין געווען ניט מער, ווי רייד, וואָס עס רעדן צוויי מענטשן, ווען זיי גייען אַרום ליידיקע איבער דער גאַס. ווען עס האָט זיי שוין מער ניט געדעגט דער פריערדיקער שמועס האָט אשר ראָזענצווייג פּונקט אַזוי אָנגעהויבן רעדן פון דער אסיפה, וואָס זייער חברה "עטרת יעקב„ רופט.

— געוויס, זיכער, — האָט ער שוין ווידעראַמאָל געזאָגט — שבת צו נאַכט וועלן מיר האָבן אַן אסיפה.

עטינגער האָט געשאָקלט מיט'ן קאָפּ.

— אוודאי, אוודאי, — האָט ראָזענצווייג ווייטער גערעדט, — מען מוז זען עס זאָל אַ גרויסער מיטינג זיין. גאָר אַ גרויסער מיטינג מוז עס זיין. אַן אַ בייז אויג, אונזר חברה קען שיינע טויזנטער שאַפן. ווי דענקסטו מרדכי, ניט אַזוי?

מרדכי עטינגער האָט גאָר נישט ניט געדענקט. ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט זיך געטראַכט אַלערליי טראַכ־טונגען. האָט אשר ראָזענצווייג, גלייך ווי ער וואָלט באַקומען אַ תשובה אויף זיין פראַגע, סיי ווי גערעדט.

— די אַלטע היים דערמאַנט די שפּאַנישע אינקוויזיציע. נאָך ערגער פון דער אינקוויזיציע. דעמאָלט איז כאָטש געווען דער ווילדער מיטלאַלטער, איז כאָטש געווען אַ טרייסט, אָבער איצט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט? ווייי איז מיר, איצט, אין אַ צייט פון דער ציוויליזאַציע זאָל אַזוינס זיך פאַרלויפן. דענקסטו ניט אַזוי מרדכי?

מרדכי עטינגער האָט ווידער גאָר ניט געענטפערט, איצט האָט ער שוין געטראַכט פון זיין מסחר. אים האָט אויסגעפעלט אַ

געוויסער מין צו זיין מאַרגנדיקן טראַנספּאָרט. ער האָט געזוכט דעם מין. ער האָט אין זיין האַרצן געטראַכט — אויב פֿון דאַנען ביז צום ווינקל גאַס וועט זיין פּופּציק טריט אָדער מער, וועט אים גאָט העלפֿן אין זיין שליחות. און ער האָט פֿאַרשלאָסן זיינע ליפּן, און ער האָט געציילט זיינע טריט, און ער האָט געבעטן גאָט עס זאָל זיין נאָך מער, ווי פּופּציק טריט.

עס איז געווען מער ווי פּופּציק טריט. אפֿשר זעכציק צי זיבעציק טריט איז געווען. ווער האָט דען געקענט איבערציילן אַלע שפּאַן, וואָס מרדכי עטינגער האָט געמאַכט. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט, און אינעווייניקסטע פֿרייד האָט אַרומגענומען זיין לייב. עס זיינען שוין אָנגעקומען נאָך מענטשן און נאָך מענטשן. עס האָבן זיך אויסגעפֿורעמט רעדלאַך, מיט וואַזשנע גרויסשטאָטישע סוחרים, מיט גלאַנציקע, אילוסטרירענע שוואַרצע רעק, מיט שוואַרצע האַרטע היט, מיט גראָבע שטעקנס, מיט אויסגעפּילטע קיילעכדיקע פּנים׳ער. העכער און העכער האָבן זיך געטראָגן די קולות. דעם רויש פֿון דער הילכיקער בראַדוויי האָט מען פֿאַרשריגן מיט אידישע גלייכווערטלאַך און מיט קלוגע משלים. הענט האָבן גערדריקט הענט, קעפּ האָבן זיך געשאָקלט איינגעהאַלטענע און פֿריילאַכע. אַלערליי קעפּ האָבן זיך געשאָקלט. מרדכי עטינגער האָט כּסדר גערדריקט הענט — „האַלאָ און האַלאָ" — האָט איר „מאָהיירס" און האָט איר „אַלפּאַקאַס"? און וואָס איז דער פּרייז? — און ווען וועט מען שיקן?" און מען האָט אָנגעהויבן שלעפּן פֿון די קעשענעס סעמפּלען פֿון אַלערליי סחורות, שטיקלאַך וואָל און פֿאַרגייטע אויערן האָבן זיך געגליטשט פֿון האַנט צו האַנט, מיט ווייסע פֿינגער און מיט קלוגע אויגן האָט מען באַטאַפּט די סחורה — מרדכי עטינגער האָט שוין געפֿונען וואָס ער דאַרף — נאָך מער ווי ער דאַרף — דער מאַרק איז פֿאַרוואָרפֿן מיט דעם מין — ער איז שוין צוריקגעהאַלטן — ער דאַרף עס שוין ניט — וואָס דאַרף ער „מאָהיירס" און „אַלפּאַקאַס"? איינזאַלצן וועט ער עס? ווער ברויכט עס דען? סתם אַריינלייגן געלט אין שמאַטעס? גאַרניט, פֿאַר דעם מקח זאָל זיך וואַלגערן אונטער׳ן טיש. ער איז אַפּגעגאַנגען פֿון דעם רעדל, אינמיטן רעדן אָפּגעגאַנגען, פּונקט דערמאָלט, ווען פֿון זיינע ליפּן זיינען נאָך געפֿאַלן קאַלטע זייטיקע

ווערטער — איינזאַלצן וועל איך עס, ווער דאַרף דען די שמאַ־
טעם. .

און די רעדלאַך האָבן זיך פאַרמערט, זיינען געוואָרן אַלץ
לעבעדיקער און גרעסער, זייערע באַוועגונגען אַלץ האַסטיקער,
זייערע פּנים׳ער באַלעבטער. יעדע ווײַלע האָט זיך פון איין
רעדל צום צווייטן אַריס געטאָן אַ מענטש, זיין פּנים איז געווען
צעפלאַמט, זיין קאָפּ באַרוישט, ווי אין עפּיס אַ הייליקער שליחות,
אַזוי האָט דער מענטש אָנגעכאַפּט אַ צווייטן מענטשן ביים
לאַץ, מיט אַ סלינע איבער די ליפּן האָט ער צום צווייטן ליידנ־
שאַפטלאַך גערעדט, געשלעפּט פון זיינע קעשענעס שטיקער וואָל
און שטיקער „פייבער", סודות׳פול געפינטלט מיט די פאַרלאָפענע
אויגן און מיט אַ הייזעריק קול האָט ער צום סוף אויסגעשריען :

— איר זעט עפּעס אַן אַנטיקל !

מרדכי עטינגער האָט גענומען דאָס ביסל סחורה, אין זיין
האַנט אַריין. ער האָט עס געריבן איבער זיין אַרבל, געלעקט
מיט דער צונג, געוואויגן אין דער האַנט. די וואָל איז געווען
אַ לאַנגע, אַן אַכט צאָליקע, אמת ענגלישע וואָל, פּונקט אַזאַ,
ווי ער דאַרף האָבן. אָבער ער האָט גלייכגילטיק, ווי איינער,
וואָס וויל פון עמיצן פּטור ווערן געזאָגט :

— איז פאַר דעם פּרייז קענט איר עס אַריינשיקן.

— ניין, ניין, — האָט יענער אַ צעפלאַמטער געשריען

— רב מרדכי וועט געבן נאָך אַ סענט אויפ׳ן פונט.

— רב מרדכי זאָגט, אַז פאַר דעם מקח קענט איר עס
אַריינשיקן.

און ווען עטינגער איז שוין געווען פאַרשלונגען אין די
קולות און טומל פון אַ צווייטן רעדל, האָט אים יענער נאָכגע־
שריען :

— ווען אַריינשיקן ?

מרדכי עטינגער האָט זיך צוריק אַרויסגעקנוילט פון דעם
פּלאָנטער מיט מענטשן. ער האָט נאָך אַמאָל אָנגעהויבן טאַפּן
און גלעטן די וואָל

— און ווי וועט זיין, — זאָגט ער, — איך זאָל עס נאָך
היינט איינגאַנצן צונעמען ? און ווי וועט זיין, ווען איך זאָל
באַצאָלן מזומן. טאַקי איינגאַנצן היינט באַצאָלן, און מזומן ! ?

בײם יונגנמאַן זײַנען שיעור ניט אַרױס די אױגן פֿון קאָפּ, עס האָט אים באַשלאָגן אַ היץ, ער האָט זיך אַזש פֿאַרסלי־ניעט:

— װאָס הײסט מזומן? איך מײן... איך מײן.. שפּילט דען בײ רב מרדכי׳ן אַ ראָליע מזומן!

— איז װײל איך טאָקי מיט נאָך אַ סענט ביליקער.

— סטײטש, װאָס הײסט! רב מרדכי! איר װילט מיך באַראַבעװען? װי איז דאָס געהערט געװאָרן! סטײטש, װאָס הײסט!

מרדכי עטינגער איז שױן געװען אַװעקגעגאַנגען. דער יונגערמאַן איז אים שױן אומזיסט נאָכגעלאָפֿן. אודאי האָט ער עס צוגענומען מיט נאָך אַ סענט ביליקער, און עס איז געװען דער מין, װאָס ער האָט באַדאַרפֿט, און ער האָט געהאַט שױן אַ נײעם טראַנספּאָרט — מרדכי עטינגער דאַרף יעדן טאָג שיקן אַ נײעם טראַנספּאָרט — ער דאַרף קױפֿן ביליק — מרדכי עטינגער האָט שױן אָנגעהױבן שיקן װאָל דירעקט צו דער „אַמעריקען װאָולען קאָמפּאַניע" — ער איז שױן געװען פֿאַרשלונגען אין אַ נײעם רעדל.

— און „פֿײבער" קױפֿט איר גאָר הײנט ניט? רב מרדכי מעג שפּעקולירן און אַרײנעמען עטליכע באַלן „פֿײבער"!

און מענטשן האָבן זיך פֿאַרמערט. דער טומל איז גע־װאַקסן, ביזן אונטערן הימל האָבן זיך געריסן זײערע קולות. פּונקט װי געצנדינער בײ זײער גאָטעסדינסט, װילד און משוגע פֿון ברענענדיקן התלהבות, אַזױ האָט איצט בײ די סוחרים װילד און משוגע זײער דורשט צום מסחר געברענט. הונדערטער פּעק מיט װאָל און שפּאַנישע „מערינא" האָבן זיך אין זײערע הענט געביטן. סמנים אַלערלײ, און צײכנס פֿון הענט און פֿון פֿינגער האָבן זיך געהױבן אין דער לופֿטן. עס איז צונעפֿאַלן דער אװנט, בראָדװײ האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעצונדן אין אַ העלישן פֿײער פֿון מיליאָנען ליכטלאַך. עס האָט זיך געדוכט, װי עמי־צער האָט אָנגעהױבן װאַרפֿן אוצרות אַרײן אין די טױזנטער פֿענסטער אַרײן, און ביז שפּעט אין דעם אװנט האָבן זיך נאָך אין דער טונקעלער לופֿט געצױגן הענט אין דעם גאָלדענעם פֿײער אַרײן.

דאָס גאָלדענע פּייער פון דער רווישנדיקער בראָדוויי האָט אַזוי נאָכבאַגלייט עטינגערן ביזקל אין זיין שטוב אַריין.

דער וואַגאָן וואָל, וואָס ער האָט ערשט געקויפט ביים צעפּלאַמטן יונגנמאַן, איז געווען אַ גרויסע מציאה. ער האָט אים אויסגעפּעלט צום טעגלאַכן טראַנספּאָרט. ער האָט באַשיינ־פערלאַך געזען גאָט'ס האַנט אין דעם גליק, וואָס לויפט אים נאָך. ער איז געווען באַרוישט. ווי מיט אַלטן וויין איז געווען אָנגעגאָסן זיין קאָפּ. ער האָט שוין געציילט, און אין דער לופטן גע'חשבנ'ט און גע'חיבור'ט און גע'כפל'ט ווי אַזוי ער וועט דעם וואַגאָן סחורה צוטיילן, וואוהין ער וועט אים שיקן, וויפל ער וועט פאַרדינען. גלאַט אַזוי, אין דער אפענער לופט אַריין האָט ער געלאַכט. ער האָט געלאַכט פון אַ מאָן, וואָס איז געשטאַנען אַ שטיל פאַרטראַכטער און געוואַרט אויף אַ טראַמוויי. ער האָט געלאַכט פון אַ טרעגער, וואָס האָט מיט דער פּלייצע אונטערגעשטופּט אַ שווערן קאַסטן אַרויף אַ וואָגן, מיט אַן אינע־ווייניקסטער פרייד, אַזאַ ברייט צולייגטע איבער זיין גאַנצן בוזעם האָט ער געלאַכט. גייענדיק אַזוי מיט אשר ראָעזנצווייג'ן ביז אַרויף ספּרינג סטריט האָבן זיי זיך דאָרטן צוטיילט. מרדכי עטינגער איז ווייטער אַליין געגאַנגען אַרויף בראָדוויי.

די גאַס איז איצט געווען טונקל און שטיל. דער טאָגיקער טומל איז שוין געלעגן פאַרשלאָסן אונטער די שווערע טירן. פון די שוואַרץ־גלאַנציקע פענסטער האָט אַרויסגעקוקט אַן איינגעהאַלטענער אימפּעט, ווי מיט אַנגעכמורעטע ברעמען — האָט זיך געדוכט עטינגערן — קוקט אַרויס אָט די פאַרבאַ־האַלטענע קראַפט און זאָגט אים — זאָל זיך נאָר דער טאָג שטעלן — איר וועט זען ווי מיר וועלן מיט אונזער גבורה אויף דער שטיינערדיקער גאַס זיך אַרויפוואַרפן — איר וועט זען אונזער כח.

עטינגער האָט קלאָר געהערט אָט די דאָזיקע בראָדוויאישע רייד. ער האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ, ווי אונטער אַ שווערער משא געפאַלענע זיינען געוואָרן זיינע געדאַנקען. ער האָט פאַר זיינע אויגן געזען אַ ריזיקן מאָנסטער וואָס וויל זיך אויף אים אַרויפוואַרפן מיט זיין מיליאָן פּודיקער שווערקייט — מרדכי עטינגע האָט געציטערט פאַר זיין אייגענעם

טראַט, זיין קאָפּ האָט ניט געקענט פאַרנעמען זיין ברייט צע־וואקסן זיך. ער האָט געהאַט אַ געפיל אַז זיינע הענט זיינען שוין צעשפּרייטע איבער גאָר דער וועלט, ווייטער פון דעם פּונקט, ווי זיינע הענט גרייכן הויבט זיך שוין אָן אַן אָפּגרונט, זיין קאָפּ האָט אים געשווינדלט — טאָמער פאַלט ער אריין אין דעם אָפּגרונט! ווארום האָט ער ניט לעבן זיך איינעם אַ שטאַרקן, אַזאַ גרויסן, ווער עס זאָל אים בשלום דעם וועג אריבערפירן? זיין הארץ איז אין אים פארגאַנגען אין געבעט. — גאָט פאַרנעם מיין געבעט! — דו קענסט דאָך אונטערשיקן אַ מלאך אין גע־שטאַלט פון אַ מענטשן! איך דאַרף אַ בעל יועץ! — עס האָבן מיטאַמאָל אויפגעבליצט זיינע אויגן, ער האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ, פּונקט ווי איינער, וואָס פאַרמעסט זיך אַנטקעגן איינעם, האָט ער ארויסגעשטופּט זיין ברוסט. — מיר וועלן אייך נאָך מער פאַרהאַמערן — האָט ער פּלוצלינג צו די מויערן אָנגעהויבן רעדן — אונזערע ריגלען וועלן נאָך שווערער זיין, אייער גבורה אין אונזער האַנט איז ווי אַ שפּענדל אין מיטן ים, וואָס פאַר אַ ווערט האָט איר בלינדע כחות אין פאַרגלייך מיט אונזער חכמה? כאַ, כאַ, כאַ, און כאַ, כאַ, כאַ משוגעים וואָס איר זענט! ! !

ער האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר זיינע רייד. אַ שרעק האָט דורכגענומען זיין לייב, די גאַס איז געווען שמאָל און הויך. ווען ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן איז ער געשטאַנען הארט נעבן אַ וואַנט. די וואַנט האָט זיך געהויבן הויך און פינסטער, און איז געקראָכן ביז אונטערן הימל. ער האָט פאַרריסן זיין קאָפּ, אים האָט אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן, די צוואַנציק שטאָקיקע געביידע איז געשטאַנען גרויזאַם שטיל און שווער געדרוקט אויף דעם הארטן ברוק — ער האָט מיט־אַמאָל דערהערט די קלעפּ פון זיינע אייגענע טריט, ער האָט זיך איינגעקאָרטשט, זיך פאַרנומען מיט אַ זייטיקער גאַס און איז ארויס פון בראָדוויי.

ער איז שוין שנעל געלאָפן און געבלאָזן מיט דער נאָז, אינגאַנצן ארומגענומען מיט שרעק, האָט זיך אים געדוכט אַז די גאָלדענע פייערן, און איצט די טויטע שטילקייט יאָגן זיך נאָך אים. ער איז קוים אריינגעלאָפן אין זיין הויז אריין, זיך גע־

ריבן אין דעם שמאָלן קאָרידאָר, מיט זיין גאַנצן ברייטן גוף האָט ער אָנגעפילט כמעט דעם גאַנצן שמאָלן דורכגאַנג — דער גאַנצער לאַנגער חלל איז געוואָרן פאַרנומען מיט דעם מאַן מרדכי עטינגער.

— נעם אַראָפּ מיין מאַנטל עמאַ! גיב מיר די יאַרמולקע! גיס אָן די וואַנע!

און ער איז געבליבן אַזוי שטיין. די הענט צושפּרייט מיט די נאָזלעכער האָט ער געבלאָזן, האַלב אַראָפּגעצויגן דעם מאַנטל פון די פּלייצעס האָט ער געוואַרט די דינסט זאָל דעם בגד צונעמען.

## 1

.... עס איז טאַקי צוגעקומען נאָך אַ מענטש צו מרדכי עטינגערס הויזגעזינד. מרדכי עטינגער האָט גאָט געבעטן ער זאָל אים צושיקן עמיצן, וואָס זאָל אים פֿאַרשטיין — גאָט איז אַ דערבאַרעמדיקער פֿאָטער — גאָט האָט אים צוגעשיקט אַזאַ מענטשן, וואָס ער האָט געוואָלט — עס איז געקומען — אלדד.

אלדד איז געווען אַ בלאָנדער, מיט אַ שאַרפֿן קינבאַקן און מיט ליפּן, וואָס זיינען געווען אַמאָל דין און אַמאָל ניט דין. ערשט נעכטן צי היינט איז ער אַרונטער פֿון שיף, און עס איז אפֿילו ניט געווען קיין ברעקל סימן אין וואָס מען האָט געקאָנט דערקענען אַז דאָס איז אַ גרינער. ווייל זיינע קליידער זיינען געווען אין ענגלישן שניט און פֿון אמת'ע ענגלישע „טוויט". זיין אַקצענט, ווען ער האָט גערעדט ענגליש, איז געווען אַ לאָנדאָנער, שאַרף אַרויסרעדנדיק די ריש'ן, און ווען ער איז אַרונטער פֿון שיף, איז ער אַליין, ניט וואַרטנדיק פֿאַר קיינעם, צוגעפֿאָרן צום פֿעטער מרדכי עטינגער.

אלדד איז געקומען מיט אַ שיף, אויף וועלכער עס איז געווען צולעגט אַ גרויסער פֿרייער יום טוב און די גאַנצע צייט פֿאָרנדיק אויפֿן ים, האָט זיך אים אַלץ געדוכט, אַז ער האָט עפּיס אַ שייכות מיט דעם אַלעמען. וואָס עס טוט זיך איבערן אַטלאַנטיק — אַרום און אַרום דער שיף שפּאַרן זיך קליינע, ווייסע בערן, פֿון ווייטן הויבן זיך הויכע, גרין־שוואַרצע בערג — די שיף צעשניידט די קליינע, ווייסע בערן, און די גרין־שוואַרצע בערג — אלדד פֿרייט זיך דערמיט — אַ געפֿיל פֿון שטאָלץ און זיכערקייט נעמט אַרום זיין האַרץ, אים דוכט זיך, אַז אַרומדרייענדיק זיך איבער דעם דעק פֿון שיף, העלפֿט ער מיט שניידן דעם ים — העלפֿט ער מיט פֿאַרשפּרייטן יום־טוב — אַ ווייסן יום־טוב —

— האָט ער טאַקי געהאָלפן שניידן דעם ים?
אומאויפהערלאַך שפּאַרט פון אים אַ צאַפּלדיקער אימפּעט.
אומגעדולדיקע באַגעגענישן רייסן זיך פון זיין הארצן. זיינע
אויגן גלאַנצן און שטרעקן זיך כסדר צו דער אָן־סוף׳דיקער ווייט־
קייט. ער רוקט אַראָפּ און רוקט אַרויף זיין הוט, עס איז פאַר
אים צו קליין דער שטח אויפ׳ן דעק פון שיף, דאָס ערוואַרטעטע,
וואָס קלאַפּט, ווי מיט העמערלאַך אין זיין הארצן, שטויסט
אים צו פליען אין די נאַקעטע רוימען. ער האָט ממש געפילט,
ווי ער שטופּט די שיף... און דערפאַר וואָס ער האָט נאָך
אַליין ניט געוואוסט, וואָס אַזוינס עס ערוואַרטעט אים, און
וואָס אַזוינס ער וויל, האָט דאָס נאָך מער פאַרשאַרפט זיין
אומגעדולדיקייט, און נאָך מער פאַרשטאַרקט זיינע כחות, מיט
וועלכע ער האָט געשטופּט די שיף, און נאָך בולטער אַרויסגע־
שפּאַרט דעם גערא‍נגל, וואָס עס איז אָנגעגאַנגען אין זיין הארצן.
און זיין געראַנגל איז געווען אַ שווערער. דער גאַנצער
באַגאַזש גייסטיגקייט, וואָס ער פירט מיט זיך, קען דאָך דאָ
אין איין אויגנבליק צערונען ווערן — אלדד האָט שוין פון
פריער געוואוסט, וואָס פאַר אַ לאַנד אַמעריקע איז, ניט זייענ־
דיק דאָ, איז ער געווען דאָ, און ניט קענענדיק די היגע מענטשן,
האָט ער אָבער געוואוסט אַלע זייערע מנהגים און פּיראַכטצן,
און דערפאַר האָבן אַלע מינוט זיך געביטן אַלע זיינע פּלענער און
אַלע געדאַנקען, און אַלע מאָל האָט זיך עפּעס ווי אַרויסגעגליטשט
פון אונטער די הענט.
אָט טראַכט ער מיט פרייד פון דער מיסיע, מיט וועלכער
ער קומט אין דעם נייעם לאַנד — ער וועט בויען אַ ניי לעבן —
ער וועט אָרגאַניזירן זיינע אייגענע כחות, און ער וועט אָרגאַ־
ניזירן די כחות פון די אַרומיקע. פרייד שפּריצט פון זיינע
אויגן, אַ דין שפּאָרעוודיק שמייכל צועפּנט זיינע ליפּן און ער
איז שוין כמעט, ווי פריילאַך, אָבער באַלד נעמט אַרום אַ
צווייפל זיין הארץ, און אַ שוואַכקייט זיין ווילן, און אַ ניט זיכער־
קייט פאַרלאַנגזאַמט זיינע טריט, און פונקט ווי אַ בלינדער,
טאַפּט ער דעם וועג און ציטערט פאַר יעדן שפּאַן, וואָס ער
מאַכט.
נאָך אַזאַ אָנשטרענגען זיך, און שפּאַנענדיק אַרויף און

אראָפּ איבערן דעק, האָט שוין אלדד מער ניט וואו צו גיין. ער איז שוין געווען ביים סאַמע שפּיץ נאָז, דאָרט וואו עס איז פאַרצויגן מיט דיקע, שווערע שטריק, און מען קען שוין ווייטער ניט גיין. זעצט ער זיך דעמאָלט אַוועק אויף אַ שטול נעבן דער הויכער פאַרענטשע, מיט דער לינקער פאַרמאַכטער האַנט, שפּאַרט ער אונטער דעם שאַרפן קינבאַקן, און מיט די ליפּן איצט פאַרשלאָסענע, זעט מען ערשט, ווי שאַרף וואַכיק ער איז. די אונטערשטע און אויבערשטע ריי ציינער, דריקן איינע אויף די אַנדערע און רייבן זיך רעכטס און לינקס שאַרפנדיק נאָך שאַרפער זייער שאַרפקייט. די אויגן — בלוי־גלאַנציקע, זוכן. די אויערן — אנגעשפּיצטע, פאַרנעמען ווייטע רייד, און די ברעמען, כאָטש ליכטיקע און כמעט מיידלשע — פאַרשפּרייטן זיי אָבער איבער'ן מאָגער'ן פּנים אַ פאַרבאַהאַלטענעם טרויער, און אַלע פאַרבייגייער איבער דער גרויסער דעק, זעען אַז דאָ זיצט אַ מענטש, וואָס איז איינער אַליין, אַ בלאָנדער.

אלדד'ן קימערט דאָס ניט. זיצנדיק אַזוי פאַר אַ שעה אָדער צוויי, ווייסט ער שוין דעמאָלט באַשטימט, וואָס ער וויל. דאָס בלאָנדזשענדיק ערוואַרטעטע האָט שוין אָנגענומען אַ באַשטימט אלדד'ישן באַגריף. ער פילט, ווי פון אים שפּראָצן טיף וואָרצל־דיקע כחות. ער ווערט שוין ניט נתפּעל פון דעם נייעם אָרום, ער פרייט זיך בלויז דערמיט. און אויב אים וועט אויסקומען צו פאַרמעסטן די אייגענע כחות מיט די כחות פון די אַרומיקע — פרייט ער זיך דערמיט. און אויב עס דאַרף קומען צו אַ כוח־שפּיל, איז ער יעדע מינוט גרייט דערצו — און אויב דו, נייע וועלט, קענסט מיר גאָר ניט געבן, וועלן מיר זען וואָס איך קען דיר געבן — — —

ער האָט זיך געפרייט און געהאָפט, און שוין אויפן שיף, נאָך גאָר ניט טוענדיק — אַ סך געטאָן — ער האָט זיך ווידער אויפ־געשטעלט, און ווידער געשפּאַנט איבער'ן דעק. מיט די צוויי פליענדיקע פּאָלעס רייסט ער זיך דורך דורכ'ן ווינט, ער קעמט אריין די דינצעשפּרייטע פינגער אין די גלאַטע האָר אריין, און מיט אַ פאַרקאַטשעטן שטערן, מיטלוואוקסיק, קוקט ער און באַטראַכט, און נעמט אין זיך אריין די ברייטע אומ־ענדלאַכקייט — ער האָט אַזוי, ניט אַרבעטנדיק, די גאַנצע צייט

אויפן שיף געארבעט, ער האָט געזאַמלט זיינע כחות, און אָנגע־
גורט די לענדן, און איז שוין געווען אַ גרייט פּאַרטיקער פאַר
דעם נייעם אָנקומענדיקן.

אַזוי אַן אָנגעגורטער, דאָס מויל פאַרשלאָסן, פון דער מומע'ן
אַ ניט ערוואַרטעטער, און דאָס היטל פאַרגעסן ערגיץ אויפ'ן
שיף, איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע.

אין שטוב איז געוואָרן אַ טומל. יעדער באַזונדער האָט
געשריען:

— אלדד איז דאָ.

און יעדער האָט באַזונדער געשריען:

— אלדד איז געקומען.

און אַלע צוזאַמען האָבן זיך געוואונדערט:

— ווי, אומגעריכט קומט מען עס אָן קיין אַמעריקע?

פרוי עטינגער איז געווען צוטומלט, זי האָט נאָך קיינמאָל
ניט געהערט אַזאַ נאָמען. און דאָס, וואָס אלדד האָט גלייך ביים
אריינקומען גערעדט ענגליש, און דאָס וואָס זי האָט שפּעטער אויס־
געפונען אַז ער קען נאָך דייטש און פראַנצויזיש און רוסיש, האָט
זי נאָך מער צוטומלט. און זי האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס
פאַר אַ מין גרינער דאָס איז — ווייל מען האָט ניט באַ־
דאַרפט צו בייטן זיינע קליידער, און מען האָט אים ניט באַ־
דאַרפט צו פירן אין באָד אריין, און זיין פּנים איז געווען
גלאַט אָפּגעראַזירט און זיינע האָר נידריק צוגעשוירענע.

אלדד איז געווען פרוי עטינגער'ס שוועסטערס אַ זון. ער
האָט זי ניט געקענט און זי האָט אים ניט געקענט. ער איז
אַלט געווען אכטאונצוואַנציק יאָר, און זי איז שוין געווען דאָ
אין לאַנד אריבער דרייסיק יאָר. זי האָט געמיינט אַז ער איז
אַ הויכער, מיט קוטשעראַווע שוואַרצע האָר, אַזוי ווי זי האָט
געדענקט דעם עלטערן ברודער זיינעם, חיים'ען, און אלדד איז
גאָר, אַ מיטלוואוקסיקער און זיינע האָר זיינען גלאַטע און אויף
אַרויף פאַרקעמטע.

פרוי עטינגער האָט זיך אויך אָפּגענאַרט אין זיין אָנקו־
מען. זי האָט געמיינט אַז דאָס וועט אָנקומען אַזאַ גרינער, ווי
אַלע גרינע, וואָס קומען אַהער. (זי האָט געהערט אַז ער קלייבט

זיך קומען, האָט אָבער ניט געוואוסט ווען און וואָס). אז זי וועט אים דאַרפן פאָרן אַראָפּנעמען פון שיף. איר האַרץ האָט געקלאַפּט. זי האָט מורא געהאַט פאַר די שוועריגקייטן, וואָס מען האָט געווײנטלאַך ביים אַראָפּנעמען גרינע. זי האָט זיך גע־גרייט דערצו. זי האָט געוואָלט מקיים זיין די מצוה, וואָס עס איז מחויב אַ שוועסטער צו איר שוועסטערס קינד. זי האָט גערעדט און צוגעגרייט די קינדער צו זיין אָנקומען, ספּעציעל האָט זי גערעדט מיט אסתר'ן. אסתר איז שוין געווען אַ מיידל אין די יאָרן. ביי פרוי עטינגער'ן טיף אין האַרצן האָט זיך שטיל, ערגיץ אין אַ פאַרבאָרגן ווינקל, אַריינגעקליבן אַ האַלבער, פאַרשלייערטער געדאַנק — אפשר וועט דאָס זיין אַ שידוך פאַר אסתר'ן. ערשט אלדד איז אַליין, גאָר אומגעריכט, ווי איינער פון אַ לוסטרייזע אָנגעקומען, און ווי אַ היגער אַן איינוואוינער האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר. עטעל האָט ווי געווײנלאַך ניט־עפּנענדיק די טיר, צוערשט געפרעגט:

— „הו איז איט“?

— „אָפּען פּליז, איט איז יור נעפיו אלדד“ — זאָגט ער.

זי האָט שיעור ניט גע'חלש'ט פון שרעק. זי האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן אַזאַ מין זאַך. זי וויינט און פרייט זיך און רעדט מיט טרערן אין די אויגן:

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנקומען קיין אַמעריקע, וואָס מען דאַרף אים גאָר ניט פירן איבער די גאַסן? און מען דאַרף אים גאָרניט איינגעבן קיין ביטערזאַלץ? און גלייך עסט ער שוין באַנאַנעס און טומייטאָס?

טיף ביי זיך אין האַרצן האָט זיך פרוי עטינגער דוקא יאָ געפרייט מיט אַזאַ אָנקומען. זי איז געווען שטאָלץ מיט אַזאַ פּלימעניק. דאָס שטיל־פאַרבאָרגענע געפיל ביי איר אין האַרצן האָט זיך איצט נאָך מעהר צעשפּרייט. זי האָט שוין די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין קוקן אויף אסתר'ן, זי אָפּ־מעסטן אין גאַנצן, ווי גרויס זי איז, און מיט צאַרטקייט אין איר קול האָט זי זי גערופן ליבע נעמען, און איר אונטער־געטראָגן יעדן פרימאָרגן ריינע זאָכן אין בעט אַריין, און הייסע קאַווע, און מיט מאַמעשער נחת, האָט זי געקוואָלן פון דער אונ־

טערגעוואָקסענער כלה־מויד. אָבער ווי אַזוי האָט זי געקענט כאַטש אַביסל אָראָפּשלעפּן אלדד'ן צו זיך?

שוין דעם ערשטן טאָג האָט פרוי עטינגער אויסגעפונען אַז אלדד טראָגט גראָבע לינענע אונטערוועש, דאָס אויבער־העמד איז שטייף און אָנגעקראָכמאַליעט, — עס איז ניט באַקוועם אַזוי — זאָגט זי — אַמעריקאַנער אונטערוועש איז ווייך און טיף אויסגעשניטן, די אויבער־העמדער, זיינען זיידענע דאָ.

— ווארף אַוועק די גרינע שמאַטעס — זאָגט זי נאָכאַמאָל — אין יוראָפּ קען מען ניט מאַכן קיין ריכטיקן מלבוש — און ביטערזאַלץ מוזטו איינעמען!

אלדד האָט געמוזט צוגעבן אַז ביטערזאַלץ דאַרף ער טרינקען. ער האָט פאַרשטאַנען אַז אפילו ווען אַ מענטש קומט פון פראַנקרייך צי פון קאָפּענהאַגען מוז ער אויך איינעמען ביטערזאַלץ. ער האָט שנעל אָראָפּגעשלונגען דאָס ביטערע זאַלצוואַסער, פון בוזעם קעשענע האָט ער אַרויסגענומען אַ זילבערנע טאַבאַטשניצע, און פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס, פון אַ פּאָר אָנגעבלאָזענע באַקן האָט ער מיט גדלות אַרויסגעבלאָזן, און צולייגט אַרום זיך אַ בלויען, דורכגעזייערטן רויך. און מיט די הענט אַריינגעלייגטע אין די הויזן־טאַשן איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער.

די הויז אין וועלכער מרדכי עטינגער האָט געוואוינט, איז געווען די העכסטע איבער דער גאַנצער סעקאָנד עוועניו. פון דעם פענסטער אויפן אכטען שטאָק האָט מען געקענט זען אַ ברייטן אַרומיקן שטח. די הויז איז געווען מיט אַ פיר שטאָק העכער פון אַלע אַרומיקע הייזער און ווען אלדד האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער האָט ער געזען אומצאָליקע, אָנגעוואָרפענע מויערן. די מויערן זיינען געווען אַן דעכער, און אויב דאָס הייסט שוין יאָ דעכער, זיינען זיי אַלע געווען פלאַכע, גרויע, ווי עמיצער וואָלט אין איילעניש, מורא האָבנדיק פאַר אַ רעגן, פאַרדעקט מיט ברייזענטן די ניט פאַרענדיקטע שטיבער. איין דאַך איז געווען העכער פון צווייטן. עס איז ניט געווען קיין רעגלמערסיגקייט אין גע־בוי — דריי שטאָקיקע, פיר שטאָקיקע און פינף שטאָקיקע הייזער האָבן זיך געשטופּט איינע אויף די אַנדערע. פון דערווייטנס האָט זיך אַרויסגעזען די וועסט־סייד, (מרדכי עטינגער'ס פענסטער זיי־נען אַרויסגעקומען צו דער וועסט־סייד) די באַורי און גרין סטריט.

און מוירסער סטריט, און די גאַנצע לענג פון דעם נידעריקן טייל בראָדוויי. אין דעם דאָזיקן, ווייטן שטח, האָבן זיך גע־הויבן הויכע מויערן. איבער די מויערן זיינען געשטאַנען הויכע, פעטע פעסער, און הויכע רויטע קוימענס. פון די קוי־מענס ביז אונטער׳ן הימל האָט זיך געשלענגלט שוואַרצער און ווייסער און גרויער רויך. קוימענס האָבן געפייפט. עס איז געווען מיטאָק־צייט, און איבער די דעכער זיינען געלעגן צו־לייגט די אַרבעטער. די אַרבעטער פון די פאַרשידענע באַזונ־דערע דעכער האָבן צוזאַמען געשפּילט אין „באָל“ און פון איין דאַך צום אַנדערן זיינען געפלויגן קיילעכדיקע, האַרטע פּילקעס. איבער אַלע גאַסיקע קעפּ, און איבער טראַמווייען און אָטאָמאָבילן זיינען געפלויגן די קיילעכדיקע פּילקעס — אלדד׳ן האָט זיך גע־דוכט אַז ער הערט דעם סוויסטש, וואָס די האַרטע פּילקע רייסט דורך אין דער לופטן.

— איז דאָס אַמעריקע?

אלדד האָט מיט פאַרגאַפטע אויגן, ברייט צעשפּרייטע געקוקט אויף דעם אַלעמען. כאָטש ער איז שוין אויסגעפאָרן אפשר די גאַנצע וועלט — אָבער אַזאַ בילד האָט ער נאָך ניט געזען. דאָס בילד האָט אויף אים געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס איבער־נאַטירלאַכעס, עפּעס איבערמענטשלאַכעס. אויף אַ ווײַלע האָט ער זיך פאַרלוירן. ער האָט זיך דערמאָנט אין זאַנגוויל׳ס „מעל־טינג־פּאָט“ וואו זאַנגוויל פאַרגלייכט אַמעריקאַ צו אַ שמעלצטאָפּ. אָט דאָס איז עס — האָט ער געטראַכט — אַ שמעלצטאָפּ שוין אין דער לופט. קוקנדיק אויף די ריזיקע געביידן, וואָס זיינען אַרייַנגעמויערט איינע אין דער צווייטער, זעענדיק, ווי עס שמעלצט זיך צענויף — רויך און נעבל און הימל, און אַלעס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קאָלירלאָזן גרוי, האָט ער גלייך דערפילט דעם אמת פון דעם וואָרט — אַ שמעלצטאָפּ — אַ שמעלצטאָפּ שוין אין דער לופט

— און די מענטשן? שמעלצן זיי זיך אויך אַזוי צונויף? זיינען אַלע דאָ גרוי... ווי גרוי עס איז די לופט?

אלדד איז געוואָרן נייגעריק צו זען עמיצן, ער האָט גע־וואָלט לויפן אין גאַס, זען מענטשן, הערן זייערע רייד.

— וואָס וועלן אים זאָגן די אַמעריקאַנער? זיינען זיי

אזוי שטאָלץ און פּאַריסן, ווי שטאָלץ און פּאַריסן עס זיינען זייערע מויערן? וועט ער, אַ פרעמדער, זיך דאַרפן טוליען אין עמיצן, ווי עס טוליעט זיך אַ קליינע מויער אין אַ גרויסער מויער? וואָס וועט ווערן פון אים? וועט ער האָבן כוח זיך אַנטקעגן צו שטעלן אַט דעם פרעמדן גרויסן? דעם שמעלצטאָפּ?

ער איז מיטאַמאָל געוואָרן שטיל־דערשלאָגן. דאָס לאַנג ערוואַרטעטע, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט אויפ'ן שיף, און נאָך אויף יענער זייט ים, געבלעזלט אין זיין האַרצן, איז ביס־לאַכווייז צערונען געוואָרן. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען עפּיס גיגאַנטיש גרויסעס, און אים געשראָקן. ער האָט געזען אין דער לופטן זיך פּאָכן פּאַרקאַטשעטע גרויסע אָרעמס מיט שטאָלענע מוסקולן. ער האָט אַראָפּגעבליקט פון פענסטער אין גאַס אַרונטער, און נאָך מער ווי פריער, האָט ער זיך מיטאַמאָל דערפילט קליין און שוואַך און נישטיק. פון דער הויך אויף וועלכער ער איז געשטאַנען, האָבן די מענטשן אויפ'ן ברוק אויס־געזען, ווי שפּילעכלאַך. ספּעציעל קאָמיש האָבן אויסגעזען די מענער, וועמעס פיס, איינגעוויקלט אין הויזן, זעען זיך איב־גאַנצן אַרויס ביים גיין. אַלדד'ן האָט זיך געדוכט אַז דאָס זיינען מיט ספּרוזשינעס אָנגעצויגענע בלעכלאַך, אויסגעמאָלט, ווי מענטשן, וואָס הויבן אָטאָמאַטיש זייערע דראָטן אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, אַזוי לאַנג ביז עמיצן וועט מיאוס ווערן די גאַנצע שפּיל און וועט זיי אַוועקוואַרפן.

ווען ער איז אָפּגעטראָטן פון פענסטער איז אים געוואָרן נאָך שווערער אויפ'ן האַרצן. דאָס בילד פון גאַס, וואָס ער האָט ערשט געזען האָט אים פאַרפאָלגט. עס איז שוין אַלעם אין שטוב פאַר אים געווען גרוי. עס האָט אים אויסגעזען פרעמד דער מומעס גאָלדענער צאָן אין מויל — זי וואָלט ניט געהאַט אַזאַ לאַנגן גוידער — האָט ער געטראַכט — ווען ביי איר אין מויל זיצט אַ ווייסער צאָן, די קיך איז צו קליין, און ניט באַלעבאַטיש, און כאָטש אויסגעלעגט מיט אַ ליכטיק־געַ־קעסטלטן לינאָלעאום איבער דעם גאַנצן דיל, האָט אָבער די קיך חוצפּה'דיק געריסן זיינע אויגן, עס איז געווען פּונקט ווי אַן אַלטע פרוי וואָלט זיך אָנגעטאָן אין ליכטיק שרייענדיקע קאָלירן און אָנגעפאַרבט אירע באַקן — עס האָט אים דערנערווירט דאָס

אַלעס. עס איז אים געווען שווער אויפ'ן האַרצן. ער איז צוגע־גאַנגען צום שפּיגל, זיין פּנים איז געווען בלאַס, די אויגן מידע, אויף די דינע ליפּן האָט זיך איבערגעשנירלט אַ קוים באַמערק־באַרער דינער שמייכל. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם אָב־שידאָוונט, וואָס מען האָט געמאַכט אין אַמסטערדאַם לכבוד זיין אָפּפאָרן, ווי דורך אַ חלום האָט ער געהערט אַלערליי רייד, איין פּראַזע האָט אים באַזונדערס שאַרף געקלונגען אין די אויערן — „ווען מיר זען, וואָס עס וועט ווערן פון אונזער באַליבטן אלדד'ן אין דעם לאַנד פון דאַלערס".

— ווען מיר טאַקי זען — האָט ער געשמייכלט אין שפּיגל אַריין — אַט ווען מיר טאַקי זען.

עס איז ניט געווען קיין איינגעשפּאַרטקייט אין זיין גע־דאַנק, און עס איז נאָך ניט געווען קיין פּאַרדרוס, עס איז פאַר אים בלויז געווען טשיקאַווע — אַט ווען מיר טאַקי זען.

מען איז שוין געזעסן אַרום טיש. מרדכי עטניגער איז לכבוד דעם גאַסט אַהיים געקומען עסן מיטאָג. עס זיינען זיך צענויפגעקומען די קינדער. לויז היימישער פּלאַפּלעריי. מען רעדט פון דער היים און מען רעדט פון גרויסן ים. אין שטוב איז גראַם און ליכטיק, און איבער'ן צימער שמעקט דער ריח פון היימיש געקעכץ. עמעל רעדט צו אים היימישע רייד, איר קול איז ווייך און שטיל און זי רופט אים צאַרטע נעמען. זי דערמאָנט אלדד'ן אָן שוין לאַנג פאַרגעסענע היימישקייטן. די מומע דערמאָנט אים אָן זיין אייגענער מאַמע'ן. אלדד האָט קוים געדענקט די מאַמע. אין די אַלע יאָרן פון זיין אַרומוואַנדערן האָט ער אין אַלעם היימישעס פאַרגעסן, אלדד ווייס בלויז פון איין זאַך — ער ווייס אַז אויף דער וועלט איז דאָ אַ קלאַס אַנטקעגן וועמען עס ווערן גרויסע עוולות באַגאַנגען. אַ קלאַס וועמען ער דאַרף העלפן, און פאַר וועמען ער האָט שוין איינ־מאָל שיעור ניט באַצאָלט מיט זיין לעבן. און וואָס גייט אים אָן זיין אייגענע היים! אויף דער וועלט איז אַן איבערקערע־ניש — דער דרוק פון די אַרמייען טרויסלט אויף די וועלט — אין ענגלאַנד זיצן שוין הונדערט און פופציק דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט — אין דייטשלאַנד האָבן מיר אַריינגענומען די

גאנצע ממשלה אין אונזערע הענט — אין בעלגיען, אין עסטרייך — אין רוסלאנד — אין די קאַלטע לענדער האָט שוין עמיצער איבערגעהאַקט די שלעסער פון די פאַרזשאַווערטע ריגלען. מענטשן מיט שמאַטעס פאַרבונדענע פּיס, ציען זיך איבער די פאַרפרוירענע וועגן, און אין זייערע אויגן שיינט אַ בלענדענדיק ליכט, ווי ווייס-בלענדנדיק עס איז דער שניי איבער וועלכן זיי טרעטן — מען דאַרף זיי העלפן — מען דאַרף זיי העלפן — מען דאַרף העלפן דעם מאַן וואָס גייט איינער אַליין, אַ פאַרשטעלטער, אַרום איבער די וועגן פון ווייטן רוסלאַנד. דעם מאַנ'ס פּנים איז אַרומגענומען מיט אַ קראַנץ בלאָנדע האָר, פון אינעווייניק דעם קראַנץ, שיינט אַרויס אַ נישטדאָאיקע ליכטיגקייט. סימנים פון אַלערליי פּעלקער זיינען צולייגט איבער זיין פּנים — זיינע אויגן זיינען דינע און שמאָל-צעשפּאָלטענע, ווי די אויגן פון אַ כינעזער, די הויט פון זיין פּנים איז ווי די הויט פון אַ טאָטער, זיין שטערן — אַ הויכער, אַ ענגליש געלערנטער, און די פינגער פון זיינע הענט זיינען בלייך און דין, ווי די הענט פון אַן אידישן תּלמוד-חכם.

איינמאָל האָט ער געזען דעם דאָזיקן מאַן, און מיליאָנען מאָל — טאָג טעגלאַך, האָט ער געהערט זיין נאָמען. קינדער רעדן פון זיין גרויסקייט. זיינע האָר — זאָגט מען — זיינען שטייף און שטעכיק, ווי די האָר פון אַ יאָזשעק, אויף זיינע פּלייצעס טראָגט ער אַן אַלטן מאַנטל פון אַן אויסגעדינטן סאָלדאַט. די עפּאָלעטן זיינען אָפּגעריסן, די קנעפּ צוזאַמען מיט שטיקער סחורה זיינען אויסגעריסן. מיט אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס, מיט אַ שטעקן אין האַנט, די פּיס געוויקלט אין שמאַטעס, גייט ער אַרום פון שטאָט צו שטאָט, און פון דאָרף צו דאָרף און רופט צו אַ ניי לעבן. דער מאַן, זאָגט מען, האָט אַזאַ כח אין זיך, אַז וואו נאָר ער באַווייזט זיך צינדט ער אָן אַ העליש פייער אין די מענטשלאַכע הערצער. אָט ערשט איז ער איינער אַליין אַרויס איבער די פרעמדע וועגן, און שוין ציען זיך נאָך אים אַזוינע גרויסע מחנות אַז דער וועג איז פאַר זיי שמאָל. מען קריכט שוין איבער פעלדער און איבער וועלדער, באַלד, באַלד און דאָס גאַנצע לאַנד וועט פאַר זיי זיין ענג און זיי וועלן זיך דאַרפן צעשפּרייטן איבער גאָר דער וועלט.

אלדד איז געקומען מיט אַ שליחות. די אַלע היימישקייטן זיינען פאַר אים פרעמד, פאַרגעסענע אמאָליגקייטן. שוין יאָרן און יאָרן אַז ער האָט ניט געטראַכט דערפון. און ווען די מור־מע האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן דערמאָנען איין היימישע פּאַסירונג נאָך דער אַנדערער, האָט אלדד מיטאַמאָל אויפגעעפנט מויל און אויערן און מיט אינגלשער זשעדנעקייט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט.

אַ טרויער האָט מיטאַמאָל פאַרצויגן זיין פּנים, עס האָט פּלוצלינג אים אָנגעהויבן שרעקן דאָס ערוואַרטעטע. ער פילט עפּעס ברעכט זיך אין אים, עפּעס נייס ווערט געבוירן אין אים, אים פאַרפּאָלגט דער אימפּעט פון דער לופט, וואָס ער האָט ערשט געפילט שטייענדיק, אין פענסטער. ער האָט דער פאַר מורא. עמיצער האָט אים אַוואָרף געטאָן אין די אויגן אַריין אַ בלענדנדיק ליכט — אַ נייע ברייטע וועלט, און ער ווייסט ניט ווי אַזוי צו באַנעמען די נייע וועלט.

— וועט ער זיך דאָ אָפּשטעלן? וועט ער דאָ אין דעם נייעם לאַנד געפינען זיין רו?

— ווי אַזוי וועט ער געפינען זיין רו? וועט עס זיין די אַרבעט, וואָס וועט אים באַרואיקן, צי וועט עס זיין דער מומעס שטילע רייד?

ער האָט זיך געאיילט מיט די ביסנס. עס האָט זיך גע־דוכט, ווי ער וויל שוין וויסן, וואָס מיט אים וועט זיין. ער האָט גערעדט מיטן פעטער און ער האָט גערעדט מיט דער מומען. ער האָט שלעכט אַקצענטירט דאָס וואָרט „סטראָבערי" און זיך געמוטשעט עס פאַרריכטן. בעקי האָט פאַרצויגן דאָס מויל און ווי איינגעשלונגען די „דאָבליו". אלדד האָט עס ניט געקענט נאָכמאַכן.

— וואָס מאַכט עס אויס — האָט ער אָנגעהויבן אַרומ־שפּאַנען איבער'ן עסצימער — אַבי עס איז אַ גוט מאכל — מיר'ן שוין ווי ניט איז איינשלינגען די „סטראָבערי" מיט דער „דאָבליו".

עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אַמאָליקע חברים, אַלטע באַ־קאַנטע, מען האָט זיך געקושט און געפרייט און געדריקט די הענט — אלדד! — אביגדר!

אין אַ פּאָר וואָכען אַרום, שפּעט נאָכמיטאַג, האָט שוין אַלדד אַרומגעשפּאַנט איבער די טומלדיקע גאַסן פון דער „איסט סייד".

אַז אַמאָליגער חבר האָט אים אַרומגעפירט איבער דעם אידישן קוואַרטאַל. הויכע, ענגע, טונקעלע גאַסן, האָבן זיך געשלאָסן איינע אין דער צווייטער. אַ גרויע שטיינערדיגקייט איז געווען אויסגעפלאַסטערט און צעגאָסן איבער יעדן פּיצל ערד. עס האָט זיך געדוכט אַז די הויכע מויערן זיינען נים געמויערט געוואָרן פון מענטשלאַכע הענט, נאָר זיינען אַזוי, אין משך פון אַ סך יאָרן, אַרויסגעוואַקסן פון דער שטיינערדיקער ערד אַרוים, און מיט יעדן טאָג, צי מיט יעדן יאָר וואַקסן זיי אַלץ העכער און העכער. •

ווי הויך וועלן זיין די הייזער אין ניו יאָרק, אין די צייטן פון אונזערע קינדס קינדער?

אַלדד'ן איז דורכגעגאַנגען אַ לייכטער ציטער איבערן לייב — — — — ער האָט עטוואָס איינגעבויגן זיין קאָפּ, גלייך איבער אים וואָלטן געפלויגן קוילן, אַרויסגייענדיק פון פּעטער'ס הויז איז ער פאַרשלונגען געוואָרן אין אַ ים פון קולות און געדרענג און מענטשלאַכע פּים, עפּים האָט זיך געדוכט אַז ער וועט שוין פון דאַנען קיינמאָל נים אַרויסקריכן, עס איז פּונקט, ווי דאָס שטילע וואַסער וואָס פאַלט אַריין אין לויפנדיקן שטראָם — עס מוז אַריינפאַלן אין ים אַריין.

אָבער פונדעסטוועגן איז ער באַלד פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ גרויסן חידוש. זיין האַרץ האָט אין אים זינגענדיק אָנגעהויבן צו קלאַפּן. ווי פון אַ חלום אַרויס, צי ווי געשטאַלטן וועלכע ער האָט אַמאָל ערגיץ באַגעגענט, צי ערגיץ געליינט, האָבן אָנגעהויבן אַרויסשפּאַרן איין באַקאַנט בילד נאָכ'ן צווייטן — אָט זיינען גרויסע און פריי צעעפנטע אידישע קראָמען, אָט איז טאָמאַשעווסקי'ס טעאַטער און קעסלער'ס טעאַטער — אַלדד האָט שוין פון פריער געוואוסט וועגן די דאָזיקע אידישע אינסטיטוציעס — דאָס אידישע לעבן פאַרנעמט דאָך שוין ביידע קאָנטינענטן — אין וואַרשע צי אין בערלין, אין קאָמעניעץ צי אין פּאַריז, האָט ער דאָך שוין געוואוסט פון דער אידישער צווייטער

וועניו, ער האָט געקענט איסט־בראָדוויי, ער האָט שוין פון לאַנג געוואוסט וועגן די אַלע זאַכן — אָבער פונדעסטוועגן איז ער געוואָרן צעטומלט, פון דעם אַרומיקן רויש. קינדער האָבן גע־שריען. אין מיטן העלן טאָג, אָבער די שילדן פון די צוויי טעאַטערס זיינען שוין געווען באַלויכטן. פאַרשייטע יונגען זיינען געשטאַנען אויף אַ ראָג און ביסטרע געהיט די דורכגייער, גלייך ווי אַ בייזע חיה וואָס לויערט אויף איר קרבן. אלדד האָט דאָס אַלעס געזען. ער האָט פאַרשלאָסן די ליפּן. ער האָט זיך אינ־גאַנצן איינגעשלאָסן. עס האָט זיך געדוכט ווי ער רעזערווירט אַלע זיינע כחות, און פונקט ווי אַן אָנגעצויגן פּייקל איז ער גרייט יעדע מינוט אַלעס אָפּצושלאָגן. זיינע אויגן זיינען געווען ברייט צעעפנטע. זיינע נאָזלעכער אָפּערדיגע. האַלטנדיק די רעכטע האַנט אונטער'ן אָרעם פון זיין חבר, און צוהערנדיק זיך צו אַלער־ליי ערקלערונגען, האָט ער דערוויילן געקוקט און באַטראַכט און געריכטן — ער האָט לײַדנשאַפטלאַך געריכערט, און אַריינ־געצויגן אין די לונגען דעם רויך און די לופט און דעם טומל — ער האָט באַמערקט דעם נאָמען פון „קריסטי" סטריט.

— קריסטי — קריסטוס — ער האָט עפּעס ניט געכאַפּט דעם זינען פון דעם וואָרט.

— וואָס איז עס — האָט ער געפרעגט — אַ הייליקע גאַס?

— עס איז ניט קיין הייליקע גאַס, און עס איז ניט קיין הייליקער נאָמען. און עס איז ביי אונז סתם ניטאָ קיין הייליג־קייטן. אָט אַ נאָמען, אַ גאַס. דאָ וואוינען פּעדלער און אַרבעטער.

איז דאָס אויך פאַר אים געוואָרן טשיקאַווע — ווי אַזוי וואוינען דאָ פּעדלער און אַרבעטער?

אַלעס איז פאַר אים געווען טשיקאַווע, אַלעס ניי און פאַר־כאַפּנדיק. עס האָט אין אים געשפּילט נייגער און ערוואַרטונג, ער האָט פאַרנומען בילדער, און זיי גלייך איבערגעלעגט אויף זיין אייגענעם שטייגער. עס האָט זיך געדוכט, ווי ער גייט און קעמפט, גייט און סאָרטירט, גייט און טיילט פאַנאַנדער — דאָס געפעלט אים און דאָס געפעלט אים ניט, דאָס אַפּעלירט און דאָס שטויסט אָפּ.

— און וואָס איז דאָס ? און וואָס איז יענעס ? און די וויליאַמסבורג בריק ?

— העי, בחור וואַרט ! דו וועסט ערשט זען דעם ריז ניו יאָרק ! דו פאַררייס נאָר דעם קאָפּ אַהין רעכטס ! — דו זעסט עפּעס אַ מויער !

דער חבר האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט.

— אַנו, פּרואוו נאָר איבערציילן די פענסטער אין דעם מויער ! דו זעסט עפּעס ! איינס, צוויי, צען, צוואַנציק — אַלדד'ן הויבט אָן שווינדלען פאַר די אויגן.

— איז וויפל שטאָק, צום טייוול, האָט עס יענער מויער ? — פרעגט ער.

— וואַרט ! דאָס איז נאָך גאָרניט. מיר האָבן נאָך אַ „סינגער בילדינג" און אַ „וואָולוואָירט בילדינג" און אַ „מעטראָ־פּאָליטן בילדינג", און אַזוינע אַ הייזער רעכענען מיר גאָר ניט !

זיין באַגלייטער האָט אָנגעוואָרפן אין דער לופטן אַ צענדליק הויכע מויערן, וואָס האָבן מיט זייערע קריכנדיקע שפּיצן זיך אַריבערגעדראַפּעט איבער די פיר און פינף שטאָקיקע איסט־סיידער הייזער, און האָבן, ווי שומרים, אָנגעלאָדענע מיט שטאָל און אייזן געוואַכט איבער דעם אידישן קוואַרטאַל.

— דו זעסט עפּיס אַ ריז ?

זיי זיינען אַזוי פאַרגאַנגען ביז צו גרענד סטריט. פון ווינקל איז אַריינגעקראָכן אַ טראַמוויי. די טראַמוויי איז געווען נידריג, און גאָר אומגעריכט ווי אַ טשערעפּאַכע אַריינגעקראָכן. די טראַמוויי האָט פאַרטשעפּעט אַלדד'ס מאַנטל. ער איז געוואָרן צו־טומלט און רויט, און ווערנדיק צום סוף וויים ווי קרייד האָט ער מיט פאַרוואונדערונג געזאָגט :

— ווי, מען קלינגט דאָ גאָר נישט ? איך האָב דאָך גע־קענט אין איין מינוט דער'הרג'עט ווערן !

אָבער אַלדד איז ניט דער'הרג'עט געוואָרן. ער איז שוין געגאַנגען ווייטער אַרונטער מיט גרענד סטריט, דאָרט, וואו זי קומט זיך צענויף מיט קלינטאָן סטריט.

שוין ווידער אַ ביידל מיט אידישע צייטונגען — — —

— ווער לעזט אַזויפיל צייטונגען ? — פרעגט ער — און וויפיל צוגייט זיך דער „פאָרווערטס" און דער „טאָג" און דער

„מאַרגען זשורנאַל" און דער „טאַגעבלאַט" און ? ? ? וויפיל טעגליכע צייטונגען האָט איר דאָ אין ניו יאָרק ? און וועכנטלאַכע, און מאָנאַטלאַכע, און פּעריאָדישע, און צייט־שריפטן ?

— אָ, ס׳איז ברייט פאַרשפּרייט אידיש לעבן דאָ איז !

— פון וואַנען וועט זיך אָנהויבן די אידישע גאולה ?

— פון וואַנען וועט אַרויסוואַקסן דער נייער אידישער דור !

מיט וויפיל כוחות אלדד האָט זיך ניט אָנגעגורט צו באַגע־גענען דאָס נייע פרעמדע און מיט וויפיל אייגענעם זאַפּאַס ער איז ניט געווען אָנגעגרייט זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם נייעם פרעמדן — האָט ער זיך דאָך פאַרלאָרן אַנטקעגן דעם גיגאַנטיש־גרויסן, וואָס איז איצט פאַר זיינע אויגן געשטאַנען. ער האָט געהערט ווי אין זיינע אויערן האָט געקלונגען עמיצנס אַ ווייט קול — דו מעגסט טאַקי זיין, ווער דו ווילסט, אָבער מיר וועלן דערפון נישט נתפעל — אַנטקעגן דיין חכמה, וועלן מיר אַרויס־שטעלן אונזער אייזערנעם מוסקול, דיין גאַנצן אוצר פון קונסט וועלן מיר מיט איין יאָר שפּאַרעוודיקייט אָפּקויפן. דו קום נאָר אַהער און זע ווי יונג אונזערע קעפּ זיינען און ווי פלינק אונזערע פיס, אונזערע בריסט און אָרעמס זיינען געגאָסן פון שטאָל.

אלדד האָט דאָס געפּרובט אָפּוועגדן. אין האַרצן ביי זיך האָט ער געפּרובט דערפון חוזק מאַכן, ער האָט געזאָגט צו זיין חבר :

— ווי משוגה׳דיק ווילד זיי לויפן דאָ אַרום ! ווי משוגענע.

אָבער ער האָט גאָר נישט באַמערקט, ווי ביסלאַכווייז איז זיך אין אים אַלץ מער צעוואַקסן זיין חידוש. זיינע אויגן זיינען פאַרגאַפטע אַרומגעלאָפן פון איין אָרט צום צווייטן. עס קלינגט דער טראַמוויי, וועגענער, שווער באַלאָדענע, מיט גרויסע שווערע פערד, טאָפּטשען און סקריפּען איבער׳ן שפּיציגן ברוק. די וועגענער ווערן אַריבערגעיאָגט פון שווערע „טראַקס", און די שווערע „טראַקס" ווערן ווידער אַריבערגעיאָגט פון שנעלע גלאַנ־ציקע אָטאָמאָבילן. איינער יאָגט זיך אויף אַ „מאָטאָרסייקל". מיט אַ דריבנעם, ווי פון אַ זאַק אויסגעשאָטענעם קלינגען, פליט פאַרביי אַן אַמבולאַנס. פּלוצים הויבט אָן ציטערן די לופט. איבער דער גאַס צוטראָגט זיך אַ משוגה׳דיק פייפן. עס קלינ־

געז שווערע גלעקער. עס זיינען אין גאס נישטא קיין בוימער — אבער מען זעט ווי עס האבן זיך אנגעצונדן אין העלישן פייער די שפּיצן פון בוימער — רויט־ברענענדיק — דער הימל איז רויט און ברענענדיק. עס צעציט זיך איבער דער טומלדיקער גאס אזא לאנגער פייף, ווי דאס וואיען פון א סטאדע משוגענע הינט, דאס קלינגען קומט נעענטער, דער פייף גרילצט אין די אויערן, אלע וועגענער רוקן זיך אפּ אין א זייט, אטאמאבילן שטעלן זיך אפּ, מענטשן אויפ׳ן טראטואר שטעלן זיך אפּ אין מיטן גאנג, אוןווארטן מיט ארויסגעשטארצטע אויגן אויפ׳ן אנקומענדיקן מחבל — עס ברענט אויפ׳ן ווינקל אטארני און גרענד סטריט.

שווארץ, ווי באזעצט מיט מוראזשקעס איז מיטאמאל גע־ווארן די גאס. הונדערטער, טויזנטער, גרויסע און קינדער שרייען און שפּרינגען און געוואלדעווען צעלעגטע איבער דער גאנצער מיטן גאס. מען האט אפּגעשטעלט די באוועגונג, פון רערן שטראמט וואסער, א גאנצע שטאט וואלט מען געקענט פארטרינ־קען מיט דעם שטראם וואסער.

זיין חבר זאגט:

— האסטו שוין אזוינס אמאל געזען?

אלדד און זיין חבר מוזן שוין ארויס פון דער גאס. מען קען שוין דא מער קיין טראט נישט מאכן. זיי פארנעמען זיך ארונטער מיט קלינטאן סטריט צו איסט בראדוויי צו.

אויפ׳ן וועג, נאענט צום טראטואר, שטייען צושטעלט פון ביידע זייטן „פושקארטס". די טראטוארן זיינען פארלייגט מיט גרויסע קאסטנס און פּעק סחורה, אזוי אז די מענטשן מוזן גיין אין מיטן וועג. אלדד פארקרימט מיט דער נאז — עפּעס איז עס א באליידיקונג פאר א מענטשן צו גיין אין מיטן גאס. שטענדיג דארפסטו זיך היטן פאר די פארנדיקע וועגענער, פאר די אטאמאבילן און טראמווייען, יעדער מוז היטן זיין גאנג, און דערפאר קוקט דיר קיינער אפילו נישט אריין אין די אויגן אריין, קיינער האט נישט קיין צייט דיר קיין גוט־מארגן צו זאגן. און ווי־ווען מען דארף נאך פירן א דאמע? — אין וועלכער זייט וואלסטו דעמאלט געגאנגען!

אלדד האט זיך נישט געוואוסט וואס צו ענטפערן. ער

האָט זיך דערפרייט ווען ער האָט דערזען אַ שילד מיט'ן נאָמען: „היברו נעשאָנאַל ווײַן געשעפט", אין פענסטער פון דער קראָם איז געשטאַנען אַן אַמאָליקער חבר. דער אַמאָליקער חבר איז איצט געווען דער פאַרוואַלטער פון דער דאָזיקער קראָם. אלדד האָט אָפּגעלאָזט דעם אָרעם פון דעם חבר, מיט וועמען ער איז געגאַנגען, און איז אַ פלינקער אַריבער אויף דעם צווייטן טראָ־טואַר. זײַנע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו גלאַנצן. עס איז געווען פונקט ווי איינער, וואָס גייט אַרום איבער אַ וויסטע און דער־זעט מיט אַמאָל אַ פרישן קוואַל — ער איז מיט איין שפרונג אַרײַן אין קראָם אַרײַן.

— אַראָן!

— אלדד!

זיי האָבן זיך ביידע צעקושט, אַראָן האָט געדרוקט אלדד'ס האַנט און אלדד האָט געדרוקט אַראָנ'ס האַנט. דאָס פאַרמאַכטע מויל האָט זיך פריי צעעפנט, פון די ליכטיקע ברעמען האָט זיך צעשפרייט אַ ווייסע ליכטיקייט איבער'ן מאָגערן פנים. דעם לעצטן מאָל, ווען די צוויי חברים האָבן זיך געזען, איז געווען מיט פיר יאָר צוריק ערגעץ אויף אַ צוזאַמענפאָר. אלדד איז דעמאָלט נאָר־וואָס איבערגעגאַנגען צום „בונד", אין אַ געלונ־גענער רעדע האָט ער דעמאָלט אונטערגעשטראָכן דעם עלעמענט, וואָס דער אידישער אַרבעטער טראָגט אַרײַן אין דעם אַלוועלט־לאַכן פּראָלעטאַריאַט. ער האָט אַנאַליזירט די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אידישן אַרבעטער, זײַן באַוואוסטזיין, און זײַן אייגנאַרטיקן קלאַסנקאַמף. איינע פון די וויכטיקסטע בייטרעגע, וואָס אלדד האָט צוגעטראָגן צום קאַמף אויף דער אידישער גאַס, איז גע־ווען זײַן וואונדערליכע פאַרשטענדניש פאַר היסטאָרישע געשע־ענישן. ער האָט געוואוסט אויף אויסווייניק יעדע קלענסטע פּאַ־סירנג פון דער אידישער און אַלגעמיינער געשיכטע. מיט אַ מערקווירדיקער פלינקייט האָט ער קאָמבינירט אָט די היסטאָרישע פּאַסירונגען מיט'ן פּועל־יוצא וואָס מוז דערפון אַרויסוואַקסן. ער איז גלייך דעמאָלט אָנערקענט געוואָרן פאַר איינעם פון די אָנ־געזעענע פירער. אַראָן האָט גלייך קאַפּיטולירט. אַראָן איז מיט אַ נידריק געבויגענעם קאָפּ צוגעקומען צו אלדד'ן, אים געדרוקט די האַנט, און מיט נאַסע ליפּן האָט ער אים אַ קוש געטאָן.

אלדד האָט ביז היינטיקן טאָג נישט פאַרגעסן יענעם צוזאַ־מענפאַר. ווען ער האָט דערזען אַראַנ׳עו, האָבן זיך אים גע־שטעלט טרערן אין די אויגן. ער איז געשטאַנען מיט פאַרוואונ־דערונג און געקוקט אויף די רייען אויסגעשטעלטע פעסער מיט וויין, אַלע פעסער זיינען געשטאַנען מיט די קראַנען צו דער פראָנט, אים איז מיט אַמאָל געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין: ווי׳ וואָלט געווען ווען עמיצער גיט מיט אַמאָל אַ דריי אָפּ אַלע קראַנען!

— דו קענסט עס טון, ווען דו ווילסט? — פרעגט ער פלוצים אַראַנ׳עו.

— וואָס טאָן?

— איך מיין אָפּדרייען אַלע קראַנען.

ביידע לאַכן. אלדד גייט צו צו אַ פאַס און דרייט פאַמעלאַך אָפּ אַביסעלע דעם קראַן, אַ רויט שנירל הויבט זיך לאַנגזאַם אָן שנירלען פון דעם אָפענעם קראַן אַרויס. אַראַן שטעלט אונטער אַ גלאָז.

— איך וועל דיר געבן בעסערן — זאָגט ער.

— ווייסן? — פרעגט אלדד.

—ניין, רויטן — ענטפערט אַראָן.

— דו ביזט דער מייסטער — שמייכלט אלדד — טו אַזוי ווי דו פאַרשטייסט.

אלדד טרינקט אויס אַ גלאָז וויין.

— איז וואָס טוסטו, ברודער — פרעגט ער.

— אָט דאָס טו איך, חבר — ענטפערט אַראָן.

— פאַרקויפסט וויין?

— פאַרקויף וויין.

אַראָנ׳ס קול ציטערט. באַליידיגונג ליגט צולייגט אויף זיין פנים. שאַנדע שנירלט זיך דורך זיינע פינגער, ווען ער נעמט צו דאָס ליידיקע גלאָז. פאַר אַ ווײַלע קוקט ער נישט אלדד׳ן גלייך אין די אויגן אַריין. ער פאַרעט זיך ערגעץ אַ פאַרשטופּטער אונטער די פעסער און פון ווינקל זעט זיך אַרויס אַ שטיק פון זיין איינגעריכטן אַרבל. ער קומט באַלד ווידער צוריק, אָבער שוין מיט אַ קאַלטן גלאַנץ אין זיינע אויגן. מעכאַניש זאָגט ער נאָך אַמאָל:

— פארקויף ווייז.

אלדד שווייגט. א שטילער טרויער פארציט זיין פנים. פון דעם גלאז ווייז, וואס ער האט אויסגעטרונקען, האבן זיך צו־שפילט רויטע פלעקן איבער זיינע באקן. מיט אמאל האט ער באמערקט דעם שלעכט־געפאסטן ראק אויף אראנ'ס פלייצעס, די הויזן זיינען צוקנייטשטע, א זאך וואס האט אים איינגטלאך קיינמאל ניט געקימערט אבער איצט האט עס געריסן זיינע אויגן.

— ווארום שטייסטו דא און פארקויפסט ווייז ?

אלדד האט זיך גלייך געכאפט אויף דער נארישער פראגע. ער האט זיך געפילט דערשלאגן און געוואלט צוריקכאפן די ארויסגערעדטע רייד — ער האט אויף גיך זיך אנגעהויבן נאכ־פרעגן אויף באקאנטע און אמאליגע חברים.

אראן האט אים גלייך געענטפערט. עס האט זיך געדוכט, ווי ער וויל מיט דעם דערציילן אפוואשן זיין אייגענע שאנדע, און ער האט שנעל גערעדט : יאקאב, — האט ער געזאגט, — איז געווארן אן איבערזעצער, און שפיגעל א „פובליסיטי"־מאן — צוםווארט „עקס־לאקס" האט ער א ים מיט גראמען, און מיין שרה איז די גאנצע צייט קראנק. פאר־א־יארן ווינטער איז זי געבליבן ליגן אויף פאקן, עפעס פונקט ווי א פייער וואלט פון אירע באקן ארויסגעריסן שטיקער פלייש, זי איז אינגאנצן געשטופלט, וואלסט זי נישט דערקענט.

— און אראן הייסט שוין נישט אראן — מיסטער בראמ־בערג רופט מען אים שוין, — וויצלט זיך אראן — ער האט שוין אראפגענומען די וואנצן און אין מיטן קאפ האט זיך ביי אים אויסגעלייגט א קיילאכדיקער ווייסער ראד, מיט די שפיץ פארגעלטע פינגער לעגט ער אלע מאל א סיגארעטל אין מויל אריין און זיינע אויגן ווי שלעפעריקע — בלויז ביים בא־געגענען אלדד'ן האבן די אויגן אויפגעלויכטן, אבער שטענדיק זיינען די אויגן שלעפעריקע און מידע און מיט א פייערל פון... קנאה אין זיי.

אזוי שטעכעדיק רעדט אראן.

טו ווארום האבן ביי אלדד'ן פלוצים אנגעהויבן צו ברענען די

פיס? האָט עפּעס אָנגעריבן אויפן ביין נעבן גראָבן פינגער? ער וואָלט געטרונקען נאָך ווײַן!

— קענסט רעכענען — זאָגט ער — איך בין דורשטיק.

— מײַן באַלעבאָס איז אַ פײַנער מאַן, — ענטפערט אַראָן

— ווער עס קומט צו מיר אַרײַן, קען טרינקען וויפיל ער וויל.

ביידע האָבן נאָכאַמאָל אויסגעטרונקען צו גלעזער ווײַן. בייד־דע האָבן טרינקענדיק זיך דערמאָנט אין שוין לאַנג־פאַרגעסענע זאַכן. ווען אַלדד האָט אויסגעטרונקען דאָס צווייטע גלאָז ווײַן, איז אים מיטאַמאָל געוואָרן אומעטיק; שווערער און שווערער איז געוואָרן זײַן געמיט. אין דער קראָם איז געווען שטיל. דער דרויסנדיקער טומל האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער פאַרמאַכטער טיר. אַלדד האָט געקוקט אויף אַראָנ'ען. ביידנס בליקן האָבן זיך שפּיציק באַגעגנט. דער קוקט אויף דעם און טראַכט פון זיך און דער קוקט אויף דעם און טראַכט פון זיך. אין אַלדד'ן האָט זיך צושפּילט אַן אינווייניקסטע וואַרעמקייט. ערשט איצט האָט ער געפילט, ווי די צוויי גלעזער ווײַן פליסן אין זײַנע אָדערן און הויבן זיך אַלץ העכער און העכער. מיטאַמאָל האָט ער געלאָזט אַרויסווייזן זײַן פאַרדרוס, אויף די ליפּן האָט ער געלאָזט אַרויפקריכן זײַן בייזקייט. ער האָט ריידנדיק צו אַראָנען פון דער באַוועגונג געזאָגט:

— זאָל דאָס פּסולת טאַקע אָפּפאַלן — איין ווערעמדיקע שאָף קאָן פאַרפּעסטן די גאַנצע טשערעדע.

אַראָן האָט פאַרביסן מיט די ליפּן.

ביידע שווייגן.

אַלדד האָט אויסגעשטרעקט די האַנט:

— זײַ געזונד.

— גוד־ביי.

אַלדד מיט זײַן חבר זײַנען ביידע אַרונטער נידריקער, צו איסט בראָדוויי צו.

אַלדד האָט מיט אַלע כוחות געוואָלט אָפּשלאָגן דעם שלעכטן איינדרוק, וואָס די באַגעגעניש מיט אַראָנ'ען האָט אויף אים געמאַכט. ער האָט געקענט אַרומנעמען און אַנאַליזירן זאַכן פון אַלערליי זייטן, ער האָט געוואוסט די ווירקונג פון סביבה און

אומשטענדן אויף מענטשן. ער האט געוואוסט אז אפילו לופט און וואסער און דאס עסן ווירקט אויף א מענטשן, אבער אז א מענטש זאל זיך אין א משך פון פיר יאר צייט אזוי איבערבייטן, האט ער זיך ניט געקענט פארשטעלן.

און עס איז אייגנטלאך ניט געווען אראנ׳ס איבערבייטן זיך, וואס האט אויף אים געמאכט דעם שלעכטן איינדרוק — א מענטש קען דאך מיט זיך טאן וואס ער וויל — עס איז געווען אראנ׳ס דערשלאגנקייט, וואס האט אים פארפאלגט. אלדד האט געזען אין אראנ׳ס בליק עפעס אזוינס וואס האט געמאכט ציטערן זיין הארץ. אראנ׳ס אויגן זיינען ווי שלעפעריקע, עס האט זיך געדוכט, ווי די מידקייט פון איינעם, וואס איז צוריקגעקומען פון א דרייטאגיקער שלאכט, ליגט צולייגט איבער זיין פנים, אין זיין בליק איז געלעגן דערשלאגנקייט און אנטוישונג. עמיצער האט ארויסגעריסן דעם גלויבן, וואס איז געלעגן אין אראנ׳ס אויגן, דאס פייכטקייט פון ארום די שווארצאפלען, ארום זיין בלייך מויל איז געלעגן א קרומער קנייטש. פול מיט ביטול און איינגעקארטשעטער צוקנייטשטקייט האט דאס מויל ווי געזאגט — דו ביסט נאך טאקע דער באוואוסטער אלדד, איך בין דיך טאקע מקנא, אבער מיר׳ן באלד זען, וואס פון דיר וועט ווערן — מיר׳ן זיך באגעגענען איבער־א־יאר — אין נייגצנזיבעצען — אין נייגצנצוואנציק. — פול מיט גאל האט געשפריצט פון זיין שטע־כיקער צונג — אלדד האט אזש געציטערט. א געפיל פון עקל און פארביטערונג האט אים ארומגענומען צו דעם נייעם לאנד. אים האט זיך געדוכט, אז דא אין דעם לאנד, ווערט יעדעם מענטשלאכעס אין דעם מענטשן צופרעסן פון אזא ווארעם. עס זיינען דאך דא ווערים, וואס האלטן זיך אויף אין א געוויסן קלי־מאט און פרעסן אויף געוויסע געוויקסן — אין אמעריקע איז דא א ווארעם, וואס זויגט אויס דאס פייכטקייט פון שווארצאפ־לען, דאס גלויביקע פון אויגן, די חכמה פון ארום מויל — אלדד האט זיך אין זיך געקארטשעט און זיך געווערט אנטקעגן דעם אלעמען. ער איז מיט שנעלע טריט געלאפן אראפ גאס, ער האט געוואלט וואס שנעלער אנטלויפן פון דאנען, אנטלויפן פון זיך, ער מיט זיין חבר זיינען שוין געווען אויף איסט בראדוויי.

זיי זיינען פארבייגעגאנגען די אידישע בוכהענדלער. מיט

גרויסע אָפּישן זיינען געווען באַהאַנגען די ווענט און די טירן און די פענסטער. איסט בראָדוויי איז געווען איינגעטונקען אין גרויסע פּלאַקאַטן, אַפילו אין דער הוילער לופט זיינען געהאַנגען גרויסע לייווענטענע שילדן מיט אַלערליי אויפשריפטן — עס שרייט אַרונטער אַ „מינסקער באַל". די וואַרשעווער „יאַנגמענס" גיבן אַ „הוטשו־קוטשו דענס", מעיאַר מיטשעל זאָגט צו דעם הימלישן גן עדן אויף דער ערד. איבער אַ הילצערנעם ברוק טאַפּטשען קאַלטענעוואַטע שווערע פערד. פון די פענסטער אַרויס און איבער די פייער־קאַסטנס ליגן צולייגט בעט־געוואַנט. דער ריח פון ביליקע רעסטאָראַנען צולייגט זיך ביז אינמיטן גאַס אַריין. אָט איז דער פאַרלאַג „אידיש" און אָט איז דער „ליטעראַרישער פאַרלאַג". אַלדד וויל אַהין אַריינגיין, אָבער עפּעס האַלט אים צוריק. ביי אַ שויפענסטער פון אַ גרויסן בוד־געשעפט איז געשטאַנען אַ הויכער, ברייטער, דיקער מאַן ; דער מאַן האָט געהאַט אַ גלאַט, ווייס פּנים, גלייך דאָרטן וואָלטן קיינמאָל ניט געוואַקסן קיין האָר, ווייכע בלויע אויגן, מיט איין אָרבל פאַרקאַטשעט ביז אריבער דעם עלנבויגן, זעט זיך אַרויס די גאַנצע ווייסע, ווייבלאַכע האַנט. אונטער דער ענגער קאַמעזויל ליגט אַ ברודיק ווייס העמד. דער מאַן איז פאַרטאָן אין אַרבעט, ער האָט שווער געאָטעמט, געבלאָזן פון די נאָזלעכער מיט טראָפּנס שווייס. עס האָט זיך געדוכט אַז אָט ערשט איז ער געקומען צולויפן פון אַ ווייטן געיעג און מיט אַ קלוג ממזר'יש אויגל באַקוקט ער און באַטראַכט דאָס שוין אָפּגעטאַנענע — דער מאַן האָט נאָר־וואָס איינגעוויקלט קאַרל מאַרקס'עס ביוסט אין אַ שטיק רויטן טוך, וויל־סאָנ'ס בילד האָט ער אַרומגעשטעקט מיט קליינע אַמעריקאַנער פאָנען, און פון אַ קופּע נאָר־וואָס דערשינענע ביכער האָט ער אויסגעבויט אַ קליינעם טורעם־שפּיץ.

דער מאַן איז אַזוי אַ צוכראַסקעטער אָפּגעגאַנגען אויף אינטערוויילאַכץ ביז אַ העלפט פון טראָטואַר און מיט גרויס צופרידנקייט האָט ער באַטראַכט זיין קראַם.

אַלדד'ן האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרצן, ניט נאָר אַ קלאַפּ, ער האָט געפילט אַז אין אים ברעכט זיך איבער דאָס האַרץ. ווען ער איז צוגעקומען גאָר נאָענט, האָט ער אין דעם דיקן צוּבראַסקעטן מאַן דערקענט זיין אַמאָליקן חבר אַלעקס. אַלעקס

האָט אַמאָל ערגעץ אין אַ שטאָט געוואָרפן אַ באָמבע. פון דע־מאָלט אָן האָט ער אַביסל צוגעהונקען, אַלעקס האָט דאָס געזאָלט איבערנעמען די פירערשאַפט פון דער פּאַרטיי דאָ אין דעם לאַנד.

— וואוהין פירסטו מיך? — האָט ער זיך פּלוצים אָפּגע־רופן צו זיין באַגלייטער, — מיר האָבן דאָך געזאָלט גאָר גיין אין „פאָרווערטס"?

ער האָט שוין מורא געהאַט ווייטער צו גיין. ער האָט זיך ניט געוואָלט באַגעגענען מיט אַלעקס׳ן. ער האָט אָנגענומען דעם חבר׳ס אָרעם און איז אַריבער דעם וועג. ביידע זיינען זיי שוין געשטאַנען אין דער פראָנט פון דער עדיוקיישאָנאַל עליִיענס.

אַ מאַסיווע ברוינע פינף־שטאָקיקע געביידע, מיט ברייטע, שטיינערדיקע, ווי אויף אייביק אַריינגעזעצטע טרעפּ. אָפּ און אויף גייען מענטשן. עס גייען מיידלאַך און קינדער. אויך דאָ זיינען באַהאַנגען די ווענט מיט אַלערליי אַנאָנסן. —

וואָס האָט ער דאָ צו טאָן? וואָס גייען אים אָן די אַלע זאַכן? אַלדך פילט ווי די אַלע ביז איצטיקע באַגעגענישן שטעכן זיין הויט. ער איז מיד און אויסגעשעפּט, ער וויל ערגעץ אַנט־לויפן, אים האָט אַרומגענומען אַ געפיל, אַז ער איז אַ סאָלדאַט ערגעץ אויף אַ שלאַכטפעלד, פון אַלע זייטן פליען קוילן און ער אַליין האָט נישט קיין ביקס מיט וואָס זיך צו שיצן.

— עס איז דאָ גאָר נישטאָ וואָס צו זען, — זאָגט ער, — און דער בנין גייט מיר לחלוטין גאָר נישט אָן, לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען... לאָמיר אַוועקגיין, איך וויל ניט...

— אָ, אָט איז דאָך דער אָפיס פון דער „אידישער אַמע־ריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי!" און דער „פאָרווערטס"!

אים האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן דאָס האַרץ, דאָס בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין. עס האָבן אים געציטערט די הענט מיט די פיס. ער האָט עפּעס אָנגעהויבן צו מורמלען אומפאַרשטענדלאַכע ווערטער; ער האָט אַרויסגעוואָרפן דעם סיגאַרעט פון מויל און פאַרריכט דעם הוט אויפ׳ן קאָפּ.

ער איז אַ ציטריק־צושטרייטער מיט אַ ברוסט, וואָס האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ, אַריין אין „פאָרווערטס".

## 3

אַ הויכע, צען־שטאָקיקע געבײַדע, וועלכע שטאַרצט אַרויס מיט אַ פּאַרדריסענעם קאָפּ און קוקט אַריבער איבער אַלע נידריקערע מויערן. און דער פראָנט האָבן צוויי הויכע זײַלן אײַנגעמויערט אין גראַניט, אויפגעהאַלטן אַ ברייטע, אָפענע גאַלעריי פון פאָרענט מיט אַ ברענענדיקן פאַקל. פון אַ ברייטן ווייסן מאַרמאָר־שטיין, וואָס האָט פאַרנומען אַ האַלב פון דער דרויסנדיקער אונטערשטער וואַנט, האָבן בולט אַרויסגעשפּאַרט די אויסגעקלאַפּטע פיגורן פון פאַרשידענע אַרבעטער־פירער. אויף שוואַרצן גראַניט זײַנען מיט גאָלדענע אותיות געווען אויסגעקריצט די נעמען פון אַלערליי פרייהייטס־קעמפער. ווען אלדד איז אַרײַן אין דער הויכער געבײַדע איז אַ שרעק דורכגעלאָפן זײַן לײַב. אַ ציטער פון פרייד, שטאָלצער באַוואוסטזײַן, אויסגעמישט מיט עפּעס וואָס איז ווייט און פרעמד און דאָך אייגן, האָט אַרומגענומען זײַן האַרץ. ווען ער האָט אָנגענומען דאָס הענטל פון דער שווערער טיר און זיך באַדאַרפט אָנשטרענגען צו עפענען די טיר, האָט ער דעמאָלט מיט אַמאָל דערפילט די שווערקייט און וויכטיקייט פון דעם דאָזיקן בנין. אַלץ איז מאַסיוו. אַלץ איז וואָגיק. גלאַנציקער ווייסער „טייל" באַדעקט די ווענט און דעם דיל, אַ שווינדלערישע הויך הויבט זיך ביז צו דער סטעליע — די סטעליע איז הויך און נאָך העכער. אלדד האָט מיט נײַגעריקייט איבעראַל געוואָרפן זײַנע אויגן, און איבעראַל, וואו עס איז געפאַלן זײַן בליק, איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט מענטשן. אין דעם גרויסן הויכן פּאָליש האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסלגרוב. אַרום און אַרום אַ הויכן, קײַלאַכדיקן טיש, ווי אַ קײַלאַכדיקער, אומענדלאַכער שטענדער, זײַנען געשטאַנען מענטשן פון פאַרשידענעם עלטער, און ווי אײַגענע זיך איבערגעוואָרפן מיט הײמישע רייד. איינער האָט געשריבן אַ בריוו, איינער האָט געציילט געלט, איינער אַן עלטערער מאַן, אָפּגערוקט אין אַ זײַט בײַ אַ ווינקל, האָט היימיש פאַרקאַטשעט דעם אַרבל פון דער לינקער האַנט, און קוקנדיק אויף דער גלאַטער האַנט זיך געוואונדערט, וואָס עס ווייטיקט אים דאָרט. צוויי הויכע, גלאַט־געגאָלטע מענער, האָבן היציק זיך גע־

שפּאַרט איבער עפּעס אַן עניין — מען מוז זיי היינט אַרונטערנע־
מען — האָט איינער געשריען — אויב מיר קריגן נישט דעם
„אָרדער" פון אָפּיס, וועלן מיר אַליין, אויף אונזער אייגענער
איניציאַטיוו דאָס טאָן — מער קען מען עס שוין נישט אַריבער־
טראָגן.

ביי דער גאַנצער לייננג פון דער לאַנגער אָפּגעשלאָסענער
וואַנט מיט די אייזערנע גראַטעס, זיינען ביי קליינע האַלב־אָפענע
טירלאַך געשטאַנען לאַנגע רייען מיט מענטשן. אייניקע האָבן
אַריינגעגעבן געלט און אייניקע האָבן אַרויסגענומען געלט. מען
האָט זיך געפרעגט עצות. אייניקע זיינען אַוועקגעגאַנגען מיט
פריילאַך, לאַכעדיקע פּנים'ער, און אייניקע זיינען אַוועקגעגאַנ־
גען מיט טרויעריק־אומעטיקע פּנים'ער. די גרויסע טיר האָט
זיך כסדר אַן אויפהער געעפנט און פאַרמאַכט — די טיר האָט
זיך קיינמאָל נים פאַרמאַכט — כסדר אַן אויפהער זיינען מענטשן
אַריין און אַרויס.

— איז דאָס אונזער אייגענער בנין ?

— זיינען מיר שוין אַזוי טיף איינגעוואָרצלט אויף דעם
נייעם פרעמדן באָדן ? — גראַניט און שטאָל, ציגל און
מאַרמאָר־שטיין אַוועקגעלייגט אַזוי, אַז קיינער קען אונז שוין פון
אָרט נישט רירן ?

— עס איז נישט 'אונזער באַוואוסטזיניקע טעאָריע, וואָס
באַשטימט אַ קלאַסן עקזיסטענץ; עס איז דער קלאַסן עקזיסטענץ
וואָס רעגולירט אונזער באַוואוסטזיין — אַלדד פילט ווי עס
קיצלט אים אונטער דער הויט; זיין בלאַס פּנים האָט זיך גע־
רויטלט. ווי אין פיבער האָט ער זיך געגורעט אין זיין מאַנטל,
ער האָט נאָכאַמאָל פאַרויכערט אַ סיגאַרעט; ער האָט שוין
אינגאַנצן פאַרגעסן דאָס אומאַנגענעמע מיט אַראָנ'ען און מיט
אַלעקס'ן. גרויסע, ברענענדיקע פאַקעלן לויכטן פאַר די אויגן.
ער וויל זיך נישט אויפהויבן מיט'ן עלעווייטאָר, ער וויל גיין
מיט די טרעפּ, ער וויל אַלץ אַליין זען, דעם ערשטן שטאָק,
דעם צווייטן, דעם דריטן, דעם פערטן — הע, וויפל אָפּיסעס
עס זיינען דאָ אַנגעשטופּט ! אָפּטיילונגען פון פאַרשידענע
פאַרבאַנדען, יוניאָנס, אַרבעטער קלובן זיינען אָנגעפּיקעוועט אויף
יעדן שטאָק. קליין, געדיכט, ענג, שפּאַרעוודיק איז יעדער ווינקל

— אזא גרויסע באוועגונג — און בלויז איין מויער — מען דארף שפארן פלאץ — מען דארף שפארן דאס ווינקל — א בינשטאק — א קעסלגרוב — שרייבמאשינען קלאפן. גרויסע רעדער פון פרעסמאשינען האבן אז אויפהער זיך געדרייט און געקלאפט און אטאמאטיש ארויסגעווארפן בלעטער מיט שווארצע גלאנציקע אותיות, ווי פריש איבערגעקערטע שווארצע ערד. אלץ איז אזוי צאפלדיק פריש. הארטע שטיינערדיקע דילן. לאנגע שמאלע פענסטער. א ים מיט מענטשן גייען און קומען. זייערע רייד און קולות זיינען פרייע. אפענע־ארויסגעזאגטע. קיינער היט זיך פאר קיינעם נישט. עס דוכט זיך אויס, אז דאס איז דער אנטרינונגס־פלאץ פאר אלע פארוואגלטע. אלע קומען זיי אהער כדי איינער זאל דעם צווייטן טרויסטן. כדי איינער זאל פאר׳ן צווייטן פריי און אומפארשעמט אויסריידן זיין הארץ. אלדד׳ן האט זיך געדוכט, אז ער הערט דארטן קולות פון רעוואלט. מענער פארוואקסענע, מיט אדערדיקע הענט, האבן צעפלאמטע געווארפן מיט היציקע רייד; מיידלאך מיט גלאט פארקעמטע קעפ, אין ארעמע קליידער, האבן געשימפט זייערע בעלי־בתים. אלערליי לשונות — אידישע און ענגלישע, איטאליענישע און רוסישע שלאגן זיך אפ אין די ווענט פון דער צען־שטאקיקער געביידע. די ווענט זיינען שוין גלאט און גלאנציק פון דעם שטענדיקן רייבן זיך אין זיי. ווען די ווענט זאלן נאר קענען דערציילן וואס זייערע אויערן האבן זיך שוין אנגעהערט — ארבעטער קריצן מיט די ציין אויף זייערע באלעבאטים׳ס עולות; א ברודער קריגט זיך מיט א ברודער; אט לויפט איינער מיט אן ארטיקל פון דער קעגנערישער פארטיי — הינדענבורג זיגט אויף דער גאנצער ליניע — אין ענגלאנד האט מען געוואונען א נייעם קווארטאל — א בלייכע פרוי קומט זיך באקלאגן אויף איר שווערער מערכה — שוין אכצן חדשים זינט איר מאן איז אנטלאפן, און זי ווייסט ניט וואו ער איז אהינגעקומען — אזוי ווי אין וואסער אריין.

— אפשר קענט איר אויסגעפינען מיין ברודער? שוין צוואנציק יאר פון אים נישט געהערט — ער הייסט בעריל, געוואוינט אין פאלטאווע — אפשר רופט מען אים שוין איצט בעני

צי בענדזשאמין, צי בערנארד, איך בעט אייך, געפינט אים. — און וואס הערט מען נישט אין דער גרויסער געביידע?

אלדר'ן גייט דורך א ציטער איבערן לייב. ער זעט דא פעדים, וועלכע ציען זיך אוועק איבער'ן גאנצן לאנד, וועלכע ציען זיך אוועק איבער דער גאנצער וועלט — איבער דער אידישער וועלט. דא איז דער קנופ; פון דאנען לויפן אלערליי באַפעלן, אלערליי חכמה'ס.

— העי! מיט וואס זיינען מיר דען הינטערשטעליק אנט־קעגן אלע אנדערע פעלקער? דו גיב נאר אהער די מעגלאכקייטן, דעם ווילן, דעם גלויבן, אט איז א גרויסע אידישע אינסטיטוציע! א קלאסנבאוואוסטער אידישער ארבעטער, מעכטיקע פראדוצירנ־דע כוחות! העי! און העי!

ער האט זיך אזוי פאוואליע געהויבן אליץ העכער און הע־כער. אין זיין מוח האבן זיך צעלייגט פליגלדיקע פלענער; ער איז שוין געווען אינגאנצן ארומגעכאפט פון דעם טומלדיקן ארום און ער איז שוין אליין געווען איינער פון דעם טומלדיקן ארום. אים האט בלויז געוואונדערט פאר וואס די אלע מענטשן, וואס קומען אליץ אנטקעגן, קוקן זיך אפילו ניט אום אויף אים. אלע־מענס אנטקעגן־קומענדיקע פנים'ער זיינען פרעמד און פארנו־מענע, איילנדיק שפרינגען זיי איבער צוויי טרעפ מיט איין מאל, ער האט געוואלט צו עמיצן זאגן — גוט־טאג — אבער ער האט קיינעמס בליק נישט געקענט כאפן, ער איז אזוי פארגאנגען ביזן ניינטן שטאק.

אויף דעם דאזיקן שטאק איז געווען שטיל און קיל און טונקל. איבער'ן גאנצן גרויסן שטאק זיינען געווען צושטעלט שווערע ליכטיק־ברוינע שרייבטישן. פארוויזן, א טיש קעגן א טיש, זיינען זיי צום סוף געווען איינגעשלאסן ווי א שלאסמעם. ביי די טישן זיינען געזעסן אלערליי מענטשן, איינער מיט א גרוי־נעם דאשעק אראפגעלאזט פון דעם שטערן ביז אראפ צו די אויגן צו. אייניקע זיינען שטיל געזעסן איינגעבויגן איבער בויגנס פאַ־פיר, און אייניקע האבן זיך יעדע ווייל געהויבן פון די בייניקלאך. איינער לאכט צו זיך אליין, קוקנדיק אויף זיין אנגעשריבענעס, און איינער הויבט זיך אלע מאל פון זיין שטול; זיינע האר זיי־נען צופאטלט, פארוקט ביז איבער'ן שטערן, און לויפנדיק אזוי

אהין און אהער אין דער איינגעשלאָסענער שלאָסמעס, מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַ ווילדער חיה אין אַ פאַרשלאָסענער שטייג. דער דאָזיקער מאַן שטעלט זיך פּלוצים אָפּ אין מיטן לויפן, גיט אַ קלאַפּ מיט דער האַנט איבער׳ן שטערן און לויפט צוריק צו זיין טיש. איינער שטייט מיט די קני אויפ׳ן ביינקל, זיין קערפּער איז אַריבערגעוואָרפן איבער׳ן גרויסן טיש, ער שפּילט זיך מיט׳ן טינטער, קוקט אויף די אַרומיקע, און עס דוכט זיך ווי ער טראַכט און קלייבט אויס וועמען פון די אַרומיקע ער זאָל וואַרפן דעם טינטער. אין באַזונדערע אָפּגעשלאָסענע צימערן זיצן מענטשן, אַלע מיט פליבעוואַטע קעפּ, און זיי זיצן גאָר נישט — זיי גייען זיך אַזוי פּוסט־און־פּאַס אַרום איבער די פאַרמאַכטע אָפּגעשלאָסענע חדרים׳לאַך און קלינגען מיט׳ן קלייגגעלט, וואָס אין די הויזן טאַשן.

אלדד האָט זיך צוערשט פאַרלוירן:

— וואָס איז דאָס? — האָט ער געפרעגט — אַ פאַבריק? וואָס זיצן דאָ אַזוי פיל מענטשן? מען קען דאָך אַזוי די וועלט... נאָר איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט אַרויסצורייזן אַ וואָרט, האָבן זיך אַ פּאָר הענט צו אים אַ לאָז געטאָן און פון זייערע אָפענע מיילער האָט אַרויסגעשאָסן אַ הילכיקער אויסגעשריי:

— אלדד! אלדד! אָט איז אלדד!

פון אַלע זייטן זיינען צוגעקומען מענטשן. מען האָט נאָך אַמאָל געדריקט די הענט. פראַגן און פרייד האָבן זיך געשאָטן פון אַלע זייטן. אים האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. מיט אַ צטריק קול האָט ער געענטפערט אויף די פראַגן. ווען דער „פאָרווערטס״־פאָטאָגראַפער האָט אים פאָטאָגראַפירט, איז ער געווען בלאַס און מיד און נידערגעשלאָגן, און ווען ער איז צום סוף אַליין געבליבן אין דעם רעדאַקטאָר׳ס אָפּגעצוימטן חדר׳ל, זיינען אויף זיינע הענט און אויפ׳ן שטערן געשטאַנען גרויסע טראָפּנס שוויים.

אנטקעגן איבער אלדד׳ן, אין אַ טיפן שטול, אונטערגעלייגט מיט אַ קישעלע, איז געזעסן דער רעדאַקטאָר. פון דעם שטול אַראָפּ האָט דער רעדאַקטאָר אויסגעזען אַ סך גרעסער, ווי ער איז אין אמת׳ן געווען. זיין ברייטער אויבערשטער קערפּער איז גע־

ווען אריבערגעוואָרפן, העט־ווייט אַריבער׳ן טיש, זיין קאָפּ איז געווען באַוואַקסן מיט געדיכטע, שטייפע, עטוואָס גרויע האָר, און די האָר זיינען שפּיציק געשטאַנען אויף אַרויף ווי ביי אַ לייב ; די נאָז איז ביי אים געווען אַ דיקע און אַ ליידנשאַפט־לאַכע, מיט אַ פּאָר הייס־אָטעמדיקע נאָזלעכער, פון וועלכע עס האָט די גאַנצע צייט געבלאָזן אַ ים מיט ענערגיע.

דעם רעדאַקטאָר׳ס פּנים איז געווען אָנגעכמורעט. איין ווינקל שטערן איז געווען טיפער פון דעם צווייטן, און פון דאָרטן האָט אַראָפּגעבליצט אַראָפּ דעם פּנים אַ שטיק ווייסקייט, וואָס האָט כסדר געקעמפט מיט׳ן אָנגעכמורעטן פּנים. יעדעס מאָל, וואָס דאָס פּנים איז געוואָרן אומרואיק און נאָך מער אָנגעכמורעט, האָט דאָס שטיק ווייסקייט פון דעם רעכטן ווינקל־שטערן אַ בליץ אַראָפּ געטאָן און פאַרשפּרייט איבער׳ן פּנים אַ ווייסע מילד־קייט.

פאַר אַ לאַנגער צייט איז נאָך אויף אלדד׳ס שטערן געשטאַנען די טראָפּנס שווייס. ער האָט אַלע מאָל אָפּגעווישט מיט׳ן נאָזטיכל דעם שטערן און די הענט, אָבער ביסלאַכווייז האָט ער זיך באַרואיקט, זיך איינגעזעצט אינ׳ם שטול, פאַררוי־כערט אַ סיגאַר, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט אים אונטערגערוקט, און עס האָט זיך צעוויקלט אַ שטילער געמיטלאַכער שמועס.

אלדד האָט דערציילט פון דעם לעבן אויף יענער זייט ים. דער רעדאַקטאָר האָט מיט אַן אָפן מויל געשלונגען זיינע ווער־טער. מען האָט זיך צורעדט פון מענטשן, וואָס ביידע קענען... דאָס אָנגעכמורעטע שטרייענגע פּנים איז געוואָרן אַלץ מילדער און מילדער ; דער רעדאַקטאָר האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָ־נען אין אַמאָליקע בילדער, פאַר זיינע אויגן איז איצט געשטאַ־נען אַ לעבעדיקע זיין געבורטס־שטאָט, די חברים מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געאַרבעט.

— אָבער דאָס וואָס עס האָט געטויגט דאָרט, טויג נישט דאָ, — האָט ער פּלוצים געזאָגט, — מעטאָדן, וואָס זיינען צו־געפּאַסט צו אַ פּרימיטיוו אָפּגעשטאַנען לאַנד, זיינען לחלוטין אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט אין אַ לאַנד פון מאָדערנער טעכ־ניק.

דער רעדאַקטאָר האָט גענומען די וואונדערבאַרע איינשאַפט

פון אָריענטאַציע, פון אויפנעמען נייע אומשטענדן, פון קאָמ־
בינירן דאָס אַמאָליקע רוסיש־אידעאַלע מיט'ן היינטיקן אַמעריי־
קאַניש־פּראַקטישן.

— דו דאַרפסט קומען, — האָט ער געזאָגט, — צום היגן אַרבעטער מיט זיין אייגענער שפּראַך. זאָגט ער „פּאַטייטאָס“, — זאָג דו ניט „קאַרטאָפעל“, — פּאַרדריי אים ניט קיין קאָפּ מיט קיין העברעע ענינים, ווייל ער וועט ווערן אַזוי צוטומלט, אַז ער וועט ניט וויסן וואָס דו רעדסט צו אים. די מאָס פון בילדונג דאַרף ניט זיין, וויפיל ער קען, נאָר אויך וויפיל ער איז מסוגל אויפצונעמען אונזער לערע. ניט קיין אָריגינעל־טיפע געדאַנקען דאַרפן מיר אים געבן, מיר דאַרפן פּאָפּולער מאַכן דאָס שוין געזאָגטע.

פּאָפּולער מאַכן איז ביי אים געווען זיין ליבלינגס־אידייע — יעדע זאַך קען מען לערנען דעם אַרבעטער אויף אַ גרינגן פּאָפּולערן אופן. — מיר האָבן איינגעפירט ביי אונז אין „פאָרווערטס“ אַ „קאָ־לעדזש פּיידזש“, מיר גיבן דאָרט אַלערליי וויסנשאַפטן — אַס־טראָנאָמיע און באָטאַניק, פיזיק און כעמיע, ביאָלאָגיע און פּי־לאָלאָגיע, און אַזוי, אַז אַפילו אַ קינד קען עס פאַרשטיין. מיין גאַנצע ציימונג איז אַ שטיק בעלעטריסטיק, מיינע נאָענטסטע מענטשן זיינען די, מיט אַ בעלעטריסטישן טאַלאַנט.

אלדר האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. עס איז פאַר אים געווען ניי און אינטערעסאַנט די פרעמדע רייד. ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו יעדן וואָרט, און ערגעץ טיף אין אים האָט פּלוצים אויפגעוואַכט אַ ליד פון זיינעם אַ חבר — און ער האָט אין דערזעלבער צייט הערנדיק ריידן דעם רעדאַקטאָר, אויך געהערט דאָס ליד פון זיין חבר.

„אַ דאַנק אייך, גוטע מענטשן,
פאַר טיי און פרישן ברויט,
מיין פערד צום פאָרן ווייטער
אַז איינגעשפּאַנטער שטייט.

איך האָב געזען אייך איינמאָל
און וועל נישט זען שוין מער ;

מיין וועג איז ווייט,
וועל קיינמאל ניט קומען מער אהער".

דאס ליד האט אים פארפאלגט. ער האט עס אַן ווערטער ארויסגעזונגען פון זיין אינווייניקייט ארויס. עס איז געווען במעט ווי א שטילע נבואה, וואס וועט אמאל, היינט צי מארגן מקוים ווערן, — ער האט געהערט דעם רעדאקטאר ריידן, ער האט געהערט דאס אויפגעוואכטע אין אים, ער האט זיך אין הארצן געפילט טיף באליידיגט פון אזא מין אויפאסן פון זאכן.

— עס זיינען אפשר טאקע צוגעפאסט אייערע מעטאדן צום נייעם לאנד, און עס איז זיכער אז אייער כונה איז א גוטע, — האט אלדד צום סוף געזאגט, — אבער איר זייט אין גרונט פאלש.

דער רעדאקטאר האט פאריסן דעם קאפ און ארויסגע־שפארט די ברוסט:

— וואס מיינט איר?

— די צוטיילונג פון קלאסן אין א געזעלשאפט איז א געזעץ, — האט אלדד לאנגזאם און מיט יראת־הכבוד גערעדט, — און דער געזעץ איז אזוי לאגיש, ווי עס איז לאגיש די צו־טיילונג פון חיות און פלאנצן אין קלאסן, און אויב דאס איז אזוי, פארשטיי איך ניט, וואס איר דארפט אזוי הכנעה'דיק און מיט אזוי פיל אונטערטעניקייט קומען צו אים. ער, דער קלאס, איז דאס, וואס ער איז, אנדערש קען ער נישט זיין, און אויב איר וועט זיך נאר אביסל אנשטריינגען, וועט ער קומען צו אייך און זאגן „קארטאפעל" אנשטאט „פאטייטאס".

— דאס זיינען אבסטראקטע רייד, — האט דער רעדאקטאר שנעל גערעדט, — מיר האבן שוין געהערט די חכמות, דאס זיינען טעארעטישע אמת'ן, אבער אין דער פראקטיקע איז עס נישט אזוי. פראקטיש הערט אייך דער ארבעטער ווי דעם פאר־א־יאריקן שניי, אויב איר וועט אים ניט ארויסשלעפן פון דער בלאטע, וועט ער דארט פארפוילט ווערן, און צוקומען צו אים קענט איר בלויז מיט א צוקערקיכל, פונקט ווי מען פארנארט א חיה.

אלדד איז רויט געווארן.

— איז דאָס אייער באַגריף? האָט איר אויף אַן אמת אַזאַ באַציאונג צו דעם מענטשן, פאַר וועמען איר האָט אַוועקגעגעבן אייער גאַנץ לעבן?

אים איז געוואָרן שווער אויפ'ן האַרצן. ער האָט אַרויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער און געזען אַ קאָלירלאָזן הימל, דעכער און דעכער, אַלע ווי איין איילעניש איבערגעדעקטע און עפּעס ווי ניט פאַרענדיקטע. ער האָט ביי זיך אין האַרצן געטראַכט

— אַ מענטש וואָס קומט פון זיך אַליין, דורך זיך אַליין, צו אַ געוויסער מדרגה פון בילדונג, קען טאַקי זיין אַ קולטוררעלער מענטש, אָבער אַזאַ מענטש האָט קיינמאָל נישט געלערנט, ווי אַזוי צו דיסציפּלינירן זיינע עמאָציעס, און אַזאַ מענטש האָט נישט קיין כוח אַריבערצוטראָגן די מינדסטע קריטיק, ווייל עלעמענטאַרע בילדונג לערנט נישט בלויז אויס דעם געגנשטאַנד וועלכן מען לערנט, נאָר עלעמענטאַרע בילדונג העלפט דיסציפּלינירן די געדאַנקען און פאָרמולירן אַ געוויסע מאָס פון טאַקט און טאָלעראַנץ, אַז וועלכער אַ פירער פון אַ באַוועגונג קען זיך ניט באַגיין.

אלדד איז געבליבן אַזוי זיצן אַ דערשלאָגענער. ער האָט געטראַכט פאַר זיך און געקוקט אין פענסטער.

דער רעדאַקטאָר האָט זיך אויפגעשטעלט. שטייענדיק איז ער ניט געווען אַזוי הויך, ווי אלדד'ן האָט זיך געדוכט; שטייענדיק האָט מען געזען, אַז דער ראָק, וועלכער איז מן הסתם געשניטן די זעלבע לענג ווי פאַר אַלע מענער, איז אויף אים אַ ביסל צו־לאַנג, די שיך אויף זיינע פיס זיינען געווען ברוינע, גלאַנציקע און קליינע, מסתמא אַ זעקסער צי אַ זיבענער שוך — אלדד האָט שוין איצט געקוקט אויף די קליינע ברוינע שיך — ברוינע שיך רייסן אַראָפּ דאָס געוויכטיקייט פון אַן ערנסטן פּנים — אַ מענטש קוקט אַרויף אויפ'ן פּנים און קוקט אַראָפּ אויף די פיס, און טראַכט — עפּעס פעלט ערגעץ, — ער ווייס ניט וואָס, אָבער עפּעס ניט קיין אויסגעהאַלטנקייט בלאָזט שוין פון יענעם פּנים — מען קען שוין עפענען דאָס מויל און זאָגן יענעם אַזוי און אַזוי — אלדד איז געוואָרן מוטיקער. אַ מוטיקער, מיט קלאָרע אויגן האָט ער שוין געקוקט און געזען, ווי דער רעדאַקטאָר שפּאַנט שנעל, מיט אימפּעטיק־דריבנע טריט אַראָפּ

און אַרויף, זיין קאָפּ געדיכטע האָר איז געדיכט ווי אַ צעוואַקסענער קוסט, זיינע אויגן גלאַנצן ווי צוויי קליינע שפּיגעלאַך.
דער רעדאַקטאָר האָט עטוואָס שמייכלענדיק געזאָגט:

— אויב אַזוי, זייט איר דאָך אַ מענטש אָן אַ חוש פאַר הומאָר — וואָס איך האָב איינגעלאַדט געמיינט צו זאָגן איז: אַז אַנשטאָט וואַרטן אַ גאַנצן דור, צי צוויי, ביז מיר וועלן דעם קלאַס דערציען, איז שוין אַ סך פּראַקטישער פאַר'ן היינטיקן טאָג אַזאַ מעטאָדע.

אלדד זעט נאָך אַלץ די ברוינע שיך. עפּעס שמייכלט אין אים. עפּעס זיגרייכעס הויבט אָן פינקלען אין זיינע אויגן גלייך ווי דערמיט וואָס ער אַליין טראָגט שוואַרצע שיך, האָט ער זיך אויפגעהויבן אַזוי פיל העכער פון יענעם.

— איך מיין אויך ניט, — האָט ער צוריקגעשמייכלט, — אַז מען דאַרף פאַרלייגן די הענט און זיצן און וואַרטן אַ דור אָדער צוויי ביז מען וועט ערציען אַ נייעם דור. און מיין חוש פאַר הומאָר איז שוין אַזוי ווייט דערגאַנגען, דאָס איך ווייס, אַז גאָט'ס באַרעמהאַרציקייט איז שוין פאַרשפּרייט אַזוי ווייט, אַז פאַר אונז, איינזאַמע, איז שוין נישטאָ קיין איין סקווער ערד אויף גאָט'ס, מיט זון באַגאָסענער, וועלט. איך ווייס אָבער אויך, אַז אין מיין איינזאַמקייט מוז שטעקן אַ בלום אין לאַץ, און מיינע נעגל דאַרפן זיין מאַנוקירטע, און שניידן ברויט דאַרף מען ניט אין קראַיעס, צוגעשפּאַרט דאָס ברויט מיט דער מעלי-קער זייט צו דער ברוסט, נאָר מיט אַזאַ מאַשין, וואָס ברענגט אַרויס גלייכע און דינע שטיקלאַך. צי קען איך דען נישט זאָגן קיין ליגן? און צי האָב איך דען אַ שלעכטן זכרון צו געדענקען נאָכדעם, ווי איך וועל פון דער לעקציע אוועקגיין, ווער איך בין און ווער מיין צוהערער איז? אָבער איך וויל אין עצם זיין מאָראַליש. איך וויל קיין זאַך פאַר מזומן נישט קויפן. איך וויל קיינעם נישט אַריינגאַרן. ווען אַנ זאָל אַזוי טראַכטן, און ווען מיין וועג זאָל זיין דער וועג פון אַריינגאַרן, פון אונטער-קויפן, וואָלט איך דעמאָלט געוועזן אוממאָראַליש, וואָלט איך דע-מאָלט זיך געשראָקן פאַר מיינע איינענע רייד, פאַר מיין איי-גענעם שאָטן — קיין איין זיכער וואָרט וואָלט פון מיין מויל נישט געקענט אַרויסקומען, קיין איין אמת'דיק וואָרט — דער

שורש פון אמת איז דעמאָלט, ווען דאָס אַרויסגעזאָגטע וואָרט איז אַן איבערגעלעבטער געפיל, אַ אינווייניקסטע איבערצייגונג. ווי קענט איר ריידן צום אַרבעטער און פון דעם אַרבעטער, ווען אַלץ וואָס איר זאָגט איז נישט מער ווי אַ זייטיק־ בונה׳דיק מיטל? מעגלאַך, אַז אייער כונה איז אַ גוטע, זיכער אַ גוטע, אָבער...

דער רעדאַקטאָר איז געוואָרן אינגאַנצן אויפגערעגט.

— צי וועט מען אייך אַמאָל קענען אַריינקלאַפּן אין אייערע פאַרשטאָפּטע קעפּ, אַז ווען אַ מענטש טרינקט זיך, קענט איר אים דעמאָלט נישט אונטערטראָגן אַ בלום אין לאָץ, נאָר איר דאַרפט אים צוערשט אַרויסשלעפּן פון וואַסער! וואָס דאַרף מען טאָן היינט־צו־טאָג, ווען דער אַרבעטער האָט נישט מיט וואָס איבערצוקומען אַ טאָג, לערנען מיט אים גראַמאַטיק, צי אים ערקלערן, אַז ער דאַרף סטרייקן? און לאָזט מיך אייך פרעגן — גלויבט איר טאַקי אַזוי שטאַרק אין דעם קיום פון דעם אידישן אַרבעטער אַלס קלאַס פאַר זיך אַליין? מיר זיינען קאָסמאָפּאָ־ ליטן. ביי אונז אַלעמען איז דאָס אידענטום אַלס אָרגאַניזם נאָך אַלץ אַ דערשיינונג, וואָס פאַרדינט נישט אונטערגעהאַלטן צו ווערן. וואָס פאַר אַן עקזיסטענץ באַרעכטיקונג האָט דאָס אי־ דישע פאָלק? די אַנדערהאַלבן אידישע שולן, וואָס זיינען קינסט־ לאַך אַרויפגעצווינגענע געוואָרן אויפ׳ן פאָלק? זיין אייגענע מלוכה? זיין שפּראַך, וואָס גייט מיט יעדן טאָג אונטער? ספּעציעל דאָ אין אַמעריקע — וואָרט נאָך פינף יאָר, נאָך צען אָדער צוואַנ־ ציק יאָר, די טויערן פון אַמעריקע וועט מען פאַרמאַכן, דער על־ טערער דור וועט אויסשטאַרבן, דער יינגערער דור ווייסט שוין איצט נישט וואָס עס איז אַזוינס אייער אידישקייט. איך, — איך האָב אַ חוש — ביי מיר איז שוין איצט איינגעפירט אַן ענגלישע „פיידזש“, אין אַ יאָר אָדער צוויי וועל איך האָבן צוויי, דריי „פיידזשעס“, אין צען אָדער פופצן יאָר וועלן מיר דאַרפן דרוקן אונזער גאַנצן „פאָרווערטס“ אין ענגליש — איך ווייס וואָס איך רייד — איך בין דער איינציקער רעדאַקטאָר מיט אַ געזונטן חוש, איך רעדאַגיר אַלע אידישע צייטונגען, אַלע טוען מיר נאָך.

ביידע זיינען זיי געבליבן שטיל. דער רעדאַקטאָר האָט

פארוויכערט א סיגאר. ער איז ארויסגעגאנגען און באלד צו־
ריקגעקומען. מענטשן מיט פאפירן אין די הענט האבן אנגע־
הויבן אריינצוקומען און ארויסגיין. עס האט זיך געדוכט, ווי
אפגעטאן איין ארבעט, האט ער זיך איצט גענומען פאר א נייער
ארבעט — קיין איין מינוט קען ער נישט זיצן ליידיק. אט
קלינגט שוין דער טעלעפאן, און אט האט ער אליין אנגעהויבן
רופן אויפ'ן טעלעפאן. זיצנדיק ביים טעלעפאן, צוגעלייגט דאס
רערל צום אויער, און ווארטנדיק אויף אן ענטפער, רעדט ער,
אזוי ווי שפילנדיק זיך.

— און וואס איז אייער מיסיע?

אלדד שווייגט. איצט האט שוין אלדד קיין מיסיעס ניט.
פאר זיינע אויגן שפרייט זיך א נייע וועלט. ער האט שטיל ווי
פאר זיך אליין געזאגט:

— אט דאס איז דאך דער חילוק צווישן אונז און אייך, —
איר האט פיינט דעם קלאס און איר בוקט זיך צו אים, מיט
אלערליי חניפות ווילט איר אים ארייננארן. מיר בוקן זיך צו
אים נישט, אבער מיר האבן אים ליב. מיר ווייסן, אז צווישן
אידישן און דעם אלוועלטלאכן פראלעטאריאט ליגט א געוואל־
דיקע מחיצה, א חוץ קלאסנבאוואוסטזיין דארפן מיר אים אויך
ערציען אין זיין אידישן באוואוסטזיין. מיר זיינען א טייל פון
אים, נישט מיר לאזן זיך צו אים ארונטער, נישט ער דארף
זיך צו אונז אויפהויבן. מיר גייען צו צו אים ווי צו א פאקט,
וואס עקזיסטירט, ווי צו א דערשיינונג, וואס האט זיך היסטא־
ריש אנטוויקלט, אנטוויקלט מיט אלע ניואנסן און כאראקטע־
ריסטיקס, וואס נאר דאס אידישע פאלק איז מסוגל צו אנט־
וויקלען. ווען אייער אייגענער חבר זונדעלעוויטש, דער מענטש,
וואס איז געווען פונקט דאס, וואס איר זייט איצט, איז געשטא־
נען פאר'ן געריכט אינגאנצן אן אסימילירטער, האט ער מיט
אמאל דערפילט זיין אידישקייט, און די מאראל, וואס זיין
פאלק האט אויף אים ארויפגעלייגט, און ער האט געזאגט: „איך
האב זיך ענערגיש אנטקעגנגעשטעלט אז א איד זאל מאכן דעם
אטענטאט אויף אלעקסאנדער דעם צווייטן, ווייל איך ווייס די
נייגונג פון דער קריסטלאכער וועלט צוצושרייבן צום גאנצן אי־
דישן פאלק יעדן פארברעכן, וואס איינער פון זיינע מיטגלי־

דער איז באַגאַנגען". איר זייט נאָך אפילו היינט־צו־טאָג צו דער מדרגה נישט געקומען — אייער קאָסמאָפּאָליטישקייט נעמט זיך פון אייער פאַרשקלאַפונג, איר זייט קנעכט צו יעדער נאַ־ציאָן — צו דער גאַנצער וועלט; אין רוסלאַנד האָט איר זיך פאַרשקלאַפט צום פויער, אין דייטשלאַנד צום פּראָלעטאַריאַט, דאָ אין אַמעריקע טראַכט איר אויס עפּעס אַזוינס, וואָס עס עקזיסטירט גאַרנישט — אַבי עפּעס צו וואָס זיך צו בוקן.

דער רעדאַקטאָר האָט בייז אָנגעהויבן אַרומלויפן איבער'ן צימער. שטופּנדיק אַלעמאָל די פינגער צווישן די האָר, זיינען די האָר געוואָרן צושויבערטע, אַרום זיין מויל האָט געציטערט אַ דינער קנייטש, זיינע נאָזלעכער האָבן געבלאָזן.

— איר זייט משוגע, — האָט ער געשריען, — אין אייער קאָפּ פעלט אַ שרייפל. ווי נעמט איר זיך אַ רעכט צו ריידן אַזוי ווי אַן אויטאָריטעט, ווען איר זייט נאָך גאָר אַ גרינער. ווער נאָך האָט באַוויזן אַרויפצואַרבעטן אַזאַ גרויסע אידישע באַ־וועגונג? ווייזט מיר נאָך אַ סאָציאַליסטישע ציימונג מיט אַזאַ גרויסער „סירקולייש‌אָן"? ווען מען זאָל זיך לאָזן פון אייך פּאַרפירן, וואָלטן מיר היינט־צו־טאָג געשטאַנען אויף דעם זעלבן אָרט, וואָס צוריק מיט צוואַנציק יאָר — אַ דאַנק אונז האָט איר אַ קלאָוקמאַכער יוניאָן, און אַן אַרבעטער רינג, און אַן אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן און די געווערקשאַפטן! איצט זייט איר אַלע גאַנצע חכמים.

אַלדד האָט שוין מער גאַרנישט געזאָגט. עפּעס האָט ער געהאַט אַ געפיל, ווי עמיצער האָט דעם גאַנצן יום־טוב פון זיין הארצן אַרויסגעריסן. מיטאָמאָל זיינען צעשוואָומען געוואָרן אַלע זיינע חלומות, אַלע זיינע פאַנטאַזיעס זיינען צערינען געוואָרן, אין זיינע אויערן האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן די גרויסע מאַשי־נען, אַטאַמאַטיש פאַלן בלעטער, די בלעטער זיינען אינגאַנצן פאַרשריבן מיט עמיצנס רייד — וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער מיט דעם דאָזיקן פרעמדן וואָרט? וועט אויך זיין וואָרט ווערן אַזוי צעריבן צווישן די גרויסע רעדער און איינגעשמוצט אין פעטער טינט?

פאַר זיינע אויגן האָבן געשווינדלט הויכע, מאַסיווע מויערן, קאַלטע שטיינערדיקע דילן. ווידער איז אַרויסגעשוואומען אַראָן

און אַלעקס און יאַקאָב און שפּיגעל. דער רעדאַקטאָר איז שוין ווידער אַמאָל געזעסן אין דעם שטול. אַלדר'ן האָט מיטאַמאָל אַרומגענומען אַ געפיל, אַז דער מאַן אַנטקעגן איבער איז אַ סימבאָלישע פיגור, אַז דער מאַן איז דער פאָרשטייער פון אַלעם שטאַרקן, ריזיקן, איינגעשפּאַרטן. אים האָט זיך געדוכט, אַז דער מאַן וועגט אפשר טויזנט פונט, נישט אין גוף וועגט ער, און נישט אין דער לענג צי אין דער ברייט האָט אים אַלדר געמאָסטן — נאָר עפּעס אַזאַ באַהאַלטענע אינווייניקסטע גבורה ליגט אין אים, אַזעלכע בלויע, שטאַלענע אָדערן האָט ער, און בלוט, וואָס וועגט אפשר טויזנט פונט. אַלדר'ן האָט זיך געדוכט, אַז עמיצער וויל אים איינשלינגען, אַז באַלד וועט ער דאָ צעריבן ווערן; צווישן דער בראַזגעריי פון שטאָל און אײַזן, צווישן דער שווינדלערישער הויך פון די גרויסע מויערן, וועט ער אינגאַנצן פאַרלירן גיין. אין דעם אונטערקומען פון אַלערליי מענשן מיט חניפה צוצויגענע מיילער, האָט ער דערפילט זיין אייגענע שפּל'דיקייט. אים איז דאָ מיטאַמאָל געוואָרן ענג, אַ היץ האָט באַשלאָגן זיין לייב. ער האָט זיך געוואָלט וואָס שנעלער פון דאַנען אַרויסכאַפּן. זיין אויף דער פריי, אין מיטן גאַס. אַ פאַרשוויצטער און אַ פאַרמאַטערטער איז ער אַרויס אין גאַס.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער שוין ווידער געווען פאַרכאַפּט פון שטאַטישן טומל, ער איז געווען ניט ווייט פון דער מאַנהעטן בריק. אינגלאַך מיט נאָך נאַסע צייטונגען זיינען אַרומגעלאָפן אין די גאַסן און געשריען מיט יונג־קלינגענדיקע קולות — עקסטראַ! עקסטראַ! פראַנצויזן זיגן ביי דער מאַרן! מענטשן האָבן זיך געשטופּט איבער די ענגע טראָטואַרן. ווידער און אָבער האָט ער געזען דעם ווילדן ווירוואַר פון לויפנדיקע אַטאָמאָבילן, מאָטאָר־סייקלס, אויסגעמישט צוזאַמען מיט קריכנדיקע מענטשן. די מענטשן האָבן זיך געפּלאָכטן און געקייטלט איינער אין דעם צווייטן, און געלעגן ווי ווערים אויסגעלייגט צו אַלערליי מענלאַכע געפאַרן. אַלדר האָט מיטאַמאָל אויך אָנגעהויבן מורא האָבן. יעדע מינוט, האָט זיך אים געדוכט, קען ער ווערן איבערגעפאָרן, פון עמיצן צעקוועטשט.

עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. האַלב טונקל זיינען געווען באַלויכטן די גאַסן. אין דער טונקלער לופט האָט זיך נאָך

בולט'ער ארויסגעהערט דער גרויס־שטאָטישער הו־הא. אלדד'ן האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן מאָלן די היימישע גרויסע שטעט. ער האָט זיך איבערגעטראַגן אין שטילע אַלעען. אַ בייַנקעניש האָט אַרומגענומען זיין האַרץ. ווען ער קען זיך אַריינכאַפּן אין אַ שטילן היימישן גאָרטן, זיך אַוועקזעצן אויף אַ באַנק און שטיל פאַר זיך אַליין טראַכטן. טראַכטן, טראַכטן שטיל פאַר זיך, אין זיך, אויף דער פריי. דאָ האָט ער זיך מיטאַמאָל דערפילט ווי אַ געפענטעטער, ווי עמיצער וואָלט מיטאַמאָל אָנגעטאָן קייטען אויף זיינע פיס. ער איז אפילו געווען אַ געפענטעטער אין זיינע געדאַנקען. ער האָט זיך פאַר קיין פאַל רואיק נישט געקענט באַדענקען וואָס עס איז מיט אים און וואָס ער דאַרף טאָן. אפשר מאַכט ער גאָר אינגאַנצן אַ טעות? פון וואַנען האָבן זיך צו אים גענומען אַזעלכע שווערע געפילן? עס איז דאָך נאָכאַלעמען נישט מער, ווי דער ערשטער איינדרוק, און מען קען דאָך גאָר נישט וויסן פון אַרומגיין אַ האַלבן טאָג אין גאַס.

וואָס נאָענטער ער איז צוגעקומען צום פעטער'ס הויז, אַלץ גרינגער איז אים געוואָרן אויפ'ן האַרצן. מיט'ן אַריינקומען אין שטוב אַריין, איז שוין איבער זיין גאַנצן לייב געווען צעשפּרייט דאָס געפיל פון אַ מענטשן, וואָס כאַפּט זיך אַרויס פון אַ גרויסער סכנה.

4

— אפשר זאָל ער אינגאַנצן אַנטלויפן פון דאַנען? אפשר זאָל ער אינגאַנצן אָנהויבן פירן אַ ניי לעבן? ווי, למשל, ווען ער ווערט אַ סוחר? אלדד האָט צו זיך אַליין געשמייכלט — דעם זיבנאונצוואַנציקסטן האָט מען אין גרויסן „קלינטאָן האָל" אים אָפיציעל מקבל פּנים געווען, דעם נייַנאונצוואַנציקסטן איז ער אַרויסגעטראָטן אין פילאַדעלפיע און דעם דרייסיקסטן אין באָסטאָן, און דעם פינפטן אָקטאָבער האָט באַדאַרפט זיין דער אינטימער באַנקעט פון גענאָסן און חברים.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט שוין פון דאַנען אַזוי גיך נישט אַנטלויפן, און ער וועט נאָך געניגן עגמת נפש האָבן ביז ער וועט זיך באַשליסן צו ווערן אַ געשעפטסמאַן, און אויב ער וועט סתם דערפון טראַכטן . . .

אין דעם טאָג פון דעם פינפטן אָקטאָבער איז ער געווען

מרה־שחורה׳דיק. די סביבה איז א פרעמדע — פרעמד איז אין יענעם טאג געווען זיין אייגן לייב — א באנקעט פאר א מענטשן אין א חשבון־הנפש פאר יענעם מענטשן — כאטש ער האט שוין אזוי פיל באנקעטן דורכגעמאכט, האט ער אבער געהאט דאס געפיל אז דער היינטיקער טאג איז זיין יום־הדין. אויב די רייד, וואס דער רעדאקטאר האט צו אים גערעדט דעם ערשטן טאג פון זייער באגעגענען זיך, זיינען אמת׳ע דאן האט ער דא גאר־נישט וואס צו טאן — ניט דערפאר, ווייל ער איז באזיגט געווארן אין יענעם ארגומענט, צי ווייל ער האט נישט קיין כוחות זיך אנטקעגן צו שטעלן, נאר דערפאר ווייל עפעס איז אין אים אליין באזיגט געווארן. מיטאמאל האט ער אויפגעעפנט זיינע אויגן און דערזען, אז ער איז עמיצנס א געצייג, יענער עמי־צער איז אויך עמיצנס א געצייג, און אזוי ציט זיך אלעס אוועק ביז אין דער אומענדלאכער איבערוואלקנדיקייט. יא, דער רע־דאקטאר איז אויך נישט מער ווי א געצייג אין עמיצנס האנט — מעגלאך, אין זיינע אייגענע הענט, אבער א געצייג איז ער, און וואלט ער נאר אויף איין מינוט זיך אפגעשטעלט אזוי, ווי איך איצט, און זיך פארטראכט וועגן דעם אלעמען, וואלט ער אפשר אויך פונקט ווי איך געוואלט אנטלויפן.

און עס איז נישט געווען קיין מליצה אלדד׳ס טראכטן און עס איז אויך נישט געווען קיין פאזע, עס איז געווען א חשבון הנפש, ער איז געווען נערוועז, א גאנצן טאג האט זיך געשפילט די זון, וואלקנס זיינען פויל געקראכן איבער׳ן הימל און אט פארשטעלט די זון און אט די זון אפגעדעקט. ער איז א גאנצן טאג געזעסן אין הויז. עס איז אים געווען גוט צו ליגן אזן אויסגעצויגענער מיט דער פלייצע אויפ׳ן ווייכן דיוואן און טראכטן אלערליי מחשבות.

— דער זין פון מיין לעבן, — דער זין פון יעדן מענטשנס לעבן — וואס איז דער זין פון מיין לעבן? וואס בין איך? איך בין רק פארנומען נאר מיט זיך אליין — עמיצער צאפלט זיך אין מיין נעץ, רייסט זיך און וויל זיך ארויסרייסן און ווערט נאך מער פארפלאנטערט — איך אליין רייס זיך פון מיין נעץ און ווער נאך מער פארפלאנטערט — אין א פארפלאנטערטער נעץ איז פארפלאנטערט אראן — איך האב ניט געוואלט היינט

אין דיין הויז קומען, אָבער ווען איך האָב נאָר די טיר פאַרמאַכט, האָסטו מיך גלייך געפאַנגען — לעבערלאַך פאַרפּלאָנטערט ביז איך — שעמעוודיק טו איך אַלץ, וואָס דו הייסט מיך — הייסטו מיר עסן, עס איך : הייסטו מיך זיצן, זיץ איך ; איך האָב געוואָלט אָפּטיילן דיין שיין געזיכט פון די אָרומיקע גראָבע ווייבער און דיך צונעמען פון יענער ווייטער הויז, האָסטו זיך מורא מיך אָנצוטרויען — שטרעקסטו אויס צו מיך די הענט, ווייס איך נישט צי דו געזעגנסט זיך מיט מיר, צו דו ווילסט, איך זאָל דיינע הענט קושן. טאָג און נאַכט, נאַכט און מאָרגנס — שטענדיק טראַכט איך נאָר פון דיר, ווי אין חלום גיי איך אום אין מיטן נאַכט, גיי און זוך, גיי און האָף און ווייס נישט, אַז אַן אַנדערער האָט שוין לאַנג מיין פּלאַץ פאַרנומען.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען אלדד האָט זיך פון דעם דיוואַן אויפגעהויבן, ער האָט באַדאַרפט אויף שנעל בייטן זיינע קליידער. ווען ער איז אַריינגעקומען אין דעם גרויסן זאַל, איז שוין דאָס עסצימער געווען אינגאַנצן געפּאַקט. ביי גע-גרייטע טישן זיינען געזעסן מענטשן און אומגעדולדיק געוואַרט אויף אים. ער איז גלייך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם מורמלענ-דיקן טומל, וואָס איז געשטאַנען אין דער לופטן.

עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די רעדעס. אַלטע, אויסגע-דראָשענע רייד האָבן זיך געשאָטן פון די מיילער. אלדד האָט שטיל געשמועסט מיט מענטשן, וואָס זיינען געזעסן נאָענט נעבן אים. ביי זיין רעכטער האַנט איז געזעסן דער רעדאַקטאָר. אין רעדאַקטאָר'ס פּריוואַטן צימער איז געלעגן אַ פאַרטיק אויסגעשרי-בענער קאָנטראַקט, וואָס אלדד דאַרף אונטערשרייבן.

— מיר האָבן שוין אַלע פּונקטן אויסגעשריבן, — האָט דער רעדאַקטאָר געזאָגט.

— אַ שיינעם דאַנק, — האָט אלדד געענטפערט.

—מיר ערוואַרטן פאַר זונטיק דעם ערשטן אַרטיקל.

מיט גאָט'ס הילף וועל איך עס האָבן אין צייט.

עס איז געקומען דעם רעדאַקטאָר'ס ריי צו ריידן. דער רע-דאַקטאָר האָט זיך אויפגעשטעלט און געדריקט אלדד'ס האַנט. אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט. דער רעדאַקטאָר האָט לאַנג און שיין גערעדט. זיין גרויסער קאָפּ איז איצט נאָך גרעסער גע-

וועז. זיינע האר זיינען געשטאַנען רובאַם, ווי שטעכיקע נאָד־לען, און האָבן געגלאַנצט אין זייער שוואַרצן, עטוואָס גרויען גלאַנץ; ער איז געוואָרן היסטעריש, ווען ער האָט געמאָלט די נויט פון דעם אַרבעטער, ווען ער האָט צום סוף געגעבן אַ קלאַפּ מיט דער האַנט איבער'ן טיש, אויסשרייענדיק: „איר יונגע מענטשן דאַרפט איצט איבערנעמען די שווערע אַרבעט. וואָס מיר קענען שוין מער נישט טאָן", האָבן די ווענט געציטערט, די עלעקטרישע ליכט האָבן זיך געטוקט און אָנגעהויבן טאַנצן.

אלדר איז געווען געריירט ביז'ן ביין אַריין. טרערן זיינען געשטאַנען אין זיינע אויגן. ווען ער האָט זיך צום סוף אויפגע־שטעלט ריידן איז ער געווען בלאַס, אַרום זיינע אויגן האָבן גע־ציטערט דינע קנייטשן, אַרום זיין מויל איז געווען צולייגט עפּעס גלח'ישעס און זיך פּייניגנדיקס. אויסערלאַד איז ער געווען שטיל און בלאַס, אָבער אינווייניק אין זיין האַרצן און אונטער דער הויט איז ער געווען רויט און שטורעמדיק. יעדע מינוט האָט אין אים געקענט דאָס האַרץ פּלאַצן, צו יעדער מי־נוט האָט ער זיך געקענט צעוויינען. ער האָט מיט אַ שטיל ציטערדיק קול אָנגעהויבן ריידן.

ער האָט באַדאַנקט די חברים פאַר'ן כבוד, ער האָט זיך געשאָקלט לאַנג און מאָנאָטאָנע און עס האָט זיך געדוכט, ווי ער זאָגט אַ תפילה. ער האָט גערעדט שטיל, לאַנגזאַם, וויינענ־דיק, נאָר ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז איז זיין קול געוואָרן קלאָרער, העכער. ער האָט אָנגעהויבן מאָלן בילדער פון זיין אייגענעם לעבן; עס האָט זיך נאָך אַלץ געדוכט, אַז דאָס וואָס ער רעדט און דאָס וואָס ער זאָגט, איז אַ זייטיקע זאַך, אַז מיט זיין איציטקן צו־שטאַנד האָט עס גאָר נישט צוטאָן. נאָר אָט איז געוואָרן זיין קול נאָך העכער, ברייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער לענג פון דעם שמאָלן עסצימער האָט זיך צעטראָגן אַ לאַנג, שמאָל, היסטעריש קול. און ווען ער האָט זיך שוין צום סוף אינגאַנצן פאַרלוירן, האָט ער דעמאָלט אָנגעהויבן זאָגן אמת'ן. ער האָט געלאַכט און חוזק געמאַכט פון אַלעמען, וועמען ער האָט ביז איצט באַגעגנט. ער איז געווען שפּיציק און שטעכיק. מיט זיינע אייגענע קלוגע משלים האָט ער דין באַוויזן ווי ער איז איז עצם

אוממאָראַליש, אָבער שוין דערפאַר אַליין ווידער אַ מאָראַלישער.

— דער מאָראַלישער מענטש — האָט ער געזאָגט, — גע־דענקט אַלץ, שעמט זיך מיט גאָר נישט, און דערפאַר קען ער זיך אַליין אַכטן. אַ מענטש איז דער, וואָס האָט דערגרייכט דאָס קלאָרע באַוואוסטזיין פון זיין אייגענעם איך, און במילא דער־גרייכט ער שוין דעמאָלט דעם באַוואוסטזיין פון יעדן אַנדערן מענטשן. דער עכטער אינדיווידואַליזם איז דער עכטער אוני־ווערסאַליזם — דער עכטער מענטש ליידט מער פון אַלע, ווייל ער ליידט מיט מיט אַלע, און ווען אַ מענטש קומט צו דער מדרגה פון מיטליידן מיט יענעם, דורך זיין אייגענעם קלאָרן באַוואוסט־זיין, קען דעמאָלט דער מענטש נישט ריידן און טאָן דאָס, וואָס איר חברים טוט און רעדט. אונזער רעכט אויפ׳ן לעבן איז נישט אינ׳ם דערקענען אונזער באַרוף, נאָר אינ׳ם באַשאַפן אים. דער שורש פון אמת איז אַ געפיל — דאָס יעדע איבערלעבונג, יעדע טאַט, יעדע האַנדלונג בלייבט אין אונז לעבן אויף אייביג. איז ווי קען דער מענטש, וואָס וויל לעבן אמת׳דיק, אַננעמען אייערע וועגן? איך מי זיך נישט צו זיין אָריגינעל, אָדער ווי־ציק, אָבער איך מוז קומען צו הילף מיין אייגענער נשמה — מיין נשמה רייסט זיך פון דאַנען, צום ווייניקסטן איצט רייסט זיך מיין נשמה פון דאַנען.

קיינער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין צוטומלטקייט און קיי־נער האָט מיט גאָר נישט קאָמענטירט זיין רעדע. ווען ער האָט זיך אַ מידער צוריק אַוועקגעזעצט, האָט זיך בלויז צעלייגט אַ שטילקייט איבער׳ן צימער און עס האָבן זיך אַרומגערוקט שטולן. אַלדר׳ן וואָלט קיינמאָל נישט געוועזן געקומען אַפילו אויפ׳ן זי־נען, אַז ער האָט מיט עפּעס פּערזענלאַך אַנגערירט דעם רעדאַק־טאָר, ער האָט עס טאַקי נישט געוואוסט ביז אויף מאָרגן, ווען ער האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז צוליב טעכנישע אורזאַכן בלייבט זיין אַרבעט אָפּגעלייגט אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. ער האָט באמת געהאַט יסורים טאָמער האָט ער מיט וואָס ניט איז פּוגע בכבוד געווען דעם רעדאַקטאָר.

און עס איז ווידער געווען די זעלבע זאַך; וואָס נעענטער ער איז צוגעקומען צום פּעטער׳ס הויז, אַלץ לייכטער איז אים

געוואָרן אויפ'ן הארצן, און ווען ער איז אריינגעקומען איז שטוב אריין, איז אים נאָך גרינגער געוואָרן.

אויף מאָרגן איז אַלדר איינער אַליין, פון גאַנץ פרי אָן, אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן. ער האָט געשפּאַנט אַרויף שטאָט, און ווען ער איז מיד געוואָרן, איז ער אַרומגעפאָרן מיט דעם אָטאָבוס אויף דער פינפטער עוועניו. ער איז געווען אין סענטראַל פּאַרק, און ער איז געווען אויף ריווערסייד דרייוו. עפּעס אַן אינווייניקסטער כוח האָט אים אַלץ געשטופּט און געשטויסן אַזוי, אַז וואוהין ער איז נעקומען, איז ער גלייך צוריק פון דאָרטן אַנטלאָפן. אין זיין מוח איז אַרומגעשווימען אַ פּוסט־קייט, וואָס האָט אַלעס אַרומגענומען און וואָס האָט אייגנטלאָך גאָרנישט אַרומגענומען. דערפאַר וואָס ער האָט אַ סך געטראַכט, האָט ער גאָרנישט ניט געטראַכט, אָבער אויך דערפאַר, וואָס ער האָט גאָרנישט ניט געזען, האָט ער, פאַרקערט, זייער אַ סך געזען, ווייל עס איז נישט געווען דאָס געוויינלאַכע קוקן מיט אויגן, וואָס זעען דאָס, וואָס אַלע מענטשן זעען. עס איז גע־ווען דאָס זעען פון אויגן, וואָס שפּרינגען אַריבער דאָס רעאַלע, וואָס שפּרינגען אַריבער דאָס אויסערלאָך זעבאַרע, וואָס מיידן אוים דאָס ממשות'דיק־געוויינלאַכע — ער האָט געקוקט מיט אויגן, וואָס זעען — אויגן, וואָס זעען דינע פרויען פּיס, אָפּגע־צערטע לאַנגע פּנים'ער מיט ענגליש אָפּגעגאָלטע וואָנצן, אַ לאַנג־דורות'דיקן שטאָלצן יחוס איינגעוויקלט אין ענגליש־ברייטע „מע־קינאָס", וואָס די מענטשן האָבן פון ערגעץ ווייט אַהער גע־בראַכט, ער האָט געזען אַ מעכטיקע פּאָליצמאַנישע האַנט, וואָס שטעלט אָפּ, ווי דורך אַ כישוף, אַ גאַנצע שטאָט־באַוועגונג, לויפנ־דיקע אָטאָבוסעס, טראַמווייען, לימוזינען, גלאַנציקן שוואַרצן אָפּ־פּאַלט, פענסטער, שילדן, טרעפּ און שטעגן, פאַריסענע הויכע מויערן, דעם אָרר פון אייזען, וואָס איז צעשפּרייט איבער דער גאַנ־צער גרויסער שטאָט, איבער דעם גאַנצן גרויסן לאַנד. דער האָדסאָן פליסט און פליסט און וואַשט כסדר די ברעגן פון ניו יאָרק און ניו דזשוירזי — ביי די ברעגן פון ניו יאָרק און ניו דזשוירזי וואוינט אפשר די, וואָס מיין האַרץ האָט ליב. אַלדר איז געווען מיד. ער האָט געבענקט נאָך שטילקייט, נאָך ליבע.

ביי די ברעגן פון ניו יאָרק און ניו דזשוירזי — אין וועלכער טיר זאָל איך אָנקלאַפּן? וואו איז מיין באַשערט גליק? — מיט אויגן, וואָס קוקן אַריבער דאָס אויסערלאַנד זעבאָרע, האָט אלדר געזען די גאַנצע שטאָט, דאָס גאַנץ לאַנד; ער האָט שוין כמעט געקענט דאָס גאַנצע לאַנד — אַ לאַנד פון הויכן און שמאָלן און מעכטיקן, און אימפּעדיקן, וואָס וועט די גאַנצע וועלט פאַרהויכן און פאַרשמאָלן און פאַרמעכטיקן און פאַראימפּעטן.

ער איז צוריקגעקומען אהיים, ווען אין דרויסן איז שוין געווען פינסטער. איבער דער גאַנצער שטוב איז שוין געלעגן צולייגט אַ ברייטע העלע ליכטיקייט. מרדכי עטינגער האָט ליב געהאַט אין אָוונט אָנצוצינדן אין אַלע צימערן די עלעקטרישע לאָמפּן. אלדר'ן איז דערפון געוואָרן גרינג אויפ'ן הארצן — ברייטע ליכט מאַכט לייכט דאָס געמיט — ברייטע ליכט זאָגט אָן אַ מענטשנס ברייטקייט — ברייטע ליכט לעשט אויס אַ מענטשנס זאָרג, פיס הויבן זיך צום טאַנצן, אויגן צעשפּרייטן זיך ברייטער, פאַרמעסטן זיך מיט דעם אייגענעם ליכט אַנטקעגן יענעם ברייטן ליכט — אלדר האָט מיטאַמאָל באַמערקט דעם טיפן טעפּיך, וואָס איז געלעגן אויסגעלעגט איבער'ן גרויסן צי־מער, און נאָך אַ צימער.

און אָט איז דאָס שפּילצימער און דער עסצימער און דער לעזצימער. אין די שאַפּעס ליגן ביכער, אַלערליי, אויסגעמישטע, גמרות און דער תנ"ך, און טעקס ביכער און ראָמאַנען. ער האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, אַראָפּגענומען דעם הוט. אומגעדולדיקע קולות פול מיט ליבע ערוואַרטונגען האָבן געשריען פון אַלע זייטן. מיט ליבע און צאַרטקייט אין איר קול האָט די מומע גע־זאָגט:

— אבי כ'האָב געמיינט דו ביזט ערגיץ פאַרפאַלן געוואָרן. און אין אַ מינוט אַרום:

— וואו ביזטו עס געווען אַ גאַנצן טאָג? עס קאָן דאָך דאָס האַרץ איבער'חלש'ן, דערוויל קענסטו זיך נאָך אָפּרוען, וועסט נאָך צייט האָבן אַרומצולויפן — עס וועט דיר נאָך גוט מיאוס ווערן דער אַמעריקאַנער „האַרי אַפּ".

זי איז געווען אַ שטילע, גוטע פרוי, פרוי עטינגער. זי האָט גערעדט מיט ברייט צעעפנטע ליפּן. יעדעס וואָרט, וואָס

זי האָט אַרויסגערעדט איז געווען פריי און אָפן און פול מיט ליבע. איר פּנים איז געווען לאַנג און שמאָל און טונקל, מיט צוויי גאָלדענע ציין אין דער סאַמע פאָרנט פון איר מויל. די ציין זיינען נישט גוט אַריינגעשטעלט געוואָרן, ביידע רייען ציין האָבן זיך נישט געקענט צוזאַמענשליסן, זי האָט דערפאַר גערעדט אַביסל אונטערן צונג; מיט ליבשאַפט אין איר קול האָט זי ווייטער געזאָגט:

— וואָס דאַרף איך האָבן די אַלע קונצן, ביי מיר הייסטו נאָך אַלץ שלום, נאָך מיין טאַטן נאָך, אייערע גוים מעגן זיך אויסטראַכטן וואָס זיי ווילן, ביי מיר איז שלום שיין — אַזוי וועל איך דיך טאַקי רופן.

זי האָט ווייטער געוויינט און זיך געפרייט, און דורך טרערן אין די אויגן האָט זי געהייסן עמאַ׳ן דערלאַנגען געבעקס און איינגעמאַכטס און טיי.

אַלדד איז געווען אַ דערפרייטער, אַ באַפרייטער, און ער האָט מיט אַ אינווייניקסטער פרייד זיך צוגעהערט צו דער מומעס פּלאַפּלעריי, ער האָט זיך נאָך אַמאָל דערמאָנט אין זיין אייגענער מאַמען. אין דער מומעס געשטאַלט האָט ער געזען זיין אייגענע מאַמע. ווי אין אַ חלום האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זיין מאַמע האָט געהאַט אַ לענגלאַכן קינבאַקן, אויפ׳ן קינבאַקן איז געווען אַ שיטער באָוואַקסענע באָראָדעווקע. זיין מאַמעס פּנים איז געווען אַ צאַרט־טרויעריגס, מיט גלאַטע, שוואַרצע האָר, זי האָט שטענדיק געטראָגן אַ לאַנג טערקיש קלייד, צי אפשר איז עס געווען אַ טערקישע פאַטשיילע — ער געדיינקט שוין נישט, זיין מאַמע איז שוין לאַנג געשטאָרבן.

— ווי לאַנג אַז די מאַמע איז געשטאָרבן? — פרעגט ער די מומען.

— דיר צו לאַנגע יאָר, וועט ווערן ראש־השנה פינף און צוואַנציק יאָר, דו ביזט דעמאָלט אַלט געווען פונקט דריי יאָר. —

— דריי יאָר אינגאַנצן? — וואונדערט זיך אַלדד — און איך געדיינק זי אַזוי גוט!

— דו געדיינקסט זי אַזוי גוט, קינד מיינס, — זאָגט זי, — עס דוכט זיך דיר בלויז אַז דו געדיינקסט זי, מסתמא גע־

דיינקסטו עפּעס, וואָס האָט זיך דיר איינגעקריצט אין זכרון — איך בין זיכער, אַז דו געדענקסט זי נישט.

— איך זאָג אייך מומע, — זאָגט אלדד, — אַז איך געדיינק זי. די מאַמע שטייט מיר ווי אַ לעבעדיקע פאַר די אויגן, איך געדיינק אַפילו אַז זי האָט געהאַט אַ טערקישקלייד.

— זע נאָר, זאָלסטו מיר לעבן — וואונדערט זיך די מומע, — ער געדענקט דאָך טאַקי, מיר צו לענגערע יאָר, ווייט אָפּגעשיידט זאָל זי זיין, זי האָט דאָך טאַקי געהאַט אַ טערקיש קלייד, מיט קריינדעלאַך אַרום האַלדז און אויף די אַרבל, גאַנץ סאַטאַנאַוו איז דאָך געגאַנגען כאַדראַם, ווען זי פלעגט שבת צום דאַוונען גיין.

— זעט איר שוין, — פרייט ער זיך, — און איך געדיינק אַפילו איר אויסזען; זי שטייט מיר אַ לעבעדיקע פאַר די אויגן. אַזאַ הויכע און דינע, מיט שוואַרצע האָר און אַ לאַנג פּנים, מיט אַ באַראַדעווקע אויפ׳ן פּנים.

— גיי שוין גיי, — זאָגט זי און איר פּנים ווערט ערנסט, — דו זעסט, ווי דו געדיינקסט טאַקי ניט, ווי קומט אַ קינד פון צוויי און אַ האַלב יאָר געדענקען אַזאַ מין זאַך. דיין מאַמע איז דאָך געווען אַ נידריקע, אַביסל נידריקער פון דיר, דיר צו לאַנגע יאָר, און אַ בלאָנדע און מיט אַ הויט ווייס ווי מילך.

אלדד׳ן האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרצן, ער איז געוואָרן רויט און צוטומלט, ער האָט כמעט ווי אויסגעשריען:

— מיין מאַמע איז געווען אַ בלאָנדע און אַ נידריקע?

— אוודאי, מיר צו לייגגערע יאָר, איז זי געווען אפשר מיט אַ קאָפּ נידעריקער פון מיר, איך בין די איינציקע ברונעטע אין דער משפחה.

אלדד איז נאָך מער צעטומלט געוואָרן. עס איז געווען ווי עמיצער וואָלט עפּעס פון זיין האַרצן אַרויסגעריסן. ער האָט געפילט ווי פון דעם ריס טריפט בלוט, גלייך ווי עמיצער וואָלט מיט אַ שווערן שטיק אייזן אים דערלאַנגט איבער׳ן קאָפּ און אים פריטשמעליעט.

— ווי? — האָט ער שטיל און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט, — מיין מאַמע איז געווען אַ

נידריקע און א בלאנדע? די גאנצע צייט ביז איצט האב איך געלעבט אין אזא טעות?

די גאנצע צייט ביז איצט האט אלדד געמיינט, אז זיין מאמע איז געווען א טונקל־הויכע, מיט א דינער שמאלער פיגור, און לאנגע הענט. שטענדיק, ווען ער פלעגט טראכטן פון זיין מאמע'ן, האט ער פאר זיך געזען א פארשלייערט טרויעריק פנים, איינגעוויקלט אין טערקישע קאלירן, מיט א באראדעווקע אויף דער באק, וואס איז אומיסטן באשאפן, כדי עס זאל צוגעבן חן צו איר פנים, פון אירע גרויסע שווארצע ברעמען איז געפאלן א טונקעלער שאטן אריבער'ן פנים. און מיטאמאל האט ער דערהערט, אז זיין מאמע איז גאר געווען א נידריקע און א בלאנדע און אז ער איז פונקט געראטן אין איר. — ווי איז דען מעגלאך אזא זאך? — האט ער מיט זיך אליין געקעמפט, — עס איז אוממעגלאך, עס איז אוממעגלאך, די מומע מאכט א טעות! די מומע געדיינקט נישט, די מומע האט פארגעסן! ער האט געהאט א געפיל, ווי היינט איז ביי אים געשטארבן די מאמע.

ביים פעטער אין שטוב האט אלדד געפונען די רו, נאך וועלכער ער האט געביינקט. פאר א לאנגער צייט איז ער נאך ארומ־געגאנגען א צעטומעלטער; ביי אים אין קאפ האבן זיך געלאשן פייערן און עס האט נאך געטשאדעט מיט רויך, וואס גייט אויף פון איבערגעברענטע האלעוועשקעס; אים האט פארפאלגט דער מאמע'ס טויט. עס האט אים גערופעט און יעדע שטונדע פאר־פאלגט די טעלעגראמע, וואס ער האט באקומען פון רעדאקטאר, אבער ביסלאכווייז איז יעדע זאך צערינען געווארן, און ער האט ביסלאכווייז זיך אלץ מער באפרייט פון דעם אלעמען שווערן, און זיך אנגעהויבן פרייען מיט'ן נייעם ארום.

עס האט אים שטענדיק געפרייט דאס נייע, עס האט אים שטענדיק אימפאנירט דאס נייע. ער האט אפט געביטן די מאכלים. ער האט ליב געהאט דעם קאווקאזער שאשליק, דאס פערדן פלייש אין פראנקרייך, דעם ענגלישן „ביף", און נאך אויף דער שיף האט ער שוין געגעסן „קאליפלאור" און „עג־פלענט" און „סוויטפאטייטאס" און „באנאנעס", געדרויכערט דעם

סיגארעט פון דעם שטאט ווירדזשיניע און פארזוכט דעם טעם פון א שטיק „גאם". ביי דייוו'ן האט ער גענומען די ווייכע „באקסינג גלאוום" און אים שיעור נישט פארפארן אין די אויגן אריין.

— דאט'ס דהי וויי, דאט.ס דהי וויי" — האט בעקי צוגע־געבן חשק.

— דאנט לעט עט דהי פארענערס", — האט אלדר געענט־פערט.

— „איי עם נאט לעפינג" — האט בעקי געזאגט.

— „איט הוירטס" — האט אלדר צוריק געזאגט.

דייוו'ס באקן זיינען געווארן רויט. אלדד'ס האר צעשויבערט. אלעמענס פנים'ער האבן געלויכטן. מרדכי עטינגער האט גע־שמייכלט — דארט לערנט מען שוין אויך די מלאכה?

— דארט לערנט מען שוין אויך די מלאכה. — האט אלדד געענטפערט.

אלדד האט גערעדט מיט דייוו'ן פון געשעפט. ער ווייסט, וואס וואל איז. ער האט געזען אויף די סטעפעס פון רוסלאנד די שאף. ער האט געזען ביים ברעג פון דעם דניעסטער וואשן די וואל. ער האט שוין פאר דער קורצער צייט פון זיין דא זיין ביים פעטער אין הויז און אין שאפ געלערנט אלערליי איינצל־הייטן פון דעם דאזיקן מסחר — ער האט שוין פאר אלעמען אין די אויגן אויסגעדרוקט זיין מיינונג וועגן דעם דאזיקן עניו. דעם פעטער איז שטארק געפעלן געווארן די מיינונג, דייוו האט פארקרימט דאס פנים — דער גרינער ווייסט שוין מער ווי ער. עפעס האט דייוו אים אין הארצן נישט געגליכן. בעקי האט מיט אירע צוויי גלאנציקע אויגן אים איינגאנצן אפגעמאסטן. ווען אלדד זאל געווען דעם בליק אירן כאפן, וואלט ער אים קיינ־מאל נישט געוועזן פארגעסן. עס איז געלעגן אזוי פיל בא־וואונדערונג און צוטרוי און דרך ארץ אין דעם דאזיקן בליק. ווי אזוי קומען צו אים אזעלכע רייד? פון וואנען ווייסט ער וועגן וואל? בעקי האט אים צוערשט געפרואווט אפווענדן, חוזק געמאכט פון זיין הארטן אקצענט, פון די שמאל־שפיציקע איי־ראפייאישע שיך. דייוו האט אנגעמאסטן אלדד'ס גרויסן, שוואר־צען הוט מיט דער ברייטער קריסע, אויפגעשטעלט דעם קאלנער

פון דעם ראָק און געפּרואווט נאָכמאַכן אַלדד'ס גאַנג. ער האָט נישט געקענט נאָכמאַכן אַלדד'ס גאַנג. בעקי האָט זיך מיט אים געריצט — דו קענסט נישט נאָכמאַכן ווי ער גייט. זי אַליין האָט אים געפּרואווט נאָכמאַכן. זי האָט צעשפּרייט אירע פיס, ווי אַ סאָלדאַט — אַזוי גייט ער, — האָט זי געזאָגט, — ווי אַ מושקעטירער.

ווען אַלדד איז אין שטוב נישט געווען און ער האָט דערפאַר נישט געקענט ענטפערן אויף זייערע פראַגן, האָבן די קינדער דעמאָלט אויסגעלאַכט אַלע זיינע רייד.

— ווי אַזוי קען ער אַלעמען אויסגלייכן אויף דער וועלט, — האָט דייוו געזאָגט, — אַז איינער איז פאַרט פייאיקער פון אַ צווייטן. אַז מיינע „בריינס" זיינען אַזוינע און מעק'ס (ער האָט געמיינט זייערן אַן אַרבעטער) — אַזוינע. און פון אַלדד'ס חברים האָט ער געלאַכט, און פון די גראָבע ביכער, וואָס ער שלעפּט מיט זיך. נאָר קוים האָט זיך נאָר אַלדד איבער דער שוועל באַוויזן, אַזוי זיינען אַלע גלייך אַנטשוויגן געוואָרן. בעקי האָט זיך פאַרלוירן און געפּלאַפּלט מיט אַ לויזער צונג. אַלדד האָט אויף זיי אַלעמען אַרויפגעצווינגען זיין פערזענלאַכקייט. אין זיין בלייכער געשטאַלט איז געלעגן דער יחוס פון דורות. אין זיינע פאַרטרויממטע אויגן — דער פיין פון זיין פאָלק. אַלדד קומט אַרויס פון אַ אידישער משפחה — מרדכי עטינגער'ס טאָכטער האָט באַדאַרפט אַ סך געלט באַצאָלן, ווען ער האָט געוואָלט נעמען עטעל'ן פאַר אַ ווייב — און ער האָט באַצאָלט אויך. און די אַלע וואָגלעניש אַלדד'ס? און דאָס זיין פאַרשיקט אין סיביר? האָט עס דען נישט צוגעגעבן אַ דינקייט צו זיינע ליפּן און אַ ליכטיקייט צו זיינע האָר? ווען אַלדד פלעגט ליגן אין דער קאַמער אין אַ פינסטערער נאַכט, האָט ער דעמאָלט זיך אויסגעלערנט די שפּראַך פון מייז — פון גרויסע ראַטן. ער האָט פאַרשטאַנען דעם קלאַנג פון שליסלען — פריילאַכע און בייזע, גוטע און שלעכטע. און זעט ווי ער זיצט ביים טיש! מיט הענט פאַרלייגט איבער די קני, די אויגן גראָד ליניקע, דאַכט זיך ער לאַנגווייליקט זיך, אָבער אין זיין האַרצן און אין זיין בלוט ציטערט און רעגט זיך יעדע מינוט אַ נייע רעגונג. מיט פאַרביסענע ליפּן גלויבט ער אין זיין ענדלאַכן נצחון, זיין ווילן איז

שוין פארהארטעוועט. אלדד וועט לעבן — אזוי ווי ער וויל.

מרדכי עטינגער האט אים גלייך ליב באקומען. ער האט גלייך דערזען אלדד'ס טיפע פארשטענדניש. מרדכי עטינגער'ס אוונטן זיינען שוין איצט געווען צו קליין. פאר שעה'ן און שעה'ן וואלט ער אזוי מיט אים געזעסן און גערעדט. און ער איז טאקי געזעסן מיט אים שעה'ן לאנג און זיך אלץ דערמאנט היימישע אפגעלעבטע בילדער. ביידע האבן הארציק געלאכט און גע־לאכט.

— און אברהם דער ווינשענקער? געדענקסט שבת אונ־טער דער באד? אלע אידן האבן געפונען א פלאץ, נאר נישט ער. שטענדיק איז ער פארקראכן אזש ביז צו וואיטעק'ס סאד, און שטענדיק זיינען אים באפאלן די הינט. ביי מרדכי עטינגער האבן זיך געגאסן טרערן פון די אויגן פון געלעכטער. ער האט זיך אינגאנצן געטרייסלט און איז געווארן רויט. — איך זע אים איצט פאר מיינע אויגן, ווי ער טראגט זיך מיט די הויזן אין די הענט. אין מרדכי עטינגער'ס מוח האבן זיך ארויסגערוקט איינער נאכ'ן צווייטן שוין לאנג פארגעסענע בילדער:

— און פינע באבע ריוועס לעבט נאך? און וואס מאכט מענדעל מרגולית? און הענדעל דער רב? איז ער נאך רב אין סאטאנאוו? און ליפע פאן? א שיינער איד געווען! די אלע אידען, וואס עטינגער האט אנגערופען זיינען שוין פון לאנג אויסגעשטארבן. פאר די דרייסיק יאר, וואס עטינגער איז אין אמעריקע, האט זיך דאס דארטיקע לעבן אינגאנצן אומגעביטן. אלדד האט די אלע אנגערופענע שוין נישט גע־דיינקט. ער האט בלויז געהערט פון זיי און פון העפלאכקייט וועגן בלויז האט ער זיך געפרובט אנשטויסן, וועמען עטינגער מיינט.

— אויף וועמען נאך קען מען זיך נאכפרעגן?

אלדד האט אים ארויסגעהאלפן.

—איר וואלט איצט ניט דערקאנט די שטאט. איך אליין, ווען איך בין צוריקגעקומען, האב ניט דערקאנט די שטאט. די גאס צום פאסט האט מען ברוקירט, מען רופט זי שוין מיט א נאמען — „פאטשטאווע" הייסט זי.

— „פאטשטאווע", — האט עטינגער געלאכט, — שוין דא,

הייסט עס, אַ גאַס מיט אַ נאָמען. פאַר מיין צייט האָט מען ווענן אַזוינע זאַכן נישט געוואוסט. מען האָט געוואוסט — צווישן די קראָמען, אונטער׳ן באָד, אויפ׳ן מאַרק.

— אַלץ הייסט נעמען — האָט אַלדד מיטגעלאַכט — מיר האָבן שוין די „פּאָטשטאָווע", די „פּראָסקורעווער", די „טאַרגאָוואַיאַ". לעצטנס האָט מען שוין אַפילו געשמועסט פון אַ סקווער. איר געדיינקט די חזיר־שטאַלן אין מיטן מאַרק? דאָרט וויל מען דאָס אַראָפּוואַרפן די שטאַלן און מאַכן אַ סקווער. אויפ׳ן קיסר׳ס נאָמען — „ניקאָלאַס סקוועך".

ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

— טאַקי, טאַקי, איך געדיינק טאַקי די חזיר־שטעלן, — האָט מרדכי עטינגער מיט אַ פּיירל אין די אויגן אויפגעלעבט שוין אַן אַלט פאַרגעסען בילד, — ווי אַ לעבעדיקע שטייט מיר פאַר די אויגן נאַסטאַסיאַ די חזיר'ניצע. מיט איר פאַרסמאָל־צעוועטן פאַרטוך, מיט די מאַנסבילשע שטיוול אויף אירע פּיס און ברייטן אויסגעפּאָלדעוועטן פּעלץ. עס איז מאָדנע, — האָט ער זיך אויסגעקערט צו זיין ווייב, — ווי אַזוי מענטשן לעבן דאָרט. איך געדיינק איר שטעל, אַז אַ דאַך און אַז ווענטלאַך, אַזוי זומער און ווינטער, אין רעגן און אין שניי, דער טייוול ווייסט זיי, ווי זיי טראָגן דאָס אַריבער.

אויפ׳ן טיש זיינען געשטאַנען שפּיגלדיקע גלעזער טיי, ווי בורשטין האָט זיך געמיניעט די שטאַרקע טיי אין דעם שפּיגל־דיקן גלאָז. אויבנאָן איז געזעסן מרדכי עטינגער, מיט דער יאַר־מולקע אויפ׳ן קאָפּ, דער כאַלאַט פון שוואַרצן בראָקאַט אויף זיינע פּלייצעס.

— אַט נעמט מיך גאָר אַריין אין אייער געשעפט, פעטער, — האָט אַלדד פּלוצים מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן געזאָגט, — עס איז טשיקאַווע, עס מוז זיין אינטערעסאַנט די געשעפט־וועלט.

מרדכי עטינגער שמייכלט.

— ווי אַזוי וואָלט איך געהאַנדלט, — ווערט שוין אַלדד גלייך ערנסט, — ווען איך בין אַ געשעפטסמאַן?

ער האָט זיך גלייך אַליין געענטפערט.

— איך וואָלט געהאַנדלט ראַיעל. איך וואָלט קיינעמ'ס

ניט צוגענומען און קיינעם גאר נישט אוועקגעגעבן. א שטריינג קאנסערוואטיוו געשעפט וואלט איך געפירט. אלץ וואלט איך ביז צום קלענסטן אויסגערעכנט.

מרדכי עטינגער איז אויך געווארן ערנסט. ער האט זיך אויפגעהויבן פון טיש און איז צוגעגאנגען נאענט צו אלדד'ן. ער האט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף אלדד'ס פלייצע און ערנסט געזאגט:

— זארג זיך נישט, מיין פריינט, אמעריקע איז א גוט לאנד, א פריי לאנד, א מענטש האט דא אלע מעגלאכקייטן, ווערסט עס ליב האבן.

## 5

עס האט אים שוין אזוי פארפאלגט עמיצענס א שווארצע האנט. ער ווייסט ניט וואס און ער ווייסט ניט וועז. עס גייט אים עמיצער נאך אין שווארצן. ווארום איז ער פלוצלים ארויס געפארן פון שטאט, ווען ער האט זיך שוין אזוי לאנג מיט קיינעם ניט באגעגענט? —

אלדד איז אויף א וואך צייט אוועקגעפארן פון שטאט. דורך דער וואך איז ער געווען אין ברידזשפארט, אין ניו הייווען און אין דער שיינער שטאט הארטפארד. הארטפארד האט אים דערמאנט אין א היימישער שטאט. עס איז דארט געווען ברייט־באבוימטע גאסן, ווערענדעס, אריבערגעווארפענע ביז'ן מיטן גאס, זיינען געווען פארצויגן מיט קריכנדיקן וויינריב. דער וויינריב איז איצט געווען רויט, די בלעטער קופערדיק שטייף, מיט ארויסגעשטארצטע געשוואלענע אדערן — אט אזוי אפנדיק, נאקעט, אז מען האט מיט'ן אויג געקענט זען די שטייפע אדערן. אלדד האט זיך מיטאמאל דא דערפילט פרייער און ברייטער און זיכערער. דער גאלדענער הערבסט איז געלעגן איז דרויסן. דער הימל איז הויך און בלוי, די לופט איז דורכזיכטיק און שטארק, די בוימער רויט און געל און קופערדיק שטייף טראגן אין זיך אן אייגענע זון, וואס צושפרייט א שטילע האפ־נונג איבער דער גאנצער גאס. אלדד איז געגאנגען אנקוקן די היים פון מארק טוויין. ביי א פארלעזונג דעם זעלביקן אוונט

האָט ער קלוג אַריינגעפֿלאָכטן דעם געדאַנק, אַז דער דאָזיקער הומאָריסט האָט אינדירעקט אַ סך צוגעטראָגן צום ליבעראַלן דענקען. פּונקט ווי יעדער עכטער קינסטלער, האָט ער געזאָגט, מוז אַז זיין אייגענעם באַוואוסטזיין אונז העלפֿן פֿאַרשפּרייטן אונזער אידעאַל. ער האָט זיך געפּרייט מיט דער שטאָט. עס האָט באַרואיגט זיין געמיט, ער האָט געהאַט דאָס געפֿיל פֿון איינעם, וואָס קומט פֿון אַ יאַריד צוריק אַהיים אין זיין אייגענער הויז אַריין און טאַפּט אָן מיט די אייגענע הענט דאָס ווייב און דאָס בעט און דעם אייגענעם לאָבן ברויט. ער איז געגאַנגען, און איז געווען פֿאַרשיכורט פֿון אינערלאַכער רו, ביז ער האָט פּלוצים זיך באַגעגענט מיט זיין אַמאָליקן חבר צאַלקע.

צו דעם דאָזיקן חבר זיינעם האָט אלדד שטענדיק געהאַט אַ געפֿיל פֿון קנאה. צאַלקע איז געווען אַ קליינער און אַ שמאָלער און אַ דאַרער. ער האָט געהאַט קליינע פֿיס און איז געווען כמעט אינגאַנצן אָן אַ בויך. אַלע טאָג האָט ער געמוזט אויסלאָפֿן אין דעם הויזנגאָרטל נייע לעכער, כדי ער זאָל ניט פֿאַרלירן די הויזן. די האָר אויפֿ'ן קאָפּ זיינען ביי אים געווען שיטער און איינציקווייז אויפֿגעשטעלטע, ווי איינציקע שטעכיקע שפּיזלאַך צעוואָרפֿן איבער'ן גרויסן, הויכן קאָפּ. צאַלקע האָט גערעדט מיט קורצע זאַצן, שאַרף און אָפּגעהאַקט. ווען ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער פּלאַטפֿאָרמע ריידן צו די פֿאַרזאַמלטע, זיינען זיינע נאָכהייגענדיקע וואַנצעס צוערשט געווען טויט, און טויטע האָבן זיי זיך נאָכגעבאָמבלט נאָכ'ן דרייען זיך פֿון זיין מויל. נאָר אָט האָט ער זיך צעוואָרעמט אין זיין ריידן, די אויגן האָבן אָנגעהויבן צו גלאַנצן, זיינען געוואָרן גרין און רויט און שפּיציק, און די וואָנצן זיינען ביסלאַכווייז געוואָרן אַלץ שטייפֿער און שטעכיקער, באַדעקט מיט אַ וואַרעמער ווייסער שוים, און האָבן זיך פֿון זיך אַליין מיט'ן אייגענעם כוח געהויבן אַלץ העכער און העכער.

ביי אלדד'ן, ווען ער האָט גערעדט, האָט קיינמאָל ניט געקענט רינען קיין ווייסע שוים פֿון מויל, ווי ביי צאַלקע'ן. ער האָט געמעגט זיין ווי אויפֿגערעגט, און אים האָט זיך שטענדיק געדוכט, אַז צאַלקעס גרעסטער וואונדער ליגט אין זיינע וואָנצן. אין די יונגע יאָרן, ווען אלדד האָט נאָך נישט געהאַט קיין

וואַנצן, האָט ער געהאַפּט אויף יענעם טאָג, ווען זיי דאַרפֿן קומען...
אָבער אלדד האָט געמאַכט אַ טעות : צאַלקען וועט ער קיינמאָל נישט דעריאָגן. דער נעכטיקער אמת איז שוין ביי אים היינט געווען אַ שקר, דער נעכטיקער גאָט איז שוין היינט — אַן אָפּ־גאָט, דאָס וואָס ער האָט ערשט נעכט געגלייבט, לאַכט ער שוין היינט אויס, לאַכט עס אויס מיט שוים אויף די ליפּן. די שאַרפֿע „ריש׳ן" שנײַדן ווי בלוי שטאָל, מיט די קליינע הענט אויפֿ־געהויבן אין דער לופֿטן, צונויפּגעדריקט אין שטייפֿע פֿויסטן, איז ער גרייט יענעם דורס זיין — אַלע האָבן געוואוסט און אלדד האָט געוואוסט, אַז דער מענטש וואַקסט אַ גאון, אַז דער מענטש וועט אַמאָל דערגיין צו איבערמענטשליכעס, צו משוגעת, צו זעלבסטמאָרד אָדער דער טייוול ווייס וואָס. ער האָט אַרומ־געשוועבט איבער׳ן לאַנד ווי אַ לעגענדאַרע פֿיגור — דאָ איבערגעטאָן ווי אַ פּרינץ, מיט אַ ברייטער, לאַנגער פֿעלעריגע און מיט די פּענסנע שטייף אַרויפֿגעזעצט אויף דער דינער נאָז, און דאָ אָנגעטאָן ווי אַ פֿאַרשטייער פֿון גראַף פּאָטאָצקי׳ן, וואָס איז געקומען מיט אַ פֿולן טייסטער באַנקנאָטן אויסצוקויפֿן די גאַנצע בוריקעס פֿונ׳ם פּראַסקורעווער קרייז — די גאַנצע שטרע־קע בוריקעס — האָט ער געזאָגט, — וועל איך אָפּקויפֿן, אַ פּרייז וועל איך צאָלן אַ גוטן. אין אונזער אייגענעם ראַיאָן זיינען די בוריקעס נישט געראָטן, צופּרעסן געוואָרן פֿון אַזאַ רויטן וואָרעם — איך מוז באַציען בוריקעס פֿון דער אוקראַינע.
און דערווייל האָט ער אַזוי אַ ניט־דערקענטער גערעדט אויף פֿאַרזאַמלונגען, אָנגערעגט און באַגייסטערט טויזנטער מענטשן — אַרויסגעריסן זייער אמת און אין זיי אַריינגעוואָרפֿן אַ נייעם אמת; מענטשן זיינען געוואָרן צוטומלט, איבער איין וואָרט זיינעם האָט מען וואַכיקע דעבאַטעס געפֿירט. ווען צאַלקע האָט אויף עמיצן אָנגעשטעלט זיין שפּיציק־שטעכיקן בליק, איז עס געווען ווי דער שפּיציקער האָרן פֿון אַ ווילדן אָקס. אלדד האָט אים ליב געהאַט, ער האָט פֿאַר אים מורא געהאַט, אין אלדד׳ס האַרץ האָט שטענדיק געברענט אַ געפֿיל פֿון קנאה צו דעם מענטשן ; צייטנווייז אַזש אַ שנאה ; אלדד האָט אין די יונגע יאָרן געהאַט בלויז איין פֿאַרלאַנג — זיין דאָס, וואָס צאַלקע איז.
פֿאַר אַ לאַנגער צייט האָט ער פֿון אים נישט געהערט. קיי־

נער האָט נישט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען; אַלערליי קלאַנגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן וועגן זיין פאַרשווינדן, און מיט דער צייט איז ער פאַרגעסן געוואָרן. און ווען אלדד האָט אים איצט צווערשט באַמערקט, איז עס געווען ווי אַ פלאַטער אין דער לופט, וואָס קלאַפט אַן עפּעס אַן אַמאָליקן בליץ און פאַרשווינדט. פון אַן אַטמאָאָביל, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים ברעג טראָטואַר, איבער'ן וועלכן אלדד איז געגאַנגען, האָט זיך פאַרביינעאיילט אַ שנעל איילנדיק געשטאַלט; דאָס גע־שטאַלט האָט זיך פונקט אַזוי שנעל אויפגעהויבן אויף די דרויסנ־דיקע רויטע טרעפּ פון אַ ברייט־צולייגטער מויער. אלדד'ן האָט פּלוצים געגעבן אַ קלאַפּ אין קאָפּ — „צאַלקע“, און ווען ער האָט זיך אינסטינקטיוו אומגעקוקט, איז דאָס געשטאַלט געשטאַנען הויך איבער די טרעפּ, דורך די ברילן האָבן די אויגן אויסגעזען ווי גלעזערנע. אויך יענער איז געווען פאַרוואונדערט. עס איז געווען שוין פינסטער אין דרויסן, אוןביידע זיינען געשטאַנען מיט ברייט־צעעפנטע מיילער און זיך געוואונדערט.

— צאַלקע? — האָט אלדד נאָך אַ מינוט פון פאַרוואונ־דערונג און שווייגן געפרעגט.

— אלדד? — האָט יענער צוריקגעפרעגט.

זיי האָבן זיך ביידע דערקענט.

אין דרויסן איז געווען פינסטער. אלדד איז געווען צוטומלט. אַרויפגייענדיק די טרעפּ, האָט זיך אלדד'ן געדוכט, אַז ער דאַרף אַרויפגיין אויף נאָך אַ טרעפּ, האָט ער אויפגעהויבן, דעם פוס אין דער לופטן, און אים געגעבן מיט אַזאַ זאַמאַד אַ שטעל אַראָפּ צוריק, אַז אים האָט זיך געדוכט, ער פליט אין אַן אָפּגרונט. און ערשט איצט קוקנדיק אויף אים, האָט ער אים אויפסניי נישט דערקאַנט. זיין קאָפּ איז געווען אינגאַנצן אַ גלאַטער, גלאַט אָפּ־געגאָלט זיינען געווען זיינע וואַנצן. ער איז געווען אַ סך די־קער און דערפאַר נאָך קלענער. ביידע האָבן געשוויגן. ווען אלדד איז צום סוף אריין אין שטוב אריין, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער רייכקייט פון דער הויז. פרוי מאַרקס (אַזוי איז געווען צאַלקעס פאַמיליע־נאָמען) האָט אים געפירט פון איין צי־מער אין צווייטן. אלדד האָט געזען דאָס הויכע, גרויסע אויפ־גאָמצימער מיט די צעעפנטע האַלבע ווענט; די ווענט זיינען

געווען אזוי קונציק צעעפנט, אז מען האט פון דארט געקענט ארומנעמען די גאנצע רייד־אויסגעלייגטע שטוב. הארטע, שוואר־צע, אין האלענדישן סטיל מעבל, זיינען געווען אויסגעשטעלט ארום די ווענט. שווערע פארטיערן, האלב פאריסן, ווי דעקאל־טירטע פרויען, האבן האלב ארויסגעוויזן וואס עס טוט זיך אין די איבעריקע חדרים. די שווערקייט און דאס שטילקייט פון די קאלירן האבן צושפרייט אן איינגעהאלטענעם שטאלץ מיט זייער מאסיווער וואגיקייט. פון דארט האט זי אים אריינגעפירט אין דעם מוזיק־זאל. דאס צימער איז געווען מעבלירט אין אלט איטאליענישן סטיל, באהאנגען מיט אריגינעלע בילדער פון מאָ־דערנע מאלער. א גאנצע קאלעקציע בילדער פון קלאסישע מאלער, וואס זיינען געקומען פון דער הויז פון די גולד׳ס, זיי־נען געהאנגען פונקט איבער די שווערע שאפעס מיט ביכער. זיין אייגן בילד אין קאליר, געמאלן פון דעם באוואוסטן מאלער, איז געהאנגען פונקט איבער דער טיר, וואס האט געפירט אין דעם לופטיק זאמד־קאלירטן שלאפצימער. די דילן זיינען געווען באדעקט מיט פערזישע טעפיכער.

ביים אוונט־ברויט זיינען געזעסן ארום טיש, צאלקע, פרוי מארקס, אלדד און דריי שיינע, בלאנדע קינדער. מען האט גע־רעדט שטיל. מען האט זיך העפלאך איבערגעגעבן די געריכטן פון איין האנט אין דער צווייטער. — „פאפא דיער״, — האט געזאגט איין קינד, — „פליעז פעס איט אווער טו מאמא דיער״. פלעשער רויטער וויין האבן זיך שטיל געגליטשט איבער׳ן ווייך אונטערגעבעטן טישטוך. ביי דעם האלב־געעפנטן אריינגאנג פון לייענצימער איז געשטאנען א טונקל בראנזענע פיגור פון עפעס א ווילדן גאט, און שטריינג אריינגעקוקט יעדן איז מויל אריין, גלייך זיין עובדה זאל זיין צו ציילן אלעמענס ביסנס. צאלקע האט צום סוף דערלאנגט א זילבערן קעסטל מיט שמעקעדיקע האוואנע סיגארס.

ווען זיי האבן נאכהער אזוי אפגעשוויגן א שטיק צייט ארום דעם אפגעראמטן טיש, אויף וועלכן עס איז נאך געשטאנען האלב־ליידיקע גלעזער מיט א בלאס־רויטן אונטערשלאק, האט צאלקע געהייסן אנשטעלן אויפ׳ן גראמאפאן שומאנ׳ס „דער ווילדער רייטער״, און אין דעם קעגנאיבערדיקן מוזיק־חדר האט

א אוועקגעשוועבט אין א קיילאכדיקן ווילדן טאנץ דאס עלצטע מיידל זיינס, וועמען מען האט גערופן מילדרעד.

צום סוף האט מען גערעדט פון אינטערעסאנטע טענץ. צאלקע האט געזאגט, אז אזעלכע טענץ זיינען גוט שיין צוליב דעם געזונט אליין. פרוי מארקס (אזוי האט ער זי גערופן) האט אין א משך פון דריי חדשים פארלוירן צען פונט. ער אליין וואלט זיך געלערנט די טענץ, אבער ער האט קיין צייט נים.

— און וואס איז מכח אלדד'ן? ווי לאנג איז ער אין לאנד? און וואס דיינקט ער צו טאן? צו וועלכע געשעפטן וועט ער זיך נעמען? ער האט געהערט אז אלדד האט זייער א רייכן פע־טער. צאלקען געפעלט זייער א וואל־געשעפט. ס'א ברייט פעלד.

שפעט אין אוונט האט מען אפגעשיקט אלדד'ן מיט א גרוי־סער מאשין אין זיין האטעל אריין.

אלדד האט דעם גאנצן וועג פארנדיק פארשפיליעט אויף אלערליי אופנים זיינע הענטשקעס. פריער אויף אלע קנעפלאך, דערנאך אויף איין קנעפל, און דערנאך האט ער זיי פארבויגן צוריק אויף א העלפט — אזא פראנטיש פארבויגן פון הענטשקעס. מיט אמאל האט אים אנגעהויבן פארדריסן, ווארום צאלקע האט אזא שיינע פרוי. זי האט גערעדט מיט א שפראך, ווי די טעכטער פון ניו־ענגלאנד. אירע הענט זיינען געווען שמאלע און לאנגע. ווארום פארפאלגט אים איבעראל צאלקע? שטענדיק שטייט ער א נסיון פאר אים. אזוי איז אין דער היים און אזוי דא. צי וועט איצט אלדד זיך דארפן אנהויבן יאגן און אריבעריאגן צאלקען?

ער האט העפלאך באדאנקט דעם שאופער, אריינגעשטופט א מטבע אין זיין האנט אריין. אין האטעל האט זיך אלדד גע־בייזערט אויפ'ן פארטער — איך האב דאך אויסדריקלאך באַ־שטעלט א צימער מיט א פריוואטער „באטה"! אויב איך האב צוויי טעג געשוויגן, מוז איך עס היינט האבן — א מענטש קען דאך נישט ארומגיין ווי א חזיר.

איז וואס בלייבט איבער אלדד'ן צו טאן?

ער האט א גאנצע נאכט נישט געקענט איינשלאפן. מיט זיין גאנצן הארצן האט ער איצט פיינט געהאט צאלקען. פון

זיין בלוט האָבן זיך געריסן הייסע קללות. פון צאַלקען שטינקט. ער האָט ממש בפועל געהערט דעם שלעכטן ריח, וואָס עס זעצט פון אים. ס'אַ ליגן — צאַלקע האָט קיינמאָל נישט געקענט זיין דאָס וואָס מען האָט געמיינט ער וועט זיין. אַלע זיינען געווען פאַרבלענדט. טיף אין זיין נשמה איז צאַלקע קיינמאָל נישט געווען ערלאַך, ווייל צאַלקע קומט אַרויס פון אַ פּראָסטער משפּחה, צאַלקעס טאַטע איז געווען אַ טרעגער, ער איז געווען אַ שיכור, אין צאַלקען רינט פאַרגיפטעט בלוט, איבערגעבערענט בלוט, אַזאַ בלוט וואָס איז אָנגעפילט מיט גיפטיקע פליגעלאַך און הויבן זיך דערפאַר אויף ביז צום איבערנאַטירלאַך מענטשלאַכן און ביז צום איבערנאַטירלאַך אוממענטשלאַכן — צאַלקע איז געגליכן צו אַ פּרוי, וואָס איז אין עצם גאַרנישט און קען דערפאַר ווערן אַלצ־דינג; ער איז געגליכן צו אַ פּאַראַזיט, וואָס נעמט אַן אויף יעדן קערפּער אַן אַנדער אויסזען. צאַלקע... אָבער אלדד האָט אַליין נישט באַמערקט, ווי טראַכטנדיק אַזוי פול מיט גאַל און בייזער שנאה פון צאַלקען, שטייען אין זיינע אויגן טרערן. אין דער זעלבער צייט, וואָס ער האָט אים אַזוי אומדערבאַרעמדיק געשימפּט, האָט ער אים אויך באַוואונדערט און כמעט ווי פאַר־געטערט. ער האָט געזען אין צאַלקען דעם מענטשן, וואָס קען מיט זיך טאָן אַלץ, וואָס ער וויל. אַ מענטש וואָס האָט זיך שוין אויפגעהויבן צו דער מדרגה פון אַבסאָלוטער רו. עס מאַכט נישט אויס אין וואָס פאַר אַ פאָרם די רו איז אויסגעדריקט — אָבער דער מענטש איז שוין דערגאַנגען צו אינערלאַכער גאַנצ־קייט, צו אינערלאַכער זעלבסטבאַוואוסטקייט, זאָל עס זיין אפילו צו אַ פרעמדן באַנעם פון דער וועלט, זאָל עס אפילו זיין צו אַ זיך אין גרונד פאַלשן באַוואוסטזיין, אָבער ער איז רואיק, ער איז גאַנץ, און ווער, נאָכאַלעמען, קען דען מיט'ן פולן מויל זאָגן, וואָס עס איז רעכט און וואָס עס איז אומרעכט? וואו הויבט זיך אָן דער אמת און וואו לאָזט זיך אויס דער אמת? וואָרום איז דער מערדער פאַר אייגענע צוועקן אַ מערדער, און דער מערדער פאַר'ן כלל'ס צוועקן אַ מאַרטירער?

טראַכטנדיק אַזוי, האָט אלדד'ן נאָכמער ווי שטענדיק אַרומ־גענומען דאָס געפיל פון קנאה צו צאַלקען. ער האָט אים פיינט געהאַט און ער האָט אים פאַרגעטערט, ער האָט אים געשימפּט

און ער האָט אים פֿאַרערלאַכט. ער האָט זיך איינגענורעט אונ־טער דער וואַרעמער קאָלדרע און זיך געפּעסטשעט פֿאַר זיין אייגענעם וואַרעמען לייב, ווי אַ קינד אין דער מאַמעס שויס און זיך געטרייסט מיט ברייט פֿליגלדיקע פֿאַנטאַזיעס: ער וועט שרייבן אַ בוך. ער וועט זיך אינגאַנצן צוריקציען פֿון דער באַ־וועגונג, ער וועט זיך אָפּשליסן מיט זיך אַליין. אין צימער מיט זיך אַליין וועט ער זיין בכח צו באַלייכטן זיך, צאַלקען, אַראַנ׳ען, אַלעקס׳ן, אַביגדור׳ן, אַלעמען — אַלעמען וועט ער קענען באַלייכטן. ער וועט באַווייזן ווער צאַלקע איז, וואָס ער איז געווען און וואָס ער וועט זיין — צאַלקע וועט זיך נאָך אַמאָל שמד׳ן, ניין, ער וועט זיך ניט שמד׳ן — ער וועט מוזן צו־ריקקומען — אַ יאָר, פֿינף, צען — ער וועט מוזן צוריקקומען. ער אַליין, אויב ער זאָל איצט פֿון זיין לעבן אַוועק, וועט עס זיין בלויז אויף אַ קורצע צייט, בלויז אויף אַ ווײַלע, ער וועט צוריקקומען. אַלע וועלן צוריקקומען... און צוריקקומען וועלן מיר געלייטערטע, קלאָרע, רואיקע מיט דער רו פֿון דעם העכערן מענטשן, וואָס באַ־ווירקט מיט זיין רו אונ׳ם אַבסאָלוט לעבעדיקן, אַבסאָלוט קאָנקרעטן.

עס האָט שוין געבלויט אין די פֿענסטער, ווען אלדד איז איינגעשלאָפֿן. ער האָט זיך אינגאַנצן איינגעוויקלט אין דעם פֿריש שמעקנדיקן ליילאַך, מיט די הענט אַרומגענומען דאָס אייגענע לייב האָט ער געפֿילט און צו זיך געדריקט די אייגענע וואַרעמקייט; ער האָט אין וואַרעמקייט אויסגעשטרעקט זיינע פֿיס. ער איז געווען ריין און גלאַט און וואַרעם, ער האָט אַליין צוגעלייגט אַ גלאַטן פֿוס צו אַ גלאַטן פֿוס און געהערט דעם שמעקנדיקן ריח, וואָס עס שלאָגט פֿון אים.

און ווען אלדד איז אין אַ פּאָר טעג אַרום אַהיימגעקומען, איז ער איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. די זון האָט געשיינט, אין דרויסן האָט געטומלט, פֿון די שולן האָבן זיך אַרויסגעשאָטן טויזנטער לאַכנדיקע קינדער. ער איז פֿאַרגאַנגען ביז צום ווינקל בראָדוויי און ליספּענאַרד סטריט. אַליין ניט ווייסנדיק וואוהין ער גייט און וואָס ער וועט טאָן, האָט ער זיך פּלוצים דערזען ביים פֿעטער אין שאָפּ און באַלד איז ער שוין געשטאַנען אין אָפֿיס, געענטפֿערט אויפֿ׳ן טעלעפֿאָן און אַליין

אפגערופן אויפ׳ן טעלעפאן. ער איז געוואָרן ארומגערינגלט פון אלערליי מענטשן, און איז באלד אליין געוואָרן איינער פון די רעדלאך, און עס איז געווען פונקט ווי עמיצער וואס טוט פלוציס אן קליידער פון א פרעמדער מדינה און ער ווייסט ניט צי די קליידער פאסן אים, צי ניט. אין אָוונט, גייענדיק אהיים מיט׳ן פעטער, האָט ער זיך אליין געוואונדערט צו הערן, אז אין דעם ערשטן טאָג האָט ער שוין פאַרקויפט צוויי הונדערט באלן ענגלישע „מאַהיירס" צו א פאַרשטייער פון דער „דייטש־אמעריקאנער וואל קאמפאניע".

## 6

ווי אזוי האָט ער טאקי פאַרקויפט שוין דעם ערשטן האלבן טאָג ביים פעטער אין שאַפ אזויפיל סחורה ?

די פרייד פון א קליין קינד איז אויף מאָרגן א גאנצן טאָג געווען צושפרייט איבער זיין האַרץ. ער איז א גאנצן טאָג געווען אין שאַפ ; ער האָט זיך אפילו נישט פאַרגונען ארויסצוגיין אפעסן א געוויינלאכן מיטאג, בלויז אויף א פאָר מינוט איז ער ארויסגעלאָפן און געכאפט א לייכטן ביס, א טאס־קאווע און איז שוין גלייך געווען צוריק ביי דער ארבעט. ער האָט גע־ארבעט אין אפיס, גערעדט מיט׳ן פעטער און זיך גע׳חבר׳ט מיט דייוו׳ן. יעדע מינוט פון טאָג האָט ער עפעס נייס געשאפן. געשאפן ניט אין שאַפ צי פאָר׳ן געשעפט, נאָר פאר זיך, אין זיך, אין זיין נשמה און אין זיין מוח. ער האָט יעדע מינוט אריינגענומען אין זיך שטיקער פון א נייער וועלט, קלאַנגען פון א נייעם געזאַנג, צולייגטן שטויב, וואס האָט זיך געשפילט אין א לאנגן שטראל וואס די זון האָט אריינגעוואָרפן דורכ׳ן שמאָלן פענסטער. ער איז געווען פונקט ווי א קליין קינד, וואס דער־זעט אלע מאל עפעס נייס, וואס חידוש׳ט זיך אויף אלע נייע קלייניקייטן. שאַרנדיק זיך צווישן די זעק מיט וואָל, האָט זיך אין זיינע קליידער אנגעקלעפט שטיקער באַרוועַ ; ער האָט כסדר, דעם גאַנצן טאָג געקליבן די שטיקער באַרוועַ, פון די הויזן און פון דעם ראָק, און האָט דעם גאַנצן טאָג נישט געקענט דערפון פטור ווערן. ער איז ארומגעגאַנגען צווישן די ארבעטער, גע־

קוקט און זיך געוואונדערט, ווי שנעל זיי שארן מיט די פינגער איבער די גלאטע טישן. עס איז אפשר געווען דאס ערשטע מאל אין זיין לעבן, וואס ער איז געקומען אין אמת'ער בארירונג מיט'ן אמת'ן לעבן; ער האט ליב געהאט די ארבעטער, ער איז גע־ווען גרייט יעדע מינוט זיי מיט עפעס צו העלפן; ער וואלט אפילו א גאנג פאר זיי געגאנגען; ער האט זיי געטיילט סי־גארעטלאך, אנגעצונדן א שוועבעלע און דאס ברענענדיקע שווע־בעלע צוגעטראגן צו זייער מויל. עס איז אים געווען גוט, ער איז געווען פריילאך און ער האט זיך געפרייט מיט יעדער נייער מינוט. — צי וועט ער דען דערביי בלייבן? צי איז עס דען נישט בלויז א שפיל אויף א טאג, אוואך, א חודש, צי א יאר?

אלדד האט דערפון איצט נישט געטראכט. עס איז אים נישט געלעגן אין זינען די פראגע. אוודאי וועט ער דערביי נישט בלייבן; ער האט נאך אליין נישט געוואוסט, וואס פאר א גרויסן חוב דאס נייע לאנד וועט אויף אים ארויפלייגן. אבער ער האט דאך דערפון נישט געוואוסט. און ביז צו יענער צייט איז נאך אזוי ווייט. ביז עס וועט אמאל קומען די צייט — אלדד האט דערפון נישט געטראכט. ער איז געווען פארנו־מען מיט דעם נייעם שפיל. ער איז געווארן פארכאפט פון דעם נייעם שפיל. ער האט נישט געוואוסט און נישט געוואלט וויסן, אז די שפיל טראגט פאר אים א געפאר. אז אלע געפער־לאכע געשעענישן אין לעבן הויבן זיך אן אזוי־א זייטיק, שפילעוו־דיק, ביז וואנען דו ווערסט ארייגעכאפט אין דער אייזערנער נעץ, פון וואנען עס איז שוין נאכהער שווער זיך ארויסצודרייען, אפשר אוממעגלאך זיך ארויסצודרייען, אבער ער האט דערפון נישט געטראכט, ווייל איידער ער האט זיך ארומגעקוקט איז שוין געווען דער טאג פאראיבער און אין אוונט איז ער געווען מיד, מיט א נייער מין מידקייט — אים האבן טאקי אויף אן אמת שטארק וויי געטאן די הענט און די פיס, די אויגן האבן זיך מידע געקלעפט און דאס ריינע בעט האט געצויגן און גע־וואונקען ווי א געטרייע מאמע. ער האט פונקט צוויי מאל אזוי פיל געגעסן, דערנאך האט ער געהאלטן אין איין טרינקען וואַ־סער. דער דורשט איז געווען א זיס־ליבער — נאך א גלאז וואסער, נאך א גלאז וואסער, דאס וואסער קילט און שווייגקט

אַפּ דעם טרוקענעם גומען. ווען ער האָט זיך שפּעטער געלייגט אין בעט אַריין, האָט ער מיט זיין גאַנצן בלוט געפילט אַז אונטער אים ליגט אַ ווייכער, האַריקער, גוטער מאַטראַץ.

עס איז שוין געווען פאַרביי אַ יאָר. אלדד איז שוין ביים פעטער אין שטוב גאָר אַז אייגענער און ווי אַן אייגענער פּרובט ער שוין אַפּטיילן דאָס שלעכטע פון דעם גוטן אין פעטער'ס שטוב. און דאָס וואָס ער קען נאָך נישט טאָן, טראַכט ער ווי אַזוי עס וואָלט באַדאַרפט צו זיין.

עס איז נאָך זיין מיינונג נאָך די שטוב אַן געשמאַק. די גרויסע הויז מיט די אַלע צימערן, מיט'ן רייכן מעבל זיינען אַן סטיל. גרויסע, מאַסיווע שטיקער מעבל זיינען סתם אַנגעוואָרפן איינס אויף דעם אַנדערן, איינס אויפ'ן צווייטן, און אלדד'ן דוכט זיך, אַז דאָס שטייען אויסגעשטעלט טויטע זאַכן — מתים. ווען מען וואָלט אַ שטייגער אַוועקגעשטעלט דעם שווערן מאַהאַ־גאָני ביכער־שראַנק ביי אַ פענסטער, און ווען די גלעזערנע טיר־לאַך וואָלטן געשטאַנען אָפענע, וואָלט עס געווען אַ לעבעדיקע זאַך; מען וואָלט דעמאָלט צוגעגאַנגען, אַרויסגענומען אַ בוך, און די טויטע שורות וואָלטן זיך פאַרוואַנדלט אין לעבעדיקע געשטאַלטן. אַזוי אָבער, ווי דער שראַנק שטייט איצט, פאַר־שטופּט אין אַ ווינקל און פאַרשטעלט מיט אַ סך אַנדערע שווערע שטיקער, קוקן די גלעזערנע שויבן אויס ווי פאַלשע גלעזערנע אויגן. פון די גאָלדענע רוקנס הערט זיך אַ טוכלער ריח, אַזוי ווי פון אַ נבלה. און די פאַרטיערן? און די בילדער אויף די ווענט? און דער שווערער טיש אין דעם ווינקל? איצט איז דער טיש פאַרדעקט מיט עפּעס אַ ביליק־קאָלירטן טישטוך, וואָס די קינדער האָבן ערגעץ געקויפט. דער טיש איז דאָך אמת'ע „וואָלנאָט", איבער זיין דעק ליגן אָפענע אָדערן געדרייט אין אַ ראָד אַרום אַ ראָד ביז אַזו קליין, אַז דאָס אויג פאַרלירט זיך אין דעם; וואָרום זאָל מען דאָס פאַרדעקן?

און אין געשעפט? ביים פעטער אין שאַפּ?

אויך דאָרט האָט אלדד געזען פיל ווענן פון אויסבעסערן געוויסע מעטאָדן. נאָך וואָס טרייבט דער פעטער די אַרבעטער ביי דער אַרבעט? נאָך וואָס האַלט דער פעטער זיינע וועקסלען

אין דער פייערקאַסע? צי ווייסט נישט דער פעטער, אַז די עקאָנאָמישע וויסנשאַפט האָט שוין באַוויזן, אַז דירעקטע עקס־פּלואַטאַציע איז אַ טעות? אַז אונטער בעסערע באַדינגונגען און מיט קירצערע שטונדן גיט אַן אַרבעטער אַרויס מער אַרבעט? און צי ווייסט ניט דער פעטער, אַז מיט די וועקסלען דיסקאָנ־טירט אין די בענק, וואָלט זיך דער פעטער געקאָנט באַנוצן מיט די געלט און פאַרפילפאַכן זיין איינקונפט? זיין פעטער איז אַלטמאָדיש, קאָנסערוואַטיוו. ער ווייסט נישט די יסודות פון מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם. ווען אַלדד וואָלט נאָר געקענט אי־בערנעמען די גאַנצע פאַרוואַלטונג אויף אַ יאָר אָדער צוויי, ווען ער וואָלט נאָר געקענט איבערשטעלן דאָס געשעפט אַזוי ווי ער פאַרשטייט — ווי אַזוי פאַרשטייט ער געשעפט? וואָס וועט ער טאָן? וואָס וועט זיין דער ערשטער שריט זיינער; און וואָס וועט זיין דער צווייטער שריט? אַלדד האָט נישט געוואוסט וואָס ער וואָלט געטאָן. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער דאַרף טאָן; ער האָט בלויז געוואוסט, אַז עפּעס וואָלט ער גע־טאָן. אַלדד מוז שטענדיק אויפטאָן עפּעס נייס. אויף וואָסער געביט עס זאָל נישט זיין, מוז ער אַריינברענגען זיין איך, זיין אייגן שטעמפּל, זיין נשמה. און ער האָט אָנגעהויבן אויסלייגן פאַרשידענע פאַנטאַסטישע פּלענער; ער האָט געטראַכט פון גרויסע אונטערנעמונגען, צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער איצט געזען פאַר זיינע אויגן אַ קלאָרן באַגריף פון צענטראַ־ליזאַציע. דאָס, וואָס ער האָט ביז איצט געלערנט און וועלכעס עס איז בלויז געווען אַבסטראַקציע, האָט מיטאַמאָל אָנגענומען אַ לעבעדיקן באַגריף, אַ לעבעדיקע פאַרשטעלונג. זיין לויזע פלי־גלדיקע פאַרשטעלונג האָט פאַר אים געמאָלן בילדער פון ריזיקע אונטערנעמונגען. עס האָט שוין אין אים געברענט דאָס גרויס־גרויסע פון דעם נייעם לאַנד. ער וועט שיקן וואָל קיין בעלגיע, אין האָלאַנד, און אין פוילן; ער וועט אימפּאָרטירן פון אַרגענטינע און פון ענגלאַנד און פון טיף רוסלאַנד. שמאָלע, לאַנגע זעק מיט האָזישע אויערן פול אָנגעפּאַקט מיט ווייסער וואָל זיינען שוין געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, ווי אַ רייע אויסגעמושטירטע זעלנער. ער האָט געהערט דעם ריח פון דעם אַרטיקל. ער האָט געזען גאַנצע טשערעדעס יונגע שאָף, וואָס שטופּן זיך און יאָגן

זיך אין זייער אייגענער שרעק איינע אויף די אַנדערע. יונגע שיקסעס מיט רויט־צעפלאַמטע פנים'ער און פאַרקאַטשעטע קליידער, שטייען ביים אָפעעס טייך און וואַשן די וואָל; מיטליאָריקע גויעס, זייערע קעפ איינגעבונדן אין קאָלירנדיקע פאַטשיילעס, זיצן אויף נידריקע בענקלאַך אין די טויערן פון זייערע שייערן און שערן די וואָל פון יונגע שאָף. אלדד האָט פאַרנומען און געזען דעם גאַנצן פּראָצעס פון דעם, פאַר אים נייעם מין. אָבער אַזוי רואיק דאַרף מען עס טאָן — איבערלייגט, אויסגערעכנט, מיט אַ בליישטיפט אין האַנט — אַלץ אויסרעכענען. פאַוואָלע. איבערלייגט.

אין איין פרימאָרגן איז ער אַוועק אין שאָף אַריין, ווען קיינער איז נאָך דאָרט נישט געווען. מיט ברייט גלאַנציקע אויגן האָט ער איצט אַלץ באַטראַכט. אַ לייכטער שטויב האָט אים געגעבן אַ זעץ אין נאָז אַריין. אלדד האָט זיך פאַרהוסט. ער האָט מיט'ן נאָזטיכעלע געריבן זיין מויל. ער איז אַריין צום פעטער אין צימער; אַ ווײַלע איז ער דאָרטן געזעסן; זיין בליק האָט געוואַנדערט, פאַפירן זיינען געווען אַנגעוואָרפן איבער'ן טיש און איבער די שטולן און איבער דער פייערקאַסע. אלדד האָט איבערגעקוקט די רעכענונגען; ער האָט אָפגעלייגט אין אַ זייט באַשטעלונגען; ער האָט אויסגעטאָן זיין ראָק און אים באַלד צוריק אָנגעטאָן. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר די ווייסע אַרבל, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט פון דער וועסט אַרויס — ער האָט אויף גיך פאַרויכערט אַ סיגאַרעט. ווען ער איז צוריק אַריין אין שאָף איז ער געווען יונג און פריש און מוטיק. מוטיק! אָבער כאַפט ניט, מען טאָר זיך נישט איילן. אַלץ דאַרף ווערן געטאָן רואיק, מיט אַ רעכענונג, איבערלייגט. אלדד האָט פאַוואָליע, פאַוואָליע אָנגעהויבן אויסטרעטן זיין וועג.

זיין וועג פון מאָדערנעם, כמעט וויסנשאַפטלאַכן קאַפיטאַליזם.

מען האָט שוין איצט איינגעטיילט די אַרבעט. פון יעדע צען אַרבעטער האָט מען אויסגעקליבן איינעם, וועמען מען האָט אַ נאָמען געגעבן „פאָרמאַן“. אויסערלאַך האָט זיך, דוכט זיך, גאָרנישט געביטן, דער צענטער האָט ביים טיש, גלייך ווי די

איבריקע געארבעט, די זעלביקע שכירות באקומען, אבער דאס וואס מען האט אים אין דער שטיל א „באנוס" צוגעזאגט, און דאס, וואס מען האט אים אלע פרייטאג פארנאכט אז איבעריקע שעה פארהאלטן (צוזאמען מיט אלע איבריקע צענטע) און זיך מיט אים געישוב'ט, און צוזאמען מיט אים סיגארס גערויכערט און צוזאמען מיט אים דעם שטערן געקנייטשט, ווי אזוי די פראדוקציע צו פארגרעסערן — האט דאס יענעם, דעם צענטן הייסט עס, גע'חנפ'עט און אין אים זיין געטריישאפט ארויסגערופן. און די אלע צענטע האבן יעדער אין זיין אפטיילונג אנגעהויבן אריינקומען מיט א שעה פריער און אנגעהויבן אהיים גיין מיט א שעה שפעטער, און זייערע ברעמען זיינען געווארן אנגעכמור־רעטע, און זייערע באוועגונגען האסטיקער, און זיי האבן גע־קוקט זייערע מיטארבעטער אין די הענט אריין, און יעדער האט פאר זיך אליין אויסגעטראכט א נייעם פארטל, ווי אזוי ארויס־צוקריגן וואס מער ארבעט.

מען האט אויך אזוי איינגעפירט אז פעקער האבן בלויז גע־פאקט און קלייבער האבן בלויז געקליבן. די קויפער האבן בלויז געקויפט און די פארקויפער האבן בלויז פארקויפט. און יעדע אפטיילונג איז געווען אפגעטיילט פון א צווייטער. די שפאַ־נישע וואל איז זיך אליין צוגעפאלן צו דער שפאנישער, און די „מאהיירס" צו די „מאהיירס", און די אויסטראליער צו די אויס־טראליער, און דערנאך האט אלעס צוזאמענגעפלאסן און זיך אריינגעגאסן אין דעם גרויסן אפים פון דער עטינגער וואולן קאמפאניע".

מען האט שוין איצט געבראכט פון סיינט־לואיס א מאשין, וואס טיילט אפ די קאלירן. און א מאשין אויסגעבעט מיט אזוינע פייכטע זעק, וואס האלטן שטענדיק פייכט און פריש און ריין פון שטויב די וואל. מרדכי עטינגער האט געקויפט אזא גרויסן זייגער מיט א גרויסן שטעמפל, ערגעץ באהאלטן אין זיינע געדערים, וואס צייכנט אפ יעדע מינוט פון יעדן אריינקומענדיקן. דער זייגער איז געווען א שיין שטיק מעבל אין דעם פארשטויבטן שאפ. ניש־קשה, אין איין יאר אדער צוויי וועט דער זייגער אנקלייבן געגוג מינוטן און שעה'ן, וואס וועלן באצאלן זיין ווערט! מרדכי עטינגער האט דאס שוין געוואוסט! און עס איז צוגע־

קומען נאָך אַ שטיק אַרבעט צו זיינע מאַרגנדיקע זאַרגן. מרדכי עטינגער האָט יעדן אינדערפרי אַריינקומענדיק אין שאַפּ אַריין, גענומען אַ ריין שטיקל פּאַפּיר, עס אַריינגעשטופּט אין שפּאַלט פון דעם זייגער און אָפּגעדריקט דאָס הענטל, ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין איינגענעם זייגער און הנאה געהאַט — דאָ און דאָרט איז געווען פּונקט איין מינוט נאָך ניין. מרדכי עטינגער האָט זיך צום סוף אַליין אויסגעשריבן אַזאַ קאַרט און געשטעמפּלט זי יעדן פרימאָרגן. עס האָט אַזוי אַראָפּגעגלאַנצט פון דעם שטעל מיט קאַרדס אויך זיין נאָמען. דער ערשטער נאָמען — „מרדכי עטינגער."

— עס וואָלט געווען נישט מער ווי רעכט, — האָט ער איינמאָל צו אַלדד'ן געזאָגט, — אַז אויך דיין נאָמען זאָל זיך דאָרטן געפינען.

אַלדד'ס נאָמען האָט זיך דאָרטן אויך געזען. עס איז געווען אַלדד'ס רייד, וואָס מרדכי עטינגער האָט פון זיין מויל אַרויסגעכאַפּט. — מיין נאָמען דאַרף דער ערשטער זיין, מיר מוזן זיי ווייזן, אַז אַלע זיינען מיר גלייך, קיין חילוק איז דאָ נישטאָ פון איינעם צו אַ צווייטן — אַלע דאַרפן יעדן פרימאָרגן די צייט שטעמפּלען. עס איז געווען טעות'ן די ערשטע צייט מיט דעם זייגער: איינער האָט געכאַפּט אַ צווייטנס קאַרט, איינער האָט, אַריינקומענדיק אַביסל שפּעטער, געוואָלט איבער־רוקן אויף צוריק דעם זייגער, איינער, אַוועקגייענדיק אַביסל פריער, האָט געבעטן אַ צווייטן אַרבעטער אָפּצושטעמפּלען זיין קאַרד ביים אַהיימגיין. עס האָט נישט געאַרבעט אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זיין.

איז וואָס טוט מען?

אַלדד האָט זיך יעדעס מאָל אַליין געמוזט אַוועקשטעלן ביים זייגער און היטן יעדן מיט זיין קאַרד, און אַזוי איז ער שוין יעדן אינדערפרי, מיטאָג און פאַרנאַכט געשטאַנען ביים זייגער.

האָט זיך דאָך שוין במילא פון זיך אַליין פאַרגרעסערט די קופּעס אָנגעקליבענע וואָל נאָך יעדן טאָג אַרבעט. די צווייטע העלפט שאַפּ איז שוין געווען איינגאַנצן פאַרענדיקט: די מאַשינען האָבן געסקריפּעט און געקלאַפּט און זיך צולייגט מיט זייערע אייזערנע הענט איבער יעדן פינסטערן ווינקל. אַלץ

האָט געמוזט דערלאַנגט ווערן צו דער מינוט. איינס האָט גע־שלעפּט דאָס צווייטע, איינס האָט געוואַרט פאַר׳ן צווייטן. אַט שטייען שוין לײדיק און וואַרטן די שלעפּ־מאַשינען, אַט שטייען שוין לײדיק און וואַרטן די פּאַק־מאַשינען. אַ פולער שאַפּ מיט „דרייווערס“, אַנגעטאָן אין לעדערנע זשאַקעטן און הויכע לע־דערנע „לעגינגס“ אויף די דינע פיס, רויכערן און שפּייען און יאָגן אַרום די נשמה. עס איז שוין איצט נישטאָ קיין צייט אין מרדכי עטינגער׳ס שאַפּ אפילו דעם אָטעם אַפּצוכאַפּן. דאַרף עמיצער אַריינגיין נאָך אַ טרונק וואַסער מוז ער רופן דעם „פאָר־מאַן“. דער „פאָרמאַן“ פאַרקנייטשט דעם שטערן און טראַכט און טראַכט זייער לאַנג, ביז ער באַשטימט עמיצן אַנדערש אויף די פּאָר מינוט צו פאַרנעמען יענעמ׳ס פּלאַץ.

אָבער ער באַשטימט — דער אַרבעטער גייט אַפּ און קומט באַלד צוריק אַ מונטערער, אַן אַנגעטרונקענער, מיט אַ נאַסן גומען, עס איז אים גוט, ער כאַפּט זיך צו דער אַרבעט, זינגט אונטער אויף שנעל אַ ליד, ווי שנעל עס יאָגט זיך דער גאַנצער טעמפּאָ אין מרדכי עטינגער׳ס שאַפּ. בלויז איין אַלדד גייט אַרום פאַמעלאַך. ער איז צו אַלעמען אויפמערקזאַם, זיין שטערן איז הויך, מיט די בלאָנדע האָר אויף אַרויף פאַרקעמט, זיין מויל איז פאַרשלאָסן, ער רעדט נישט מיט קיינעם. ער באַטראַכט בלויז פאַרזיכטיק די באַשטעלונגען, קוקט נאָך די קוויטאַנציעס, און באַ־טראַכט דעם מין וואָל. אַלדד ציילט אַרום זיינע ענגלישע ווער־טער; ער איז איצט נאָך מער צוריקגעהאַלטן; אַ טרויער פאַרציט זיין פּנים; עס דוכט זיך אויס, ווי די גאַנצע פאַראַנט־וואָרטלאַכקייט ליגט שוין איצט אויף זיינע פּלייצעס. און ווי אין עפּעס אַז וואָס זיך אַנצושפּאַרן, ווי אין עפּעס אין וואָס זיך אַנצוהאַלטן, ליגט ביי אים אויפ׳ן טיש אַ גאַנצער פּאַק מיט בי־כער. אַט ליגן:

“Labor in Europe and America;” History of the United States;” Wages and Cost of Living;” Old and New World Contrasts.”

אַלדד קוקט אין די ביכער, ער האַלט אין איין פאַרגלייכן דאָס מיט יענעם. ער האָט שוין איצט אין די אויגן אַנגע־הויבן לייענען ביכער מיט אַ ריין עקאָנאָמישן אינהאַלט. און

ווען ער האָט, לייענענדיק אפילו שפּינאָזאַ'ן, געקומען צו אַזאַ מין זאַץ

"Since every man by the laws of his nature desires that which he deems good, and endeavors to remove that which he deems bad, and further, since that which he, in accordance with reason, deems good or bad, necessarily is good or bad, it follows that man, in so far as he lives in obedience to reason, necessarily do only such things as are necessarily good for human nature, and consequently for each individual man. In other words, such things as are in harmony with each man's nature. Therefore, men, in so far as they live in obedience to reason, necessarily live always in harmony one with another."

האָט ער דעם זאַץ איבערגעשריבן אים אויף אויסווייניק אויסגע־חזר'ט, און דערפון הנאה געהאַט.

— עס וועט מיר ערגיץ צונוצקומען, — האָט ער געטראַכט, — יעדע זאַך און יעדער געדאַנק קען אַמאָל ערגיץ צונוצקומען. אַ מענטש דאַרף האָבן אַ זאַפּאַס.

אלדד האָט שוין פאַרנומען אַ קליינעם צימער אין דעם גרויסן שאַפּ. פאַר זיך אַליין אַ קליינעם צימער. פון דעם צימער האָט אַ טיר געפירט גלייך אַריין צו מרדכי עטינגער'ס פּרי־וואַטן אָפיס. יעדעס מאָל קומט עמיצער אַריין אין זיין צימער; יעדעס מאָל גייט ער אַריין צום פעטער אין אָפיס.

— יאָ, יאָ, — שאָקלט מרדכי עטינגער צו מיט'ן קאָפּ, — עס איז אַ פיינער איינפאַל, אַ גוטע אידייע, אין דינע זעק וועט זיין גרינגער צו פּאַקן, דורכ'ן יאָר וועלן מיר שפּאָרן אַזוי פיל אויף טראַנספּאָרטאַציע, זייער אַ גוטער איינפאַל.

מרדכי עטינגער באַנוצט שוין זעלטן דאָס וואָרט „איך". שטענדיק זאָגט ער שוין „מיר". ער שיינט פון גליק, עס ליגט צעלייגט אַ רואיקייט אויף זיין פּנים, אַ זיכערקייט אין זיין טאָן — זייער אַ גוטער איינפאַל.

— און ווען איר פאָלגט מיך, וואָלט איר זיך ניט גע־

איילט מיט׳ן פארקויפן, — רעדט שוין אלדר וועגן עפעס אנ־דערש.

— וויפיל, דיינקסטו, קען מען שפארן א יאר? — פרעגט עטינגער ווייטער.

— נאכ׳ן שכל נאך מוז זיך הויבן דער פרייז — ענטפערט עפעס אנדערש אלדר.

אלדר האט געוואלט אז מרדכי עטינגער זאל גלייך אריבער־גיין אין די בענק און דיסקאנטירן אלע וועקסלען, וואס ליגן ביי אים אין דער פייערקאסע, און פאר די געלט איינקויפן אזוי פיל סחורה, וויפיל מען קען נאר.

— עס איז אבער קעגן מיין מנהג — זאגט עטינגער, — איך פיר זיך, אז ווען א מענטש גיט מיר א וועקסל, האלט איך עס. מען מוז דאך אויך אריינגיין אין יענעמס לאגע!

—און ווי אז יענער האט ניט? — פרעגט עטינגער.

— באנייט מען דאס וועקסל.

— וואס הייסט?

— אזוי פירט מען געשעפט.

— און ווי וואלסטו געטאן?

— איך וואלט אזוי געטאן...

זיי האבן נישט פארענדיקט דעם שמועס. דער טעגליכער טומל אין שאפ איז זיך צעוואקסן, וועגענער אנגעלאדן מיט פעק זיינען געשטאנען פאר דער טיר, מענטשן זיינען געקומען און גע־גאנגען; איבער׳ן שאפ האט זיך געיאגט דער אימפעט פון שארנדיקע הענט איבער גלאטע טישן; עס האבן ווי אטאמאטן זיך געגליטשט א מין צו א מין; איבער׳ן אפים האט זיך גע־טראגן דאס טעמפע קלאפן פון שרייבמאשינען. ערגעץ האט געקלונגען א טעלעפאן. די באלעגאלעס האבן זיך געשאלטן. מענער מיט פארגעלטע פנימער איינגעטונקען אין שטויב האבן געהוסט אין דער דאלאניע אריין. אויף הענגענדיקע שטריק האבן זיך געהוידעט עלעקטרישע לעמפלאך און ווי געוואונקען פון די פענסטערע ווינקלען ארויס. הו־און־הא און טומל פון מאשינען, און איבער דעם אלעמען דאס געוואלדיקע שווייגן פון די מענטשן ביי די טישן, וואס שווייגן שטענדיק, ווען זיי פילן, אז ערגעץ באהאלטן אין א צימער זיצט מרדכי עטינגער.

אלדד איז שוין ווידער ביי זיך אין צימער. ער האט א געפיל אז ער איז געבליבן שולדיק אן ענטפער צו מרדכי עטינ־גער'ן — „איז ווי וואלסטו געטאן ?" ער קען שוין נישט איינ־זיצן, ער רוט שוין נישט, ער זעצט זיך אוועק איבער א בויגן פאפיר און שרייבט אן א גאנצע ריי מיט פלענער — דעם איצ־טיקן שאפ וואלט ער פארוואנדלט בלויז אין א ווערקשטאט, דעם אפיס וואלט ער אריבערגעפירט ערגעץ ארויף שטאט, נאענטער צו די בירזשעס און גרויסע געשעפטן; געקויפט וואלט ער בלויז פאר מזומן. שטענדיק וועט ער צאלן מיט א סענט אדער צוויי ביליקער. גלייך ביים אריינגאנג וואלט ער אויסגעמאלט אזא מין שילד — „ווער עס נויטיגט זיך אין מזומן, זאל קומען אהער. מיט א סענט ביליקער אויפ'ן פונט וועט איר גלייך באקו־מען אייער געלט". און צו די בענק וואלט ער אזוי געזאגט — „ווילט איר האנדלען מיט דער עטינגער וואולן קא. און אריינ־נעמען דעם האלבן מיליאן מסחר, וואס מיר טוען א יאר, דאן מוזט איר אונז אסיגנירן א קרעדיט פון פינף־און־זיבעציק טויזנט דאלאר א יאר. און צום סוף וואלט ער אליין, דירעקט, אנגע־הויבן אימפארטירן און עקספארטירן קיין אויסלאנד. אלדד האט אויף א באזונדערן שטיקל פאפיר מיט א קארעקטער האנטשריפט אויסגערעכנט וויפיל עס פאלט אפ יעדן יאר פאר'ן קאמיסיאנער.

זיין פנים האט שוין געפלאמט. זיין הארץ האט אין אים געקלאפט. ער האט שוין געהאט אלע פאפירן צוגעגרייט. און נאך איידער די טינט איז אויף דעם בויגן פארטריקנט געווארן, האט ער שוין געהאט נייע פלענער. פונקט ווי אמאל אויף א פארזאמלונג, ווען די קעפ פון די פארזאמלטע האבן פאר אים אויסגעזען ווי א וואלד, און ער האט מיט פארמאכטע אויגן גע־זען די באוועגונג פון די קעפ, ווי בוימער אין א שטילן ווינט, — האט זיך דעמאלט זיין בלוט אין אים צוקאכט, און שטאליקע רייד זיינען געפאלן פון זיין מויל, — אזוי האט ער אויך איצט מיט ברענענדיקער התלהבות אויסגעלייגט איין פלאן נאכ'ן אנ־דערן, איין פלאן נאכ'ן צווייטן און אומגעדולדיק געווארט אויפ'ן פעטער, פאר וועמען ער וועט די פלענער אויסלייגן. הערי ! ווארט נאך א יאר און נאך א יאר! די „עטינגער וואולן קאמפאניע" מוז זיין דאס גרעסטע וואל־געשעפט אין דער

דאזיגער שטאט! דאס גרעסטע וואל־געשעפט אין דעם דאזיקן לאנד! אלדד האט אויף א ווײַלע אינגאנצן פארגעסן פון וואנען ער קומט, אויף א ווײַלע האט ער שוין אפילו פארגעסן אין זײַנען חברים — זײַנען הויזן זײַנען געפרעסטע, ער האט א ליולקע פון רײַנעם בורשטין; ער האט שוין געשריבן א בריוו בעקי״ן; אין א נאסן רעגן זײַנען זיי ארומגעגאנגען א שעה און צוויי און נישט געפילט ווי די שעה׳ן לויפן. אלדד איז היינט אהיים געגאנגען מיט א קלאפנדיק הארץ.

עס האט געטראפן מיט אלדד׳ן אן אומאנגענעמע פאסירונג: אים האט דערנאך פאר א לאנגער צײַט פארפאלגט אט־די פאסירונג. ער האט געהאט דאס געפיל, ווי אײַנער וואס פארעט זיך ארום א נבלה, און וואו ער גייט, הערט ער דעם ריח פון דער נבלה. עס איז געווען נאכמיטאג. מרדכי עטינגער איז געווען, ווי געוויינלאך, אוועקגעגאנגען. די ארבעטער האבן געארבעט. דייוו איז געשטאנען אין דרויסן און געהאלפן אנלאדן די וועגענער מיט די פעק און גרויסע באלן. אלדד איז געזעסן בײַ זיך אין צימער, מיט א בלײַשטיפט אין זײַן האנט האט ער געהאלטן אין אויסרעכענען א פלאן. ער האט געטראכט — אז אויב די וואל, וואס געפינט זיך איצט אין שאפ, זאל קענען ארויסגעשיקט ווערן ביז׳ן ערשטן פון חודש, וואלט ער דעמאלט פראפיטירט א גאנצן חודש פון איבערדרייען זיך מיט פרעמדע געלט, און ער וואלט געקענט מיט דער זעלבער סומע פונקט פארדאפלען דעם חודש׳׳דיקן אײַנקויף. דארף מען אבער צוליב דעם אנשטעלן עקסטרע מענטשן, און די מענטשן וועלן דארפן ארבעטן עקסטרע צײַט, איז וויל ער דאס אויסרעכענען צי וועט זיך דאס אים לוינען.

האט זיך פונקט דמאלט, אז א קלאפ, געעפנט די טיר, און עס איז ארײַנגעקומען דייוו. דייוו׳ס פנים איז געווען בלאס, און ער איז געווען צוטראגן. זײַן לאנגע דארע נאז איז געווען אנגעצויגן, ווי א סטרונע, זײַנע אויגן זײַנען געווען צו דער ערד אראפגעלאזטע, די אדערן איבער די דינע באקן האבן געצוקט, דאס מויל פארשלאסן, און דער קנאפ איבער׳ן גארגל האט אזוי

געשפרונגען אז עס האָט זיך געדוכט, אז צו יעדער מינוט וועט עפּעס אינווייניק אַרויספּלאַצן מיט אַ געוואַלדיק געשריי.

דייוו האָט זיך צוערשט געמאַכט גלייך ווי ער זאָל עפּעס זוכן. ער האָט זיך געדרייט אַרום דער פּייערקאַסע, אַרום דעם גרויסן שרייבטיש. ער איז אַרונטערגעקראָכן אונטער'ן טיש און איז צוריק אַרויסגעקומען אינגאַנצן אַן אויסגעשמירטער. מיט־אַמאָל איז ער צוגעקומען צו אַלדד'ן, אויף אים אַנגעשטעלט אַ פּאָר רויט פאַרלאָפענע אויגן, און מיט צוזאַמענגעדריקטע פויסטן האָט ער זיך גלייך אויף אים פאַרמאַסטן.

— דו האָסט זיך אַריינגעריסן אין מיין אַרבעט, — האָט ער נישט מיט זיין קול געשריען, — איבער דיר האָט מיך דער טאַטע אַריבערגעשיקט צו די אַנלאַדערס, אויב דו געהסט נישט אוועק פון דאַנען, וועל איך דיר אויסהאַקן דיינע ציין.

אַלדד איז געבליבן זיצן אַ צוטומלטער, און ווייל אַ צוטומל־טער, האָט ער אים געלאַכט גלייך אין פּנים אַריין.

— דו לאַכסט נאָך! — האָט שוין דייוו נאָך העכער געשריען, ווי מיט באַנומענע קולות — דו גרינהאָרן! דו ווילסט מיין טאַטענ'ס פאַרמעגן אַפּנעמען! און ער האָט אויפגעהויבן זיינעביידע שווערע הענט און מיט זיין גאַנצן כח האָט ער זיי אַראָפּגעלאָזט גלייך אַלדד'ן אין פּנים אַריין.

אַלדד האָט זיך איבערגעקערט. ער איז אַראָפּגעפאַלן פון דעם שטול, פון דער נאָז און פון זיין מויל האָט גערונען בלוט. און פאַלנדיק איז ער מיט דער רעכטער פּוס אַריין צווישן דעם טיש און די וואַנט, און ער האָט אויסגעלונקען דעם פּוס, ער האָט זיך קוים געקענט אויפהויבן.

צום סוף האָט ער זיך אַריינגעשלעפּט אין אונטערשטן חדר אַריין. מיט קאַלטע וואַסער האָט ער איינגעהאַלטן דאָס בלוט. דאָס צימער איז נאָכהער געווען באַשפּריצט מיט טרו־קענע רויט־שוואַרצע פלעקן. ווען מרדכי עטינגער האָט אים נאָכהער געפרעגט, וואָס עס האָט געטראָפן, האָט ער געזאָגט: אַז דורך דעם אָפענעם פענסטער פון אָפיס איז אַריינגעפלויגן אַ באָל מיט אַזאַ קראַפט, אַז ער האָט פּשוט אָפּגעשפּילט מיט גליק, וואָס ער איז נישט דער'הרג'עט געוואָרן.

מרדכי עטינגער האָט אַ פאַרזאָרגטער געזאָגט — זיי זייַ־

נען ווילדע, די אַמעריקאַנער בחורים, אַכצן און צוואַנציק יאָריקע בחורים שפּילן זיך נאָך אין באַל, פּונקט ווי קליינע קינדער.

אַ פּאָר חדשים האָט אלדד געהונקען אויפ'ן פוס. פון הויז פלעגט ער אַוועקגיין שפּעטער און אַ היים קומען פריער. זיין מומע האָט מיט מוטערלאַכער צאַרטקייט זיך געדרייט אַרום אים; דייוו האָט אַן אַנגעכמורעטער אים אויסגעמידן; אסתר האָט איינמאָל ביים עסן, ווען מרדכי עטינגער איז ניט געווען, געזאָגט: וואָס דען קריכן זיי אַריין אומעטום און פאַרכאַפּן אַלעס, זאָלן זיי גיין צוריק קיין רוסלאַנד, אַהין פון וואַנען זיי קומען! מיר דאַרפן זיי דאָ נישט!

אלדד האָט געטרויסט די מומע:

— אַלעס גייט צו אין בעסטער אָרדנונג, מיין פוס היילט זיך, איך וועט, אַז אין אַ וואָך אַרום וועל איך שוין קענען לויפן אַרום און אַרום דעם סענטראַל פּאַרק.

# 1

— איז שוין טאקי אזוי גיך מקוים געווארן אראנ'ס נבואה?
ניינצנזיבעצן... ניינצנאכצן... ניינצנצוואנציק...

עס איז ניט מקוים געווארן אראנ'ס נבואה.
אראנ'ס נבואה וועט קיינמאל נישט מקוים ווערן.
עס איז גאר מקוים געווארן עפּיס אנדערש.

אלדד'ן האט איצט, נאך מער ווי פריער אנגעהויבן פארפאלגן, און אינוויייניק אין זיין נשמה האט ער אנגעהויבן נאכזינגען זיין חבר'ס לידער. אלדד האט נאכגעזונגען דאס געזאנג.

„א דאנק אייך, גוטע מענטשן, פאר טיי און פרישן ברויט;
„מיין פערד צום פארן ווייטער אן איינגעשפאנטער שטייט.
איך האב געזען אייך איינמאל, און וועל ניט זען שוין מער.
„מיין וועג איז ווייט, וועל קיינמאל נישט קומען מער אהער".

ער האט נאכגעזונגען די לידער, ער האט מקנא געווען דעם חבר, ער האט אליין געוואלט שרייבן. ער איז געווארן אנדערש, ניי, פארטיפט, אנדערש פארקלערט. וואלט אים אפּגעשטעלט זיינער א חבר און געפרעגט: „וואס איז געווארן מיט אלדד'ן און ווארום זעט מען אים נישט?" וואלט ער נישט געוואוסט וואס צו ענטפערן; נאכמער, ער וואלט זיך גע'חידוש'ט אויף אזא מין פראגע — די חברים וואלטן געמאכט א טעות, ווען זיי וואלטן געמיינט, אז ער איז, אזוי ווי זיי פארשטייען, אן אנדערער געווארן; אז ער האט זיך איבערגעבראכן, אז ער איז צו־שנעל אוועק אין א ניי פרעמד לעבן און אז דאס איבערברעכן זיינס איז געקומען שנעל און פאלש — עס וואלט געווען נישט אמת, אט די אלע רייד — ווייל ער איז נישט מער ווי אויסגעוואקסן; זיינע אויגן האבן איצט געגלאנצט מיט א ניי פייערל, ער איז ארייינגעכאפּט געווארן אין א ניי אימפּעדיק לעבן, און עפּיס צאפּלדיק־אויפרעגנדיקס — אלדד דארף דערויף רעאגירן; ער דארף דאס אלץ נייע דורך

זיך אַליין דורכלאָזן, באַהויכן עס מיט זיין אייגענעם אָטעם, באַוואָרעמען מיט זיין אייגן בלוט; ער איז אפשר בלינדער־היים שוין איצט געווען דאָס, וואָס זיין חבר צאַלקע איז געווען — גאַנץ, טיף, באַוואוסטזיניק, לעבעדיק — לעבעדיק, פּונקט ווי דאָס לעבן אַליין, איז ווי אַזוי קען אַ מענטש אַ לעבעדיקער נישט באַלעבן דאָס, וואָס עס קומט אין זיין לעבן פאָר?

און פאַרגעקומען אין זיין לעבן איז איצט אַ סך.

ער איז געוואָרן צוואוואקסענער, ברייטער, טאַקי פּשוט אין גוף — אַ הויכע ברוסט, אויסגעפּילטע באַקן, ברייטערע פּליי־צעס און אַנטוויקלטע מוסקולן. און דער שטח פון זיין פאַר־נעם איז שוין איצט געווען אַ מיילן ברייטער. סאָציאַליזמוס איז דאָך נישט קיין אידייע באַגרעניצט אין די אייגענע פיר איילן — סאָציאַליזמוס איז די גאַנצע וועלט — מענער אַקערן דאָס פעלד, בויערער בויערן לעבער אין שטאָלענע באַלטשואַסעס; מאַמעס האָדעווען קינדער; מאַן און ווייב האָבן זיך ליב און מאַן און ווייב האָבן זיך פיינט; סוחרים נאַרן אָפּ איינער דעם צווייטן; אַ פרוי זינדיגט אונטער דעם מאַנ׳ס פּלייצעס; דיכ־טער זינגען פאַלשע געזאַנגען; אויבנאָן זיצט דער, וואָס דאַרף זיצן אונטן; דער כח פון דאָלאַר איז שטאַרקער פון גאָט; דיין ליבע, דיין פריינדשאַפט וועט מיר צוניצקומען, ווען איך וועל קומען אין דער הויכער עלטער; איצט וויל איך הונ־דערט דאָלאַר אַ וואָך, טויזנט דאָלאַר אַ וואָך, דעם געלן שימער פון גאָלד וויל איך, דעם פאַר׳שיכור׳טן רויש פון שמעקנדיקן פּאַרפיום, זאָל עס אַפילו זיין אַ פאַלשער ריח; באַדעק מייז לייב מיט ווייכן זייד, באַדעק דיין אייגן לייב מיט ווייכן זייד, און דעמאָלט ערשט וועל איך נעמען דיין חכמה און דיין קלוג פּנים, ווי אַ קלוג צוגעטראַכטן אָרנאַמענט — אין דרויסן גייט אַ רעגן און אין דרויסן גייט אַ שניי — אויף הויכע בערג פאַרגייט די זון; איך הער אַ קול: בלייב שטיין! בלייב שטיין! און אָט זע איך אַ נייע וועלט, אַ נייע שטאָט; די שטאָט איז דורכגעלעכערט מיט מיליאָנען דראָטן און רערן און נעצן; ווי דורך כישוף באַווייזן זיך אינמיטן הימל געדרייטע גרויסע בוכשטאַבן און שטייען אַזוי אַ מינוט אָדער צוויי; פון אַלע הייזער קוקן פענסטער מיט פאַרשלייערטע, באַהאַלטענע

סודות; ביי פרעמדע שווערע טירן שטייען נעגערם אין בלויע יוניפארמען מיט אפגעגילטע קנעפ און שמייכלען פאלש; די גרויסע שטאט איז הארט, און שטיין, און גרויזאם, און טיף ביז אין די געדערים איז זי געפלאסטערט, צום טייפל! אלצ־דינג קלינגט דאך אפ מיט אזא שארף ווידערקול — ביז איך דען טויב?

און די מלחמה אויף יענער זייט ים? גאט האט אנגע־צונדן א פייער — דער וואולקאן דערנעענטערט זיך שוין אהערצו, צו די היגע ברעגן; גאט'ס פייער האט אנגעצונדן די גאנצע וועלט; דאס פייער טוט זיך קנוילן ארום און ארום דער וועלט. וועלן מיינע אייגענע פיר ווענט פארברענט ווערן אין דעם וועלט'ס פייער? אויב מיינע אייגענע פיר ווענט וועלן נישט פארברענט ווערן אין דעם וועלט'ס פייער, וועל איך זיי אליין אונטערצינדן... איך וויל נישט שטיין מחוץ למחנה... אין אומגליק ווערן אלע מענטשן נאענט, אלעמענס גליק, ווערט איין גורל — און אויב דאס אומגליק וועט ברענגען גליק, וויל איך אויך מיין חלק... מיינט נישט איר אלע, אז זיין א אינדיווידואליטעט מיינט שוין זיין אין שלום מיט זיך. פאר־קערט, זאל יעדער פון אונז אין א באזונדערן ווינקל פאלירן און שארפן זיין אייגענעם איך. נאר דער האט א רעכט צו זאגן וועגן זיך — איך — ווער עס קען אין זיין שטרעבן אויס־שמידן א זיגרייכע נשמה אנטקעגן דעם כאאס וואס באפאלט אים פון אלע זייטן. דער געדאנק פון אונזער צייט וויל א לעבן פון רעכט. דער מענטש וויל האבן דאס באוואוסטזיין, אז מיט יעדן ציטער פון זיין נשמה נעמט ער אן אייגנטייל אין דעם אומאויפהערלאכן קאמף. וויכטיק איז נישט, וואס דו וועסט אויסמיידן, נאר דאס, וואס דו וועסט באשאפן אין דעם רויען פרעמדן. טראג צו צו דעם דיין נשמה, דיין רו און אומרו; גיי צוזאמען מיט דריי מיליאן אידן, טרעט אויס צוזאמען מיט זיי דעם נייעם פרעמדן באדן — אפשר וועסטו האבן כח אנצוא־ווייזן דעם אמת'דיקן וועג פון יושר.

אלדד'ס יעדער נערוו איז אנגעצויגן; זיין יעדער מוסקול צוקט; א נייע וועלט נעמט ארום זיין ליב און זיין הארץ. ער איז יעדע מינוט פון טאג מיט עפּיס אנדערש פארנומען.

ער לויפט און האנדלט און לעזט און טראכט. ער וואלט זיך גע׳חידוש׳ט אויף דער פראגע, ווען מען פרעגט אים: „וואס איז פון דיר געווארן" — א סך זאכן זיינען געווארן... גאר־נישט איז געווארן... עס האט זיך אים שוין אינגאנצן אויס־געהיילט דער פוס. מיט דייוו׳ן באגעגנט ער זיך שוין פנים לפנים און עס איז אלרייט. אלעס איז שוין אלרייט. אט איז אנגעקומען דאס יאר 1918, דאס יאר פון שפע און הצלחה פאר מרדכי עטינגער׳ן.

אלץ הייסט שפע און הצלחה — ווייסט איר ווי אזוי עס האט זיך אויפגעבויט דאס נייע, רייכע לאנד? ווייסט איר, ווי אזוי עס האט זיך אויפגעבויט די גרויסע רייכע שטאט, און צי ווייסט איר ווי אזוי עס וואקסט אויס א גרויסער, רייכער מענטש אין דער שטאט? העי, ווארט א ווײלע! צוערשט גייט נישט צו אלץ אזוי גלאטיק! צוערשט האט זיך דאס דאזיקע יאאר אנגעהויבן מיט שרעק. אין דעם חודש אפריל פון דעם יאר 1917 האט אמעריקע ערקלערט קריג צו דייטש־לאנד. איין ווארט! און עס קנוילן זיך שוין גרוילאכע בילדער איבער די ווענט־הויכע כוואליעס פון דעם גרויסן אקעאן. מיליאנען קונדסים קורצע און קיילאכדיקע אנגעטאן אין גרויען און אין שווארצן קאטשען זיך און קוליען זיך ווי בייכיקע פע־סער אריבער דעם אטלאנטיק. די כוואליעס ביים ברעג פון קוני־איילאנד האבן פארטראגן אן אויליקע בלאטע פון אונטער־גייענדיקע שיפן. מען קען זיך נישט באדן אין קוני־איילאנד. דאס לייב ווערט איינגעקלעפט אין אויליקער פעטקייט. קלייגע קינדער און ארעמע פרויען קריכן ארום ביים ברעג ים, זייערע הויזן זיינען פארקאטשעט, די קליידער איינגעשפיליעט מיט שפילקעס, און זיי ווארטן אויף די פארלוירענע אוצרות, וואס זיינען מיט די שיפן אונטערגעגאנגען. שווארצע, פינסטערע טעג קארטשען זיך צאפלדיקע איינע נאך די אנדערע. אלע יאש־טשערקעס און מכשפות האבן אויפגעעפנט זייערע רויטע מויי־לער און ווארפן אראפ פון זייערע גיפטיקע צינגער גליענדיקן פעך. עס איז שוין אנגעפילט די גאנצע לופט מיט גליענדיקן פעך, מיט שטיקנדיקן רויך. — פון וואנען האט זיך גענומען אין מיטן חודש אפריל אזא שטינקנדיקער רויך? צענדליקער,

הונדערטער גרויסע שיפן שטייען אומגעדולדיקע פאראנקערט ביי די ברעגן פון די וואסערן; פון זייערע הויכע קוימענס זעצט א שווארצער רויך, גרויער הימל, אויסגעמישט מיט צונגען רויטן פלאם. אפילו די זון איז באפלעקט מיט בלוט־שווארצע פלעקן.

מכשפות, קוקנדיק אויף דער באפלעקטער זון, האבן מיט זייערע פארקרומטע, צאנלאזע מיילער נביאות געזאגט פון דעם שווארצן טאג, אין וועלכן די וועלט וועט אונטערגיין — די וועלט וועט אונטערגיין, די וועלט וועט אונטערגיין! דאס איז די מלחמה פון גג ומגוג. עס שטייט בפירוש אין דער תורה געשריבן, — נאך דער גרויסער מלחמה פון גג און מגוג וועט די וועלט אונטערגיין. די מכשפות האבן זיך געפרייט; זיי האבן געשריען הורא; מענטשן זיינען געלאפן צו די דאזיקע מכשפות. גאלדענע שטיקער האט מען געווארפן אין זייערע אפענע פאדאלקעס אריין. מיט שרעק האט מען זיך צוגע־הערט, ווי פון זייערע איינגעשרומפענע באקן און פון זייערע רויטע יאסלעס האט זיך ווי א טויטע נאסע זאך אראפגעגליטשט דאס גרויליקע ווארט — אין דעם יאר אזוי און אזוי וועט די זון אויפגיין א שווארצע; אלע טייכן און אלע ים'ן וועלן ארויס פון זייערע ברעגן; וועלדער וועלן ברענען; דאס ים'יקע וואסער וועט אויף דעם פייער קיין שליטא נישט האבן — א ברודער וועט שטעכן זיין אייגענעם ברודער און ער וועט אפילו נישט וויסן צי עס איז דער אייגענער ברודער; ווי מחנות רויב־פויגלען וועט זיך אראפלאזן די ארמיי און וועט צופרעסן יעדעס גרעזעלע, — דער סוף פון דער וועלט וועט קומען אין דעם יאר אזוי און אזוי.

עס ווערט מקיום דאס נביאות־זאגן פון די מכשפות. אט האבן שוין די דייטשן געזונקען אן אמעריקאנער שיף. דייטשישע סובמארינען לויערן שוין ביי די אמעריקאנער ברעגן. ערגעץ האט מען שוין געזען פליען לופטשיפן; ערגעץ איז קאנטארן פארשלאסענע גייט אן א פיבערדיקע טעטיקייט. מען גיט ארויס באפעלן פארבארגענע; אונטער פאריגלטע טירן גייען ארום מענער פארקומערטע, מיט ברעמען אנגעכמור־רעטע, מיט אטעמס איינגעהאלטענע, מיט הערצער קלאפ־קלאפנ־דיקע. אט האט מען שוין אנגענומען דעם באשלוס — דער

פרעזידענט האט ערקלערט קריג. ער איז געווען דעמאלט אנגעטאן ווי צו זיין חתונה, דער פרעזידענט, מיט דעם הויכן שווארץ־זיידענעם „סטאוו־פייפ“, מיט׳ן שווארצן „קאט־א־וויי“. א בלום האט געשטעקט אין זיין לאץ, די שפיגלדיקע פענסנע זיינען זיכער געלעגן אויף זיין גלייכער נאז. ער האט זיך אוועקגעשטעלט און מיט א קלארער, עטוואס ציטערנדיקער שטימע, האט ער געלייענט פון א גרויסן בויגן פאפיר. די שטימונג איז געווען א געהויבענע; די פנים׳ער צופלאמטע. גלייך נאכ׳ן לעצטן ווארט דעם פרעזידענט׳ס, האט איבער דעם רייד־דעקארירטן פארזאמלונגס־זאל א זעץ געטאן פון הונדערטע מעשענע טרובעס די „סטאר ספענגלד בענער“. מענער זיינען געפאלן אויף די העלדזער, רייכע אריסטאקראטישע דאמען האבן זיך געקושט, טרערן זיינען געשטאנען אין זייערע אויגן — אט קומט דאס לאנג־ערווארטעטע... אט הויבט זיך עס שוין אן...

עס האט זיך אנגעהויבן.

טעג און טעג פול מיט איינגעהאלטענער עקספלאזיע שטייען גרייט יעדע סעקונדע ארויסצופלאצן מיט׳ן הימל־הויכן קנאל. שוין געפלאצט — א וויבער דרייט זיך ארום זיך אליין — ווארפט מען אהין אריין א מעסער, זעט מען רויט בלוט, ווארפט מען אהין אריין א מענטשן, ווערט ער באלד פארשלונגען — נאך א מענטש, נאך א מענטש, הונדערטער, טויזנטער, מיליאנען — דאס לאנד איז רייך און יונג — הויב זיך העכער, וויבער, ארבעט טאג און נאכט... קנויל זיך, דריי זיך, מיר האבן נאך דא טאקי אזוינס נישט געזען — מיר ווילן עס זען.

דער וויבער דרייט זיך. זעכציק, זיבעציק, הונדערט מייל ארום זיך אליין דרייט זיך דער וויבער — פארלעשט אלע פייערן! האלט אייז דעם אטעם! זאל זיין פינסטער און שטיל. אט קומט עס, אט איז עס שוין דא — עס איז שוין דא.

עס האבן אנגעהויבן פאלן די געשעפטן, ווי פון עמיצנס א באפעל האבן אלע מענטשן אראפגעלאזט זייערע קעפ. עס איז אפגעווישט געווארן די נעכטיקע פרייד. מענער גאלן נישט די בערד; ווייבער האבן גרויסע בייכער. איז אז עת צרה שווימט ארויס דער מענטש א נאקעטער, אזוי ווי ער איז, מיט גרויסע בייכער, מיט דער באָרד אויפ׳ן פנים — מארגן אדער

איבערמאַרגן — היינט איז גוט אַזוי; היינט איז סיי ווי פינסטער אין גאַס — מען שפּאַרט שוין ליכט, מען שפּאַרט שוין די עלעקטרישע קראַפט, מען שפּאַרט יעדעס פּיצל ענער־גיע. דאָס איז אַ ברייט גרויס לאַנד. מיט עלעקטרישע דראָטן איבערן גאַנצן לאַנד. ווי דורך אַ צויבערהאַנט איז דאָס גאַנצע לאַנד אין איין נאַכט פינסטער געוואָרן, איבער'ן גאַנצן לאַנד האָט זיך צעטראָגן עמיצנס אַ מעכטיק קול — עקאָנאָמיע, עקאָנאָמיע — און מען שפּאַרט אַפילו אַ שוועבעלע.

— גיב מיר צו פאַרויכערן —

— נאַדיר פייער —

איינער נעמט ביים אַנדערן פייער. אַזוי אויף שטום־לשון, לייגט מען צו אַ מויל צו אַ מויל, מען פּיפּקעט און מען ציט אַזוי לאַנג, ביז עס גיט אַ פלי אַ טליענדיקע פונק אַוועק אין דער לופטן אויפגעכאַפּט און פאַרטראָגן פון דעם ווינקלדיקן ווינט.

דער ווינקלדיקער ווינט דרייט זיך און דרייט זיך און טראָגט אַרום אויף זיינע פליגלען עמיצנס אַ בייז געשטאַלט; קליינע גלעקלאַך זיינען איינגענייט אין זוים פון זיין קלייד, דאָס געשטאַלט צובלאָזט נאָך מער דעם ווינט, פון דעם ווינט אַרויס הילכן אָפּ, ווי קליינע קלעפּ פון אַ הילצערנעם האַמער — קומט אַהער, איר וואָס האָט פּריש בלוט אין די אָדערן! מיר דאַרפן אייערע זין און מיר דאַרפן אייערע טעכטער — מיר דאַרפן אייערע ווייַנען און מיר דאַרפן אייער געזאַנג — מיר דאַרפן, מיר דאַרפן. שטעלט זיך אויס אין רייען, מיר דאַרפן ציילן אייערע קעפּ — איינס און צוויי און צען און טויזנט אַ'ן מיליאָנען — מיליאָנען קעפּ דאַרפן מיר...

אַז אימה איז באַפאַלן די שטאָט. אין אַלע טירן האָט אַנ־געקלאַפּט דאָס אומגליק, רויטע צלמים האָבן באַקלעפּט די פענסטער, מאַמעס האָבן אָנגעהויבן ציטערן איבער זייערע זין. הויכע קוימנס פון גרויסע פאַבריקן זיינען געבליבן שטיין צו־שראָקענע און שטיל איינגעהאַלטן די רויכיקע אָטעמס, דאָס פּייפן פון זאַוואָדן איז געוואָרן הייזעריק און צום סוף אינגאַנצ: פאַרשטומט געוואָרן. מען האָט געטריבן מענטשן פון די היימען. פון די ברעגן ביים האַדסאָן און איסט־ריווער האָט מען אויסגע־ליידיגט די הייזער; אַפּענעם שרעק האָט מען אַריינגעבלאָזן

דורך די פענסטער, און אזוי דערנאָך מיט פאַרהאַקטע טירן געלאָזט די שרעק זיך צולייגן ביז אַרויף צו דער סטעליע צו. די סעקאַנד עווענוי, פינפטע עוועניו און בראָדוויי זיינען געבליבן ברייט און פוסט און פינסטער. פינסטערע שטייען די האַלב באַלויכטענע שויפענסטער, די לעמפּלאַך פון די גרויסע שילדן זיינען אַרויסגעריסן, ווי מיט רויע לעבער, פון אַרויסגעריסענע אויגן קוקן איצט די שילדן מיט נאַקעטע אויגן אַריבער דער גאַס. די קאַפּע „סטרענט" איז פאַרלאָזן און האַלב פינסטער; די שיינע מוידן פון יענער קאַפּע דרייען זיך אַרום פוסט און פּאַס, שמירן מיט שמיראַכצן זייערע נאַקעטע ליטקעס, טריקע־נען די געוואַשענע האָר ביים זוניקן פענסטער, און כּדי עס זאָל די תּאווה זייערע נישט איינשלאָפן, קיצלען זיי זיך איינע די אַנדערע אונטער די פּאַכוועס.

קליין, איינגעשרומפּן, געזונקען ביז צו דער ערד גייט אַרום אַ גאַנצע שטאָט; און ווען עס איז מיטאָמאָל אָנגע־קומען אַ נייער טאָג, באַלויכטן מיט אַ פרישן יונגער זון, און די מענטשן האָבן אַרויסגעשטופּט די קעפּ פון די פענסטער אַרויס, האָבן זיי מיטאָמאָל דערזען אַ ניי בלענדענדיק ליכט — אין גרוי און אין געל, אין זילבער און אין גאָלד זיינען איבער די גאַסן אַרומגעגאַנגען יונגען מיט אַ גלייך ריטמישן שפּאַן. די גאַסן זיינען געווען פול מיט זייער יונגקייט, פון זייערע אַקסלען אַנטקעגן דער זון האָט אַראָפּגעגלאַנצט שטאָל און אייזן. זיי־ערע פּנים'ער האָבן געגליט אין זייער צעפלאַמטקייט, די דינע פיס זיינען געווען געוויקלט אין שמאָלע בענדער — גרוי און געל, זילבער און גאָלד האָט זיך צעשפּרייט פון איין עק שטאָט ביז דער צווייטער — עס איז געווען אַ פולער דרויסן מיט סאָל־דאַטן.

## 2

ביי מרדכי עטינגער'ן ליגט אַ פולער שאַפּ מיט סחורה. פּעק און זעק און באַלן פון אַלערליי וואָל ליגן אָנגעלייגט ביז צו דער סטעליע; און ווען מען זאָל אַראָפּנעמען די ערשטע ריי מיט זעק, וואָלט מען גלייך דערזען אַ צווייטע ריי, אַ דריטע און אַ פערטע, אַזוי טיף אַריין ביז צו דער נאַסער אָפּ־געקאַלכטער וואַנט. און מענטשן קומען נאָך און נאָך, פון

אינדערפרי ביז'ן שפעטן אוונט אריין, מיט כל המינים מציה'ס, מיט אלערליי בעטענישן און אויף יעדנס פנים ליגט פון אויבנ־אויף צוליינט די שרעק און די זארג :

— פאר מזומן וועלן מיר פארקויפן בחצי חינם — שרייען אלע אין איין קול, — נעמט, רב מרדכי, און גיט אזוי פיל, וויפיל איר אליין ווילט. גאט האט אויף דער וועלט אנגעשיקט א שרפה, פון א שרפה קען מען בלויז ראטעווען דאס העמד אויפ'ן לייב.

די מענטשן פארמערן זיך. עס וואקסט דער טומל און דאס שרעקעדיקע צאפלעניש. מען שטייט שוין אין רייען. אין פראנט פון מרדכי עטינגער'ס שאפ שטייען ארעמע פעדלער, יעדער מיט א זעקל סחורה אויף דער פלייצע, און יעדער שטופט זיך צו זיין דער ערשטער אין דער ריי.

מרדכי עטינגער איז צוטומלט. ער ווייסט נישט וואס ער רעדט און ער ווייסט נישט וואס ער טוט. די וויהעס פון די אויגן בריען אים, ער טראכט פון אזוי פיל זאכן מיטאמאל, אז ער ווייסט נישט, וואס ער טראכט. די מענטשן אינ'ם שאפ און די מענטשן אויף דער גאס זיינען דאך בכיון געקומען, כדי צו צאפן זיין בלוט. זעען זיי דען אליין נישט, אז זיין שאפ איז פארלייגט ביז צו דער סטעליע מיט סחורה, וואס איז שוין האלב פארברענט? און וואס וועט ער איצט טאן מיט דער גאנצער סחורה? עס ליגט דאך דא זיין גאנץ פארמעגן?

אין קאפ נאגן לעבעדיקע פיאווקעס. אויף א הויך, אומנא־טירלאך קול האט ער פלוצים אנגעהויבן שרייען :

— ווארפט זיי ארויס, ווארפט זיי ארויס! די מענטשן זיינען מיינע שונאים, בכיון צונויפגעקומען זיך פרייען אויף מיין אומגליק, — וואס ווילט איר פון מיר און וואס האט איר דער־זען אויף מיר?

אלדה, קוקנדיק אויף מרדכי עטינגער'ן, האט זיך פארלוירן; ער ווייסט נישט וואס צו טאן; ער פרובט טרויסטן דעם פעטער, און שטיל און פאוואליע פירט ער אים אריין אין זיין אפים און מיט שטילע רייד האט ער אים אנגעהויבן צו בא־רואיקן :

— עס גייט דאך, נאכאלעמען, נאך נישט אונטער די וועלט,

דאָס וואָס איר זעט איצט, האָבן מיר שוין פון לאַנג געזען. אַט וועט איר זען, ווי אַלץ וועט זיך באַלד איבערדרייען און איר וועט נאָך נתעשר ווערן.

מרדכי עטינגער האָט אויף אים אַנגעשטעלט אַ פּאָר אַרויס־געשטאַרצטע אויגן.

— יאָ, יאָ, — האָט אלדד ווייטער גערעדט, — איר וועט נאָך נתעשר ווערן, זאָל נאָר אַריבער די ערשטע פּאָר חדשים, און איר וועט זען ס׳אָרא דוחק עס וועט ווערן אין לאַנד.

— איך אויף אייער אָרט וואָלט ערשט איצט געקויפט סחורה — האָט אלדד רואיק פאָרטגעזעצט.

מרדכי עטינגער׳ס אויגן האָבן זיך נאָך ברייטער צושפּרייט:

— וואָס מיינסטו? — פרעגט ער.

— אָט דאָס וואָס איך זאָג, — ענטפערט אלדד, — איצט איז די צייט אַלעם ביליק איינצוקויפן.

— דו ביזט משוגע, צי חסר דעה? עס ווערט דאָך אַלץ פאַרברענט! וואו וועסטו דאָס אַלץ אהינטאָן?

— מיר׳ן עס האַלטן, — זאָגט אלדד, — מיר׳ן עס נישט אַרויסשיקן, מיר׳ן איבערוואַרטן.

מרדכי עטינגער האָט זיך צולאַכט מיט אַ משונה׳דיקן ווילדן געלעכטער:

— נישט אַנדערש ביזט פון זינען געריכט, — שרייט ער, — צי זעסטו נישט, אַז מיין גאַנץ פאַרמעגן ווערט פאַרברענט, און אַז אין אַ חודש אָדער צוויי בין איך רואינירט!

— זייט נישט אַזוי פאַרצווייפלט, פעטער — רעדט אלדד ווייטער מיט אַ שטילן טאָן און פּרובט אים אַלץ באַרואיקן, — עס וועט נישט פאַרברענט ווערן. מיר׳ן אָוועקשטעלן מענטשן און איבערשיטן די סחורה, מיר׳ן די סחורה אויסטריקענען און איבערפּאַקן, מיר׳ן שטיין און וואַרטן ביז די צייט וועט זיך פאַרבעסערן.

מרדכי עטינגער האָט זיך צוגעזעצט. זיצנדיק האָט ער געפילט ווי עס ציטערן אים די קני. ער האָט אַראָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן, ער האָט שטיל געזאָגט:

— ביזט אַ גוטער, אלדד, ביזט אַ קלוגער, ערשט איצט זע

איך, אז אפילו אין אזא פשוט'ן ענין ווי מסחר דארף מען אויך זיין א געבילדעטער מענטש.

ער האט ווי א קינד אומשולדיק און נאאיוו אנגעהויבן פרעגן אלערליי עצות: — גלייבסטו טאקי מיט'ן גאנצן הארצן, אז די צייט וועט זיך פארבעסערן?

— מיט מיין גאנצן הארצן גלויב איך אין דעם, פעטער. און נישט נאר וואס איך גלויב אזוי, נאר איך בין איבערצייגט אין דעם.

— און ווי אזוי וועט עס זיין, — פרעגט עטינגער ווייטער,

— דו מיינסט צו זאגן, אז די מלחמה וועט זיך באלד ענ־דיגן?

— איך ווייס נישט צי די מלחמה וועט זיך באלד ענדיגן,

— האט אלדר טרויעריק געזאגט, — אבער מסחר וועט זיך פארבעסערן, נאכ'ן שכל נאך וועט אלעס ווערן טייער. און מיין מיינונג איז, אז כל זמן מען קען קויפן סחורה ביליק, דארף מען קויפן.

מרדכי עטינגער האט זיך ביסלאכווייז בארויאיקט. אלדר'ס שטילע רייד האבן איינגעשטילט זיין אינעווייניקסטע אויפרעגונג. ער האט געפילט אין זיין הארצן א צופעסטשעטע צארטקייט, ווי א קינד נאכ'ן וויינען. אבער אין א וואך ארום האט מיט נאך מער ווילדקייט אויפגעברויזט זיין פארצווייפלונג, אין א וואך ארום האט די רעגירונג קאנפיסקירט אלע שיפן, די רעגירונג האט אפגעשטעלט דעם גאנצן פריוואטן טראנספארט און מען האט באשטימט בלויז פינף פראצענט טראנספארט פאר דער ציווילער באפעלקערונג.

זעט מען שוין נישט קיין לעבעדיקן מענטשן אין גאס. ווי די הינט אזוי ליגט יעדער און היט זיין שוועל. ביי מרדכי עטינגער'ן אין שאפ איז צולייגט א טוכלער ריח, ווי ווען מען טריקנט אויף א הייסן אויוון נאסע שמאטעס. אויף שנעל האט מען אנגעשטעלט עקסטרע מענטשן און מען האט אנגעהויבן צוצורייסן די פעק און טריקענען די וואל. די אויפגעשניטענע זעק מיט דער וואל, וואס שטופט זיך ארוים פון דעם אפענעם שניט, קוקן אויס ווי אויפגעריסענע בייכער. א טוכלע, אש־קאלירנדיקע פארע וויקלט איין דעם שאפ; איינער זעט נישט

דעם צווייטן. אין דעם אַשיקן נעבל צאַפּלען זיך הענט. שטויב קלעפּט זיך צו צו די פאַרשוויצטע האַריקע בריסט. אַלע זיי־נען שוואַרץ און בלאָטיק. מרדכי עטינגער איז אויך שוואַרץ און בלאָטיק. זיין פּנים און זיין מויל איז פאַרקרימט, ווי אַ פאַרשלאָסענער צוואַנג. ער איז נאָך אַמאָל אַריין אין דעם אַפּיס, שוין אפשר צען מאָל איז ער היינט אַריין און אַרויס פון דעם אַפּיס, ער קען זיך קיין פּלאַץ נישט געפינען. ער איז אין כעס אויף אַלדד׳ן, — אַלדד ווייסט נישט וואָס ער רעדט, — אַלדד וועט אים אומגליקלאַך מאַכן, אַלדד וועט... אים האָט געביסן אונטער דער הויט, ער האָט געהאַט דאָס געפיל ווי אונטער זיין הויט קריכן אַרום ווערים. ער האָט אויפגעעפנט די פייער־קאַסע און פון דאָרטן אַרויסגענומען אַלע פּאַפּירן און וועקס־לען. — מען דאַרף אַלץ איינקאַסירן, — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט, — אַפּשניידן, יעדן סענט צונויפקלייבן, יעדן סענט, יעדע פּרוטה.

און ווי אַ צורייצטער וואָלף, מיט גרינע אויגעלאַך פון אַ וואָלף, האָט ער געשפּריצט מיט גרינע פייערלאַך אַריין אין דער פינסטערער קאַסע אַריין. ער האָט דאָרטן גענישטערט און גע־זוכט, אַרומגעבלאָנדזשעט מיט קאַלטע פינגער איבער די פינסטערע ווינקלען און אין הארצן געבעטן גאָט אויף עפּיס אַ נס — אפשר וועט ער עפּיס אַנטאַפּן, אפשר וועט ער עפּיס געפינען, אפשר וועט גאָט אים אונטערשיקן עפּיס אַן אוצר, ער איז גע־וואָרן פאַר׳כישופ׳ט, ער האָט זיך מיט אימפּעט געגעבן אַ לאָז צו אַ קליין פאַרמאַכט טישקעסטל אין דער אייזערנער פייערקאַסע און איז מיט׳ן קאָפּ אַרויפגעפאַלן אויף דער שאַרף פון דעם אינעווייניקסטן קליינעם טירל.

ווען ער איז שפּעטער געקומען צו זיך, איז ער געווען בלאַס. די אָדערן איבער די באַקן האָבן געציטערט. זיין באָרד איז געווען שפּיציק און ציטערדיק. ווען אַלדד האָט אים גענומען אונטער׳ן אָרעם און אים געוואָלט אַהיים פירן, האָט ער זיך פון אים אַרויסגעריסן און אַן איינגעשפּאַרטער, מיט׳ן לעצטן ביסל כח, האָט ער פאַרשפּיליעט זיין ראָק, מיט די פינגער צוקעמט די באָרד, און אָנשפּאַרנדיק זיין שוואַכקייט אויפ׳ן גראָבן שטעקן, איז ער אַזוי אַ ציטערדיקער און בלאַסער אַוועק אין די בענק.

אויפ׳ן וועג האט ער זיך אנגעגענט מיט אשר ראזענצווייגן.

אשר ראזענצווייג איז געווען א מענטש שוין אין די מי־טעלע יארן, מיט א שפּיציק צוגעשניטן בערדל, שטענדיק מיט א גראבן שטעקן אין האנט און מיט א פּאר גרויסע ברילן פאר־לייגט אונטער די אויערן. נאך דא, אין אמעריקע, איז ער אלץ געווען א טשארטקאווער חסיד און ער האט געשיקט אהין קיין טשארטקאוו אלעמאל יום־טוב געלט. זיין ווייב האט גע־ליטן פון א רומאטעס אין דעם רעכטן פוס און איז געלעגן מערסטנס אין בעט, און דאס האט צוגענומען זיין מוט. ווען די זון האט געשיינט, די ווייב איז געווען געזונט און געשעפטן האבן זיך געמאכט, איז ער דעמאלט ארומגעגאנגען מיט א פאר־ריסענעם קאפּ, און געוואלט נאכמאכן מרדכי עטינגער׳ס פירונג. נאר קוים איז געקומען דער נאסער הערבסט, טריפּ־טראפּ האט געגאסן דער רעגן, און טעג זיינען געווען שטילע אן פּדיון, האט ער זיך דעמאלט גלייך פארלוירן, פלעגט ווערן אינגאנצן פאר־צווייפלט און איז גרייט געווען מיט אלעם גלייך אפּצושניידן.

באגעגענענדיק זיך איצט מיט מרדכי עטינגער׳ן, איז ער שוין געווען אינגאנצן דערשלאגן. די הענט זיינען געווען אראפּ־געלאזטע, דאס פּנים געל, און אונטער דער פארוואקסענער בארד הענגט נאך א לויזער דריי־גארנדיקער גוידער, וואס שטופּט ארויס די בארד זיינע אזוי אין פאראויס.

— שלעכט, ברודערקע, שלעכט, — האט ער גלייך ארויס־געשאסן, — איך וויים גאר נישט וואס מען הויבט אן צו טאן.

אשר ראזענצווייג האט זיך צוגעבויגן צו מרדכי עטינגער׳ן און אים אויפ׳ן אויער איינגערוימט:

— עס וועט דאך אלעס פארברענט און פארפוילט ווערן.

מרדכי עטינגער האט אים אנגעקוקט און נישט פארשטא־נען וואס ער רעדט. מרדכי עטינגער האט גאר געטראכט און זיך געוואלט דערמאנען צי אשר ראזענצווייג האט שוין באצאלט זיין וועקסל.

— א! — האט ער צום סוף סתם אזוי אין דער וועלט אריין געזאגט.

— איך זאג, אלעס וועט פארברענט ווערן.

— צוואַרפּט מען די פּעק און מען לאָזט זיי טריקענען.

— וואָס קען שוין איצט העלפן, — האָט ראַזענצווייג, שוין איינגאַנצן פאַרצווייפלט, זיך געבעטן, — וואָס קען שוין איצט העלפן — אַ פולער שאַפ מיט שפּאַנישע, עס ווערט פּשוט דאָס האַרץ צוריסן — איך האָב זיך געשפּיגלט דערמיט — האָסט נאָך אַזאַ סחורה נישט געזען, כ'האָב געמיינט כ'וועל נתעשר ווערן.

עס איז דורכגעפלויגן אַ טויב. אַזוי נידריק איז די טויב געפלויגן, אַז ביידע פאַרזאָרגטע אידן האָבן געהערט דאָס פּאַכן מיט די פליגל. אויפ'ן ווינקל זיינען געשטאַנען פון פריער אַ סך טויבן. עמיצער האָט זיי צוגעוואָרפן קערנער. ביי מרדכי עטינגער'ן האָט מיטאַמאָל אויפגעבליצט אַ געדאַנק, און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ פייערל. אַט האָט ער זיך שוין אינמיטן גאַנג אָפּגעשטעלט, און עס האָט זיך שוין אויך אָפּגעשטעלט אשר ראַזענצווייג. מרדכי עטינגער לייגט אַוועק די האַנט מיט די דאָלאַניעס אַראָפּ אויפ'ן שטעקן, ער שאָקלט מיט'ן קאָפּ, אַזוי ווי ווען מען באַדויערט אַז אבל, ער קוקט מיט אַן אויג פון רחמנות אויף ראַזענצווייגן, ער באַטראַכט זיינע טויטע אויגן און זיינע אַראָפּגעלאָזטע הענט.

— שווייג, — זאָגט ער, — הער זיך נאָר איין, פאַר וויפיל פאַרקויפסטו עס?

און אין אַ פּלוציםדיקער, נערוועזער, צוטומעלטער און אומ־פאַרשטענדלאַכער שפּראַך האָט מרדכי עטינגער מיטאַמאָל אָנ־געהויבן עפּיס צו ריידן און מיט ציטערדיקע פאַרקרימטע ליפּן, האָט ער שנעל, זייער שנעל, ווי עמיצער וואָס בריט זיך מיט אַ הייסן ביסן, געזאָגט:

— ביליג, ביליג, זייער ביליג וועל איך עס צונעמען.

אשר ראַזענצווייג איז געבליבן שטיין אַ צוטומעלטער. ער האָט נישט געוואוסט וואָס עטינגער רעדט און ער האָט נישט געוואוסט וואָס עטינגער זאָגט. מיטאַמאָל, פון זיך אַליין, האָט זיך זיין הוט פאַרוקט הויך איבער'ן שטערן. ער האָט אויסגע־טאָן דיברילן און גענומען ווישן די גלעזלאַך. ער האָט שטאַרק געוואָלט רויכערן און נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַריינצונעמען אַ סיגאַרעט אין מויל אַריין — וואָס! — האָט ער אָנגע־

הויבן ציטערן, — לאָמיר נאָר הערן נאָכאַמאָל, — וואָס האָסטו געזאָגט?

עטינגער האָט שוין איצט גאָר נישט געזאָגט. באַפרייענדיק זיך פון דעם, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ שטופּ צו זיין גאָרגל צו, איז ער איצט געבליבן שטיין, ווי אַן אויסגע־הוילטער, אַן אינעווייניק פּוסטער און שוין גאָרנישט ניט גע־קענט ריידן. זיין געוואָגטער שריט האָט אים איינגאַנצן אויס־געליידיקט. עס איז געווען פּונקט ווי דער מאַן ביים קאָרטן־טיש, וואָס שטעלט אין קאָן דאָס לעצטע פאַרמעגן זיינס און שטייט שוין איינגאַנצן אַ רעזיגנירטער און וואַרט בלויז אויפ׳ן סוף פון דעם שפּיל, מרדכי עטינגער, איינגאַנצן אַ רעזיגנירטער, איינגאַנצן אַ רואיקער, האָט שוין גאָר איצט ווידער געטראַכט פון די בענק, וואוהין ער דאַרף צוגיין.

— אַט דאָס וואָס כ׳האָב געזאָגט, — האָט ער זיך ווי איז עפּיס שפּעטער דערמאָנט.

אַ שטראָם פון פרייד האָט געגעבן אַ זעץ אין אשר ראָ־זענצווייג׳ס האַרץ. אים האָט זיך געדוכט, אַז אַ שווערער באַרג האָט זיך אַראָפּגעקאַטשעט פון זיינע פּלייצעס. מיט נאַסע פאַר־שוויצטע הענט האָט ער אָנגעהויבן דריקן עטינגער׳ס הענט.

— מיר׳ן דורכקומען, מיר׳ן דורכקומען, — האָט ער גע־זאָגט. — עט יור אָון פּרייז — האָט ער דערנאָך מעשה סוחר צוגעגעבן.

און מיט׳ן קלאַנג, וואָס איז איצט נאָכאַמאָל געקומען פון אשר ראָזענצווייג׳ס מויל, איז ווידער אַמאָל אויפגעוועקט גע־וואָרן מרדכי עטינגער׳ס צוטומלטקייט. זיינע הענט האָבן אויפ־דאָס־ניי געציטערט, זיין קאָפּ איז ווידעראַמאָל געוואָרן שווער, און אויף זיין פּנים האָט זיך נאָך שאַרפער צולייגט זיינע יסורים.

— איז אָפּגעמאַכט? — האָט ראָזענצווייג געפרעגט.

— אָפּגעמאַכט, — האָט עטינגער אַ פאַרמאַטערטער געענט־פערט.

— מאָרגן שיקסטו די טראַקס?

— טראַקס.

דריי טעג האָט גענומען דאָס אַריבערפירן די סחורה פון אשר ראָזענצווייג'ס שאַפּ צו מרדכי עטינגער'ן אין שאַפּ אַריין, און אַלע האָבן געמיינט, אַז דער מענטש איז משוגע געוואָרן.

מרדכי עטינגער איז ניט משוגע געוואָרן. מרדכי עטינגער איז בלויז געוואָרן מאָגערער, זיינע באַקן זיינען אים איינגעפאַלן. ער האָט איצט אַ פּנים, ווי איינער וואָס קען נישט שלאָפן.

אַ גאַנצע נאַכט רויכערט ער. ווען ער איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי, איז זיין צונג געווען ווייס. אַ געדיכטער, ווייסער שליים איז געלעגן אויף זיין צונג. מרדכי עטינגער האָט כסדר אָפּגעשקראָבעט מיט זיינע ציין די שליים פון דער צונג און געהאַלטן אין איין שפּייען אין זיין טיכעלע אַריין. שוין נאָך אַ טיכעלע דאַרף ער. וואָס ניצט היינט מרדכי אַזוי פיל טיכעלאך? זיין ווייב עטעל האָט זיך דערשראָקן.

— אפשר רופן אַ דאָקטאָר?

מען דאַרף נישט קיין דאָקטאָר, וואָס וועט העלפן אַ דאָקטאָר. ער שפּאַנט די גאַנצע צייט אַרויף און אַראָפּ די גרויסע חדרים. ער וויל נישט מען זאָל צו אים ריידן. ער וויל טראַכטן, טראַכטן. יעדע מינוט טראַכט מרדכי עטינגער אוים עפּיס אַן אַנדער באַרעכטיגונג פאַר זיין טאַט. אָט פאַנטאַזירט ער שוין, ווי אַזוי ער וועט זיך דורכדרייען. ער האָט זיך שוין אין געדאַנק כמעט דורכגעדרייט. יאָ, ער וועט עס אַפּלייגן אין קעלער. אַלדך איז גערעכט. מען דאַרף אַנזאַמלען. וואָס אַנזאַמלען? צי איז ער משוגע? וואו וועט ער עס אַהינטאָן? ווייניג פוילט זיין אייגענע סחורה? מיטאַמאָל זיינען אויסגעוואַקסן די גרויסע סומען געלט, וואָס ער דאַרף אויסצאָלן. נולן און נולן האָבן זיך אָוועקגעצויגן ביז אונטער'ן הימל, און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט עפּיס שטעכיקעס אונטער זיין הויט. יעדע מינוט און יעדע סעקונדע האָט געגעבערט זיין מוח. גלייך ווי זאַמד וואָלט זיך געריבן אונטער זיין הויט, אַזוי האָט ער כסדר אַן אויפהער געהערט עפּיס זיך רייבן, פּליסן, גליטשן. אין זיין מוח האָט זיך כסדר געריבן עפּיס און עפּיס, פּונקט ווי דאָס מאָלן פון שטיינדלאַך אויף אַ מילשטיין. ער האָט מיט ביידע הענט פאַרשטעלט די אויערן. ער איז אַוועק אין שאַפּ אַריין.

די גאַסן זיינען געווען פוסטע. אַ ווינט האָט אַנגעטראָגן שטויב אין זיינע אויגן אַריין. אַ צושפּרייטע צייטונג איז פלאַד און מיט אַ פליעסק צוגעפאַלן צו דער ערד. אין קלויסטערס האָבן געקלונגען גלעקער. ביים סאַמע ברעג פון וועג, האַרט נעבן דעם טראָטואַר, איז געגאַנגען אין ווייסן אַנגעטאָן אַ גאַסנקער־רער. דער גאַסנקערער האָט געשטופּט אין פאָראויס אַנגע־שפּאַרט אין זיין ברוסט אַ גרויסן בעזים. מרדכי עטינגער׳ן האָט זיך מיטאַמאָל געדוכט, אַז דער גאַסנקערער איז אַ סימבאָלישע פיגור. דער מענטש מיט׳ן גרויסן בעזים וועט באַלד אַלעם אויסקערן. קיין סימן פון לעבן וועט ער נישט איבערלאָזן. ער וועט אָפּקערן די מענטשן, די חיות און די קליינע קינדער. דער בעזים וועט פאַרקערן, אַריינקערן אין אַ גרויסן אָפענעם מויל די זון און די שטערן און די ביינאַכטיקע ליכט. אַלעם וועט ווערן פינסטער, און עס וועט זיך עפענען אַ גרויסער חלל, פון וואַ־נען עס וועלן זיך טראָגן מיט אַ סוויסטשעריי אַלערליי רוחות און שדים און ניט־גוטע. דער ווינט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין דער פּלייצע, צובלאָזן זיינע פּאָלעס. מרדכי עטינגער איז אַ שוואַכער אונטערגעשפּרונגען פון דעם פּלוצימדיקן ווינט־בלאָז. ער האָט קאָמיש זיך געכאַפּט פאַר׳ן הוט, כאָטש דער הוט איז שטייף געזעסן אויפ׳ן קאָפּ.

ווען ער איז אַריינגעקומען אין שאָפּ אַריין, האָט ער מיט קיינעם נישט גערעדט. די מענער ביי די טישן האָבן פיבערדיק צושניטן די גרויסע זעק. אין דעם געלן שיין פון דער טונקעלער ליכט זיינען פלינק געפלויגן שטיקער אָנגעהאַרבעטע וואָל. עס האָט זיך געדוכט, ווי יונגע לעבעדיקע שאָף ליגן פאַרמאָרעטע איבער די אויסגעצויגענע טישן, מיט קליינע האָרבלאַד אויף זייערע פּלייצעס און מיט זשמיטעם קאָלטענעוואַטע האָר. מרדכי עטינגער האָט קלאָר געהערט אַ טרויעריק פאַר׳חלש׳ט מעקען פון די דאָזיקע שאָף. ער האָט געהערט עמיצנס רייד:

— איז וואָס, איז וואָס, איז וואָס קען ער שוין איצט טאָן?

— מעקעט, מעקעט בידנע שאָף — די גאַנצע וואָל איז איבער־געשאָטן, איר זעט! — די גאַנצע וואָל, — איצט איז שוין נישטאָ אין שאָף קיין פּלאַץ פאַר אַ שפּילקע אָוועקצוואַרפן — קיין קונים ווייזן זיך נישט — דער טראַנספּאָרט קיין אויסלאַנד

איז אַפּגעשלאָסן — און וואָס קען איצט טאָן אַפּילו אַזאַ חכם ווי אלדד — אלדד! אלדד! חכם מיינער, לאָמיר זעען וואָס דו קענסט טאָן?

מרדכי עטינגער איז גאַנצע טעג אַרומגעגאַנגען און גערעדט צו זיך אַליין ווי אַ משוגענער. און ווי אַ חסר דעה האָט ער פּלוצים, ווי אויף צו להכעיס עמיצן, אָנגעהויבן בעטן אויף נאָך ערגערע צייטן. ער האָט געוואָלט אַז קיינער זאָל טאַקי נישט איבערטרעטן זיין שוועל. ער האָט ווידער שטאַרק געוואָלט זען, ווי פון די פּעק און זעק זאָל זיך הויבן אַזאַ דינער בלויער רויך, און דער רויך זאָל דערנאָך בייסן אין דער נאָז, ווי שטיקנדיקער גאַז. און ווען עס איז אַזוי אַריבער אַ חודש, האָט ער געבעטן גאָט, עס זאָל קומען אַזאַ צווייטער חודש דערנאָך, האָט ער געבעטן גאָט אויף אַזאַ דריטן און אויף אַ פערטן חודש; ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט, אַז אשר ראָזענצווייג זאָל צו אים צוקומען, אים גלעטן איבער דער פּלייצע און אים זאָגן—מרדכי, מרדכי, אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו קענסט אַלץ מבטל זיין, ערשט דו ביסט גאָר אַ מאבד עצמו לדעת. ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט, אשר ראָזענצווייג זאָל אַזוי צו אים ריידן. אָבער אשר ראָזענצווייג האָט אים אינגאַנצן אויסגעמידן. אַבי אשר ראָזענצווייג האָט שוין אַרויסגעפּטר'ט די גאַנצע וואָל פון זיין שאַפּ, די וואָל, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרברענט ווערן, טו וואָס דאַרף ער זיך מיט אים באַגעגענען? ספּעציעל ווען מען דערציילט זיך נאָך אַן אַזוינע ווילדע מעשות, אַז דער מענטש האָט צוויי מאָל אַ טאָג אָנפאַלן און אַז ער רעדט פון היץ...

## 3

עס איז שוין ממילא אַזוי אויסגעקומען, אַז אלדד איז געוואָרן כמעט דער גאַנצער פאַרוואַלטער פון מרדכי עטינגער'ס געשעפט, און אַלע זאָרגן און האַרץ־קלעמענישן זיינען איצט געפאַלן אויף זיין קאָפּ. מרדכי עטינגער איז געלעגן אַ האַלב־קראַנקער אין דער היים. די הייסע וואַנעס האָבן אים שוין ווינציק־וואָס געהאָלפן. ער האָט זיך נישט געקענט מוחל זיין דעם טעות, וואָס ער האָט גע־מאַכט, קויפנדיק דעם טראַנספּאָרט סחורה פון אשר ראָזענצווייג'ן. אים האָט זיך געדוכט, נישט אַנדערש, ווי נאָר עמיצער האָט אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, נישט אַנדערש ווי עמיצער האָט בכיון אונטער־

געשיקט יענעם טאָג אַשר ראָזענצווייג׳ן — עס איז גאָר נישט געווען אַשר ראָזענצווייג, עס איז גאָר געווען אַ שד אין געשטאַלט פון ראָזענצווייג׳ן — אַ שד האָט זיך פאַרשטעלט אין אַ געשטאַלט פון אַ מענטשן און אים מיט דער לעצטער לאַפּעטע ערד פאַרשאָטן. אלדד האָט אונטערגעשיקט דעם שד — זאָל איצט אלדד אַליין ברעכן זיין קאָפּ — זאָל איצט אלדד אַליין... אָבער אלדד האָט אַלץ אָנגענומען מיט ליבע. איצט האָט ער מיט אַן אמת ליב באַקומען דאָס בייע לעבן זיינס, אלדד איז געווען פאַר׳שיכור׳ט. ער האָט געוואָלט זיין פאַר׳שיכור׳ט. מיט יעדן טאָג איז אים געוואָרן אַלץ נענטער און ליבער דער דאָזיגער מסחור. ער האָט ליב געהאַט די וואָל, ער האָט ליב געהאַט יעדעם ווינקעלע פון שאָפּ. ווי לעבעדיקע נאָענטע באַשעפענישן האָבן איצט צו אים געוואָונקען די זעק. די לאַנגע איינגענייטע אויערן אין די זעק האָבן אין זיך לעבעדיקע אָדערן, מען קען אַהין אַריינריידן רייד, מען דאַרף זיך זאָרגן פאַר זייער ריינקייט און פאַר דעם אָרט וואו זיי שטייען. דאָס אָרט טאָר נישט זיין נאַס און דאָס אָרט טאָר נישט זיין צו טרוקן. די זון טאָר אַהין נישט צוקומען. אָבער פרישע לופט דאַרף מען אַהין יעדן טאָג אַריינלאָזן — זעק מיט וואָל האָבן אין זיך אַ נשמה, אַ סך זעק אין רייען, האָבן אַ סך נשמות — אלדד האָט אַלע טאָג געציילט די זעק, די רייען זייערע ,און נאָכהער זיי גע׳כפל׳ט, אַזוי פיל מאָל אַזוי פיל, ביז אַרונטער צו דער נאַסער געקאַלכטער וואַנט. אויב דער פרייז זאָל זיך אַ הויבטאָן, אַזוי למשל פינף סענט אויפ׳ן פונט... איז דעמאָלט פינף סענט מאָל, אַזוי פיל אַ ביז אַרונטער צו דער ווייסער וואַנט צו — אלדד האָט זיך שוין איצט אַ סך אָנגעלייענט פון פלוצלומדיקע קריזיסן — נאָך אַ פלוצלומדיקן קריזים... נאָך אַ פלוצלומדיקער רעאַקציע... אויף וויפיל האָט זיך געהויבן דער פרייז נאָך דער רעאַקציע אין דעם יאָר ...188 ? ? ? עפּיס אַ בלינדע קראַפט האָט זיך באַזעצט אין אלדד׳ס האַרץ, און אַלע טאָג, אַלע טאָג ווען ער מאַכט נאָר אויף די אויגן, אַזוי זעט ער פאַר זיך אַ גרויסן טאָג... אַ גרויסן טאָג, וואָס וועט די גאַנצע וועלט איינשלינגען... אַלע וואָלן און וואָלענע קליידער, אַלע חיה׳ס און אַלע ברויטן... ווען אלדד איז איינמאָל אַזוי געשטאַנען אין שאָפּ און געטראַכט אַלערליי מחשבות, האָט זיך די טיר אויפגעעפנט אַביסעלע האַסטיקער, ווי געוויינלאַך און אַ קליין ביסעלע

שנעלער ווי געוויינלאך איז אריינגעקומען דער קויפער פון דער „אמערעקען־וואולן קא.“—עס הויבט זיך אן עטוואס פארבעסערן — האט ער געזאגט — די שפאנישע „מערינא“ וואלט איך געקענט נוצן...

— די שפאנישע „מערינא“! אוודאי, — אלדר האט זיך אויך אנגעהויבן אביסל שנעלער באוועגן. פון דעם ביסעלע האסטיקייט, מיט וועלכער דער קויפער האט אויפגעעפנט די טיר, איז די טיר געבליבן שטיין א האלב צופראלטע, א ברייטער פאס זון האט זיך דורכגעשטופט און צולייגט איבער'ן שאפ. די שפאנישע „מערינא“ האט געגלאנצט אין דער שיין פון דער זון. ביי אלדד'ן אין די הענט האט געטאנצט די מיט זון באגאסענער „מערינא“ און די וואל האט זיך אין די הענט צוקרויזט ווי א וויים־זילבערנער לאק.
— אוודאי, — האט אלדד געזאגט, — „מערינא'ס“ וויפיל איר ווילט, און סחורה ערשט־קלאסיקע, ספעציעל אפגעקליבענע.

— ספעציעל געקליבענע ? ? ? אבער קיין סך דארף איך נישט, בלויז עטוואס הויבט זיך אן פארבעסערן...

עטוואס דא און עטוואס דארט. אויף מארגן קומט נאך שנע־לער אריין דער קויפער פון דער „דזשוירמען אמעריקען וואולן קא.“

— עס הויבט זיך אן עטוואס פארבעסערן, — זאגט ער, — די שפאנישע „מערינא“ וואלט איך געקענט נוצן...

— אנטשולדיגט — —

אלדד מוז זיך אנטשולדיגן. אין שאפ קלינגט דער טעלעפאן, ער איז אליין אין שאפ, קיין מענטשן ארבעטן איצט נישט אין שאפ, — אנטשולדיגט, איך קום באלד צוריק.

— האלא, האלא שפאנישע „מערינא“ ? יא — יא — — שפאנישע — שפאנישע —

— אנטשולדיגט, — זאגט ער נאכאמאל, — אליין אין שאפ, שוין חדשים, אז מען האט נישט געזען קיין לעבעדיקן מענטשן, — די שפאנישע „מערינא“! אוודאי, ערשטע קלאסיגע סחורה' ספע־ציעל אפגעקליבענע...

— ספעציעל אפגעקליבענע ? ? ? אבער קיין סך דארף איך נישט, — בלויז עטוואס הויבט זיך אן פארבעסערן...

עטוואס דא און עטוואס דארט.

אבער אלדד קען זיך דאך נישט אליין צוצורייסן. ער איז דאך

נישט מער ווי אַ מענטש, מען באַדאַרף שוין אָנשטעלן נאָך עמיצן, און נאָך און נאָך עמיצן. העי, און טראַקס! און לײַכטע וועגענער, און עס קלינגט אַלעמאָל דער טעלעפאָן. טעלעפאָן דאָ און טעלעפאָן דאָרט. העי וואָרט אַ ווײַלע! עס איז שוין דוכט זיך באַלד נישטאָ קיין „מערינאָ'ס" און קיין „מאָהיירס" דאַרפט איר גאָר נישט? גאָלדענע סחורה! איינס אין איינס אָפּגעקליבענע. אָנגעשפּאַרט אויפ'ן שטעקן קומט אַרײַן מרדכי עטינגער; דייוו'ס אַרבל זײַנען שוין פאַרקאַטשעט און צו די דינע ווײַסע הערעלאַך איבער די הענט קלעפּט זיך שטויב. עס דרייט זיך שוין נאָך אַ מאַשין; איין פּאַקמאַשין קלאַפּט שוין פון מאָנטיק אָן. וואַרט אַ מינוט, אַלעס מיטאַמאָל! אַז איר וועט שרײַען אַלע מיטאַמאָל, וועט איר דאָך אַפילו דעם שטאַרקסטן מאַן צוטומלען. לאָמיר נאָר זען — איין מינוט, איין מינוט. דורך ביידע ברייט צופּראַלטע טירן האָט זיך אַרײַנגעשליידערט דאָס צווייטע העלפט פון דעם יאָר 1918. דאָס צווייטע האַלבע יאָר מיט אַזאַ גרויסן הייסן טאָג. אַ טאָג אין מיטן חודש אויגוסט, אַן אימפּעדיקער, אַ משוגענער, אַ ריזיק־ווילדער, אַ טאָג מיט אַזאַ ברייט צועפּנט מויל, אַז באַלד, באַלד, און דער טאָג וועט די גאַנצע וועלט אײַנשלינגען. גאַנצע אַרמייען האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט. אַרמייען איבער אַלע שטאָטישע סקווערן, איבער אַלע גאַסן. אַ ווילד יאָגעניש, אַ משוגעדיק אײַלעניש, אַ „גייציק אויסקויפעניש. ברויט און מעל און לעדער און ליכט און זייף און טרוקן פלייש און קליידער און שיך, אַלעס, אַלעס פאַרשלינגט דער טאָג. אָט איז שוין אַ דוחק אויף דעם נויטיקסטן. עס פעלט שוין צוקער. אין די רעסטאָראַנען טיילט מען אויס פּאָרציעס צוקער, איינציקע לעפעלאַך, פון אויבן צוגעגלעט אָן אַ ווערד פאַר אַ טאָס קאַפע. אַלדד ווייס: נאָך אַ פּלוצלומדיקן קריזיס מוז קומען אַ טאָג פון אַ הויכער הויך. העי! ווער קען שוין איצט צוקומען צו אַ קראָם? אַ באַלעבאָסטע מוז איצט געבן היבש צולייזן, כדי צו באַקומען אַ פונט פון דעם זיסן מין. סוחרים האָבן פאַרבאַהאַלטן דאָס אַרטיקל. מען שפּעקולירט. צען, פופצן, צוואַנציק, פינף־און־צוואַנציק סענט אַ פונט צאָלט מען שוין און מען וועט נאָך צאָלן מער. איבער נאַכט הויבט זיך דער פּרייז. עס קומען שוין פאַר ראַיאָטן. ערגעץ האָבן ווײַבער צופּלינדערט אַ קראָם. אָט פעלט שוין אויס שיך, קליידער. פאַר קליידער צאָלט מען שוין אין צווייען, אין

פירן און זעקס מאָל אַזוי פיל. ווער פרעגט דען פאַר אַ פּרייז. ווער דינגט זיך דען ? דו גיב נאָר אַהער אַזוי פיל, וויפיל די אַרמיי קען פאַרנוצן. די אַרמיי שלינגט אַלץ איין. מיט אַן אָפן הונגעריק מויל שטעט די אַרמיי און פאַרשלינגט אַלץ. נאַסע גיפטיקע צונגען האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער'ן לאַנד און פרעסן אויף יעדעם גרעזל. מען האָט קיין צייט נישט צו וואַרטן ביז דער קאָרן וועט אויפ'ן פעלד צייטיק ווערן. און דעם ווייץ שלעפּט מען גרינערהייט אין דער דרעשמאַשין. צאַפּלדיק, משוגע פון אומגעדולד האָט די גרויסע, איבערנאַכט אָרגאַניזירטע מאַשין געריסן פון די הענט. איבער די פלאַכן פון ניו דזשוירזי און די וועלדער פון ניו ענגלאַנד, אויף די פּריירים פון די דאַקאָטאַס און איבער דער גאָלדענער וועסט, האָבן זיך, ווי צווישעטע חיה'ס מיט אַ ווילדן אימפּעט אַ לאָז געטאָן די לאָקאָמאָטיוון. מען שלעפּט צוזאַמען וואָס מען קען נאָר. פון מענשלאַכע מיילער רייסט מען אַרויס דעם לעצטן ביסן. פון אונטער פאַרשלאָסענע טירן כאַפּט מען אַרויס קעלבער און אָקסן, שאָף און חזירים. און מיט'ן אָנגערויבטן רויב קערט מען זיך באַלד אום, מיט אַ ווילד געבראַזגעריי און מיט אַ פרייליאַך פּייפן, צוריק צו די ברעגן פון אַטלאַנטיק, וואו עס שטייען שוין און וואַרטן אַ גאַנצער בריק פון שוואַרצע, רויכיקע ברומיקע שיפן.

און וואו זאָל מען נעמען אַזוי פיל שיפן, וואָס זאָלן דאָס אַלץ איבער'ן ים אַריבערפירן ? און שיפן פאַר די סאָלדאַטן ? און שיפן וואָס זאָלן דעם גאַנצן וועג היטן די שיפן ? אין דער אייגענער פאַרפּלאָנטערטקייט איז דאָס לאַנד אין אַ משוגענעם ווירוואַר אַלץ מער פאַרפּלאָנטערט געוואָרן. איבער דער גאַנצער לענג פון דעם האָדסאָן, פון אָלבאַני ביז ניו יאָרק האָט מען אויפגעשטעלט שיפּ־פאַבריקן, און מען האָט נאָך פאַרנומען אַ שטיק פון דעם „דעלאַווער ריווער". און די טאָלן פון „מיסיסיפּי", און די ברעגן פון דעם „פּאַסיפיק", און עס פעלן נאָך וואַסער־ברעגן — נישטאָ מער קיין וואַסער־ברעגן אין אַמעריקע, און עס זיינען שוין נישטאָ קיין מענער אין אַמעריקאַ. מען צאָלט שוין צען און פופצן דאָלאַר אַ טאָג פאַר אַ „לייבאָרער", און מען דאַרף נאָך, און מען דאַרף נאָך... די „ווינטשעסטער" אַרבעט שוין מיט דריי „שיפטס" דורכ'ן גאַנצן מעת־לעת, און אַזוי אויך די „באַלדווין לאָקאָמאָטיוו", און די „רעפּובליקען קאַפּער", און די „יונייטעד סטיל" און „מעקסיקען פּעט־

ראַלעאום" — העי, ס'אַראַ געוואַלדיקע „פּראָספּעריטי" עס האָט זיך איבער נאַכט איבער'ן לאַנד צעלייגט!

מרדכי עטינגער האָט שוין אויספּאַרקויפט דעם גאַנצן טראַנס־פּאָרט, וואָס ער האָט אַריינגענומען פון אשר ראַזענצווייג'ן. ער האָט שוין אויספּאַרקויפט אַ העלפט פון זיין אייגענער סחורה. דער קעלער שטייט שוין אַז אויסגעליידיגטער, אַ ריין אויסגעקערטער. עס איז אַ מחיה צו קוקן אויף מרדכי עטינגער'ס קעלער. ווייסע אָפּ־געקאַלכטע ווענט, אַ שטיינערדיקער דיל, עלעקטרישע לאָמפּן זיינען צוהאַנגען איבער דער גאַנצער סטעליע. דער שאַפּ איז שוין אויך האַלב ליידיג. דער פּריוואַטער אָפיס איז גראָס און ליכטיק מיט איין גרויסן שפּיגלדיקן פענסטער. אלדד האָט שוין פאַרהאַקט די טירן: — נישטאָ מער קיין וואַל. איך האָב נישט וואָס צו פאַר־קויפן.

ביי מרדכי עטינגער'ן אין שאַפּ פּאַקט מען שוין איצט קליינע פּעקלאַך, הונדערט פונטיקע, און מען ציטערט איבער זיי. מען צערטלט זיי. מער ווי צוויי־דריי הונדערט אַ טאָג שיקט מען נישט אַרויס, און אויך דאָס שיקט מען בלויז אַהין, וואו מען מוז.

אלדד האָט שוין איצט אַ נייע אַרבעט. אלדד מוז זען וואו עס איז בילכער צו שיקן אַ פּאַק מיט וואָל. ער גייט אַרום אַזאַ היימישער און פּשוט'ער און פּריילאַכער, פּונדעסטוועגן ליגט עפּיס אַ צאָם צווישן אים און די איבעריקע. אלדד ווייסט ווי אַזוי צו האַלטן יעדן מענטשן אויף אַ געוויסער ווייט. עפּיס אַ לופט פון דערהאַבענקייט רינגלט אים שטענדיק אַרום. קיי־נער האָט נישט קיין העזה צוצוגיין נאָענט צו אים. דורכ'ן טעלעפאָן, וואָס הענגט אין מיטן שאַפּ, רעדט מען אַריין צו אים אין זיין צימערל, גלייך ווי ער וואָלט געזעסן פאַר מיילן ווייט.
— אפשר קענט איר אָפּשפּאָרן אביסל „מאָהיירס", מיסטער אלדד?
— ווער רעדט? — פרעגט ער שטיל, זייער שטיל, אַזוי אַז עס ליגט אין זיין קול אי טרויער, אי באַפעלנדיגס.

— דאָס רעדט די „ראַיעל וואולן קאָ." — ענטפערט דער מענטש פון שאַפּ.

— „עס סאָרי" — ענטפערט אלדד, און הענגט אויף דאָס רעריל.

## 4

אלדד איז שוין מער ווי פיר וואכן אונטער וועגנס, און ער פארט דאס ארום זוכן די שפאנישע „מערינא“, וועלכע איז אין שטאט שוין גאר נישט בנמצא.

מרדכי עטינגער האט געזאגט: — וואו וועסטו זיך איצט לאזן זוכן דעם ארטיקל? שוין באלד א יאר ווי קיין אויסלענדישע שיף איז נישט אריינגעקומען.

אלדד האט אויסגעהערט מרדכי עטינגער'ס רייד, אבער פונדעסטוועגן האט ער איינגעפאקט אלערליי קלייניקייטן אין א לעדערנעם וואליס און איז מיט דער „טוועניטיעט סענטשורי“ אפגעפארן קיין שיקאגא.

— שיכרות, שיכרות, — אין שיקאגא שפאנישע „מערינא“ — אין סעינט לואיס ענגלישע „מאהיירס“ — אין טעקסעס זיד־אמעריקאנישע וואל — פאר היינט און פאר מארגן א דערלייזטער — אויף צו להכעיס אראנ'ען, וועט אלדד ווערן דער גרעסטער וואל סוחר. עס וועט נישט מקוים ווערן אראנ'ס נבואה. אלדד וועט אויסבויען אזא הויכן טורעם שפּיץ, וואס אויב נאר ער וועט דארפן, וועט ער זיך פון דארטן לייכט קענען א טויט מאכן — אלדד האט געטראכט און געטראכט און איז געווען פאר'שיכור'ט אין דעם נייעם שפיל, אויפ'ן וועג האט ער זיך אנגעגענט מיט איינעם א מיסטער קאמבערלאנד.

מיסטער קאמבערלענד איז געווען א וועסטערנער, פון א גרויסער שטאט אין דעם סטייט מיזורי, א הויכער און דינער יענקי, מיט א פריש רויט פנים, ווי איינער וואס איז נאר־וואס אריינגעקומען פון גאס. זיינע האר זיינען געווען אין דער מיט קאפ מיט א שרונט און דער שרונט האט אזוי בולט ארויסגעשפארט, אז עס האט זיך געדוכט, אז דאס איז אזא קליין דין ריטשקעלע נאך א רעגן, פון וואנען דאס וואסער איז ערשט אפגעלאפן און עס זעען זיך איצט ארויס די ריינע ווייסע זעמדעלאך. מיסטער קאמבערלענד איז געווען דורך און דורך מאנירלאך. זיין יעדער מוסקול און בליק און שמייכל איז געווען געאיבט, און ווען ער האט צו אלדד'ן געשמייכלט און גלייך דערויף פארשלאסן די דינע ליפן, האט אלדד נישט גע־

וואוסט, צי איז עס דער שמייכל, צי איז עס דאָס פאַרשלאָסנ־
קייט פון די ליפּן, וואָס מיסטער קאַמבערלענד וויל אַממערסטן
באַטאָנען. ווען מיסטער קאַמבערלענד האָט פון דעם קעגנאיי־
בערדיקן „פּולמאַן סיט" אויפגעהויבן זיינע אויגן פון דעם
„מעטראָפּאָליטען" אַרויס, האָט אַלדר מיטאַמאָל געזען, אַז זיי־
נע אויגן זיינען בלויע און נייגעריקע.

— „וואָס איז איט?" — האָט אַלדר געפרעגט.

— אַ וויץ אין דער צייטונג, — האָט מיסטער קאַמבער־
לענד געענטפערט.

— דער „מעטראָפּאָליטען" פיינע וויצן? — פרעגט אַלדר.

— הם — ענטפערט קאַמבערלענד.

ביידע האָבן שוין איצט אַרויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער.
דער צוג איז געפלויגן איבער פלאַכן לאַנד. פאַר'ן אויג האָבן
געשווינדלט קליינע פאַרמישע שטיבלאַך. אָט איז אַ קוימען
פון אַ פאַבריק. אַ מחנה פויגל האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם
אַנקומענדיקן צוג און זיינען פאַר אַ ווײַלע געפלויגן פאַראַלעל
דעם צוג, נאָר באַלד האָבן זיי זיך פאַרנומען און אַוועקגעפלויגן
אין אַ זייט. פלעקן פון קי און פערד האָבן געפינטלט פאַר'ן
אויג. די טעלעגראַף סלופּעס האָבן זיך געגליטשט איינער נאָכ'ן
צווייטן, די איבערגעצויגענע דראָטן האָבן געגלאַנצט אַנטקעגן
דער זון ווי בלויער שטאָל. עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס
איז איין לאַנגער צוים אַרומגענומען מיט אַנגעצויגענעם דראָט,
וואָס בינדט צונויף דאָס גאַנצע לאַנד און אפשר די גאַנצע
וועלט. אַלדר'ן האָט זיך איצט געדוכט, אַז די גאַנצע וועלט
איז נישט מער ווי איין גרויסער פּליין, ווי איין גרויסע פלאַך,
וואָס איז אַרומגענומען מיט אַ גרויסן דראָט, און אָט ביזטו דאָ,
און אָט ביזטו דאָרט, און אַז אַלץ איז אַזוי איינס און אַלץ איז
אַזוי צוזאַמען, און אַז די גאַנצע וועלט איז נישט מער ווי איין
גרויסע משפחה. אָט איז אַ קליין שטעטיל — שוין ווידער אַ
וואַלד. עס פליט דער צוג אַריבער אַ בריק, עס טרויסלען זיך
די שויבן, עס טרויסלען זיך די אייזערנע פאַרענטשעס איבער'ן
ברוק — פּ־ס־ס־ט — שוין ווידער האַרטער באַדן.

— איך האָב געמיינט צו זאָגן, ווי נאַריש דער „מעטראָ־

פּאַליטען" פאַרשטייט די איצטיקע לאַגע, — זאָגט מיסטער קאַמבערלענד.

— איך פאַרשטיי נישט, — פרעגט אלדד.

— זייער שטעלונג צום יקרות — זאָגט מיסטער קאַמבערלענד.

— הם... — ענטפערט אלדד.

מיסטער קאַמבערלענד איז געווען דער פאַרטרעטער פון דער „באַלדווין לאָקאָמאָטיוו קאָמפּאַני". אין זיין קעשענע האָט ער איצט געפירט אַ באַשטעלונג פון דער פראַנצויזישער רעגירונג אויף הונדערט און צוואַנציק לאָקאָמאָטיוון. האָס געלט איז גע־זיכערט פון דער אַמעריקאַנער טרעזשורי. זיינע גלאַט געראַ־זירטע ליפּן זיינען ווי צוגעקלעפּט איינער צו דער אַנדערער, פון צייט צו צייט עפנט ער זיי, און זויגט אַרויס אַזוי שפּאַרעוו־דיק אַ וואָרט.

— ווען די „שערהאַלדערס" זאָלן נאָר וויסן, ווי די אַק־ציעס פון דער „באַלדווין לאָקאָמאָטיוו" וועלן זיך אַ הויב טאָן.

— איך שטעל זיך פאָר, ווי דאָס וועט ווירקן. — זאָגט אלדד.

— און קומענדיקע וואָך קומט נאָך אַ באַשטעלונג, — זאָגט מיסטער קאַמבערלענד.

— איצט איז די צייט, — ענטפערט אלדד.

— הם. — זאָגט מיסטער קאַמבערלענד.

אלדד טראַכט שוין פון לאָקאָמאָטיוון. ברייט צעשפּרייטע ליניעס צוצווייגן זיך ערגיץ אין אַ שטעטיל. דער צוג לויפט אָן איבער געקרייצטע רעלסן. מיט אַן אימפּעט, גלייך ווי עמיצער וואָלט מיטאַמאָל אויסגעשאָסן דריבנע קלעפּ איבער אַן אַנגעצויגענעם פּייקל. עס האַקעט זיך און וויגט זיך דער וואַ־גאָן, עס גיט אַ קיצל אין לעפּעלע. זע נאָר וויפיל לאָקאָמאָ־טיוון! ס'אַרע וואַלד מיט רויך! איבער לאַנגע ליניעס, צו־צויגן און צעצווייגט ביז דעם ברעג וואַסער און ביז צום ברעג וואַלד, סאָפּען זיי און קריכן אַרום אַזוי זאַכלאַך און זיכער ווי שווערע העלפאַנטן. באַלדווין לאָקאָמאָטיוון קריכן אַרום אי־בער'ן גאַנצן לאַנד, ווי ווערים איבער פעטער איבערגעקערטער ערד.

— שיכרות, — אין שיקאגא שפאנישע „מערינא" — אין מיזורי באלדווין לאקאמאטיוום — אין מאנטאנא דער ארד פון גאלד — פאר היינט און פאר מארגן א דערלייזטער — פאר היינט און פאר מארגן דאס ליד פון אויפקום, דאס ליד פון בויען — וויפיל קאסט איצט א שער ? — פרעגט אלדד.

— איך האב אליין געקויפט צען טויזנט, — ענטפערט מיס־טער קאמבערלענד.

— הם, — זאגט אלדד.

עס ווערט נישט פלוצים דאס געשטאלט פון מיסטער קאמ־בערלענד. אויפ׳ן ארט פון מיסטער קאמבערלענד זיצט אראן. זיינע אויגן זיינען אריינגעזעצט אין טיפע לעבער און שטארק אור־מעטיגע. אראן איז קליין און איינגעשרומפן, און ער פאר־לירט זיך אינגאנצן אין דעם סאמעטענעם שטול. נאר באלד קומט ווידער צוריק מיסטער קאמבערלענד, זעצט זיך גלייך ארויף אויף אראנ׳עז און אונטער אים פארשווינדט אראן אינ־גאנצן.

— דערמיט וואס מיר האבן איצט אריינגעקראגן דעם איי־ראפייאישן מארקעט, ווערן מיר אן אינטערנאציאנאלע פירמע, — זאגט מיסטער קאמבערלענד.

די פרייד אין זיין בלוט איז אזוי גרויס, אז ער מוז צועפע־נען דאס פארשלאסן מויל און ריידן, אפילו ווען מען וואלט געקענט אויסטייטשן זיינע רייד ווי זעלבסט־בארימעריי.

אמעריקע מוז סוף כל סוף אננעמען די פאליסי פון אינ־טערנאציאנאלער פאליטיק אין מסחור, — זאגט מיסטער קאמ־בערלענד.

— זי וועט אננעמען, — ענטפערט אלדד.

— די מאנרא דאקטרין איז אן אויסגעשפילטע דאקטרין, — זאגט מיסטער קאמבערלענד.

— אויב מען וויל פארשפרייטן א ברייטן מארקעט, — ענטפערט אלדד.

ווען זיי זיינען צוגעקומען נאענט פון שיקאגא, האט שוין מיסטער קאמבערלענד געוואוסט, אז אלדד קומט פון רוסלאנד, אז ער איז אין לאנד אינגאנצן דריי יאר. מיסטער קאמבער־לענד איז געווען פארגאפט און פאר׳חידוש׳ט.

— דו מוזט מיך קומען זען, ווען איך וועל זיין א צווייטן מאָל אין ניו יאָרק, — זאָגט ער, — איך וואָלט דיך געראָטן האַלטן די שערם א חודש אָדער צוויי...

אונטער א גרויסן גלעזערנעם דאַך איז שווער סאָפּענדיק און בלאָזנדיק מיט געדיכטן רויך אַריינגעקראָכן דער שווערער לאָקאָמאָטיוו. עס קלינגען גלעקער, עס שרייען פּאָרטערס, עס טאַנצט דאָס האַרץ פון וואַז־ביורען און לאַ׳סאַל׳ן. ליידיקע שטופּ־וועגעלאַך ווערן אָנגעפּילט מיט סחורה, דער טראַק פון דער „יו־נייטעט סטייטס מייל" איז פאַרלייגט ביז צו דער סטעליע, הי־הו־האַ, — נישטאָ שוין מיסטער קאָמבערלענד! — שיכרות — באָלדווין לאָקאָמאָטיוון — אויב באָלדווין לאָקאָמאָטיוון וועלן אַרויף ביז ...192? — העי! העי!

אַלדר׳ן איז געווען שווער צו קריגן די שפּאַנישע „מערינאַ". דאָס וואָס ער האָט יאָ אָנגעקליבן, האָט ער געצאָלט מיט צען סענט אויפ׳ן פונט טייערער, ווי ער האָט גערעכנט, אָבער ווען ער איז אין צוויי חדשים אַרום אַהיים געקומען, איז שוין די גאַנצע סחורה, וואָס ער האָט איבערגעשיקט געווען מיט צוואַנציק און דרייסיק סענט טייערער אויפ׳ן פונט. באָלדווין לאָקאָמאָ־טיווס האָט זיך דעם 28טען נאָוועמבער געעפנט אויף דעם ניו יאָרקער „סטאָק־עקסטשיינדזש מיט 184. צו מיטאָג זיינען די שערם אַרויף צו 196 און ביים שליסן פון דער בירזשע האָט עס שוין געהאַלטן 199 — דער העכסטער פונקט אין דער געשיכטע פון דער „באָלדווין לאָקאָמאָטיוו קאָמפּאַניע".

אשר ראַזענצווייג איז אַריינגעלאָפן א פאַרשמייעטער צו מרדכי עטינגער׳ן אין שאַפּ אַריין. די פּאַלעס פון דעם לייכטן אויבערמאַנטל צופליגלט, די נאָז איז שפּיציק און רויט, זיין אָטעם איז הייס און אָפּגעהאַקט, ווי דער אָטעם פון א פאַרוואונ־דעטער חיה, עס דוכט זיך, אַז דער מענטש האָט היץ.

— וואו איז מרדכי — האָט ער אַרויסגעשאָסן, און דער־זעענדיק עטינגער׳ן, האָט ער אויף גיך אַליין זיך געענטפערט: אָט איז ער.

ער האָט זיך געלאָזט לויפן ווייטער אַזוי גלייך צו מרדכי עטינגער׳ן.

— כאַטש אַ טויזנט פונט, מרדכי, כאַטש אַ טויזנט פונט גיב מיר.

אשר ראַזענצווייג איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט זיין אייגענעם טראַכטן, אַז אים האָט זיך געדוכט, אַז מרדכי עטינגער ווייס שוין אַליין נאָך וואָס ער איז געקומען און וואָס ער וויל.

— כאַטש אַ טויזנט פונט.

אָבער מרדכי עטינגער קוועטשט מיט די פּלייצעס און ער ווייסט נישט וואָס ראַזענצווייג וויל.

— וואָס ווילסטו ? — פרעגט ער.

—זע נאָר, איך בעט דיך, ער ווייסט גאָר נישט וואָס איך וויל — וואונדערט זיך אשר ראַזענצווייג, — ווייסט גאָר נישט וואָס איך וויל ? „מאַהיירס" ! „מאַהיירס" !

— „מאַהיירס" — זאָגט געלאַסן מרדכי עטינגער, — אַווו זאָל איך דיר נעמען „מאַהיירס" ? און ווען דו גיסט אַפילו טויזנט דאָלאַר פאַר אַ פונט, קריגסטו עס דען ?

— וואָס הייסט, וואָס הייסט, — שרייט שוין ראַזענצווייג, — וואָס הייסט דו ווייסט נישט ? צו וועמען דען זאָל איך גיין אַז ניט צו דיר ?

— מענטש איינער, איך וואָלט דיר געזשאַלעוועט ווען איך האָב, וואָס ?

— אָבער דו מוזט דאָך אַריינגיין אין מיין לאַגע, מרדכי, איך בין געבליבן שטעקן מיט'ן טראַנספּאָרט און אויב איך וועל נישט אַריינמישן אַביסל שפּאַנישע און אַביסל „מאַהיירס" קען איך דעם טראַנספּאָרט נישט אַרויסשיקן. האָב רחמנות, מרדכי — גיב מיר עפּעס.

מרדכי עטינגער האָט פּאַוואָליע און דריבנע געוואָרפן ווערטער פון זיין מויל. עס האָט זיך געדוכט, אַז איידער ער זאָגט אַרויס אַ וואָרט, וועגט ער עס צוערשט אָפּ אויף אַ שאָל, אויף וועלכער עס ליגט אויף איין זייט אַ רידקעלע גאָלד און אויף דער צווייטער זייט מרדכי עטינגער'ס אַ וואָרט.

— מענטש איינער.

— מרדכי דו מוזט !

— נו, מוז איך.

— מרדכי, איך זאָג, דו מוזט ! איך זאָג דו מוזט! — ער

האט צוויי מאל מיט א הויכן קול איבערגע׳חזר׳ט זיינע ווער־טער.

— וואס האט זיך צו מיר צוגעטשעפעט דער מענטש, וואס — האט שוין עטינגער אויך געמעגט העכער, — וואס הייסט איך מוז? און אז איך האב נישט, איז וואס קומט מיר!

מרדכי עטינגער האט אים איבערגעלאזט אין מיטן שמועס. ער האט שוין מיט דער קני צוגעקוועטשט אן אפענעם זאק. די ווייסע וואל איז אים איצט געווען אזוי נאענט ווי זיין אייגן לייב, ער האט זיך גאר נישט געוואלט שיידן מיט דער וואל, ווען ער האט זיך צוריק אומגעקערט, האט ער מיט א פנים, פול מיט מיטלייד, שטיל געזאגט:

— נעביך, נעביך, אזא הארצווייטיק.

— מרדכי, — איז נאך אמאל צוגעשטאנען אשר ראזענ־צווייג, — דו מוזט מיר געבן כאטש א טויזנט פונט „מאהיירס“... איך ווייס אז דו האסט... און איך וועל פון דאנען נישט אוועקגיין...

מיטאמאל האט דעם מענטשן אנגעהויבן צו שטיקן אין האלדז, ער האט אנגעהויבן ווישן די נאז, אין זיינע אויגן זיינען געשטאנען טרערן.

— דו מעגסט... דו מעגסט... — ער האט געוואלט זאגן, אז מרדכי עטינגער מעג אים איצט אין זיין נויט ארויסהעלפן, אז ער האט געגוג טויזנטער געמאכט אין אים און אז עס איז א שאנדע , אז אן אייגענער מענטש זאל אזוי האנדלען. אבער מורא האבנדיק צו ריזיקירן מיט די רייד, האט ער געזאגט: דו מעגסט... דו מעגסט... מעגסט מיר רעכענען וויפיל דו ווילסט. איך מוז האבן דעם מין.

מרדכי עטינגער איז מיטאמאל ווייכער געווארן. עס האבן ביי אים אנגעהויבן צו גלאנצן די אויגן. ער האט זיך אויף א ווײַלע אפגעקערט פון אים, און אין דעם מאמענט האט ער באַ־מערקט, אז אלע קנעפלאך פון די הויזן זיינען אפגעשפיליעטע, האט ער זיי צוריק אויף שנעל פארשפיליעט, און אומקערנדיק זיך צוריק צו אשר ראזענצווייג׳ן, האט ער אנגעהויבן הוסטן:

— קבע, קבע, אלרייט, קבע, קבע — גיי שיין — גיי שוין — אין צוויי שעה ארום האסטו די סחורה.

— נו שוין, נו שוין — עטינגער האָט שוין נישט קיין געדולד. און ער האָט שוין נישט קיין צייט, אפשר א שעה, אז דער מענטש נעגעט אים — גיי, גיי — שרייט ער — עס שטייט דאָך נישט דער טאָג...

ער האָט זיך אומגעדרייט צו דייוו׳ן :

— דייוו, דייוו, אָט דאָ היים נעמען א פּאָק שפּאַנישע און אביסל „מאַהיירס״, מיש צונויף מיט ענגלישע און מאַך איין זאַק. נו נעם שוין און גיב זיך א ריר. און זאָל מען עס אַרויפּפּאַקן אויפ׳ן לייכטן טראָק. דורך דער באָוערי וועט מען שנעל דורכ־פאָרן.

— האָב איך דיר געזאָגט — האָט ער אין א ווײַלע אַרום צוגעשריען צו דייוו׳ן — אַז דאָס איז פאַרקויפט פאַר מזומן ?

אלדר שפּאַנט אַראָפּ און אַרויף איבער׳ן שאָפּ און פון שאָפּ אין אָפיס און פון אָפיס צוריק אַריין אין שאָפּ אַריין. ער זעט גאָר נישט וואָס אַרום אים טוט זיך ; ער האָט שוין אויפסניי געקויפט „שערס״, דאָס מאָל האָט ער געקויפט „מעקסיקען פּעט־ראָלעאום״. מרדכי עטינגער׳ן געפעלן נישט די געשעפטן.

— וואוהין שלעפסטו מיך ? — פרעגט ער.

— שרעקט זיך נאָר נישט, פעטער, — ענטפערט אלדר.

— מיין הארץ זאָגט מיר, אַז דו וועסט מיך אזוי אַריינ־שלעפּן אין אן אומגליק — זאָגט עטינגער.

אלדר ענטפערט נישט. ער הערט שוין אפילו נישט די לעצ־טע ווערטער, וואָס מרדכי עטינגער האָט געזאָגט. ווי א חיה אין א שטייג, וועמען עס שטויסט אן איבערגעפלאָסענע ענער־גיע, אזוי שפּאַנט ער אַראָפּ און אַרויף און טראַכט און טראַכט.

— האָב אויף מיר רחמנות — בעט זיך מרדכי עטינגער — באַרעכן וואָס דו טוסט — דו ווייסט נישט, וואָס דאַרטן טוט זיך.

אין אמת׳ן זיינען עס געווען בלויז האַלבע רייד, וואָס מרדכי עטינגער האָט איצט גערעדט. ער איז שוין אינגאַנצן געווען אונטער׳ן איינפלוס פון אלדר׳ן, ער האָט מיט אַלץ, וואָס אלדר האָט געטאָן, מסכים געווען.

יעדע זאַך, וואָס אלדר האָט אונטערנומען, איז אים געפעלן

געוואָרן. אלדד איז איצט געווען זיין אפגאָט; ער האָט דאָס אים אַרויפגעפירט אויף זיין איצטיקן וועג; אלדד האָט דאָס גורם געווען, אַז מרדכי עטינגער זאָל אָפּקויפן די סחורה ביי אשר ראַזענצווייג'ן; מרדכי עטינגער האָט דאָס אים קיינמאָל נישט געזאָגט. אָבער ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אלדד'ס וועג פון האַנדלען. און ער האָט אים בלינדערהייט, נישט פרעגנ־דיק אויסגעפאָלגט. זייענדיג אַן אבערגלויבערישער מענטש, האָט עטינגער געגלויבט, אַז וואו אלדד וועט צולייגן זיין האַנט, דאָרט וועט זיין מזל. און ער האָט קיין איין טראָט נישט געמאַכט אָן אים; און ער האָט קיין איין קניון נישט געשלאָסן אָן אלדד'ס הסכמה; ער האָט זיך בלויז געשפּילט מיט די ווערטער, ווען ער האָט געזאָגט: „דו וועסט מיך אריינשלעפּן אין אַן אומ־גליק".

אָבער אין האַרצן האָט מרדכי עטינגער טאַקי מורא געהאַט. ער האָט געציטערט פאַר דער שפּיל. ווען גאָט שיקט אַריין אין אלדד'ס האַרץ אַ שנאה צו דעם אַלעמען; נאָך וואָס דאַרף מען זוכן גליקן, ווען דאָס גליק קלאַפּט אין דער אייגענער טיר? צו וואָס דער נסיון?

אין אַ וואַך אַרום איז „מעקסיקען פּעטראָלעאום" אַרויף אויף צוועלף „פּאָינטס". מרדכי עטינגער האָט געהיט די צייּ־טונגען.

— וואָס זאָגט איר, פּעטער, פאַרקויפן? — פרעגט אלדד.

— ווי זאָגסטו? — פרעגט ער צוריק.

— איך זאָג... איך זאָג... — אלדד זאָגט גאָרנישט.

— איך גלויב מען דאַרף פאַרקויפן — זאָגט מרדכי עטינ־גער — נאָך וואָס שפּעקולירן, נאָך וואָס שפּעקולירן...

אלדד טראַכט זיינע אייגענע טראַכטונגען. דאָס, וואָס דער פעטער זאָגט און רעדט הערט ער אפילו נישט. ער הערט נאָר עמיצנס אַנדערע רייד. עמיצער רעדט צו אים אַריין אין די אויערן, אַזוי אַט־אַ.

— הערט זיך איין, פּעטער — זאָגט ער — די גאַנצע מעשה מיט וואָל סטריט איז אַ שווינדעריי, מענטשן טאָרן זיך אין דעם נישט אַריינלאָזן, עס איז פּונקט ווי שיכרות.

מרדכי עטינגער איז געוואָרן בלאַס; עס האָבן אים אָנ־געהויבן צו ציטערן די ליפּן.

— איך מיין... איך מיין(...

ער האָט נישט געקענט ריידן; ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו ריידן; ער האָט נישט געוואוסט צי רעדט עס בלויז אלדד אזוי לפנים וועגן, צי מיינט ער עס טאַקי אויף אַן אמת'ן.

— זאָג נאָר נאָך אַמאָל, — זאָגט ער — איך האָב עפּיס נישט געכאַפּט די פּריערדיקע רייד דיינע, וואָס האָסטו געזאָגט?

— איך זאָג, אַז וואָל־סטריט איז אַ שאַנד, אַ געמיינע שווייגעריי, מענטשן דאַרפן די גאַס אויסמיידן.

מרדכי עטינגער'ן האָט אַזש באַגאָסן אַ שווייס. ער האָט געוואָלט אַריינקוקן טיף צו אלדד'ן אין דער נשמה אַריין, און זען דעם אמת; ער האָט ווי מיט'ן כוח פון אַ רוח־הקודש אַריינגעקוקט אין אלדד'ן און געזען דעם אמת, ער האָט אַזש געציטערט.

— איך דאַנק דיר, איך דאַנק דיר, פון מיין גאַנצן האַרצן דאַנק איך דיר...

מרדכי עטינגער האָט אים אַרומגעכאַפּט, אַרומגענומען זיין קאָפּ און דעם קאָפּ שטאַרק געדריקט:

— וועלן מיר מער נישט האָבן צו טאָן מיט וואָל־סטריט?

— מער נישט, פעטער.

— לאָמיר זיך געבן די הענט.

— נאָט אייך מיין האַנט.

און ביידע מענער אין עקסטאַז און אין ציטערדיקער אויפ־רעגונג האָבן זיך געגעבן די הענט מער ניט צו האָבן צו טאָן מיט וואָל־סטריט.

## 5

אין שטאָט, צווישן קרייז פון די סוחרים, און צווישן אייגענע און נישט אייגענע האָט מען אָנגעהויבן ריידן פון דער „עטינגער וואָלן קאָ.“, און מען האָט אָנגעהויבן ריידן פון דעם נייעם פּאַרוואַלטער מיט'ן פרעמדן נאָמען זיינעם, און ווי גרויס ער האָלט זיך דאָס ביי זיך, און אַז ער האָט אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער.

צווישן די פעדלער האבן זיך אנגעהויבן וועבן אלערליי לעגענדעס. איינער האט געזאגט, אז ער איז אן אראבער, און איינער האט געזאגט, אז ער שטאמט פון די שפאנישע אידן.

— ווי קען ער שטאמען פון די שפאנישע אידן, צי זיין אן אראבער, ווען זיינע האר זיינען בלאנד? — פרעגט איי־נער.

— טא ווי אזוי דען קומט צו אים אזא נאמען? — פרעגט צוריק א צווייטער.

— ביזטו טאקי אן עם הארץ — ענטפערט א דריטער — ווען גאט וויל שטראפן אן עם־הארץ לייגט ער אים אריין א לשון קודש ווארט אין מויל אריין. צי געדענקסטו דען נישט דעם פסוק אין חומש אלדד ומידד.

— איז וואס פאר א שייכות האט עס מיט אים — פרעגט צוריק דער ערשטער.

— אט דאס איז דאך טאקי קשה — זאגט צוריק דער צווייטער — דערפאר איז טאקי אזוי שווער צו פארשטיין דעם עניין. מען דערציילט, אז פונקט דעמאלט, ווען עס איז געקור־מען דער גרויסער קראך, איז דער יונגער אראבער פונקט ווי א פאר׳סמ׳טע מויז ארומגעלאפן צווישן אלע לעבער און אלץ איינגעקויפט. איך האב אים אליין געזען אין א קעלער אויף עלדרידזש סטריט.

— אין א קעלער? — צעבייזערט זיך שוין גאר אויף א הויכן קול דער דריטער — איך האב אים אליין געזען שטיין אויף דער באוערי לעבן העסטער סטריט, נעבן אים אויף דער ערד איז געלעגן א טארבע מיט גאלד, און ווער עס איז נאר געקומען מיט א ביסל סחורה, האט ער גלייך אויפ׳ן ארט מיט גאלד באצאלט.

— ביי ראזענצווייג׳ן אליין האט ער געמאכט א האלבן מי־ליאן. אלע האבן דאך דעמאלט געזאגט, אז דער מענטש האט זיך פון זינען גערירט.

— לאזט עס אפ צו זיי — זאגט איינער — זיי וועלן זיך פון זינען נישט רירן. אט דאס איז דאך דאס פארטיל פון אלע מיליאנערן.

— מען ראבעוועט אז וואו נאר מען קען.

— רעגעלע גזלנים זיינען זיי.

— זיי וועלן דיר אין מיטן טאג דעם גארגל אויסשניידן.

קלינגט שוין איבער אלע אנגעזעענע הייזער מיט עטינ־גער׳ס עשירות. מען רופט אים שוין דער „קעניג פון וואל", און מען שמייכלט אים שוין מיט נאר אז אנדער שמייכעלע. עפּיס ליגט שוין שרעק און אפשיי אין דעם שמייכעלע, וואס מען שמייכלט צו אים. און צו אלדד׳ן האט מען גאר איינגאנצן מורא צו ריידן, און די שטוב אליין איז שוין אויב אנדערש, אינ־גאנצן אז איבערגעמעבלירטע, נאכ׳ן גוסט נאך פון דעם באַ־וואוסטן דעקאראטאר ; און ביי מענטשן איז שוין איצט א יחוס אריינצוקומען אין דער דאזיקער הויז אריין. איצט קומט מען שוין נישט גלאט אזוי, ניט מיר, ניט דיר, נאר מען שרייבט שוין פריער, און מען טעלעפאנירט, און מען פרעגט זיך אז — „קען איך האבן דעם כבוד אריינצוקומען ?" און די חברה „עטרת יעקב" פראוועט שוין דארטן אירע סעודות שבת צו נאכט. אין עסצימער פינקלט דער גרויסער לאמפּ מיט זיינע קרישטאלן איבער׳ן רייך געגרייטן טיש. דאס צימער איז אנגעפילט מיט טיפע פלושענע שטולן. אלע פון איין קאליר טיף־בלויע, שטייען אין א רייע אויסגעשטעלט די צוועלף טיש־שטולן, וועלכע ווארטן נאר אויף דעם מאמענט מען זאל זיי געבן א רוק צו און א שטעל ארום, ארום דעם גרויסן „דיינינג רום" טיש. דער טיש בלאנקט, אזוי בלוי־וויים דאס טישטוך, אז עס שמעקט די ווייסקייט. מרדכי עטינגער האט אזא אייגענעם קעסיל, וואס וואשט אזוי ווייס זיינע טישטיכער, און מאכט זיי אזוי בלוי־ווייס בלענדענדיק. און גיט נאר א קוק אויף די פיר טיי־טיש־לאך, פון אמת׳ע „מאהאגאני", פון אויבן פארדעקט מיט דיקן גלאז ! און די אנגעפּיקעוועטע שאפעס מיט גלאזווארג, און מיט זילבער. אזש פון יאפאן האט מען אימפּארטירט דאס געשיר, און פון רוסלאנד האט מען געבראכט דעם סאמאוואר. איצט זידט דער סאמאוואר. זודיק וואסער זשיפּעט און קאכט אינעווייניק אין זיין גרויסן בויך. א קליין בלוי פלעמיל הויבט זיך פון זיין קוימען. און די צענדליקער וואזאנעס ? און די שווערע פארטיערן, און די זיידענע גארדינען ? בייטאג איז דא טונקל, שטיל. עס איז

דאַ זייער קיל בייטאָג. קיין איין פליג איז דאַ נישטאָ. עס איז גוט צו עסן אין דעם דאַזיקן עסצימער. עמאַ גיט שוין אַכטונג אויף די שמעקעדיקע מאכלים. איצט איז דאַ טומלדיק, די חברה „עטרת יעקב" איז דאָ. מען זיצט דערווייל אין דעם גרויסן אויפנאַמס צימער און מען וואַרט אויף עטעל'ס רוף, און דער־ווייל פירט מען אַן אַ לעבעדיקן געשפּרעך.

— דער דייטש, זאָגט מען, האָט שוין פאַרלאָזן וואַרשע — האָט געזאָגט מיסטער בערענשטיין, אַ יונגערמאַן, אַ שוך־פאַב־ריקאַנט, וועלכער האָט נאָר־וואָס זיך אָנגעהויבן אַרויפצודראַפּן אויף׳ן לייטער און דערפאַר האָט ער זיך נאָך געהאַלטן געלאַסן און געקוקט די עלטערע סוחרים אין מויל אַריין.

— און אויף דער צווייטער זייט איז ער שוין אַוועק פון אַסטענד — האָט אים אַרויסגעהאָלפן מיסטער אהרן בוכבינדער, אַ מאַן אַן עושר, אַן אייגענטימער פון אַ צענדליק גרויסע הייזער, און האָט שוין דערפאַר גערעדט מיט חוצפּה און זיכערקייט, און האָט געהאַט אַ פּנים אַזוי קיילאַכדיק אויסגעפּילט, מיט אַ פּאָר אָפּגעמאָלטע, רויטע באַקן, וואָס האָבן שטענדיק געגלאַנצט, און ער האָט ווי געמיינט צו זאָגן צו בערענשטיינען — דו וואַרט נאָך אַ ווייל, דו האָסט זיך ערשט אין אַרויפדראַפּן און דו הער זיך נאָך צו דערווייל וואָס איך זאָג — אַסטענד איז אַ שטאָט אין בעלגיען, און ליגט ביים ענגלישן קאַנאַל.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך מיסטער אהרן בוכבינדער נאָך עפּיס דערמאָנט. ער האָט זיך דערמאָנט אַז היינט, ווען ער זאָל נאָר געוועזן וועלן, וואַרפט ער אַרויס אין מיטן גאַס אַלע פּערציק שכנים, וואָס וואוינען ביי אים אין דער גרויסער הויז אין די בראָנקס. ער טראָגט נאָך אַפילו אַרום אין קעשענע דעם „דיס־פּאָזעס", וואָס ער האָט אין אַ געריכט אַרויסגעקראָגן. ווען ער זאָל נאָר וועלן — אים האָט אַזש געקיצלט אין גאָרגל פון שמחה.

— איך געדענק דאָס נאָך פון דער שקאָלע — האָט ער צו־געגעבן — שוין אַ מעשה פון דרייסיק יאָר אַז איך האָב אין דער שקאָלע געלערנט. אָבער הפּנים דאָס, וואָס מען קלאַפּט אַריין אין קאָפּ אַריין יונגערהייט, פאַרגעסט מען נישט אַזוי שנעל — איך געדענק נאָך ביז׳ן היינטיגן טאָג די געאָגראַפיע.

אין אַ צווייטן ווינקל, נעענטער צו דער טיר, זיצן אַ גרופּע עלטערע מענטשן; זיי זיצן אַרום אַ קליין, פון שוואַרצן האָלץ, טישל, נעמען אַלע מאָל אויפסניי צוביסלאַך בראַנפן און חקירה'ן זיך.

— איך פאַרשטייט    אַז דאָס איז דאָך טאַקי געווען זיין טעות! — זאָגט איינער — געמיינט אַז ער וועט די גאַנצע וועלט אַפּנאַרן! אַ מענטש איז נאָך אַלעמען ניט מער ווי אַ מענטש, מעג ער זיין אַפילו אַ קיסר. וואָס מיינט איר צו זאָגן, אַז מען קען עס די גאַנצע וועלט אין זאַק אַריינפירן? און אויב אַפילו די לאַנד־קאַרטע האָט אַזוי געוויזן צו טאָן, דאַרפן זיי שוין חרוב מאַכן די וועלט? גיט נאָר אַ קוק וואָס ער האָט געמאַכט פון בעלגיען? און פון פראַנקרייך? און אַפילו פון רעם — ימח שמו זאָל ער זיין — לאַנג פּיסיגן המן?

אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז דייטשלאַנד וועט פאַרלירן די מלחמה און אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָס אַריינטרעטן פון אַמעריקע אין קריג האָט אָוועקגעה'רג'עט דעם דייטש, און אַלע אידישע הערצער האָט ווי געטאָן אויף דעם געפאַלענעם שונא. די מלוכה האָט דאָך אויסגעטראַכט קאַנאָנען, וואָס קענען שיסן אויף זיבעציג מייל! און די קלעפּ, וואָס זיי האָבן געגעבן רוס־לאַנד! — געדענקט איר די פּינסקער בלאָטעס? הינדענבורג האָט אַ אידישע קעפּל, ווי ער האָט זיי דאָס אַריינגענאַרט!

אַהרן בובבינדער איז שוין צוגעקומען צום רעדל אידן. איין ביסל און אַ צווייט ביסל בראַנפן האָט ער שוין אַריינגעגאָסן אין זיין צוכראַסקעטן מויל אַריין. זיין מויל איז געווען צוכראַסקעט, מיט די גראָבע ליפּן ווי אַ צוכראַסקעט אָפענע ברוסט. ער האָט גערעדט אַלץ מיטאַמאָל און מיט חוצפּה. — העי, עטעל — האָט ער געשריען — וואו זיינען די פּופּקעס? און די ווערניקעס? ווען איך האָב אַזאַ גרויסע זיבעציג־מייליגע קאַנאָן, שטעל איך זי אַן אַט טאַקי דאָ ביי מרדכי עטינגער אויפ'ן „רוף“ און גלייך אַהין, צו ניקאָלאַיעווקען! בע, בע, בע.

— בע־בע־בע — האָבן אַלע אידן מיטאַמאָל געענטפערט.

דער טיש איז שוין געגרייט. מיט אַ בעכעריל ביי יעדן טעלער. און יעדער טעלער קעגנאיבער יעדען שטול, און דאָס טיש־טוך בלאַנקט, און די ווייסע סערוועטלאַך גלאַנצן אין זייער ווייס־

קייט, און דער לאמפ צושפרייט א ברייט שיינענדיקע פרייד, אריבער אלע גוטע זאכן און אריבער אלע פנים'ער.

— קומט I — דער טיש איז גרייט.

קיינער האט די מענטשן נישט אויסגעזעצט און קיינער האט קיינעם נישט אנגעוויזן זיין ארט, אבער פונדעסטוועגן איז אויבנאן געזעסן מרדכי עטינגער און נעבן אים אהרן בוכבינדער, און נעבן אים אויף דער רעכטער זייט, שטיינבערג, דער גרויסער וואל-סוחר. דערנאך איז געזעסן אין דער רייע דער פרעזידענט פון דער חברה „עטרת יעקב" און דער סעקרעטאר, מיסטער בערענ-שטיין, דער מאן, וואס האט זיך געהאלטן אין ארויפארבעטן, אבער איז נאך נישט געשטאנען אויף די אייגענע פיס, איז נאך געזעסן אביסל ווייטער, אוןביים צווייטן ברעג טיש איז געזעסן אשר ראזענצווייג.

איבער'ן צימער האבן זיך נאך אלץ געטראגן די פריער-דיקע רייד. מען האט געשמועסט פון דער מלחמה. איבער'ן לאנד וואקסט דאס רייכקייט, די „פראספעריטי" איז שוין אנגע-קומען אין יעדער שטוב אריין. איבער'ן צימער צושפרייט זיך דער שמעקעדיקער ריח פון געבראטענע קאטשקעס, דער ריח פון ריינעם קארן בראנפן, דער ריח פון צוהיצטע אידישע קעפ. פנים'ער זיינען צעפלאמט, יארמולקעס רוקן זיך ארויף הויך איבער'ן שטערן. מיטאמאל האקט זיך איבער דער פריערדיקער שמועס. אשר ראזענצווייג פון צווייטן ברעג טיש, שטעלט זיך אויף, גלעט אוים זיין בארד, און מיט די גלאנציקע ברילן גלאנצט ער אריבער אלעמענס פנים'ער. אשר ראזענצווייג איז נאך ביז היינ-טיגן טאג א טשארטקאווער חסיד, און ביז היינטיגן טאג דער-ציילט ער אויף יעדער שמחה די נסים פון דעם טשארטקאווער.

— ווען דער אלטער איז נפטר געווארן — זאגט ער — איז געווען א פרייטאג נאכמיטאג. עס האט דאך נישט געקענט זיין אנדערש, ווי פרייטאג נאכמיטאג. אלע צדיקים ווערן נפטר פרייטאג נאכמיטאג. איז, געדענק איך פונקט ווי היינט, אז די זון איז פארטונקלט געווארן. טאקי ממש פארטונקלט געווארן — אין מיטן העלן טאג איז געווארן אלץ פינסטערער און פינס-טערער. פריער האט זיך עס אנגעהויבן ביי דער בראם. דארטן וואו מען קומט אן פון פילשטין, דערנאך איז געווארן פינסטער

אויפ׳ן מארק לעבן פייסי חסיד׳ס הויז, דערנאָד איז געוואָרן פינסטער אין דער היליצע, אַזוי ביז גאַנץ סאַטאַנאָוו איז געוואָרן איינגעהילט אין אַ חושך.

ווען ער האָט אַזוי אָפּגערעדט פאַר אַ שטיקל צייט, האָט ער מיט אַ טיכעלע אָפּגעווישט דעם שטערן, זיך צוריק אָוועקגעזעצט אויף זיין שטול און עמיצער פון צווישן עולם האָט מיטאַמאָל אַנגעהויבן אַ ניגון פון אתה יצרתי. פריער איז דער ניגון געווען שטיל. נאָר וואָס ווייטער האָט זיך דער ניגון אַלץ מער צוּאָוויקלט — פריער אין איין ווינקל טיש, און באַלד איבער׳ן צווייטן ווינקל טיש, און באַלד איבער׳ן גאַנצן טיש, איבער גאַנצן גרויסן חדר, און באַלד האָט די גאַנצע חברה „עטרת יעקב" אַלע אין איין קול געזונגען אַ הילכיקן, באַגייסטערטן אתה יצרתי.

מרדכי עטינגער האָט מיטגעזונגען. די שוואַרצע אַכטעקיקע יאַרמולקע האָט געגלאַנצט איבער׳ן הויכן שטערן; זיין פּנים איז געווען רויט, זיינע אויגן האָבן געברענט אין התלהבות. ווי אַ מלך אויבנאָן, האָט ער זיך נישט גערירט פון דעם אָרט, נאָר זיצנדיק געשאָקלט מיט׳ן גאַנצן קערפּער אַהער און אַהין און נאָכגעהאַלטן די חברה — אתה יצרתָ! — גרויסער בורא — דו האָסט באַשאַפן — דו, דו — דו ביזט דער איינציקער וואָס ווייזט וואונדער. וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַנטקעגן דיין גבורה אַ דייטש צי אַ פראַנצויז צי אַ רוס, צי אַלע אינאיינעם, מיט איין בלאָז פון דיינע נאָזלעכער קענסטו אַלע אַרמייען אָפּווישן, מיט איין ריר פון דיין פינגער קענסטו די גאַנצע וועלט איבער־קערן. דו ביזט שטאַרק. דיין נאָמען איז שטאַרק. לעולם ועד.

מרדכי עטינגער האָט גערעדט צו גאָט ווי צו אַן אייגענעם. ער האָט זיך צו אים געווענדט אויף „דו". מרדכי עטינגער האָט שטענדיק געגלויבט אין גאָט; ער האָט געגלויבט אַז זיין מזל איז דערפאַר אַזוי גרויס, ווייל גאָט וויל אַזוי. גאָט האָט אים צוגעשיקט אַלדר׳ן, גאָט האָט אים יענעם טאָג אונטערגעשיקט אליהו הנביא׳ן אין געשטאַלט פון אשר ראָזענצווייג׳ן. אין דעם טאָג פון זיין גרעסטער פאַרצווייפלונג האָט אים גאָט אונטער־געשיקט זיינעם אַ מלאך אין געשטאַלט פון אַ מענטשן, כדי ער זאָל אים אַן אויסלייזונג ברענגען. מרדכי עטינגער׳ן האָט זיך געדאוכט, אַז ער איז איינער פון די ביבלישע פיגורן, צו

ווײמען גאָט האָט זיך באַוויזן; ער האָט געזונגען און זיך גע־שאָקלט, און צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע האָט ער אַריינגעשריען אין קיך אַריין:

— עטעל, נאָך אַמאָל געבראַטנס! נאָך אַמאָל וואַרעניקעס! נאָך אַמאָל דעם גוטן ספּירט!

— הער נאָר, מרדכי — האָט זיך אהרן בוכבינדער אינמיטן אָפּגערופן צו אים — איך האָב אַ גאָלדענע מציאה — לאָמיר דאָס קויפן בשותפות.

— רייד נישט, רייד נישט — מרדכי עטינגער האָט אַפילו ניט געוואָלט הערן וואָס ער רעדט.

— אַ „גאָלדמיין"! — האָט בוכבינדער ווייטער געזאָגט.

— איך בעט דיך, לאָז מיך צורו איצט, ביי מיר איז איצט יום־טוב.

מען האָט ווייטער געזונגען און געגעסן און געטרונקען.

— אַז איך זאָג אַ גאָלדמיין, מעגסטו מיר גלויבן, איך ווייס וואָס איך רייד — רעדט ווייטער אהרן בוכבינדער — כ'האָב שוין אָנגעקוקט דאָס הויז, אויף בראָדוויי שטייט עס, איך זאָג דיר אַ שמאַלצגרוב.

מרדכי עטינגער האָט זיך געבראָכן אין ווייטיק. ער האָט גאָרנישט געוואָלט הערן אַזוינע רייד איצט. עס האָט אים גע־ריסעט אונטער'ן האַרצן.

— וואָס ווילסטו פון מיר האָבן, ווען ביי מיר איז אַ שמחה!

— וואָרום קויפסטו נישט די הויז אַליין? — האָט עטינ־גער צום סוף אַ פאַרצווייפלטער געפרעגט.

— כ'האָב נישט אַזויפיל געלט.

עס האָט זיך שוין איבערגעריסן מרדכי עטינגער'ס שטימונג. ווי פון הימל אויף דער ערד, האָט מען אים אַראָפּגעשלעפּט. ער איז מיטאַמאָל געבליבן אַזוי זיצן אַ וואַכעדיקער, אַ דערשלאָגע־נער. אויסגעניכטערטקייט האָט פאַוואָלינקע צעעפנט זיין ליפּן.

— איז וויפיל געלט דאַרפסטו?

— פופציק טויזנט.

מרדכי עטינגער האָט שוין נישט געהאַט קיין געדולד צום טומל אין הויז. ער האָט שוין געוואָלט, אַז אַלע זאָלן זיך באַלד

צוגיין. אים האָט זיך שוין געדרייט דער קאָפּ. ער האָט שוין אויפ'ן אָרט געוואָלט וויסן, וואָס פאַר א פאַרשלאַג דאָס איז און וואָס וועט ער האָבן דערפון און מיט וואָס וועט מען אים גאַראַנטירן פאַר'ן געלט. אַז אַנטוישטער און מידער האָט ער זיך צום סוף אויפגעהויבן פון טיש, נאָך אים אַלע איבריקע.

— קום אריין מאָרגן — האָט ער צו בוכבינדער'ן געזאָגט

— קום אריין מאָרגן, וועלן מיר זיך דורכריידן.

!

— מאָרגן — אָבער ווער האָט דען צייט ביי מרדכי עטינ־גער'ן אין שאָפּ זיך אָפּצוגעבן מיט זייטיקע ענינים? אויב אהרן בוכבינדער וויל, זאָל ער קומען, אויב אַלדד מיט דער פּען אין האַנט אין דעם קליינעם חדר'ל, וועט אויסרעכענען, אַז דאָס געשעפט וועט זיך לוינען, וועט מען מאַכן געשעפט — דערווייל איז נישטאָ קיין צייט פאַר זייטיקע פּלענער. דער־ווייל טראַכט גאָר אַלדד פון אַרויסציען זיך אַרויף פינפטער עווע־ניו. מרדכי עטינגער ציטערט פאַר'ן געדאַנק. מרדכי עטינ־גער האָט מורא צו ספּעקולירן. אָבער האָט ער דען נישט פונקט אַזוי מורא געהאַט צו טראַכטן פון אַרויסציען זיך אויף ריווער־סייד־דרייוו? פונדעסטוועגן ליגט דאָך שוין ביי אים אין קע־שענע אַן אונטערגעשריבענער קאָנטראַקט אויף דער הויז נומער 192..., און אַזוי וועט מן הסתם אויך זיין מיט'ן אַריבערציען זיך אויף דער פינפטער עוועניו, און מיט די נייע מאָדנע מאַשינען, וואָס אַלדד וויל אַריינגעמען און מיט'ן עקסטרע אָנגעשטעלטן מענטשן פאַר אייראָפּע, און מיט...

אין שאָפּ גייט אַן די אַרבעט רעגעלמעסיק. פונקט צו דער מינוט ווערט פאַרטיק דער באַל, און פון זיך אַליין, אָטאָמאַטיש, פאַלט דער באַל אַרויס פון דער פּאַק־מאַשין, און גלייך גיבן דעם פּאַק א כאַפּ אַרום צוויי אייזערנע הענט, מיט שטאָלענע פינגער, די שטאָלענע פינגער שטשעמען זיך איין מיט בלינדער גבורה אין די דראָטענע שטריק, און אַזוי לאַנגזאַם און איינגע־שפּאַרט פאַרשלעפּן זיי דעם פּאַק אין א צווייטער אָפּטיילונג, וואו עס שטייען שוין מענטשן מיט פאַרב און מיט פּענזילס און שרייבן די אַדרעסן.

און גלייכצייטיק פון א צווייטער אָפּטיילונג גליטשט זיך

אין א שמאָלער, לאַנגער רער אַ פּאַקעט מיט פּאַפּירן. דאָרטן אין די פּאַפּירן איז באַשריבן דער אינהאַלט פון דעם באַל, אַזוי פיל און אַזוי פיל אין וואָג, דער און דער סאָרט, אַזוי פיל און אַזוי פיל אין פראַכט שיקן מיט דער „ראָיעל מייל". און אַזוי ווייטער.

אלדד שפּאַנט אַרום אין שאַפּ. איבעראַל וואַרפט ער זיין בליק. מיט די ווייכע טריט פון די גומי־אַפּצאַסן קומט ער אונטער ווי אַ שאָטן. און פונקט ווי אַ שאָטן פאַרשווינדט ער באַלד אין זיין פּריוואַטן אָפיס אַריין.

אויף זיין טיש איז ריין צונעקליבן. דאָס גרינע קלעקפּאַפּיר איז אָן אַ טראָפּן טינט. פון דעם קאַלענדאַר אויפ'ן וואַנט הילכט אַראָפּ דער גרויסער ציפער — 2 —ווי אַן אָפּגעגלאַנצטער שטיוול פון נאַפּאָלעאָנען. אויף זיין שאַפע שטייען אין אָרדנונג אויסגעשטעלט די אַלערליי קעסטלאַך מיט באַשטעלונגען און מיט אָפּצאָלונגען יעדע נאָכ'ן אלף בית נאָך. צו דער מינוט קען אלדד געפינען וואָס ער דאַרף און צו דער סעקונדע קען אלדד ענטפערן אויף אַ פראַגע. און אין אַ באַזונדערן קעסטעלע ליגן די קאַרדס מיט די טעגלאַכע אָפּצאָלונגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג אַ חודש נאָך אַ חודש. אלדד קען אין איין שעה וויסן ווי אַזוי דאָס געשעפט שטייט.

— האָט מען אָפּגערופן שטיינבערג'ן ? — פרעגט עטינגער אַריינקומענדיג פון אַ זייטיגער טיר.

— אָפּגערופן — ענטפערט אלדד — עלף אַ־זייגער קריגט ער אַריין דעם טראַנספּאָרט, נאָכמיטאָג וועט ער אים איבערלאָדן, אַרום דריי־פיר וועלן מיר אים האָבן.

מרדכי עטינגער האָט שוין גאָרנישט וואָס צו ריידן. ער בלייבט שוין אַזוי שטיין מיט אַן אָפּן מויל און מוז שוין צוריק אַראָפּשלינגען די ווערטער, וואָס ער האָט שוין גענהאַט אָנגעגרייט צו זאָגן. אָבער אַזוי ווי דאָס מויל איז שוין סיי ווי סיי אָפן, רעדט ער שוין אַנדערע רייד :

—אַמאָל, ווען איך האָב אָנגעהויבן מיין מסחור, האָב איך אַפילו נישט געטרוימט פון אַזעלכע געשעפטן — זאָגט ער — קיין עין הרע אַזא שפע.

מרדכי עטינגער לויבט גאָט — קיין עין הרע אַזא שפע —

אלערליי נדרים האט ער שוין מנדר געווען, אבער עס איז נאך נישט גענוג. ער איז נאך שולדיק; ער דארף נאך געבן — וויפיל דארף נאך מרדכי עטינגער געבן?

— עס איז צופיל — זאגט ער — צופיל. א מענטש טאר אזוי פיל זיין קאפ נישט פארדרייען. מיר פרעסן צופיל. אין דעם לאנד עסט מען צופיל. מיר זיינען הולטאיעס.

— צו וועלכע גוטע יאר דארף מען זיך אזוי יאגן? — רעדט ער ווייטער — וואס? וואס האט מען דערפון? קיינער וועט דאך גארניט מיטנעמען אין קבר אריין!

— עס מוז אבער אזוי זיין — ענטפערט אלדד — אויב געשעפטן גייען נישט ארויף, מוזן זיי גיין ארונטער — דאס איז א געזעץ.

— געזעץ — געזעץ — איר מיט אייערע געזעצן — אט האב איך נישט געוואוסט פון קיין געזעצן.

אלדד האט געזאגט:

— נישט וויסנדיק, פעטער, האט איר אויסגעפאלגט אלע כללים פון געזעצן. עס מאכט גאר נישט אויס, צי איר האט געוואוסט, צי איר האט נישט געוואוסט. אינסטינקטיוו האט איר געטאן דאס, וואס איר האט באדארפט צו טאן.

מרדכי עטינגער האט געשוויגן; מרדכי עטינגער האט געוואוסט, אז אלץ וואס ער אליין זאגט, טוט ער פונקט פארקערט. און אז ער האט נישט קיין כוח, קיין איין געדאנק זיינעם דורכצופירן. אז ער איז לייכטזיניג ווי א קינד, אז עפּיס אזא בלינדע קראפט האט אים זיין גאנץ לעבן ערגיץ ארומגעגעפירט, און ער האט נישט מער ווי אויסגעפאלגט עמיצנס א וואונש, עמיצנס א פארלאנג. עס איז נישט ער, וואס טוט דאס אלעס. עס איז נישט ער, וואס האט די דעה, אז שוין אזוי־א וועט ער זיך ביז'ן טויט שוין נישט באפרייען פון אט דעם בלינדן שטארקן. מרדכי עטינגער האט זיך געפרייט און געגלויבט גאט, וואס ער האט אים צוגעשיקט אזא קלוגן מענטשן, ווי אלדד איז. ער האט געדאנקט גאט פאר'ן גוטן בעל יועץ, וואס ער האט. מרדכי עטינגער האט מיט רעליגיעזער התפעלות פלוצים געזאגט:

— גוט, גוט, אלדד — דו ביזט א קלוגער מענטש. איך גלויב אין דיינע קענטנישן. פאר דיר ווארט א גרויסער עתיד.

איך בין אַ שוואַכער מענטש... מיינע קינדער זיינען מיר פרעמד... איך האָב ...

— עס איז שוין צייט צו עסן מיטאָג — האָט ער אין אַ ווייַלע אַרום געזאָגט — און איך האָב גאָר נישט קיין אַפּעטיט.

מרדכי עטינגער האָט צוגעלייגט די האַנט צום שטערן — עס טוט שוין ווידער וויי דער קאָפּ.

אין דעם מאָמענט האָט אָנגעהויבן קלינגען דער טעלעפאָן. אַלדד איז לאַנגזאַם און מיט ווירדע צוגעגאַנגען צום טיש, אַראָפּ־גענומען דאָס רעדל און עס צוגעלייגט צום אויער. אַ מינוט האָט ער געשוויגן. אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט וואָס מען רעדט, דערנאָך האָט ער ציילנדיק זיינע ווערטער, מיט אַ געוויסן ניגון אויסגעזונגען זיינע „יאָ׳ס״ —י יאָ — יאָ — איז וואָס זשע ווילט איר?

איך רוף צוריק די גאַנצע באַשטעלונג, — האָט עמיצער פון וויייטן, מיט אַ הייזעריק, אויפגערעגט קול געדעדט.

אַלדד האָט אַ שמייכל געטאָן. מיט אַ בלייפעדער אין האַנט האָט ער סתם אַזוי געשריבן אויף אַ שטיק פּאַפּיר ציפערן — 41-41-41 — נאָר אין אַ סעקונדע אַרום איז זיין פּנים מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט. ער האָט אַרויסגעלייגט דעם בלייפעדער פון האַנט, זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן שטול, זיך צוגערוקט נעענטער צום טיש, פעסטער אַרומגענומען דאָס רעדל אין האַנט אַריין, און מיט אַן אַנטשלאָסענעם טאָן געזאָגט:

— הייסט עס, אַז איר ברעכט אָפּ דעם קאָנטראַקט?

ביי די ווערטער איז עטינגער צוגעלאָפן צו אַלדד׳ן. מרדכי עטינגער האָט גלייך געוואוסט, אַז דאָס רעדט מען פון דער „דזשווירמאַן־אַמעריקען וואולן קאָ.״ אַז זיי רופן צוריק דעם גרויסן באַשטעל, וואָס זיי האָבן מיט אַ טאָג פריער באַשטעלט.

— גיב מיר דעם טעלעפאָן! גיב מיר דעם טעלעפאָן! — האָט ער אָנגעהויבן שרייען.

אַלדד האָט אים ניט געענטפערט. ער האָט אפילו ניט געהערט וואָס מרדכי עטינגער רעדט. ער איז געווען אויפגערעגט, בלאַס, און אַנטשלאָסן האָט ער צוריק אין רעדל אַריינגערעדט:

— דאָס מיינט, אַז מיט אייערע רייד האָט איר אונז אַטאַ־

מאַטיש באַפרייט פון אונזער קאָנטראַקט — זייער גוט — זייער גוט — „גוד־ביי".

און אַזוי שנעל ווי ער האָט נאָר אויפגעהאַנגען דאָס רערל, איז ער שוין פּונקט ווי פריער ווידער געווען רואיק און געלאַסן, האָט אַראָפּגענומען דעם בלייפעדער פון דעם טיש און אים אַריינ־געשטעקט אין דער קליינער וועסט־קעשענע.

— וואָס האָסטו אָפּגעטאָן? — האָט מרדכי עטינגער אָנגע־הויבן שרייען, — וואָס האָסטו אָפּגעטאָן! עס איז מיין בעס־טער קונד! וואָרום האָסטו מיך ניט צוגערופן? ווער האָט דיר געגעבן רעכט אַזוי צו האַנדלען?

מרדכי עטינגער איז געווען בלאַס. אים האָט געציטערט די אונטערשטע ליפּ. ער האָט צעשפּיליעט זיין ראָק און אים צוריק פאַרשפּיליעט. צום סוף איז ער געבליבן שטיין מיט'ן ראָק איינ־גאַנצן אַ פאַרשפּיליעטער, גלייך ווי איינער, וואָס קלייבט זיך אין וועג אַריין.

זעענדיק ווי בלאַס און צעטומלט דער פעטער איז געוואָרן, האָט זיך אַלדד עטוואָס פאַרלוירן.

— אָבער זייט ניט אַזוי צוטראָגן, פעטער, — האָט ער נערוועז געזאָגט, — מען קען דאָך נאָך צו יעדער צייט אָפּרופן און אַלץ גוטמאַכן.

— אָפּרופן, אָפּרופן, — האָט עטינגער גענומען שפּאַנען איבער'ן צימער. ער איז געווען געוואַלדיק אויפגערעגט. אין מיטן דערינען האָט ער גענומען מיט צוויי פינגער — דעם גראָבן און אָנצייג פינגער — מעסטן דעם געלענק פון זיין לינ־קער האַנט. — אַוודאי וויל איך זאָלסט אָפּרופן!

און עס איז געווען אַזוי, אַז פּונקט דעמאָלט, ווען אַלדד איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן, האָט דער טעלעפאָן אָליין אָנגעהויבן צו קלינגען. אויך דאָרט, ביי דער „דזשווירמען אַמעריקען וואולן קאָ." אין אָפיס, איז געוואָרן פּונקט אַזאַ טומל, נאָכדעם ווי יענער האָט אויפגעהאַנגען דאָס רערל פון טעלעפאָן:

— וואָס האָסטו אָפּגעטאָן? — האָט מען דאָרטן געשריען,

— דער טראַנספּאָרט מוז מאָרגן אַרויסגיין. פינפאונצוואַנציק טויזנט דאָלאַר סעקיוריטי ליגט דאָרט, וואו וועסטו איצט גיין זוכן די „מאַהיירס"?

און מענטשן האָבן דאַרטן געשריען, מען האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, מען האָט אָפּגעשטופּט שטולן און זיי צוריק־געשטעלט, פּונקט די זעלביקע רייד האָט מען דאַרטן גערעדט.

— גיי שוין און רוף נאָך אַמאָל אָפּ! צו פּיל רעכט נעמסטו זיך שוין! אַזאַ זאַך דאַרפסטו מיך פריער פרעגן! דו טאָרסט אַליין אַזוי ניט האַנדלען! רוף אים גלייך אָפּ!

עס האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. נאָכאַמאָל געקלונגען. אימפּעטיק, איין קלונג נאָכ'ן צווייטן.

— דאָס רופט מען פון דאַרטן, — האָט אלדר געזאָגט, — איר ווילט ריידן?

מרדכי עטינגער איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן. פריער האָט ער אויסגעגלעט זיין באָרד, דערנאָך האָט ער צוריק אויפגעשפּי־ליעט זיין ראָק, זיך אויסגעהוסט און אַריינגעשריען מיט אַ הויך, קלאָר קול:

— יאָ, דאָס בין איך — עטינגער — יאָ, יאָ, עטינגער — איך אַליין, גוט מאָרגן גוט מאָרגן.

— — — — — — עמיצנס רייד.

— האָט איר צוריקגערופן די באַשטעלונג הייסט עס?

— — — — — — עמיצער פאַרענטפערט זיך.

— זייער גוט, זייער גוט. הייסט עס, אַז דערמיט באַפרייט איר זיך פון מיין קאָנטראַקט?

עטינגער האָט נאָכגערעדט כמעט די זעלבע רייד, וואָס אלדר האָט געזאָגט.

— הא! וואָס! האָט ער פּלוצים געביטן דאָס קול. זעט איר, דאָס געפעלט מיר שוין נישט. אָפּגעמאַכט איז אָפּגעמאַכט.

אָבער מרדכי עטינגער האָט זיך שוין געפרייט, אוועקגייענדיק פון טעלעפאָן האָבן שוין געגלאַנצט זיינע אויגן. ער האָט געזיגט. ווען ער זאָל נאָר וועלן, קען ער אפילו איצט קריגן אַ צען אָדער פופצן סענט מער אויפ'ן פונט, אָבער מרדכי עטינגער איז אַ וואָרטסמאַן, ער וועט נישט ברעכן זיין וואָרט. אַבי ער איז באַפרידיגט. באַפרידיגט — אַלץ גייט נאָך בעסער ווי געוואונטשן. די גאַנצע סחורה איז שוין לאַנג אויספאַר־קויפט, דער פּראָפיט אַ זיכערער, ליגט שוין אין די בענק. וואָס איז מכוח דער גרויסער הויז אויף בראָדוויי, וואָס אהרן בוכ־

בינדער האָט פאַרגעשלאָגן? צי אפשר זיך צוריקציען פון געשעפט און לעבן פון עיסקא? צי אפשר פאָרן קיין ארץ ישראל? צי בויען אַ שול? העי, אַזאַ מין מקום קדוש, וואו אידן זאָלן קומען אַלע טאָג תפילה טאָן? צי אפשר גאָר אַלץ צוטיילן אין צדקה? צו די אַרבעטער, צו אַלדד'ן? ער האָט זיך געפרייט דערמיט, וואָס ער האָט אויסגעפירט ביי דער „דזשווירמען אַמעריקען וואולן קאָ.״ מען האָט אים פריער גערופן, זיי האָבן דאַרט מורא גע־האָט צו שפּעקולירן. מרדכי עטינגער האָט איצט נישט געקענט קוקן אַלדד'ן גלייך אין די אויגן אריין, פון דער זייט בלויז האָט ער געבליקט אויף אים, פון צווישן די ציין האָט ער בלויז אַזוי באַלעבאַטיש ארויסגעזויגן:

— פונדעסטוועגן דאַרפסטו זיך מיט מיר ישוב'ן וועגן אַזאַ עניין.

מרדכי עטינגער האָט נאָך דערוויילע נישט צוטיילט אַלץ אין צדקה און ער האָט נאָך דערוויילע גאָרנישט איבערגעשריבן אויף זיינע אַרבעטער און קיין ארץ ישראל פאָרט ער נאָך אויך נישט. מרדכי עטינגער האָט זיך איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג באַגעגנט מיט אהרן בוכבינדער, און ביידע זיינען זיי אוועקגעגאַנגען צום אַדוואָקאַט פינקעלשטיין.

דאַרטן האָבן זיי שוין געטראָפן דעם אַגענט און אַ נידריק פעטן מאַן. דער מאַן האָט געהאַט אַן אָפּגעגאָלטע גוישע מאָר־דע. אויף די קורצע, גראָבע פינגער זיינען געווען, ווי אין פלייש ארייגעוואָקסן, גרויסע, בליסטשענדיקע דימאַנטן. אין גרויס צופרידנקייט האָט זיך דער קורצער און פעטער מאַן געקאַטשעט אין אַ ברייטן ווינגשטול. מיט אַ הייזעריקן, ווי פון אַ סך טרינ־קען, קול, האָט ער מיט אַ דריבנער צופרידנקייט דערציילט די מעלות פון זיין הויז און די מעלות פון אַלע אַנדערע הייזער, וואָס ער פאַרמאָגט. דער מאַן האָט געזאָגט:

— איך זאָלט זיך גאָרנישט שרעקן, וואָס מען זאָגט, אַז די רעגירונג נעמט זיך צו די אונזעריקע. קיין הויכע „טעקסעס״ אויף „ריעלעסטייט״ וועט מען נישט ארויפלייגן, מיר האָבן דאָס שוין „געפיקסט״. אַ קאָמיטע פון אונזערע האָט זיך שוין געזען מיט'ן קאָמישיאָנער אַליין — אַלץ וועט זיין אַלרייט.

דער מאַן איז געווען זיכער אין זיינע רייד. מיט'ן קאָמי־שיאָנער אַליין שפּילט ער אין קאָרטן. ער האָט אים, ווי ביי זיך אין קעשענע.

ווען דער מאַן האָט פאַרענדיקט ריידן, האָט ער איבערגע־לעגט די הענט מיט די פינגער די בּליסטשנדיקע אויפ'ן גרויסן בויך זיינעם. מיט מאַטערניש האָט ער איינגעשלאָסן אַ פינגער אין אַ פינגער, מיט די צוויי גראָבע פינגער, האָט ער וואוילינגעריש געדרייט איינעם אַרום צווייטן, און פון זיין נאָז האָט אַרויסגעבלאָזן און זיך אַרויסגעשפּאַרט מיט אַ שטילן פייף דאָס אינווייניקסטע פעטס זיינס.

דער אַדוואָקאַט האָט שוין געהאַט זיינע פּאַפּירן צוגעגרייט. די מיידלאַך מיט די שרייבמאַשינען זיינען געזעסן גרייט אָנ־געגרייטע. זיי האָבן געקוקט דעם אַדוואָקאַט אין מויל אַריין. דער אַדוואָקאַט האָט געשמייכלט; אַ וואַרעם — און אַ שמייכל. און אין צווישן צייט האָט ער מיט אַ ביינדל געפּוצט זיינע נעגל.

— איך דערצייל זיי פון די „רומערס", וואָס גייען אַרום, מיסטער פינקעלשטיין — האָט זיך ווייטער אָנגערופן דער פּע־טער מאַן, — ווענן הויכע „טעקסעס". „דים איז האַמבאָג" — זאָג איך. „גיוספּייפּער טאָק". דערווייל איז נאָך ביי אונז דאַנקען גאָט דאָ אַ רעגירונג. אונזער קאָמיטע האָט זיך גע־זען מיט'ן קאָמישיאָנער. — גייט אהיים, — זאָגט ער. — אָלץ וועט זיין אַלרייט. און מיר האָבן שוין אַ פּאַנד פון הונדערט טויזנט... זאָל נאָר אַריבער דער „עלעקשאָן". שטענדיק פאַר „עלעקשאָן" טומלט מען — זאָל נאָר אַריבער דער „עלעקשאָן."

דער אַדוואָקאַט האָט שוין געלייענט מיט אַ פאַרשלאָפן־צו־צויגענעם ניגון דעם „דיד". ער האָט אַרויסגעקוקט פון פּאַפּיר, באַטראַכט די פּנים'ער, און אויף אויסווייניק געזאָגט:

— אויף אַ „לאָט" הונדערט ביי הונדערט און פופציק. אויפ'ן מערב זייט פון בראָדוויי, אויפ'ן דרום זייט פון דער פער־ציקסטער גאַס, הונדערט פוס טיף, הונדערט און פופציק פוס ברייט, א. א. וו. א. א. וו. פאַר שעה'ן לאַנג האָט ער געלייענט און איבערגע'חזר'ט די גאַנצע געשיכטע פון דער הויז.

מרדכי עטינגער'ן האָט געלאַנגווייליגט. ער האָט נישט גע־האַט קיין געדולד אויסצוהערן די לאַנגע געשיכטע. אין דער

הויז וועט ער נישט וואוינען. קיין לעבעדיקע זאַך, ווי למשל, וואָל איז עס ניט. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז בלויז נאָך אַ פאַל פון זיין שוואַכקייט. נאָך וואָס דאַרף ער נאָך הייזער אויף בראָדוויי? וואָס וועט ער טאָן מיט דער הויז? נאָך וואָס דאַרף ער אַזוי פיל קאָפּדרייעניש? דער סוף זיינער וועט זיין אַ שלעכטער — ער וועט אונטער זיין אייגענער שווער־קייט דערשטיקט ווערן. מרדכי עטינגער האָט נישט געקענט קוקן אויף דעם מאַן דעם פאַרקויפער. ער האָט אַ געפיל, אַז דאָס זיצט אַ שטיק נבלה, אַז ער שמוצט איין זיינע באַלעבאַטישע הענט אין עפּעס אַן אומריינע זאַך — וואָרום פאַרבינדט ער זיך מיט אַזאַ שרץ!

גאָט צו דאַנקען. אַלעס איז שוין אַריבער. מרדכי עטינ־גער האָט אויף שנעל אַרויסגענומען דעם טשעקבוך, אויסגעשריבן אַ טשעק אויף פופציק טויזנט דאָלאַר, צוגענומען די פּאַפּירן, און אַ באַפרייטער איז ער אַרויס אין דרויסן אַרויס.

אָבער אַרויסגייענדיק פון דעם אַדוואָקאַט'ס אָפיס, איז מרדכי עטינגער פונדעסטוועגן נישט אַהיים געגאַנגען. ער איז אויך נישט צוריקגעגאַנגען אין שאָפּ אַריין. ער האָט זיך פאַר־נומען אַרויף בראָדוויי.

עס איז געווען שפּעט נאָך מיטאָג. די זון איז שוין גע־ווען פאַרגאַנגען, אָבער עס איז נאָך געבליבן הענגען איבער דעם אָפענעם דרויסן אַ ווייסע ליכט, אויסגעמישט מיט בלוי פון הימל און געל פון די אָפענע פענסטער אַרוים. פון די ריזיג־הויכע מויערן, דורך ברייט צופראַלטע טירן און דורך ווינגדיקע, פיר־זייטיקע הענג־טירן, דריידלט זיך אַרוים און שיטן זיך אַריין אין דער אָפענער גאַס אַריין טויזנטער און טויזנטער מענטשן. די מאַסע האָט, ווי שטראָמענדיק וואַסער, געפּלייצט אין די אָפענע מיילער פון די „סאָבוויים". שוין אין גאַס האָט מען פון אונטער דער ערד געקענט הערן דאָס ווילדע רייסן זיך פון די אונטערערדישע צוגן. פון אייזערנע, אויף דער ערד צעלייגטע גראַטעס, האָט געבלאָזן אַ שאַרפער און וואַרעמער ווינט. עטינגער האָט געזען די שטראָמען, וואָס האָבן זיך גע־צויגן אויף פולטאָן סטריט. ער האָט געזען אַ לאַנגע רייע ווע־

גענער אַלע מיט בוכשטאַבן „יו עס", נעבן דער שטאַטישער הויפּט־פּאָטשט. מענטשן האָבן זיך געריבן אין מענטשן. ווע־גענער האָבן זיך געקרייצט און אַזוי קונציק אויסגעמיטן, אַז עס איז געווען פּשוט צו באַוואונדערן.

נעבן דעם „סיטי־האָל" איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע. אַל־טע מענער, מיט מעדאַלן נאָך פון דער „סיוויל־וואָר". אויף זייערע בריפּענדיגע בריסט זיינען געגאַנגען אין פאָראויס, און מיט זייערע רויטע יאַסלעס האָבן זיי געקייט דאָס ליד „מיי קאַנטרי". יונגע בחורים מיט גרויסע „קאָו־באָי" היט, די העל־זער פאַרבונדן מיט שפּיציק־רויטע פאַטשיילעס, מיט פאַרשוויצ־טע פּנים'ער, האָבן זיך אויף אַ הייזעריק קול געריסן „מיי קאַנטרי". ווייבער אָנגעטאָן אין מענערשע הויזן, מיט הויכע מענערשע קאָלנערס, מיט היטלען סאָלדאַטסקע אויף זייערע קעפּ, האָבן געזונגען „מיי־קאַנטרי". „מיי קאַנטרי" האָט געשפּילט אונטער פון די טרעפּ אַ גרויסער מיליטערישער אָרקעסטער.

מרדכי עטינגער איז צום סוף מיד געוואָרן פון די אַרומיקע בילדער. פון ערגעץ האָבן זיך ביסלאַכווייז אַריינגע'גנב'עט געדאַנקען אין זיין מוח אַריין. געדאַנקען וועגן אים אַליין; אָפּגעריסענע, צעבראָקעלטע, איינער אויף די אַנדערע און איי־נע אַריינגעפּלאָכטן אין די אַנדערע. ער האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרענדיקן זיין געדאַנק וועגן מסחר, און ער האָט שוין געטראַכט פון די קינדער, און באַלד טראַכט ער שוין פון ראָזענצווייגן און פון בובבינדערן, פון דעם אַדוואָקאַט פינ־קעלשטיין, און פון דעם גראָבן אידן, ביי וועמען ער האָט גע־קויפט די הויז.

— ס'אַרא פּראָסטער מענטש דאָס מוז זיין — שאַצט אים ווידער עטינגער אָפּ אין זיין געדאַנק. — דאַכט זיך אַלע גאַלן זיך אין אַמעריקע, אָבער אַזאַ גויעשע מאָרדע האָט ער נאָך קיינ־מאָל נישט געזען. עטינגער דערמאַנט זיך אין אַ היימישן גוי — קאָרניליאַ דער באַדיונג, יענער האָט פּונקט אַזאַ געגאָלטע מאָרדע געהאַט. בלויז איז זי געווען קאָרניליאַ'ס מאָרדע און חזיריש, און פּונקט אַזוי דעם אידנס — אָבער גאָט צו דאַנקען — דער מסחור איז שוין געשלאָסן. מער דאַרף ער אים שוין נישט אָנקוקן.

— און וואָס וועט זיין דער סוף פון אסתר׳ן ? — איז אים פּלוצים געקומען אַ נייער געדאַנק. — שוין אַ מיידל אין די יאָרן.

מרדכי עטינגער האָט זיך אַ קרים־געטאָן. פּונקט ווי עמיצער וואָס בייסט איין אַ ווערימדיקע פּרי.

— אָבער וואָס וועט פאַרט זיין מיט אסתר׳ן ?

עמיצער אַן אומזעבאַרער, ציו אפשר אַ קופּע אַנגעוואָרפענע געדאַנקען, האָבן אים פאַרשטעלט זיין וועג. ער מוז זיך אויף אַ סעקונדע אָפּשטעלן — עפּעס מוז דאָך אַ טאַטע אַ טראַכט־טאָן, ווען אין שטוב דרייט זיך אַרום אַ פיר־און־צוואַנציק יאָריק מיידל. אפילו מער ווי דאָס האָט ער געטראַכט. עפּעס האָט זיך איבער זיין אייגן לייב צולעגט אַזאַ קיצלדיקע וואַרעמקייט. אַזאַ טיף־שווייגנדיקס, ווי עפּעס וואָס יורט און וואַקסט און צעשפּרייט זיך און שלאָגט אַריין אַ היץ אין די אויגן אַריין. אסתר האָט אַזאַ ברייט צעוואַקסן לייב מיט קליינע לעבעלאַך, וואָס צוקן און עפענען זיך און פאַרמאַכן זיך אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, ווי פעטע ערד, ווען דער פרילינג קומט.

— אַלדד — אַ בליץ, אַ מאָמענט — גלאַט אויף אַרויף פאַרקאַמטע בלאָנדע האָר. — נו שוין. גענוג. — —

מרדכי עטינגער גייט שוין ווייטער. אַ פאַרבייגייער האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ און אויף אים אַ קוק געטאָן. אַ אינגל איז פאַרבייגעפלויגן אויף אַ וועליסאָפּעד מיט טעלעגראַמעס אין זיין האַנט. דער זייגער פון דער „מעטראָפּאָליטען בילדינג" האָט זיך פּלוצים הויך צעקלונגען און אויסגעשפּילט אַ איינטאַניקן שפּיל.

אָט איז שוין די הויז.

— איז דאָס די הויז ? אַזאַ גרויסער מויער ?

מרדכי עטינגער גלויבט נישט די אייגענע אויגן זיינע. ער לעזט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל איבער דעם נאָמען פון דער גאַס — בראָדוויי לויפט אין דער לענג שטאָט, די פערציקסטע גאַס אין דער ברייט שטאָט. דער נאָמען פון דעם מויער איז „ווילסאָן" — „ווילסאָן בילדינג".

מרדכי עטינגער שטייט אין דער פראַנט פון אַ ריזיקער, צוואַנציק־שטאָקיקע געביידע. אַרום און אַרום מיט הונדערטער

בליסטשענדיקע פענסטער. די פענסטער זיינען שוין אלע באַ־לויכטענע, ווי אָנגעשאָטן מיט אוצרות. אויף דער זייט פון בראָדוויי איז אַ ברייטער גראַמער אַריינגאַנג. פוןביידע זייטן טיר, אויף דער וואַנט, ביז אַרונטער צו דער ערד איז באַשלאָגן מיט גאָלדענע שילדן, אַלערליי פירמעס און נעמען — „סאַקס ענד קאָ.“ „אינטערנייִשאַנאַל טיילאָרינג קאָ.“, „גאָלדשטיין און בראַון“. „באַלדווין און באַלדווין“ — אַזוי פון אויבן ביז אַרונ־טער צו דער ערד.

מרדכי עטינגער׳ן גייט דורך אַ גרויל איבער זיין לייב. ער לייענט און לייענט די נעמען, פון אויבן ביז אַרונטער און פון אונטן ביז אַרויף — דאַכט זיך „גאָלדשטיין און בראַון“ זיינען באַקאַנטע. ער האָט אָנגעטאַפּט מיט דער האַנט די וואַנט. עס איז געווען מיט ריטקעלאַך פּאַרטרוקענטע זאַמד, געצעמענטע־ווער, די וואַנט, עס האָט אים געריבן איבער די פינגער. ער איז אַריינגעגאַנגען אינעווייניק אין דעם גרויסן קאָרידאָר.

מרדכי עטינגער האָט אַזש געמוזט פאַרוקן דעם הוט אי־בער׳ן שטערן.

הויכע, מאַרמאָרנע ווענט ביז אַרויף צו דער סטעליע האָבן נעבליאַסקעט אַנטקעגן דעם געלן ליכט פון די עלעקטרישע לאָמ־פּען. עס איז ערשט אָנהויב האַרבסט, און פון די גרויסע אָפּגע־זילבערטע „ראַדיעטאָרס“ שלאָגט שוין אַ געוואַלדיקע היץ. אי־בער די ווענט הענגען צוהאַנגען שילדן מיט הונדערטער נעמען. אַ פאַרטער אין אַ בלאָס־גרויען יוניפאָרם אַרום האַלדז באַנייט מיט שוואַרצע טאַשמעס שטייט ביים „עלעוויייטאָר“ און רופט אויס פאַרשידענע נומערן. מענטשן לויפן אַריין און אַרויס. עס קלינגען טעלעפאָנען. יעדעס מאָל, ווען אַן „עלעווייטאָר“ קומט אַרונטער, שיטן זיך פון דאָרטן אַרויס צענדליקער און צענדליקער מענטשן. און עס קומט אַ צווייטער „עלעווייטאָר“ און אַ דריטער און אַ פערטער — „לאָקאַלס“ און „עקספּרעסעס“.

— העי, וועמען זוכט איר?

דאָס רעדט שוין צו אים דער פּאָרטער — וועמען זוכט עטינגער?

מרדכי עטינגער האָט זיך פאַרלוירן. ער ווייסט נישט וועמען ער זוכט!

— מרדכי עטינגער — ענטפערט ער.

— נישטאָ דאָ אַזאַ.

עטינגער איז צוריק אַרויס אין גאַס. ער איז פאַרשעמט און באַליידיגט. ער וויל שוין גלייך אויפ׳ן אָרט לויפן אַהיים. ער וויל דאָ נישט שטיין. עס איז נישט זיין אָרט. אָבער ער שטייט שוין ווידער אַמאָל און לייענט די נעמען פון אויבן אַראָפּ, און פון אונטן אַרויף — גאָלדשטיין און בראַון — דאַכט זיך באַקאַנטע. ער לאָזט זיך ווידער אַריינגיין. ער חזר׳ט דעם נאָמען — גאָלדשטיין און בראַון — גאָלדשטיין און בראַון.

אַ כוואַליע עלנד גיט אים מיטאַמאָל אַ זעץ אין פּנים אַריין. אַ ים מיט טרויער גיט זיך אַ גאָס אין זיין האַרצן — ווער איז ער? וואָס איז ער? וואָס וויל ער? ער לאָזט אָפּ די טיר. די טיר וויגט זיך און וויגט זיך און ער ווערט אַזוי צוריק אַרויסגעשטויסן אין דער אָפּענער גאָס אַריין, וואו די עלנט איז נאָך עלנטער און וואו דער טרויער איז נאָך טרויעריקער. ער הויבט מיטאַמאָל אָן חידוש׳ן זיך, און ריידן צו זיך:—אַט, אַ־דאָ אויף מיין אייגן שטיק ערד, פיל איך זיך אַזוי עלנט? פאַר דאָס, וואָס איך האָב ערשט אונטערגעשריבן אַזוי פיל פּאַפּירן? און נאָך וואָס באַדאַרף איך עס?

איינגאַנצן אין חרטה און אין פאַרצווייפלונג האָט ער שוין איצט געטראַכט אַלערליי מחשבות׳ן.

— צי דאַרף טאַקי אַ מענטש איינרייסן די וועלט? צי פעלט אים נאָך הייזער אויף בראָדוויי? צי וועט ער עס דען אין קבר מיטנעמען? דער סוף פון דעם מענטשן איז דאָך אַזאַ מיאוס׳ער, אַזאַ באַליידיגטער, פּונקט ווי אַ נבלה אַזוי וועסטו דאָך פאַרפוילט ווערן, און ווערים וועלן דאָך פרעסן דיין פלייש.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען עטינגער איז אַהיים געקומען. איצט האָט ער שוין געהאַט אַ געפערלאַכן קאָפּ־ווייטאָק. עס האָבן שוין אים געקלאַפּט די העמערלאַך אין די שלייפן, און אין די אויגן, און עס האָט אים געשאָסן איבער׳ן מוח. ער האָט זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אין אַ הייסער וואַנע, געלייגט צום קאָפּ הייסע קאָמפּרעסן — אָבער דאָס האָט שוין היינט נישט געהאָלפן,

מען האָט אים געמוזט אריינטראָגן אין בעט אריין — אַרום האַלבער נאַכט האָט מען געבראַכט דעם דאָקטאָר.

6

ביי אַלדד'ן אויפ'ן שרייבטיש ליגט אַן איינלאַדונג פון מיס־טער קאַמבערלענד'ן. ער בעט אים קומען אין האָטעל „ריץ". אַלדד נעמט מיט בעקי'ן, ווען ער גייט אין האָטעל „ריץ". אַלדה, אין אַביסל העכער פון בעקי'ן. זיין שפּאַן איז אַ ברייטערער און ער מוז געענדיק, איינהאַלטן זיין גאַנג. ווען זיי גייען ביידע אויף דער ברייטער סעקאַנד עוועניו, שיינט אריין אין זייערע אויגן די ליכט פון די גרויסע קראָמען, און די ליכט פון די הויכע לאָמטערנעס אין גאַס. זייערע פּנימער וואַרפן צוריק ליכט. ער, אַ פריש געראַזירטער, מיט אַ בלאַנקנדיק געפּרעסט העמד און קאָלנער, אין אַ שוואַרץ־געפּאַסטן אַנצוג. זי איינגעוויקלט אין דעם נעקעסטלטן מאַנטל, אין שוואַרצע זיידענע שיך און זאָקן, מיט אַ קליין, וויינשל־קאָלירנדיקן היטעלע. בעקי'ן קלאַפּט דאָס האַרץ. אַלדד'ס האַנט ליגט אונטער איר אָרעם. זי פילט די וואַרעמ־קייט פון זיין האַנט. אין איר האַרץ וועקט זיך און רעגט זיך אַלערליי דינקייטן. אַ פאַנטאַן מיט שפּריצנדיקע רייצונגען קלאַפּט ערגיץ פון אַ ווייט. זי האָט מורא אַרויסצורײדן אַ וואָרט. יעדן וואָרט וואָס זי וויל זאָגן, שלינגט זי צוריק אַראָפּ. זי וועט בעסער הערן וואָס אַלדד זאָגט. בעקי האָט ליב צו הערן ווי אַלדד רעדט. זיי האָבן זיך אריינגעזעצט אין אַ „טעק־סי" און זיינען פאַרפאָרן אין האָטעל אריין.

אַ הויכער פּאָרטער, אין אַ געפּאַסטער יוניפאָרם, האָט פאַר זיי געעפנט די טיר. מען האָט זיי אריינגעפירט אין אַ הויך באַלויכטענער „לאָבי". בעקי איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם דאָרטיקן גלאַנץ. גלייך האָבן זיך איר געוואָרפן אין די אויגן די פּרוויאַישע קליידער. זי האָט זיך נאָך מער איינגעטוליעט אין אַלדד'ן. מיסטער קאַמבערלענד האָט שוין געוואַרט אויף זיי. צו בעקי'ן האָט ער צוויי מאָל ווידערהאָלט די זעלביקע ווער־טער.

— מיך פריידט זייער אייער באַקאַנטשאַפט. עס איז מיר זייער אַנגענעם. מן הסתם וועט דאָך אייך אינטערעסירן צו קאָנען אַזאַ „וועסטערנעם דזשענטלמען" ווי איך בין.

אלע דריי שמייכלען. אזוי שמייכלענדיק איז מען פארגאנגען אין בופעט. און אזוי אין מיטן בעקי, מיטביידע קאוואליערן פון אירע צוויי זייטן, שיינט נאך מער איר פנים. ממש עס שפרודלט דאס פנים מיט פרייד. בעקי האט נאך קיינמאל נישט איבערלעבט אזא גרויסע פרייד. פונקט ווי מען פירט עמיצן אריין צום ערשטן מאל אין א סאלאן־צימער, פון דער סאמע העכסטער געזעלשאפט.

א נערוועזע דערווארטונג. איבער די ווענט זיינען צוהאנגען טיפע פערזישע טעפיכער, מיט'ן געמעל פון די נאפאלעאנישע מלחמות. קרומע שווערדן און אנגעבלאזענע פאנצערס זיינען צעווארפן איבער דער הויך פון דער וואנט. שווערע קריגסמענטשן איינגעזאטלט אויף די ברייטע זאדקעס פון ווייסע פערד זיינען געמאלן אויף די ווענטלאך פון די שטולן. ביי ווייס־געדעקטע טישן זיצן עלעגאנטע דאמען, זייערע פלייצעס זיינען טיף דעקאלטירט, פון זייערע אפגעדעקטע בריסט און הענט בליצט אראפ גאלד און בריליאנטן. נעבן די דאמען זיצן די מענער. די מוזיק שפילט, עס איז פאטריאטישע מוזיק. נאך יעדן טאנץ פארענדיגט מען מיט נאציאנאלע לידער. דער גאנצער זאל איז איינגעוויקלט מיט אלערליי נאציאנאלע פאנען. ווען די מוזיק הערט אויף א ווייל, קומט דעמאלט ארויס אויף דער בינע א מיידל. דאס מיידל איז איינגעוויקלט אין א זיידענער אמעריקאנער פאן. איר רעכטע האנט, דער אקסל און די רעכטע ברוסט האט אין דער ווייסער נאקעטקייט געציטערט אין אויפרעגונג — „ווהער דיד אי סי מיי באי", „דהי טאל ענד סלענדער קעקי באי".

דער גאנצער עולם איז שיכור פון אנטציקונג. זיילן ברוסטיקע מענער־שטימען גיבן זיך א רייס אריין אין דעם גרויכן צימער אריין, מען שטעלט ארויס די גלעזער פון האנט, מען לייגט ארויס גאפל און מעסער פון האנט. ווייבערישע הערצער ווערן ווייך און צעגאנגען — דער גאנצער עולם איז א געזונטן כאר פון שטארקע שטימען זינגט מיט — „ווהער דיד אי סי מאי באי — דהי טאל ענד סלענדער קעקי באי".

בעקי'ן שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. איר הארץ ווערט ארומגעכאפט פון גרויסע כוואליעס, וואס גיסן זיך ארויס פון אייגענע ברעגן. קליינע, בלויע פלעמלאך טוקן זיך פאר אירע

אויגן. אַ מעלאַנכאַלישע בענקשאַפט הויבט מיט אַמאָל אַן קלע־
טערן נידריק פון דעם דיל, אַרויף צו אירע אין זייך איינגעוויקל־
טע פּיס, און הויבט זיך אַלץ העכער און העכער ביז צום האַרץ
צו. אַט איז זי שוין אינגאַנצן אַן אַרומגעוויקלטע אין אַ זיס־
גרין קלעמעניש — ווען זי קען זיך אויף איין מינוט אויפהויבן
און זיך אַביסל דורכגיין. כאַטש אַפּכאַפּן דעם אָטעם. אַ, עס
ענגען זיך אירע שיך. די יונגע בריסט זיינען צו שטייף איינ־
געצווינגן אין דעם זיידענעם „בריזיר". בעקי איז מיטאַמאָל גע־
וואָרן רעליגיעז. פּונקט ווי איר טאַטע מרדכי עטינגער, הויבט
זי אָן אין איר געדאַנק אויסטראַכטן אַלערליי אַבערגלויבישע
אויסלייגאַכצן — אַלדר האָט זי ליב — אויב יענע אַ דאַמע אַנט־
קעגן איבער וועט געבן נאָך איין זופּ פון איר גלאָז — די דאַמע
האָט געגעבן נאָך איין זופּ פון גלאָז. פון זיך אַליין פאַלן צו
אירע קני אונטער'ן טיש, צו אַלדר'ס קני.

— לאָמיר טרינקען נאָך אַ קליין ביסעלע — זאָגט זי.

— אָבער בלויז אַ קליין ביסעלע, — ענטפערט אַלדר.

— מיט דיר וויל איך טרינקען, — זאָגט בעקי.

— און מיט מיר אויך — זאָגט מיסטער קאַמבערלענד.

— אַלרייט — ענטפערט בעקי.

— וואָס פאַר אַ פּאַטריאָטיזם דאָס פאָלק ווייזט אַרויס —
זאָגט מיסטער קאַמבערלענד.

— הם. — ענטפערט אַלדר.

— איך וואָלט זיך עס נישט געגלויבט, — זאָגט ווייטער
מיסטער קאַמבערלענד, — ווען איך זע עס נישט מיט מיינע
אייגענע אויגן. איר וואָלט אפשר אויך נישט געגלויבט אָבער
עס איז אַ פאַקט. די „באַלדווין לאָקאָמאָטיוו" איז פאַרשריבן
פאַר אַ נוצלאָכער פּראָדוקציע, אַלע אירע אָנגעשטעלטע זיינען
פריי פון מיליטער דינסט, און לעצטע וואָך זיינען אַריינגעקומען
צוויי הונדערט מעכאַניקער, רעזיגנירט פון זייערע שטעלעס און
פרייוויליג זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי.

אַלדר גיט אַ קוועטש מיט די פּלייצעס.

— הם, — זאָגט ער. — האַמבאַג. מיר ווייסן, ווי אַזוי
מען שאַפט אַ שטימונג. מיט'ן פאָלק קען מען טאָן וואָס מען
וויל.

מיסטער קאַמבערלענד קוקט אויף אים און קוקט אויף אים. ער פאַרשטייט נישט גלייך וואָס אלדד מיינט.

— וואָס מיינט איר? — פרעגט ער.

פאַר אַ ווײַלע שווײַגט אלדד.

— איר מיינט צו זאָגן, אַז די מלחמה איז אַן אַרויפגעצוואונגענע? — פרעגט ווידער אַמאָל מיסטער קאַמבערלענד.

— עס איז אַ פאַקט, וואָס אַפילו אַ קליין קינד ווייסט עס שוין איצט.

אלדד ווערט אַליין צעוויקלטער אין זיין שמועס. נישט נאָר אין שמועס. ער דערפילט אין גאַנצן זיך היימישער אין דער נאָר וואָס פרעמדער סביבה. זאַלבע־דריט ביי אַ טישל, אָפּגעטיילט פון אַלע איבריקע, דערזעט אלדד מיטאַמאָל פאַר זיך דעם שונא, אויף וועמען ער האָט אַזוי פיל יאָרן געלויערט. אַרום און אַרום פינקלט גאָלד און דימענטן. דער ריח פון שטאַרקן וויין קריכט אַליין טיפער אין דער נאָז אַריין. האַלב שיכור'ע מענער מיט בלוטיקע אָדערן אַרום זייערע אויגן, קריכן מיט זייער רויט־היציקע בליקן טיף אין די ווייבערשע דעקאָלטעס. אַלעמענס לייבער זיינען צעפּאַרעט. פון די קני שלאָגט אַ היץ. אלדד ווערט פאַרצאָרנט. מיט אַמאָל קומט אים אַרויף אַ שאַנד אויף זיינע געדאַנקען — וואָס טו איך דאָ? ווער בין איך? וואָס איז פון מיר געוואָרן? די פאַרביטערקייט, די פּלוצלומדיקע גיט אים אַ שלאָג אַרויף ביז'ן האַלדז אַריין. עס הויבט אים אָן צו שטיקן. פאַר זיינע אויגן שטעלן זיך אויס אין אַ רייע אַלע געוועזענע, אַלע פאַרגעסענע, אַלע אומגעקומענע, אויף קידוש־השם אומגעקומענע. פון אַלע זייטן שרייען אַריין קולות אין זיינע אויערן אַריין — וואָס איז פון דיר געוואָרן, אלדד? — עס איז פון מיר געוואָרן אַ הונט אַ— זאָגט פּלוצים אלדד צו מעסטער קאַמבערלענד'ן.

מיסטער קאַמבערלענד'ס אַ פאַר אויסגעשטאַרצטע אויגן.

— איך האָב קיין רעכט נישט דאָ צו זיצן — זאָגט ווייטער אלדד, — איר זייט ניט מיינער און איך בין ניט אייערער. מיר זיינען צוויי אָפּגעטיילטע קלאַסן. צוויי שונאים זיינען מיר. בלוטיקע שונאים. און דאָס פאָלק איז אַ גולם. מיט'ן פאָלק קען מען טאָן וואָס מען וויל.

— וואָס מיינט איר ? — פרעגט איבער מיסטער קאַמבער־לענד — דענקט איר ניט אַז אַ קאַמף און פאַראַנטוואָרטלאַכקייט צום לאַנד איז אַ נויטווענדיקייט אין לעבן פון אַ פאָלק ?

—קאַמף און פאַראַנטוואָרטלאַכקייט איז אַ נויטווענדיקייט אין לעבן פון אַ פאָלק, ווען דאָס פאָלק איז באַוואוסטזיניק פון זיין קאַמף און פאַראַנטוואָרטלאַכקייט, צי זעט איר אָבער ניט ווי עס קומען אום פעלקער אַז אַ שום פּראָבלעם ? וואָס איז די פּראָבלעם פון אַמעריקאַס אַריינטערעטן אין דער מלחמה ? צי זענט איר טאַקי אַזוי נאַאיוו צו גלויבן אין דער ליגנערישער לאָזונג : „מיר קעמפען פאַר דער וועלט'ס באַפרייאונג ?"

מען האָט צום טיש אויפסנייַ געבראַכט ווייַן. אַלעמענס פּנים'ער זיינען שוין געווען רויט־צעפלאַמטע. אלדד טרינקט שוין נישט מער. אלדד איז שוין סיי ווי שיכור. אלדד איז פאַר'שיכור'ט איז אַ ים פון אויפברויזנדיקן צאָרן. פון כוואַליעס שאַנד, וואָס האָבן פאַרבאַריקאַדירט זיין פּנים. אלדד וויל זיך באַפרייען פון דער שאַנדע מיט שרייענדיקע קולות. ער רעדט און ער רעדט.

— דאָס פאָלק האָט נישט קיין ווילן. דאָס פאָלק האָט נישט קיין מאָרד צום דענקען. דאָס פאָלק וועט גיין, וואוהין מען וועט עס פירן. אפילו, ווען דאָס זעט דעם טויט פאַר די אויגן. אַמאָל וועט זיך עס לאָזן פירן פון אַ פאַלשן משיח, און אַמאָל — פון אַן אויפוואַכנדיקן קלאַס און איצט אין פייער אַריין. זאָל עמיצער אַריינקומען אין אָט דעם זאַל, און מיט אַ הויכער, שטאַרקער שטימע, אַזוי אַז זיין קול זאָל זיין בכח איבערצושרייען אַלע אייערע קולות, און אָנהויבן זינגען, וואָס'ער עס איז ניט געזאַנג אָנשטאָט אייערע איצטיקע פאַטריאָטישע לידער, און איר אַלע, דזשענטלמען, וועט אים נאָכזינגען.

אלדד האָט שוין נישט געקוקט אויף בעקי'ן, און ער האָט שוין נישט געקוקט אויף מיסטער קאַמבערלענד'ן. איינגעוויקלט אין אַ לייכטן נעבל פון אַלערליי ריחות איז געווען דאָס גאַנצע צימער. די לופט איז געווען אַ שווערע. אלדד האָט מיט גרויס צועפנטע אויגן געקוקט איבער'ן גרויסן צימער. ווי אין קי־נאָמאַטאָגראַף, ווען עס שיילט זיך פּלוצים אויס פון גאָרנישט אַ ניי געשטאַלט, אַזוי האָט פּלוצים דאָ אין דעם זאַל, פון דעם

לייכטן נעבל זיך ארויסגעשיילט אַלערליי אומגליקלאַכע געשטאַלטן. פון גאַרנישט, פון דער הוילער לופט, זיינען פּלוצים אויסגע־וואַקסן גרויליגע בילדער. זיין פּנים איז געוואָרן בלאַס. די האָר אויף זיין קאָפּ זיינען מיטאַמאָל געוואָרן טרוקן און פרעמד. מיט זיין כח הדמיון האָט ער מיט אַ קרענקלאַכער צופרידנקייט אויף צו להכעיס זיך אליין זיך אָנגעשטרענגט ארויסצורופן נאָך שרעקלאַכערע בילדער. און מיט זיין איינגעבוירענעם טאַלאַנט פון קענען אַלץ פּינקטליך און נאָך שענער ווי פּינקטליך איבער־געבן, האָט ער פאַר בעקי'ן און פאַר מיסטער קאַמבערלענד'ן גע־מאָלן איין בילד נאָכ'ן אַנדערן.

ער האָט גערעדט פון דעם פאָלק'ס נויט. פון די אָרעמע מאַסן, פון דער אוממענטשלאַכער פאַרשקלאַפונג. ער האָט גע־מאָלן בילדער פון טייכן בלוט, אין וועלכע עס טרינקט זיך די וועלט, פון מיליאָנען קינדער מיט אויפגעבלאָזענע געשוואָלענע בייכער, פון מיליאָנען צוריסענע משפחות. און ווער זיינען די, וואָס גיבן דאָס פלייש פאַר ווערים און חיות? איז עס נישט דאָס בלינדע, אומוויסנדע, אומדערצויגענע פאָלק?

אזוי לאַנג האָט אלדד גערעדט ביז איבער'ן גאַנצן זאַל איז שוין געווען שטיל. מענער זיינען געשטאַנען ארום זייער טיש און זיך איינגעהערט אין זיינע רייד. ער איז געווען ווי אַ גייסט פון אַ פרעמדן לאַנד. מיסטער קאַמבערלענד איז געזעסן אַ פאַרצוויבערטער און זיך איינגעהערט אין דער אַנטפּלעקונג פון דער נייער וועלט.

— דערציילט נאָך, דערציילט נאָך, — האָט ער געזאָגט צו אלדד'ן. — איר האָט פאַר מיר אויפגעדעקט אַ נייע וועלט.

זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען ערשט דעמאָלט, ווען אין דעם גרויסן זאַל האָט מען שוין אָנגעהויבן אויסצולעשן די ליכט. מיס־טער קאַמבערלענד האָט שטייענדיק אין דעם אָפענעם דרויסן, פאַר דער טיר אין דעם האָטעל, פּלוצים געזאָגט — איר האָט אָנגערעגט אַ טיפע נייגעריקייט אין מיר. איר מוזט פאַר מיר נאָך אַמאָל איבער'חזר'ן אייערע רייד, כדי איך זאָל בעסער פאַרשטיין וואָס איר האָט היינט געזאָגט.

...זיינע רייד — זיינע רייד. אלדד האָט שוין אַ גאַנצן

אוונט געדערדט זיינע רייד פאר בעקי'ן. זיי זיינען אזוי שנעל נישט אהיים געגאנגען. זיי זיינען אריינגעגאנגען אין א קאפע. זיינען ארומגעגאנגען איבער די גאסן; זיינען געווען אין סענט־ראל פארק, און זיי האבן שפאצירט איבער דער פוסט־באלויב־טענער פינפטער עוועניו. וואס האט אלדד דען נישט דערציילט בעקי'ן?

מיט בעקי'ן איז אים געווען גוט. זי האט אים געקענט פאר א היינטיקן, אט־א דעם, וואס ער איז היינט. ער האט זי אפ־געשטעלט אין מיטן גאנג, גענומען אין האנט אריין איר פנים און געקושט איר מויל.

— איר אלע דא זייט אוועק אויף א פאלשן וועג, — האט ער געזאגט, — איר פארקויפט אייער ליבּ און איר פארקויפט אייער נשמה פאר א דאלאר. און דערפאר פארשטייט איר נישט וואס גליק איז. איר האט דערפירט אייער גייציקייט צו אזא מדרגה, אז איר לעבט אין משוגעת פאר'ן מארגנדיקן טאג. א חוץ אייער געלד האט איר גארנשט. און ווען איר ווערט אן אייער געלט, מוזט איר זיך א טויט מאכן. איר טראגט אייערע אייגענע יארן צו אפגעשניטנקייט אין א בלינדן גלאף נאכ'ן רייכקייט. איר האט אליין אויסגעלערנט אייערע מענער, אז מיט'ן דאלאר קויפט ער אויס אלע זיינע זינד, און דערפאר איז ביי אייך אזוי פיל זנות און אזוי פיל שקר.

אלדד'ן האט זיך געדוכט, אז אין געשטאלט פון בעקי'ן זעט ער דעם גאנצן קלאס, וועלכער שטייט אנטקעגן אים מיט שטא־לענע שפיזן און וויל אים יעדע מינוט די ברוסט דורכשטעכן. אים האט זיך געדוכט, אז עפּיס א פרעמדער, אזא דעגענערירטע רויטער, מיט א צופוילט לעבערדיקן פנים מאן, האט זי שוין און אז מיט יעדן טאג ווערט זי אלץ מער אנגעשטעקט מיט אנ־שטעקנדיקער צופוילטקייט, אז א קאלטער שוויים האט באדעקט זיין לייב.

— קום מיט מיר, — האט ער אין צובלאזענער אויפרעגונג און מיט א טרוקענעם גומען געזאגט, — קום מיט מיר.

עס האט שוין כמעט געטאגט, ווען זיי זיינען אריין אין הויז אריין. אריבערגייענדיק די שוועל פון זיין אייגענעם צי־מער, האט אלדד גלייך פארמאכט אונטער זיך די טיר. ער

האט ארויסגענומען דעם טאג־בוך און אנגעהויבן ארייגשרייבן א נײ בלעטל. אויף זיינע ליפן האט זיך צעשפרייט א קרומער ווייטאק — אט איז א נײ בלעטל — ווי אזוי וועט ער אליין דערפון ארויסקריכן? וועט ער האבן כח דערפון זיך ארויסצו־רייסן, צי וועט ער דא דערשטיקט ווערן? דערשטיקט ווערן! דערשטיקט ווערן...

ער האט אנגעהויבן איינדרעמלען: און עס האט זיך פלוצים, זייער שטיל, אויפגעעפנט די טיר. אין גאנצן א נאקעטע, אין א נאכט־העמד, איז פאר אים געשטאנען בעקי. אירע פיס זיי־נען געווען בארוויסע און זיינען פלאך געלעגן מיט די פינגער צעשפרייט איבער דער ערד. די האר זיינען געווען צעווארפן. אנטקעגן דעם טונקעלן שיין פון פענסטער האט זיך דורכ'ן דורכזיכטיק־זיידענעם נאכט־העמד ארויסגעזען איר גאנצער נאקע־טער קערפער. זי האט געציטערט אין קעלט און זיך ווי געטור־ליעט אין איר אייגענער ווארעמקייט. אין גאנצן א פארלוירענע, און צושראקענע האט זי מיט קוים אויפגעמאכטע ליפן און מיט אראפגעלאזטע אויגן מיטאמאל אנגעהויבן ריידן:

— דו האסט אין מיר איינגאנצן א טעות, אלדד. דו זעסט אליין נישט די נייע וועלט, וואס דו האסט פאר מיר אויפגע־דעקט. די אלע רייד, וואס דו האסט ערשט צו מיר גערעדט, זיינען געווען מיינע רעד, איך בין געווען אנדערש ביז היינט, ביז נעכטן, ביז וואנען איך האב דיך נישט געקענט. אבער איצט בין איך פונקט ווי דו. דיין לאנד איז מיין לאנד, דיין משפחה איז מיין משפחה און דיינע וועגן זיינען מיינע וועגן. דו אליין וועסט ארויסקריכן פון דעם איצטיקן לעבן און וועסט מיך מיט־שלעפן — דו און איך, זיינען מיר דא בלויז אויף א ווײלע... בלויז א טאג, צוויי.

עס איז געווען עפעס ביבלישעס אין אלדד'ס חלום. אים האט זיך געדוכט, אז ער שטייט ערגיץ אין א פעלד. בעקי'ס געשטאלט איז דאס געשטאלט פון א הייליקער. פון ווייטן שיינט א ברענענדיקער דארן. מיט קוים צועפנטע ליפן, ווי ליפן פון א טויטן, רעדט זי ווייטער:

— אלע טאג שטיי איך איצט אויף גאנץ פרי. גלייך מיט דער זון. מיינע אויגן זיינען דעמאלט לויטער. איך ליג און קוק

און דערזע דיך. דערנאָך לעז איך ביכער אַזוינע, ווי דו ווילסט איך זאָל לייענען. איך שטעל מיר שוין פאָר, ווי אַזוי מיר וועלן ביידע צוזאַמען לעבן. טראַכט נישט אויס עפּעס מענער, וועמען איך קען שוין איצט נישט פאַרטראָגן. דו ביזט מיינער, און איך בין דיינע. אַלע דיינע רייד, רייד איך איצט נאָך. דער ווייכער בויג פון דיין אויסשפּראַך איז מיר ליב. איך וועל פּונקט ווי דו ריידן. דיין שפּראַך איז מיין שפּראַך. איך פיל דעם ריח פון דיין לייב, קום צו מיר, זיי מיט מיר. מיין גאַנץ לייב ציטערט אין דערוואַרטונג.

די זון איז שוין הויך געשטאַנען אין מיטן הימל, ווען אַלדר האָט זיך אויפגעכאַפּט. פון צווייטן צימער האָט זיך דערטראָגן אסתר'ס קולות אויסגעמישט אין אַ ים פון אַנדערע קולות — ווען ביסטו אַהיים געקומען, צנועה מיינע? מיינסט איך האָב נישט געהערט, ווען דו ביסט געקומען???

7

— מאָרגן, איבערמאָרגן — מען דאַרף נאָר דערלעבן צו עפענען די אויגן מיט'ן מאָרגן. פאַר אַ לענגערער צייט איז מרדכי עטינגער געלעגן אין בעט, אָבער דער דאָקטאָר טרייסט איטם מיט האָפענונגפולע ווערטער: — נאָך אַ טאָג, מאָרגן — איבערמאָרגן, אַלץ וועט זיין אַלרייט, אַם קומען דאָך אַז די קורצע און פעטע ווינטער טעג און די לאַנגע און פעדערן־געוויקלטע ווינטער־נעכט. עס שמעקט איבער'ן שטוב דער ריח פון גריוון, און פון געפּרעגלטע גאַנדז־שמאַלץ, עס גייט אויף אין זיין פּעטעם דער קאַרטאָפל־קוגל, עס וואַסערט זיך אין מויל. ווי פון זיך אַליין ווערט ביי מרדכי עטינגער'ן אַ נייע שטוב. אַלע טאָג אַ נייע שטוב. אויפ'ן אָרט פון דער אַלטע פּיאַנע שטייט שוין אַ נייע, אַ „בייבי־גרענד". ניי מעבל און ניי געפּעס. נייע רייד. ביי מרדכי עטינגער'ן רעדט מען איצטער נייע רייד, מען גרייט זיך צום איבערציען אויף ריווערסייד דרייוו. מאָרגן, איבערמאָרגן — מיטאַמאָל האָט עמיצער איבער דער שטוב אויסגעשפּרייט אַ שטילקייט, אַזאַ גבירישע, גאָר, גאָר אַ גבירישע שטילקייט, מיט לייכטע טריט איבער די ווייכע טעפּיכער, מיט האַל־

בע רייד, פון אזוינע פארצויגענע גרויסהאלטערשע ליפן, מיט קינדער, אזוי פלוצלומדיקע אויסגעוואקסענע, גבוריש מיטאמאל אויסגעוואקסענע — רייכקייט מאכט וואקסן שנעלער — ביי אן ארעמען טאטן וואלט א מיידל אין די יארן נאך געהאלטן איר מיידליש ליב פארבארגן. אזוי פארשפיליעט ביז ארויף צום האלז צו דאס בלוזקעלע, אבער דא איז אסתר אזוי גבוריש אפגעדעקט, איבער דער גאנצער שטוב, און אפילו איבער א שטיק פון דעם דרויסנדיקן קארידאר בלאנקט ארום איר נאקעט לייב. און די קינדער און זיין ווייב, האלטן אין איין ברענגען פעק מיט סחורה און מיט קליידער, און מיט מאנטלען און שיך. מרדכי עטינגער איז גליקלאך.

— וויפיל באטרעפט דער „ביל", — פרעגט ער — א דאלער מיט אכציק?

— הונדערט מיט אכציק. — ענטפערט עטעל.

איז דאס אויך גוט.. א איה, ווי מרדכי עטינגער, דארף טאקי צאלן גרויסע „בילס". און ער האט ליב זיינע קינדער, און ער צעשפרייט זיין ברייטן אטעם איבער דער דאזיקער הויז. און ער שקראבעט ארום מיט די שטעק־שיך און מיט דער יאר־מולקע אויפ'ן קאפ, קוקט אין א ספר, לייגט זיך וויבער אפ־רוען, און נעמט ווידער א ספר. ווען עס זאלן בלויז נישט זיין פון אים אזוי פרעמד זיינע קינדער.

— ווארום זיינען זיינע קינדער ווייט פון אים? ווארום זייער פארפרעמדקייט?

מרדכי עטינגער טראכט און טראכט און קען זיך צו גאר נישט דערטראכטן. איז עס זיין שולד, צי איז עס זייער שולד?

מרדכי עטינגער איז אן ערלאכער מענטש. ווען ער טראכט פאר זיך אליין, איז ער נאך ערלאכער. ער וויל זיין גערעכט צו די קינדער, און ער וויל זיין גערעכט צו זיך אליין — אויב עס איז זיין שולד, טא וואס דארף ער טאן, כדי די קינדער צו זיך דערנענטערן? אויב עס איז זייער שולד, טו מיט וואס קען ער זיי צווינגען, זיי זאלן זיך צו אים דערנענטערן? צווינגען — ווער קען צווינגען קינדער! ווער האט דען א רעכט צו צווינ־גען קינדער! קינדער דארף מען נים צווינגען. קינדער דארפן

אליין ליב האבן זייערע עלטערן,׳ סיידן זיי האבן נישט קיין גאט אין הארצן.

— קיין גאט אין הארצן.

מרדכי עטינגער האט זיך אנגעכאפט אן דעם ווארט. עס איז פאר אים מיטאמאל געווארן א קלארע אנטפלעקונג דאס דאזיקע ווארט. זיינע קינדער האבן נים קיין גאט אין הארצן. קיין גלויבן. ער, א קליינער, האט געהאט א גאט. ער האט געהאט א גלויבן. שוין פון קליינערהייט אן האט ער געהערט באפעלנדיקע רייד. ער האט געמוזט פאלגן, ווייל עס איז נישט געווען בלויז א באפעל פון דעם רבי׳ן, און דעם, וואס דער רבי האט אים געזאגט. עס איז געווען א ווארעניש, איבערגעגעבן אינ׳ם נאמען פון גאט. דער רבי האט אים געווארנט אינ׳ם נאמען פון גאט. פון דעם בארג סיני אראפ האט גאט זיך באַוויזן צו משה׳ן, און אים איבערגעגעבן די עשרת הדברות. צו נח׳ן האט גאט גערעדט, און אים באפוילן אויפצובויען א תבה. צו אברהם׳ן האט גאט באפוילן ברענגען זיין זון צו דער עקדה. מרדכי עטינגער, ווען ער איז געווען א קינד, האט זיך נישט געקענט אנטקעגנשטעלן אט דער גרויסקייט די אנטקעגנדיקע. ער האט געמוזט פאלגן. ער האט מורא געהאט פאר דער גרויסער מאכט די אומזעבארע. ער האט געמוזט גיין אין די וועגן פון גאט און פון די אבות און פון זיין אייגענעם טאטן.

ווען מרדכי עטינגער איז אלט געווארן צוועלף יאר, האט ער שוין געלערנט גמרא, און ער האט געלערנט פוסקים, און געלערנט ספרים, וואס זיינען געווען פול מיט אלערליי רמזים. נאך מער ווי זיין טאטע האט ער געוואוסט, און פאר׳ן זיידן. מרדכי עטינגער האט געוואוסט, אז עס איז דא א יענע־וועלט און אז עס איז דא א גהינום מיט א גן־עדן. ער האט גע־קענט ריידן מיט מלאכים און מיט שדים. אלעם ניט רעאלעם איז פאר אים שוין דעמאלט געווען א ווירקלאכקייט. ער האט גוט פארשטאנען און געוואוסט אלע איינצלהייטן פון דער מעשה המרכבה. די מעשה המרכבה פלעגט אנצינדן זיין הארץ מיט א פייער און אים פארטראגן אין הימל ארייין. צו פופצן יאר איז שוין מרדכי עטינגער געשטאנען אין קראם. צו צוואנציק יאר איז שוין זיין מוח געווען אנגעפילט מיט אלערליי אומ־

מעגלאַכע פאַרלאַנגגען. אין אים זידט און קאָכט דאָס בלוט. וואָס וועט זיין פון זיינע קינדער? וואָס וועט פון זיי אַרויסקו־מען? זיי האָבן נישט קיין גלויבן און זיי האָבן נישט קיין גאָט. אין זייער בלוט האָבן זיי אַריינגעזויגן די פוסטקייט פון דער גאָס און דאָס פלאַכקייט פון דעם לאַנד. וואָרום האָט ער זיי קליינערהייט נישט געלערנט די דינים פון דער תורה? וואָרום האָט ער זיי נישט דערציילט די נסים פון דעם בורא? עס איז זיין אייגענע שולד, זיין אייגענע שולד. קיינמאָל וועט ער שוין נישט קענען אָפּוואַשן זיינע זינד. ער איז פּונקט אַזוי ווי זיי געוואָרן פלאַך און פּוסט און אַ גאָט־לעסטערער.

מרדכי עטינגער'ן טוט ווי דאָס האַרץ נאָך אַזאַ מין טאָג טראַכטן. נאָך גאָט צו דאַנקען, וואָס עס פאַלט צו דער אָוונט און עס קומט אַריין אלדד. אַלע אָוונט קומט אַריין אלדד מיט אַ באַריכט פון שאָפּ. אַזוי פיל און אַזוי פיל אַריינגענומען, און אַזוי פיל און אַזוי פיל אַרויסגעשיקט. אַלץ אַרבעט רעגלמעסיק. מרדכי עטינגער מעג רואיק זיצן אין דער היים נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג. טראַנספּאָרטן גייען און קומען. אלדד'ס אויגן שיינען.ביידע טרינקען טיי, ביידע שמועסן זיי. מרדכי עטינ־גער רופט זיך פּלוצלונג אָן:

— און וואָס קען איך שוין איצט טאָן? מיט וועמען זאָל איך טיילן מיין פרייד?

אין צימער איז ליכטיק און שטיל. עטינגער זיצט האַלב אָנ־געלעגט אין דעם ווייכן בעט צו־קאָפּנס הויבט זיך אויף אַ הויכע וואַנט, פון דעם טונקעלען, ביר־קאָליר „מאַהאָגאָני" בעט. גאָר אויבן איז דאָס בעט־וואַנט שוין אינגאַנצן טונקל און פאַרענדיגט זיך מיט געשניצטע פיגורן. ביי דער זייט פון בעט, אויפ'ן דיל ליגט אַ פעל פון אַ ווייסן בער. אויף דער פעל שטייט אלדד'ס שטול. אלדד וואַרעמט זיינע פיס אויף דער בערן־פעל.

— איך בין איצט מונטער, — זאָגט עטינגער, — בלויז ביי טאָג האָב איך געטראַכט שווערע מחשבות. איצט בין איך מונ־טער. ווי נאָך אַ שווערע קריינק פיל איך אַ לייכטקייט אין מיין האַרצן. איך זע שוין איצט, אלדד, קלאָר דעם וועג, וואָס איז מיר אָנגעצייכנט. גליק און גליק. אָבער ווען איך

דערמאָן זיך אין מיין איינזאַמען לעבן, אין דער פרעמדקייט פון מיין שטוב, אין דעם באַדנלאָזן פון מיין שטוב, טוט מיר ווי מיין האַרץ. עס איז אַ שטוב אָן אַ גאָט, מיין פריינט; אַ שטוב אָן אַ גלויבן. איך האָב געמיינט, איך וועל זיין בכח מיט מיין אָטעם אַריינצובלאָזן אין דער דאָזיקער הויז דעם גאָט פון מיינע אבות, אָבער איך האָב קיין כח נישט.

מען האָט שוין אַריינגעבראַכט טיי. ביידע שמועסן שוין פון געשעפט.

— האָסטו געזען די נייע הויז? — פרעגט עטינגער.

— מען וויל שוין אומקערן פופציק טויזנט פּראָפיט, — זאָגט אַלדד.

— נו, מיר'ן עס לאָזן, — ענטפערט עטינגער.

— ס'אַרע בנין, — זאָגט אַלדד.

— אַ פיינער בנין, — ענטפערט עטינגער.

דורך די אַלע אָוונטן, וואָס מרדכי עטינגער מיט אַלדד'ן זיי־נען ביידע געזעסן און געשמועסט אַלערליי שמועסן, פלעגט זיך פרוי עטינגער אַלע מאָל אונטער'גנב'ענען אונטער דער טיר, און זיך צוהערן מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ צו זייערע רייד. זי האָט אַלע אָוונט געמיינט, אַז אָט־אָט וועט זי הערן די רייד, וואָס זי איז געוועזן אַזוי נייגעריק צו הערן — עטינגער זאָל איבעררעדן מיט אַלדד'ן וועגן אסתר'ן, און עס זאָל ווערן אַ שידוך.

אָבער יעדעס מאָל, וואָס זי האָט צוגעלייגט איר אויער צום שליסל־לאָך, האָט זי בלויז געהערט היציקע וויכוחים, אַלץ וועגן פרעמדע זאַכן, אַפילו נישט וועגן „ביזנעס". עס זיינען אַלץ געוועזן אַזוינע רייד וואָס זי האָט נישט פאַרשטאַנען, און אַזוינע רייד, וואָס זיינען איר נישט אָנגעגאַנגען. און זי האָט זיך אַרומ־געטראָגן מיט אַ שטילן כעס אויף עטינגער'ן.

„די עלטערן זיינען אַליין שולדיק" — האָט זי איינמאָל אויפגעכאַפּט אַלדד'ס רייד, אַזוי ווי זיין טבע איז געוועזן צו ריידן מיט די שאַרפע „ריש'ן" און מיט קלאָרקייט אין קול, — „קינדער ווערן דאָ דערצויגן פאַרשווענדעריש. מען גיט זיי צופיל נאָך. מען טאָר נישט אַזוי".

האָט זי דעמאָלט מיטאַמאָל געגעבן אַן עפן די טיר. איבער

איר הארץ האט זיך צושפרייט א געפיל פון מוטיקייט, א מוטיקע האט זי באשלאסן, אז זי איז א מוטער, און אז א מוטער האט אויך א דעה, און אז זי מעג אויך אריינזאגן א ווארט; און אז אויב מרדכי רעדט נישט מיט אים, וועט זי אליין ריידן — וואס איז, זי האט קיין מויל נישט! און זי איז אזוי האסטיק ארײַן אין צימער.

נאר ווען זי איז נאר אריבער די שוועל, האט זי זיך גלייך צוריק פארלוירן, און איר האט אפגענומען דאס לשון. זי האט זיך פארשעמט פאר זיך אליין און זיך געמאכט גלייך ווי זי זוכט עפּעס. און גלייך ווי זי זאל געפינען דאס, וואס זי זוכט, האט זי זיך אוועקגעזעצט ביים אפענעם שראנק און זי איז אזוי געבליבן זיצן האלטנדיק אין אירע צעשפרייטע הענט א ווייס שטיק לייוונד, גלייך זי זאל מורא האבן צו פארלירן די מאס.

די צוויי מענער האבן אפילו ניט געהערט איר אריינקומען.

— איז דאך שוין אונזער גורל אזא, — האט עטינגער מיט א טאן פון רעזיגנאציע געזאגט, — און שוין צייט מיר זאלן זיך דערצו צוגעוואוינען.

— מיר פארקריכן צו ווייט, פעטער, — האט אלדר שוין אנגעהויבן שמייכלען, — פון אונזערע רייד וועט גארנישט ארויסקומען. וואס האט אייך בעסער געזאגט דער דאקטער?

— איך מיין, ער זאל נאך זיצן אין הויז א פאר טעג, — האט זיך פון ווינקל אנגערופן פרוי עטינגער.

אלדר, וועלכער האט זי די גאנצע צייט נישט באמערקט, האט זיך אומגעקערט מיט'ן שטול.

— ניין, איך וועל מארגן איה"ש אריינגיין אין שאפ אריין, — האט געענטפערט עטינגער.

— וועסט נישט גיין — האט געזאגט עטעל.

ווען אלדר איז ארויס פון דעם צימער, איז מרדכי עטינגער אראפ פון דעם בעט, זיך דורכגעשפאנט איבער די גרויסע חדרים. זיין הויכער קערפער איז איצט געווען איינגעבויגן און אפגעשוואכט. פון דעם ברייטן ארבל פון זיין הויז-ראק האט זיך ארויסגעזען זיין קלארע ווייסע האנט. די האנט איז געווען פונקט אזוי קלאר און ווייס און אויסגעפילט ביז אראפ צו די שפיץ פינגער. מיט אן אינערלאכן דרך ארץ און קלוגשאפט האט געשלאגן פון

זיין פנים. באַלעבאַטיש און פאַרזיכטיק האָט ער איצט באַקוקט זיין הויז, דאָס נייע מעבל זיינס און די נייע טאַפּעטן אויף די ווענט. ער האָט באַטאַפּט די ווענט און מיט'ן אַרבל אָפּגעווישט אַביסעלע שטויב, וואָס אים האָט זיך געדוכט, איז געלעגן אויף דעם דיקן גלאָז פון אַ טיי־טישל.

— זע, איך בעט דיך, — האָט אים אין מיטן עטעל אָפּגע־שטעלט און זיך אָנגערופן, — איך בין געווען זיכער, אַז דו וועסט מיט אים ריידן.

מרדכי עטינגער האָט פאַרשטאַנען וואָס זי מיינט, און ער האָט גלייך איבערגעשלאָגן איר רייד:

— איך בעט דיך, עטעל, רעד צו מיר ניט דערפון.

מען האָט טאַקי שוין ניט גערעדט דערפון. אָבער די ווענט און דאָס מעבל און די לאָמפּן אין דער שטוב האָבן שוין געהערט, וואָס ביידע האָבן נישט געזאָגט. מרדכי עטינגער איז געווען רויט און אינערלאַך אויפגערעגט. עטעל'ס וויעס האָבן געצוקט און זיך געבראָכן צום וויינען. אין איר מוח האָבן זיך געמאָלן משונה'דיקע בילדער.

— עס טאָר ווייטער אַזוי נישט גיין — דו ביזט אַ טאַטע! דו מוזט זען זי זאָל צו עפּעס אַ תכלית קומען. ווער ווייס וואָס עס קאָן, חלילה, מיט איר געשען.

מרדכי עטינגער'ן האָבן זיך אַליין געשטעלט טרערן אין די אויגן.

— און וואָס קען איך העלפן? — האָט ער אַ צובראָכענער געזאָגט, — די קינדער זיינען שוין נישט אונטער מיין רשות. לאָמיר ביידע גאָט בעטן.

ביידע זיינען שטילע אַריין אין זייער שלאָפצימער.

## 1

עס איז שוין געווען עלף אַ־זייגער אין דער פרי, ווען אסתר האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

פון די זון־שטראַלן, וואָס האָבן זיך איצט געשפּילט מיט'ן ברעג קאָלדרע ביי אירע פיס, און מיט'ן דושנעקייט אין דעם שלאָף־צימער, האָט זי פאַרשטאַנען, אז עס איז שוין ניט פרי; פונדעסט־וועגן האָט זי זיך נישט געאיילט, האָט פויל געצויגן די וואַרעמע גלידער איבער'ן ווייכן מאַטראַץ, זיך נאָכאַמאָל איינגעקנוילט אין דעם שמעקעדיקן, פריש־געמאַגליעוועטן ליילאַך, און צוריק גע־פּרובט פאַרמאַכן די אויגן.

נאָר פּלוצים האָט זי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָלדרע, האָט אַראָפּגעשטעלט די אויסגעוואַרעמטע ווייסע פיס אויף אַ געשטרפּ־טען טיגער און אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ יאַפּאַנעזיש־זיידענעם מאָרגן־ראָק.

אַרויס פון בעט, און אין דעם גראָמן פרייען צימער, האָט אסתר דערפילט אַ פרישקייט אין אירע גלידער. פון די צוויי אָפענע פענסטער, וואָס זיינען אַרויסגעקומען אין ברייטן סאָד אַריין, האָט געבלאָזן אַ פרישער ווינד גלייך אין איר פּנים אַריין, אויף אירע האָר און אויף די נאַקעטע פּלייצעס. זי האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ ווייכן וויגשטול, זיך אַרומגעלייגט מיט זיידענע קישנס, און מיט אַ פרישן פרי־מאָרגנדיקן שמייכל האָט זי אָנגעהויבן טראַכ־טען פון דעם נעכטיקן אָוונט.

דער נעכטיקער אָוונט איז פאַר אירע אויגן געשטאַנען ווי אַ פאַרשלייערטער חלום. עפּעס האָט זי יאָ געדיינקט דעם אָוונט, און עפּעס האָט זי נישט געדיינקט דעם אָוונט, און דאָס, וואָס זי האָט נישט געדיינקט, איז נאָך ליבער געווען, ווייל זי האָט געקענט צו דעם צוגעבן איר אייגענע פאַנטאַזיע און איר אייגענעם פאַרלאַנג, און פונקט ווי אין קינאָמאַטאָגראַף, אַזוי

האט זי פון איר מוח ארוים אויפגעוויקלט איין בילד נאכ'ן אנ־
דערן: אט איז די הויז פון די הארוויים, עס קומט אריין
דער „ליטל דזשאן" — דזשאן אפענהיימער; אט צעוויקלט
זיך שוין א שמועס, און באלד טאנצט מען שוין צוזאמען;
דזשאן שטופט גרויסע שטיקער טשאקאלאד צו איר אין מויל
אריין; ער נעמט זי אויפ'ן שויס, זיינע קני בריען, זיין פנים,
ווען ער לייגט עס צו צו אירן, ברענט ווי א צוגליטע שטיק אייזן,
און נאכהער אין דעם מאשין... עס פליען גאסן, עס שימערן
עלעקטריישע לאמפן, אנטקעגן קומענדיקע אטאמאבילן פליען
פארביי ווי א בליץ — ז־ז־ז־יט, און אט זיינען שוין טונקל־באַ־
לויכטענע און אפגעטיילט־צעווארפענע גאסן — א ברייט, פוסט
פעלד, א יונג טונקעלער וואלד — עס שטייט שוין די מאשין —

אסתר פארשעמט זיך; זי האט מורא די שטוביקע זאלן
נישט אויפכאפן אירע געדאנקען; זי גייט צו צום פענסטער
און פארציט דעם פארהאנג און דערנאך טראגט זי צוריק דעם
ווארעמען אנגעלאדענעם קערפער אין דעם ווייכן וויגשטול אריין.

דער ווייכער וויגשטול אין מרדכי עטינגער'ס הויז איז שוין
איצט א נייער; און ניי און אנדערש זיינען די פארטיערען. עס
זיינען אויך ניי די בעטן און ניי זיינען די ווענט. זינט מרדכי
עטינגער האט זיך אריבערגעקליבן אין דער נייער דירה, האט מען
אלץ אין שטוב איבערגעביטן. אלץ בלאנקט און שפיגלט אין ניי־
קייט; יעדער איינער לעבט שוין איצט באזונדער, און יעדער איז
זיך צעווארפן אין א באזונדער פליגל פון דער נייער הויז. מרדכי
עטינגער און זיין ווייב עטל וואוינען אין דעם פליגל, וואס
שטייט נעענטער צום גאס, און קומט ארוים מיט'ן פנים צו
מזרח זייט, דארט וואו עס גייט אויף די זון; די קינדער'ס
צימערן זיינען אין צווייטן פליגל, טיפער אין הויף אריין, מיט
די פענסטער אין גרויסן סאד אריין, דארט וואו עס זיינען דא
די בלומען־בייטן און דער גוט־איינגעפרעסטער „טעניס־קארד" און
דער שטאל פאר די אטאמאבילן.

טיף אריינגעקוקט פון גאס, אפגעשלאסן מיט אייזערנע
שטאכעטן און מיט א שפיציק־גרינעם טויער, איז די הויז איינ־
געוויקלט אין קריכעדיקן וויינריב. פון דעם גרינעם ארויס, בלאנ־
קען די בלוי־גלאנציקע שויבן פון די גרויסע פענסטער מיט א

גדלות׳דיקן אנזאג פון דער אינעווייניקסטער רייכקייט. עס דוכט זיך, ווי פון אונטער די פארהאקטע פענסטער מיט די שווערע גארדינעז, קוקט ארויס א געהיימניספולער סוד — אט־א־דא און דא שלאפט דער איד, אט־א־דא און דא דאוונט ער, און דא גייט ער ארום א מיד־צעבראכענער און וואונדערט זיך, וואס וועט פון אים ווערן ?

די הויז שטייט אין סאמע מיטן פון א גרויס שטיק גרין לאנד, אין דער פארמע פון א „חית" און זי פארנעמט א גאנץ היבשן שטח, און יעדער פליגל איז זיך באזונדער איינגעריכט מיט די נייעסטע באקוועמלאכקייטן: מיט באזונדערע באדצימערן, שפילצימערן און אויפנאמסצימערן, אזוי אז איינער מיט׳ן צווייטן — די עלטערן מיט די קינדער און די קינדער מיט די קינדער — קענען זיך לעבן באזונדער, און אפגעטיילט און איינער זאל אפילו נישט וויסן פון דעם צווייטן.

ווען אסתר איז אזוי פאר א לאנגער צייט געזעסן און גע׳חלומ׳ט און געטראכט אלערליי מעגלאכע און אוממעגלאכע מחשבות׳ן, האט זי זיך מיטאמאל געגעבן א הויב אויף. עס האט זיך געדוכט, אז אין איר פלוצלומדיקן אויפהויבן זיך און אז איר אריינגיין אין איר פריוואטן באדצימער ליגט עפעס באהאלטן א טיפער סוד — מיט אזוי פיל כונה און אויפמערקזאמקייט האט זי זיך אנגעהויבן דארטן ארומפארען.

— עמא ! עמא ! — האט זי אנגעהויבן רופן.

זי האט נישט באדארפט צו רופן. די וואנע איז שוין געווען פון פריער אן אנגעגרייטע. בליסטשענדיקע טראפנס וואסער, וואס האבן נאך געטריפט פון דעם קראן, האבן אויסגעזען ווי פערל. אסתר האט זיך אריינגעזעצט אין וואנע, מיט די הענט געפלעסקעט אין דעם וואסער און גלייך ווי זי זאל זיין א געליימטע, האט זי אליין גארנישט געקענט טאן.

— אט־דארטן איז עפעס א פריסטשיקל, עמא, — האט זי אנגעוויזן א פינטל אויף דער פלייצע, — קראץ עס אראפ, אבער זייער פארזיכטיק.

דערנאך האט איר עמא פארבונדן די האר מיט א גומי, זי אנידערגעשטעלט אין דעם גלעזערנעם חדר אונטער דעם שפריצער און געלאזט אויף איר לויפן קאלט וואסער.

זי האָט געקוויטשעט און זיך געוואָרפן און געשריען אויף עמאַ'ן. אסתר האָט זיך שוין אויסגעלערנט אַלע שטיק פון די נאַר רייכע. זי האָט זיך געוואָלט דערמיט שפּעטער באַרימען. עפּעס דעגענערירטעס איז שוין געלעגן אין איר בלוט. זי האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון דעם, וואָס זי האָט דאָס דינסט־מיידל געפּייניגט.

— נאַ, אָט האָסטו דיר, — האָט זי מיטאַמאָל געגעבן אַ דריי אוים דעם שפּריצער גלייך אויף עמאַ'ס פּנים און אויף אירע קליידער — נאַ, און ווייס. און זי איז אַ דערצאָרנטע אַריין אין דעם צווייטן דערבייאיקן חדר'ל.

דאָס דאָזיקע חדרל איז געווען אינגאַנצן פון ווייסע, גלאַנציקע שטיינדלאַך: דער דיל און די ווענט און די סטעליע האָבן געבלענדט אין אַ גלאַנציקער ווייסקייט. איין זייט וואַנט איז געווען אינגאַנצן באַדעקט מיט שפּיגלען. אַן אנגענעמע וואַרעמקייט איז געווען צעשפּרייט איבער דעם חדר; אין קליינע פאַרמאַכטע שאַפּקעלאַך זיינען געווען אויסגעשטעלט אַלערליי סלאָיעקעס מיט פאַרשידענע זאַלבן, עלעקטרישע אינסטרומענטן. אסתר איז געבליבן אַזוי שטיין אַ נאַקעטע; די קורצע פורעמלאָזע פיס זיינען פלאַך געלעגן איבער דעם דיל, אירע בריסט ווי צוויי ליידיקע טאָרבעס האָבן זיך געבאָמבלט אהער און אהין; איבער איר בויך איז געווען אויסגעפאַלדעוועט אַ דיקע שטיק הויט, ווי אַרומגענומען מיט אַ שטריק; שוואַרצע פאַרקאַלטענטע פלעקן זיינען געווען צעוואָרפן איבער איר לייב. זי האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, האָט זיך געוואָלט אויסציען, העכער ווי זי איז אין אמת'ן, האָט אויפגעהויבן הויך אירע האָר און האָט זיך אָנגעהויבן שמירן מיט אַלערליי שמיראַכצן — נשט־קשה, — האָט זי געטראַכט, — מיט די אַלע פיינע זאַלבן וועט זי איר הויט אויסגלעטן און גלאַט מאַכן.

זי האָט זיך אַזוי פון עמאַ'ן געלאָזט איינרייבן די פּלייצע און די פיס און די הענט. אַליין האָט זי באַשמירט איר פּנים; מיט צוויי פינגער האָט זי געצויגן איר הויט אַרום איר נאָז אויף אַרונטער; צווישן די פינגער פון אירע פיס האָט זי אַנגעשאָטן פּודער; אויף אירע האָר און אונטער די אָרעמס אַנגעגאָסן פּאַרפיום; צום סוף האָט זי זיך אָנגעטאָן אינגאַנצן אין זיידנס:

מיט א העל־גרין „קאנטאן־קרייפ" קלייד; פון דעם העל־גריי־נעם קאליר האט זיך איר פנים פארלוירן אין א קאלירלאזן גרוי; די האר פון איר קאפ האבן זיך אין דעם גרין אפגעשלאגן אין אן אש־קאליר, און דאס האט נאך שארפער ארויסגעשטופט די צוויי שפיציקע קינבאקן, וואס האבן זיך געצויגן ביז'ן די אויגן, און זי האט אויסגעזען א סך עלטער, ווי זי איז אין אמת'ן געווען.

— דאנקען גאט, — דאנקט עמא אין דער שטיל דעם רבונו־של־עולם, — אבי זי זיצט שוין אין עסצימער.

— שמעקט אייך היינט דאס עסן? — פרובט עמא זי חנפ'ענען.

עס שמעקט דאס עסן; אסתר האט א גוטן אפעטיט. זי איז היינט אויפגעלייגט, גארנישט ווי געוויינלאך פארפיערט זי מיט עמא'ן א שמועס:

— היינט גיי איך צו מיין „דרעסמייקער", — זאגט זי.

— עס פאסט אייך טאקי דאס דאזיקע קלייד, — ענטפערט עמא.

— כ'האב זיך אפילו נישט אומגעקוקט, וואס איך ווארף ארויף אויף זיך, — קאקעטירט אסתר.

— העל־גרין איז אייער קאליר, — דרייט עמא מיט דער צונג.

— איך גלויב קוים.

— „נעווער מיי", — זאגט שוין עמא האלב אין אידיש און האלב אין ענגליש און אינגאנצן פול מיט חניפה. — „נע־ווער מיי", די מים ווייסט שוין גאר „וואס איז ביוטיפול".

עמא איז צוגעקומען גאר נאענט צו אסתרן; זי האט געדרייט מיט דער צונג, ווי א הונט דרייט מיט דעם עק, און האט אנגעטאפט די סחורה.

— אי, אי, אי, מן הסתם געקויפט ביי וואנאמייקער'ס, — צי אפשר געבראכט פון „יוראפ", ווער קען וויסן עס קוקט אויס ווי פון יוראפ.

אסתר האקט איבער אינמיטן דעם שמועס.

— איז שוין בעקי געווען דא? — פרעגט זי.

— שוין אפשר צוויי שעה זינט זי איז אוועקגעפארן — ענטפערט עמא — דאס מיידל איז משוגע פאר'ן אטאמאביל.

— אוועקגעפארן? — בלייבט אסתר שטעקן מיט'ן ביסן אין מויל, — וועלכן אטאמאביל האט זי געגומען?

— פרעגט מיך בתרם, דאכט זיך דעם ברוינעם.

— דעם ברוינעם! — און אסתר איז שוין אינגאנצן אויפגערעגט. — „אל בעט יו" זי האט גענומען מיין קאר.

אסתר'ם קינבאקן ווערן שפיציק. מיט ביידע הענט שטופט זי ארונטער דעם איינגעצויגענעם קארסעט. זי מאכט א פנים גלייך ווי זי זאל זיך ווארגן.

— „וויים א מינוט, ווייט א מינוט", — כאפט זיך שוין עמא צוריק, — דאכט זיך דעם רויטן, פרעגט מיך בחרם...

— צי קענסטו נישט דערקענען א קאליר! — שרייט שוין אסתר אינגאנצן אין צארן — ס'אר שטיק פלייש דאס איז.

עמא איז צושראקן און פארלוירן. זי פלאנטערט מיט דער צונג און פרובט זי בארואיקן:

— יא, יא, — זאגט זי, — דעם רויטן. אז מען קען דען דערקענען א קאליר? אנטקעגן דער זון שיינען זיי אלע פונקט ווי גאלד, ווער קען דען וויסן א חילוק.

עמא איז שטיל ארוים און קומט באלד צוריק מיט קאפע און לאטקעס.

— איך וויל נישט קיין לאטקעס! — שרייט אסתר, — איך בין שוין אזוי אויך געגוג דיק. איך וויל פארלירן אין וואג. דענקסטו נישט, עמא, אז איך ווער דינער?

אסתר איז געווארן מילדער, זי האט אויסגעשטרעקט די האנט. די האנט איז געווען א קיילאכדיק־פעטע, מיט שפיציקע ווייסע נעגל; די פינגער זיינען געווען דיקע און ווי צוגעקלעפטע איינע צו די אנדערע.

— בין איך נישט דארער געווארן? — פרעגט זי ווידער אמאל.

— א סך דארער, — ענטפערט עמא.

אסתר איז שוין צופרידן; א זאטע און א צופרידענע זיצט זי אויפ'ן שטול און וויגט מיט די קורצע פים אין דער לופטן.

— הוידעט מיט ביידע פים, מיס אסתר, — זאגט עמא,

— אז מען האָט טאַטע־מאַמע דאַרף מען הוידען מיטביידע פּיס.

— הער, עמאַ! — האָט אסתר געזאָגט. זי האָט זיך אָפּגערוקט צוזאַמען מיט׳ן שטול ביז׳ן מיטן צימער; פון צווישן די שווערע גאַרדינען, דאָרט וואו זיי זיינען געווען אביסל צונעמען, האָט אַריינגעשיינט די מאָרגן זון. אסתר האָט איינגענורעט דעם קליינעם קערפּער אין דעם שטול; אירע פיס האָבן זיך ווייטער אזוי געשאָקלט אין דער לופטן, — הער, עמאַ, האָסטו אמאָל ליב געהאַט?

עמאַ האָט צוערשט נישט פאַרשטאַנען וואָס זי רעדט. אויף אזא נאָענטער פראַגע פון אסתר׳ן וואָלט זי זיך קיינמאָל נישט גערעכט, און דערפאַר האָט זי טאַקי נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. עס האָט זי אָבער געלאָקט דאָס צוגעלאָזנקייט פון דעם באַלעבאָס טאָכטער; זי האָט גלייך פאַרגעסן אסתר׳ס פריערדיקן כעס און די באַליידיקונג, און זי האָט געטראַכט ביי זיך אין האַרצן, אז זי איז שוין גלייך ווי אן אייגענע, פונקט ווי איינע פון מרדכי עמינגער׳ס קינדער, און אז דערפאַר רעכנט מען זיך מיט איר און מען פרעגט זי אינטימע פראַגען, און אז וואָס זי וויל, קען זי ענטפערן. האָט זי טאַקי געענטפערט אזויאַ, מיט אַ ברייט צולייגט שמייכעלע, גלייך ווי עמיצער וואָלט זי געקיצלט אונטער׳ן לעפעלע:

— וואָס פאַלט אייך איין אין מיטן פרימאָרגן? — כי־כי־כי, אז די מיס ווייסט שוין נישט וואָס אויסצוטראַכטן.

— אָבער קענסט דאָך מיר ענטפערן, — האָט אסתר נאָכאמאָל געפרעגט, — האָסטו אמאָל געליבט?

עמאַ האָט זיך געגווידערט און זיך באַלעקט מיט דער צונג.

— כי־כי־כי, וואָס הייסט צי איך האָב אמאָל געליבט, וואָס מיינט איר, אז מיר זיינען שוין קיין מענטשן נישט? — און מיט אַ טרויעריק פּנים האָט זי באַלד געביטן איר קול. — אָבער ווי קען איך איצט טראַכטן, אז עמיצער זאָל פאַר מיר „קערען" אז איך בין...

— איך מיין נישט דאָס, — זאָגט אסתר, — איך מיין צי דו האָסט געליבט... געליבט... פאַרשטייסטו???

עמאַ האָט זיך פאַרלוירן. אַ רויטע פאַרב האָט באַדעקט אירע ליפּן. זי איז שוין אַליין געוועזן ווייט איבער דרייסיק. איר הויכער צעשוואָומענער בוזעם האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ, אירע הענט און אירע פיס האָבן אָנגעהויבן צו שוויצן. אַ דרייסטע איז זי פּלוצים צוגעגאַנגען נאָענט צו אסתר'ן, אַרויפּ־געלייגט אירע ביידע הענט אויף אסתר'ס בריסט און זי אָנגע־הויבן צו קיצלען: — עס קלאַפּט דאָס הערצעלע, וואָס???

איבער אסתר'ס האַרץ איז דורכגעלאָפן אַ ציטער. עמאַ'ס הענט אויף אירע בריסט האָבן געבריט; אַ היץ האָט אַ זעץ געטאָן אין איר פּנים אַריין; אירע אויגן זיינען געוואָרן נאַס. איבער'ן גאַנצן לייב האָט זי אָנגעהויבן צו שטעכן גלייך ווי עמי־צער וואָלט אין איר אַריינגעשטאָכן טויזנט קליינע שפּילקעס. זי האָט פאַרמאַכט אירע אויגן. בולט'ער ווי אין גאַנצן פרי־מאָרגן איז פאַר איר איצט געשטאַנען דזשאָן. זי האָט געזען זיינע ציטערנדיקע הענט, זי האָט געפילט זיין הייס מויל. וואָנ־זיניק האָט זי מיטאַמאָל געגעבן אַ שלעפּ צו עמאַ'ן צו זיך, מיט עמאַ'ס הענט געדריקט אירע אייגענע בריסט, און אַראָפּלאָזנ־דיק זיך אויפ'ן דיוואַן איז זי אַזוי אַ האַלב פאַר'חלש'טע גע־בליבן ליגן.

פייניגנדיקע מינוטן. פאַר די אויגן טאַנצן גרינע פייער־לאַך. די אָדערן זיינען אָנגעצויגן און טרייבן שנעל רויט בלוט. מיט אַ קול, ווי פון אונטער דער ערד, אַ שוואַכס און אַ קוצ־אָטעמדיק־אָפּגעהאַקטס, האָט זי שטיל געזאָגט:

— איך האָב אים ליב, עמאַ, ווי מיין אייגן לעבן האָב איך אים ליב. אפשר וועט ער היינט אויך קומען צו מיר. עס איז געווען אַזאַ שטילע נאַכט... אין וואַלד איז געווען פינסטער... איך האָב פון זיך געריסן מיין קלייד...

אסתר האָט זיך צעוויינט. זי איז כמעט געוואָרן היסטע־ריש. איר גאַנצע פריערדיקע פרייד האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ גיס אויס. אָט אַזוי־אַ, אין איין מינוט אַ גיס אויס, און איצט איז שוין פאַר אירע אויגן געשטאַנען אַ צופּאַטלטע גרויע שרעק, אַ פאַלשער גרויער פאַרוק איבער אַ יונג בלאַס פּנים.

א גרויס צעעפּנט מויל, האָט ווי דורך אַ קאָם געצויגן, מיט אַ פּיסטשעדיק קעציש קול. אסתר האָט זיך אויפגעהויבן; מיט ביידע הענט האָט זי פאַרשטעלט די אויערן גלייך ווי זי זאָל ניט וועלן הערן וואָס מען רעדט צו איר. זי איז געלאָפן איבער'ן צימער, ווילד, צעטראָגן, צוקנדיק מיט די אַקסלען:

— גאָט מיינער, גאָט מיינער, וואָס וועט איצטער זיין — וואָס וועט איצטער זיין — וואָס האָב איך געטאָן... וואו איז געוועזן מיין קאָפּ — — —

זי האָט געפילט, ווי זי שטייט ביי אַן אָפענעם קבר; עמי־צער וואַרפט זי אַריין אין דעם אָפענעם קבר און מען שיט אויף איר לאָפּעטעס שווערע נאַסע ערד. זי ווערט אַלץ מער און מער פאַרשאָטן — אַלץ איז שוין פאַרפאַלן — גאָרנישט קען מען צוריקכאַפּן.

ווען אסתר איז אַביסל געקומען צו זיך, האָט זי געזען, ווי עמאַ ליגט, ווי אַ הונט, אין ווינקל ביים בעט און וויינט מיט ביטערע טרערן. זי איז צו איר צוגעגאַנגען, זי אויפגעהויבן, און מיט צאַרטקייט אין קול געזאָגט:

— נו, נעמט זיך נישט אַזוי צום האַרצן, ווי אַזוי נישט איז דאַרף מען זיך פון דעם אַרויסדרייען.

— עס זאָל זיך כאָטש אויסלאָזן צום גוטן, גאָט אין הימל, — האָט עמאַ שוין אינגאַנצן פריי און מיט אַ הויך גע־וויין אַרויסגעפּלאַצט, — עס זאָל זיך כאָטש אויסלאָזן צום גוטן.

— נו, וויין נישט — זאָגט אסתר.

— גוט צו זאָגן — וויין נישט, — ענטפערט עמאַ.

אין אַ ווייל'ע אַרום ווערן ביידע אַנטשוויגן.

אַ שטיל'ע פּיין. ביידע זיצן אין זיך פאַרטראַכט. מיט־אַמאָל הויבט עמאַ אויף איר קאָפּ.

— איך האָב אַ גוט מיטל, — זאָגט זי.

אסתר איז געוואָרן בלאַס.

— אַ שיקסע ביי אונז אין דאָרף האָט אויסגעטרונקען אַ גאַנץ גלאָז מיט זאַלץ־וואַסער — רעדט ווייטער עמאַ.

אסתר שטייט שוין אינגאַנצן אַן אויסגעצויגענע; איר פּנים ברענט אין כעס און אין צאָרן; פול מיט בזיון און חרטה

לויפט זי צו צו עמא׳ן כאפט זי אן פאר׳ן ארבל פון קלייד און הויבט עס אן צו רייסן.

— משוגענע! שטיק פלייש! — שרייט זי, — צי ווייסטו דען וואס מען רעדט צו דיר? דו ביזט דאך א משוגענע! א משוגענע! — מאמע! מאמע! עמא איז משוגע געווארן! שיק נאך אן אמבולאנס! די מויד וויל מיך קוילן! מאמע! מאמע

אסתר איז אנטלאפן פון צימער.

שפעט נאך מיטאג איז אסתר געגאנגען צו איר שניידער. אין קאפ האבן זיך געטומלט אלערליי געדאנקען. זי האט געטראכט פון דזשאנ׳ען, פון עמא׳ן און פון איר אייגן לעבן. איר הארץ איז געווען א פוסטע לאך, גלייך ווי עמיצער וואלט עפעס פון דארטן ארויסגעריסן. זי האט אינגאנצן געציטערט אין שרעק, און יעדעס מאל שפעקולירנדיק געטראכט צי וועט ער קומען, צי וועט ער נישט קומען.

— וואס וועט זי טאן אויב דזשאן וועט זי מער נישט באגעגענען? זי האט דאך שוין אנגענומען דאס געוואגטסטע מיטל אירס. אויב דזשאן וועט זי מער נישט באגעגענען, וועט זי זיך אראפווארפן פון דעם ברוקלין בריק. זי וועט אנשטעלן איר מאשין אין פולן געלאף און וועט אזוי ארייינפליען אין א טעלעגראף־סלופ. זי וועט שוין היינט ניט אהיים־גיין — ווי קען זי היינט א היים־גיין און זיך ווייזן אלעמען פאר די אויגן? און פאר עמא׳ן? זי האט אליין נישט געוואוסט, וואס זי האט גערעדט פאר עמא׳ן. אסתר האט נישט געדענקט איין ווארט, וואס זי האט איר געזאגט. אבער זי האט געוואוסט, אז עפעס שטעכיקעס קלעפט זיך צו איר לייב. עמא׳ן דארף מען ארויסווארפן. נאך היינט מוז זי די מאמע אוועקשיקן. עמא איז א נבלה, עמא איז משוגע.

זי איז אזוי פאוואליע און נישט־פאוואליע פארגאנגען צום שניידער. אין דעם טונקל־באלויכטענעם „פארלאר“ זיצן שוין א פאר פרויען אוןווארטן אין זייער רייע. אסתר גריסט זיך מיט קיינעם נישט. זי גייט צו צום שפיגל און דערשרעקט זיך פאר זיך אליין. איר פנים איז געל און מיד; אירע אויגן ווי ביי

אַ מת, טויטע. זי כאַפּט אויף שנעל אַרויס פון דעם טאַש אַלער־לײי שמיראַכצן און פאַרב — רויטע און שוואַרצע; זי הויבט אָן שמירן אירע ליפּן, די ווײַעס פון די אויגן באַשמירט זי מיט שוואַרצער פאַרב, אויף דער נאָז שיט זי אָן פּוידער; זי גייט אַרײַן צום שנײַדער. דער שנײַדער פרייט זיך מיט איר און גריסט זי און האַלט אין איין פּלוידערן:

— מיס עטינגער, נאָר־וואָס באַקומען פון פּאַריז זשורנאַלן, — זאָגט ער.

אסתר קוקט אין די זשורנאַלן. זי וויל עפּעס אַזוינס, וואָס זי אַליין ווייסט נישט וואָס זי וויל. עס דאַרף זײַן געל און גרין און רויט — זי ווייסט אַליין נישט וואָס עס דאַרף זײַן. און די באַפּוצונג דאַרף זײַן פון גאָלד און פון זילבער און פון „דזשעט", — זי ווייסט אַליין נישט פון וואָס דאָס דאַרף זײַן. ווי אַזוי קען זי דען וויסן וואָס עס דאַרף זײַן, אַז זי האָט אַפילו מיט דזשאָנען נישט גערעדט דערפון. דזשאָן! דזשאָן! אַלץ וואָס זי טוט און טראַכט איז נאָר פון דזשאָנען. זי האָט נאָר אים אין זינען. צוליב אים וויל זי דאָס אַ ניי קלייד — וואָס וועט דזשאָן זאָגן? ווי אַזוי וועט עס אים געפעלן? האָט ער ליב געל, צי האָט ער ליב גרין? האָט ער ליב מיט גאָלד באַ־פּוצט, צי האָט ער ליב מיט זילבער באַפּוצט?

— צי האָט איר אמת'ע גאָלד פּוצונג? — פרעגט זי פּלו־צים, — איך מיין אמת'ע פערצן קערעט גאָלד?

דער שנײַדער ווערט צוטומלט. אַזאַ קונד האָט ער נאָך נישט באַגעגנט — צי איז דען דאָס דעם קיסר'ס אַ טאָכטער?

— נישט־קשה, — זאָגט אסתר, — שרעקט זיך נישט, — קיין געלט איז נישט קיין אָפּהאַלט. איך וויל עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער האָט נישט.

דער שנײַדער שווײַגט.

אסתר מעסט אַ קלייד נאָך אַ קלייד. זי בלעטערט אַ זשור־נאַל נאָך אַ זשורנאַל. זי קאַרטשעט זיך אין פּיין און קען נישט באַשליסן וואָס זי וויל. זי ווערט נערוועז און פאַרלירט איר מאָס און טאַקט, און הויבט פּלוצים אָן שרײַען אויפ'ן שנײַ־דער: — אַ שוסטער זייט איר, נישט קיין שנײַדער! אַ שנײַ־דער דאַרף וויסן, וואָס עס פּאַסט פאַר דעם און וואָס פאַר יענעם.

— זאג איך דאך אייך, מיס עטינגער, — זאגט דער שניי־דער, — אז דאס־א זאמד־קאליר שטיק סחורה באפוצט מיט הימל בלויע שיפאן וועט זיין אן אויסגעצייכנט קלייד.

— זאמד קאליר, זאמד קאליר, — קרימט זי זיך אים נאך, — וואס בין איך א באבע! א שניידער זייט איר, אזוי ווי איך א רב, — גיט מיר רויט, גיט מיר געל, צי איריש־גרין.

— מיט׳ן גרעסטן פארגעניגן, — דרייט שוין דער שניי־דער מיט די ווייבערשע וואנצן, — ביי מיר איז דער אויסוואל א גרויסער — וואס אייער הארץ גלוסט, נעמט.

— וואס מיין הארץ גלוסט! זאמד־קאליר גיט ער מיר. מויזן־גרוי וואלט מיר שוין גיכער געפאסט.

דער שניידער האט זי שוין ביי זיך אין הארצן געשאלטן. שטענדיק ווען זי קומט צו אים, דערגייט אים דאס מיידל די יארן, און כאטש ער איז שוין א שניידער פון אזוי פיל יארן, און ווייסט שוין די ווייבערשע קאפריזן, האט ער אבער נאך אזא קונה נישט באגעגנט.

— פרובט עס אויסשפיליען, — זאגט אסתר, אנווייזנדיק אויף א שטיק סחורה.

דער שניידער נעמט אן א פול מויל מיט שפילקעס, שטעלט זיך אויף די קני און הויבט אן אויסדראפירן דאס שטיק סחורה איבער אסתר׳ס לייב.

ער דרייט זי אהער און דרייט זי אהין. ווען אלץ איז שוין פארטיק, פירט ער זי צו צום שפיגל. נאר אסתר גיט בלויז איין קוק אין שפיגל און אין איין מינוט האט זי שוין אראפגע־ריסן די גאנצע דראפירונג.

— ווי תכריכים קוקט עס אויס, — זאגט זי, — וואס בין איך שוין געשטארבן?

דער שניידער ווערט בלאס; מיט אלע זיינע כוחות האלט ער זיך איין אין זיין צארן. מיט אן אנגעשטרענגטער העפלאכ־קייט זאגט ער:

— קיין בעסערער שניידער, מיס, ווי איך ביז, בין איך נישט, און אויב אייך געפעלט נישט מיין ארבעט, טוט מיר זייער לייד.

אסתר שטעלט אויף אים אן אירע אויגן.

— וואָס מיינט איר? — פרעגט זי.

— איך מיין טאַקי דאָס, וואָס כ'האָב ערשט געזאָגט; בע־סער ווי איך בין, בין איך נישט.

אסתר'ן האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. באַליי־דיקונג און כעס האָבן געפרעסן איר לייב. אָט האָט זי דאָך שוין אַלץ פאַרלוירן, און זי האָט דאָך קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט ווי זיך אַליין גיין איבערבעטן, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ שניידער מיט אַ גרויסן נאָמען.

דער שניידער האָט שוין דערנאָך מיט גוטע ריידעלאַך און מיט אַ ברייט צושפּרייט שמייכעלע פון איר געצאַפּט דאָס בלוט.

— דאָס, פרייליין, איז אַ שיינס, — האָט ער צעצויגן זיין מויל מיט חניפה, — אַ יונגס; איך ווייס אַז גרין איז נישט דער פרייליינס קאָליר; זאָל נאָר דאָס פרייליין אַלץ לאָזן צו מיר — מיט מיין געשמאַק רעכענען זיך די פיר הונדערט פון דער פינפטער עוועניו. ביי „איקסעגנעז" בין איך געווען צען יאָר דער ערשטער „דעזיינער"; אין אָדעם האָב איך גענייט פאַר'ן גענעראַל־גובערנאַטאָר; איר האָט מסתמא געהערט פון דעם שונא ישראל, דעם אָדעסער גענעראַל־גובערנאַטאָר! קיין איד האָט זיך אויף זיין שוועל נישט געטאָרט באַווייזן; זיינע בייזע הינט וואָלטן יעדן אידן אויף שטיקער צוריסן; אָבער ווען עס פלעגט אַריינקומען אָט־דאָס־אַ שניידערל, אַזוי ווי איר קוקט דאָס אַז, האָט מען געהאַלטן אין איין באַלעקן זיך מיט אים: — זאָל זיך דער „פּאַרטנאַי" נעמען עסן, זאָל דער „פּאַרטנאַי" זיין היימיש אין קיך — דער „פּאַרטנאַי" מעג נע־מען וואָס זיין האַרץ גלוסט.

דער שניידער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן פון דיל; זיין מויל איז געווען פול מיט שפּילקעס. ער האָט געקוקט אסתר'ן גלייך אין פּנים אַריין, און מיט אַ צעצויגן שניידעריש שמיי־כעלע האָט ער געזאָגט:

— איך פרעג אַמאָל דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר — און אויב מיין האַרץ גלוסט צו פּאַליאַ'ן, ניט צו דעם, וואָס זי קאָכט, — כאַ־כאַ־כאַ.

— טי זשיד מאַשעניק" — זאָגט ער.

עס איז שוין געווען שפּעט, ווען אסתר איז אַרויס פון שניי־

דער. זי האָט זיך נאָך לאַנג אַרומגעדרייט איבער די גאַסן. אַהיים קומענדיק, האָט זי מיט קיינעם נישט גערעדט. אין אָוונט, ווען עס איז געווען פינסטער, האָט זי געוויינט. ווען זי האָט געהערט בעקי'ן שפּילן אויף דער פּיאַנע, האָט עס זי געשטאָכן ווי מיט שפּיזן. איר האָט זיך איצט אויך גע־דוכט, אַז בעקי איז אין אַלץ שולדיק, אַז בעקי שטערט איר אין אַלעם, אַז בעקי שטייט איר אין וועג. און ווען עס איז גע־וואָרן שוין גאָר שפּעט אין אָוונט, איז אסתר שטילערהייט אַראָפּ די טרעפּ, פּאַוואָלינקע האָט זי זיך אַריינגעגנב'עט אין שטאַל אַריין. זי האָט אויפגעהויבן דעם מאָטאָר־צודעק פון בעקי'ס אָטאָמאָביל, שטילערהייט האָט זי פון דאָרטן אַרויסגענומען דאָס שטאָלענע בערשטל, וואָס רייבט זיך איבער'ן „דזשענירייטאָר". עס האָט נאָכהער גענומען מער ווי אַ האַלבן טאָג דעם מעכאַני־קער אויסצוגעפינען, אַז דאָרטן פעלט דאָס בערשטל, ווייל ווע־מען וואָלט דאָס געקענט איינפאַלן, אַז עמיצער זאָל אַרויסנעמען דאָס בערשטל פון אָטאָמאָביל. — עס האָט נאָך קיינמאָל נישט גע־טראָפן, אַז דאָס בערשטל זאָל אַליין אַרויספאַלן, — האָט דער מעכאַניקער געזאָגט.

— טאָקי אַ וואונדערלאַכע זאַך, — האָט געזאָגט בעקי.

## 2

...בעקי, בעקי — אַ וואונדערלאַכע זאַך — האָט געזאָגט בעקי. זי איז אַליין אַ וואונדערלאַכע... אירע גלאַנציק־שוואַרצע האָר זיינען נאָך שוואַרצער פון אַ קויל. אירע באַקן זיינען רויט און אַזוי אירע ליפּן. ווען בעקי רעדט, בלענדן אַנטקעגן די ווייסע קאַלעכענע ווענט אירע שטאַרקע, ווייסע ציין. בעקי איז שטאַרק, און זי שטייט אַזוי אַ שטאַרקע מיט ביידע פיס אויף דער ערד. דער גאַנצער דורות'דיקער יחוס פון מרדכי עטינגער'ס משפחה איז איבערגעגאַנגען אין בעקי'ס בלוט. אין איר בלוט רינט אויך דאָס פרייע, ברייטע, שטאָלצע אַמעריקאַנישע. איר הויט איז באַלעבאַטיש צאַרט, איר ווילן — שטאַרק און פריי, ווי פריי עס איז דאָס גאַנצע לאַנד, און די פּאָר יאָריקע השפּעה אַלדד'ס? העי! אַלדד'ס השפּעה!!!

בעקי איז נאָר־וואָס אַריין פון איר טעגלאַכן שפּאַציר. איר פּנים איז צופלאַמט און ווינטיק; צווישן אירע האָר ליגט באַ־האַלטן דער ריח פון פעלד און פון וואַלד, פון וואַנען זי איז ערשט געקומען. בעקי ציט אַראָפּ דעם ענג־געפּאַסטן ספּאָרט־מאַנטל, די שטייף־געפּאַסטע הענטשקעס. איר האַנט בלייבט אַ באַפרייטע און אַ בלאַסע הענגען אין דער לופטן.

— „טעיק איט, עמאַ דיר", — טראָגט זי אונטער אַלעם, דעם מאַנטל און דעם הוט און דעם האַנט־טאַש צו עמאַ'ן, — „פּליעז, טייק איט" און זע צי עס איז דאָ עפּעס בריוו פאַר מיר.

די סטעליע איז געוואָרן נאָך העכער ווי זי איז; די ווענט ווייסער; אַ פּיל־קאָלירנדיק ליכט האָט אָנגעפילט דאָס צי־מער; אַ קלינגענדיקע, פרייליכע, יונג קול האָט זיך צוקלינ־גען אין דעם הויכן רוים:

O, where did I see my boy,
The Tall and Slender Khaki boy
It was not in the field,
And t'was not in the lane
O, where did I see my boy.

עמאַ ברענגט אַרויף די בריוו.

בעקי קוקט איבער די קאָנווערטן. זי דערקענט פון וואַ־נען די בריוו קומען. די בריוו גיבן צו אַ וויכטיקייט צו בעקי'ס וועזן. עפּיס אַזאַ מין גרויס־מיידלישקייט, וואָס פירט שוין אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס שטייט שוין אין שידוכים. ברייט צעשפּרייט זעצט זי זיך אַוועק ביים טיש, מיט ווירדע צעלייגט זי די פּאַרמאַכטע קאָנווערטן: איינעם אַהער, און איינעם אַהין. איין בריוו איז איר פרעמד. זי קען זיך נישט דערמאָנען, וועמעס האַנטשריפט דאָס איז. לייגט זי אָפּ דעם בריוו אינגאַנצן אַן אַ זייט. בעקי שפּילט זיך מיט איר נייגעריקייט. אויף צו להכעיס וויל זי דעם בריוו נישט עפענען. און וואָס ווייטער זי שטופּט דעם בריוו אָפּ, אַלץ נייגעריקער ווערט זי, און וואָס נייגעריקער זי ווערט, אַלץ ווייטער שטופּט זי אים אָפּ. זי עפנט דעם בריוו פון ביטריסן און דערנאָך נעמט זי דעם בריוו פון וואָלטער'ן. וואָלטער'ס בריוו עפנט זי אפילו נישט, און

וואָרפט אים אוועק. און אַז איז אַ רעכענונג פון דעם שנײַדער. „דער שנײַדער לאָזט זיך גוט באַצאָלן", — שמייכלט זי גוטמוטיק. זי נעמט ווידער דעם בריוו מיט דער אומבאַקאַנטער האַנטשריפט און פּרובט טרעפן אַלערליי טרעפונגען, צי עס איז אַ מיידלשע האַנטשריפט, צי עס איז גאַר אַ מענערשע האַנטשריפט. זי גיט מיט איין מאָל אַ ריס אָפּ דעם קאָנווערט, ווי אַ קינד, וועלן עס דאַרף אָראָפּשלינגען אַ ביטערע פּיל.

עס איז געווען אַ בריוו פון אסתר'ן.

בעקי איז געוואָרן צוטומלט. צוויי מאָל און דריי מאָל האָט זי געקוקט, צוערשט אויף דעם אונטערשריפט, דערנאָך אויף דעם אופן פון אַדרעסירן, און ביידע מאָל, צי אַלע דריי מאָל, האָט זי פאַר קיין פאַל נישט געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס איז די זעלבע האַנטשריפט וואָס זי זעט כמעט יעדן טאָג און וועלכע זי קען אַזוי גוט. — ווי אַזוי האָט זי נישט דערקענט די האַנטשריפט? וואָרום איז איר אַפילו אויפ'ן זינען נשט געקומען אסתר?

עס איז תמיד אַזוי, אַז מען דערקענט בלויז יענעם, וועמען מען זוכט, און וועמען מען וויל דערקענען; אַלע אַנדערע געזיכטער שוועבן בלויז אומזעבאַרע פאַר די אויגן פאַרביי. אַזוי איז אויך מיט אַ האַנטשריפט. אסתר איז איר אַפילו אויפ'ן זינען נישט געקומען, ווען זי האָט איבערגעקוקט די בריוו. זי האָט נאָך אַלץ אירע אויגן נישט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ בריוו פון אסתר'ן.

ווען בעקי האָט אָנגעהויבן צו לעזן דעם בריוו, איז זי נאָך מער צוטומלט געוואָרן. זי איז געוואָרן מער ווי צוטומלט. זי איז געוואָרן בלאַס, פון אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן גיסן טרערן; זי האָט געלייענט אין דעם בריוו אַזעלכע באַליידיקטע רייד, וואָס האָבן זי אינגאַנצן דערשלאָגן, און זי האָט אַפילו נישט געהאַט קיין כוח אַוועקצולייגן דעם בריוו.

אסתר האָט געשריבן:

„דו שטייטס אַזוי ווי אַ בייזער שאָטן אין אַלע מײַנע וועגן. וואו איך קער זיך, און וואו איך גיי, וואַקסטו אַזוי ווי פון אונטער דער ערד אויס. איך ווייס, אַז אַלע דײַנע מעשים זײַנען פריער אויסגערעכנטע. וואָלטער'ן האָסטו ביי מיר צוגע-

נומען. זייט ער איז מיט דיר ארויסגעפארן, גייט ער ארום ווי א משוגענער. איך ווייס גאנץ גוט, וואס אזא מיידל ווי דו טוסט אונטער וועגנס. און וואס פאר א כישוף האסטו אים אפגעטאן? זאג מיר! לאמיך אויך וויסן פון דיינע גע־היימע מיטלען. אפשר האסטו אזוינע קרייטיכער צום פאר־קויפן? און וואס מאכסטו זיך נאריש מיט דיין גרינעם? צי עסטו נישט, אז ער וויל זיך אויף דיר אפילו נישט אומקוקן?"

בעקי האט געלייענט און געלייענט דעם בריוו. אפשר צען מאל האט זי איבערגעלייענט דעם בריוו. יעדעס ווארט האט זי קלאר און הויך ארויסגערעדט. גלייך ווי א כישוף וואלט אין די ווערטער געלעגן, אזוי האט זי זיך פון די ווערטער נישט גע־קענט אפרייסן. גרויסע טרערן האבן זיך געקייקלט איבער אירע באקן. זי האט געפילט, ווי איר הארץ ווערט אויף צווייען צובראכן. פונקט ווי א פארשטיינערטע איז זי געשטאנען מיט'ן בריוו אין האנט און זיך נישט גערירט פון ארט.

ווען זי איז שפעטער געקומען צו זיך, איז זי ארייננגעלאפן צו זיך אין צימער. ביז ארויף צו דער סטעליע זיינען געווען ארויפגעצויגן די ראלעטן. פאסן זון האבן זיך געשפילט איבער'ן גאנצן צימער, אפגערוקט פון אלע ווענט איז געשטא־נען דאס בעט; ווייכע, טיפע דיוואנען זיינען געווען צעווארפן איבערן גאנצן צימער. בעקי האט זיך אזוי אז אנגעטאנענע אריינ־געווארפן אין בעט אריין, און גלייך, ווי א קוואל, וואלט זיך אין איר הארצן געעפנט, אזוי האט זי געוויינט און געיאמערט.

נאך דעם דאזיקן פאל האט זי פאר א פאר טעג אויסגע־מיטן אלעמען אין שטוב. זי האט אויסגעמיטן אלדר'ן. זי האט זיך פאר זיך אליין געשעמט. עפיס האט זיך איר געדוכט, אז זי איז פארמישט אין עפעס זייער א נישט־ריינע זאך. זי האט זיך געוואלט אפוואשן פון דער ניט־ריינער זאך, און איז א גאנצן טאג ארומגעלאפן און ארומגעפארן איבער די גאסן פון שטאט און אונטער דער שטאט, גלייך ווי זאל זיך וועלן פון עפיס אויסלויפטערן. אין אוונט האט זי געזאגט צו איר מוטער:

— מאמע, איך וועל זיך אביסל דורכפארן. אויף א וואך אדער צוויי וועל איך אוועקפארן אין די בערג.

ביים ראַד פון מאַשין, פאַרנדיק איבער אַלע נייע געגנדן, האָט בעקי שוין אינגאַנצן פאַרגעסן דאָס איבלדיקייט אין איר מויל, און זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז זי האָט אַ שוועסטער, וואָס הייסט אסתר, און זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אַז זי אַנט־לויפט פון עפּיס אַן אומריינע זאַך. עס איז אַ וואונדערלאַכע זאַך, ווען מען זיצט ביים ראַד פון אַטאַמאָביל — אַלע צרות פאַרגעסט מען דעמאָלט — אַ מענטש ביים ראַד פון אַטאַמאָביל האָט דאָס געפיל, אַז ער שאַפט עפּיס, ער קאָנטראָלירט, ער קי־רעוועט — דער מענטש ביים ראַד איז דער מייסטער...

ווען בעקי איז צוערשט אַרויפגעקומען מיט איר גרויסן אַטאָמאָביל אויפ'ן סאַמע שפּיץ פון די „קעטסקילס", אין דעם שטעטיל קאָלד־ברוק, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ריינ־צוגעראַמטער מיין סטריט, פּונקט אַנטקעגנאיבער דער „אין". עס איז געווען פאַר מיטאָג. אויף דער וועראַנדע פון דער „קאָלד־ברוק־אין" זיינען געזעסן אויף גרינע וויגשטולן אויס־געזעצט אַ צאָל ווייבער און מיידלאַך און בחורים. די בחורים זיינען אַלע געווען אָנגעטאָן אין הויכע גומענע שטיוול מיט לע־דערנע זשאַקעטן, מיט קיילעכדיקע, אויף די שפּיץ קעפּ, היטעלאַך. עס איז געווען דער סיזאָן פון פיש־כאַפּן און פון יאַכט. די ווייבער און די מיידלאַך האָבן געטראָגן לויזע ספּאָרט קליידער, זייערע פּנים'ער זיינען געווען פון זון אָפּגעברענטע און האָבן געגלאַנצט ווי אָפּגעפּוצטע קופּער. מיט גייציקע אויגן האָבן אַלע באַטראַכט דעם פאַרשטויבטן אַטאָמאָביל. די בחורים האָבן זיך אנגעהויבן שאַרן פון זייערע ערטער. דער גרויסער „פּעקאַרד" מיט די אַנגעבלאָזענע רעדער האָט פון זיך געוואָרפן מיט גדלות און מיט אַנזאָג פון אַ רייכער הויז. ווען די בחורים האָבן דערנאָך דערזען בעקי'ן זיך נישט רירנדיק פון אָרט, און בלאַנ־דזשענדיק מיט אירע אויגן איבער דער לענג פון דער גאַס, זיינען אַ פּאָר צו איר צוגעלאָפן.

בעקי האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. זי האָט נישט געוואוסט וואוהין זי פאָרט, און וועמען זי דאַרף. אין אַ פאַר־לעגנהייט האָט זי געפרעגט:

— ווי ווייט איז קיין האַריסבורג?

זי האָט אַליין נישט געוואוסט נאָך וואָס זי דאַרף האַריס־

בורג. די גאַנצע וועג, פאַרנדיק, האָט זי געזען גרויסע אַפּישן, מיט הענט, אַנצייגנדיק — האַריסבורג. האָט זי איצט אינ־סטינקטיוו אָנגערופן די שטאָט.

— אַ פינף און זיבעציק מייל — האָבן אַ פּאָר שטימען מיט אַמאָל געענטפערט — אַרויפ'ן באַרג און גלייך מיט'ן „סטייט־ראָוד".

— אַ דאַנק.

בעקי איז אַרויף באַרג.

נאָר איידער זי האָט זיך נאָך אומגעקוקט איז זי שוין געווען אין האַריסבורג. די זון איז נאָך געשטאַנען הויך אויפ'ן הימל. פון ווייטן האָבן זיך שוין אַרויסגעזען די שפּיצן פון די „אַדיראָנדעקס"; גרין־בלויע קעפּ פון באַוועלדערטע בערג זייַנען געקראָכן איינע אויף די אַנדערע. דער הימל איז געווען דורכזיכטיק בלוי און נאָענט. אַלץ אין דער שטאָט איז געווען נאָ־ענט. בעקי'ן האָט זיך געדוכט, אַז יעדע זאַך קען זי אַנטאַפּן מיט דער האַנט: דעם הימל און די בערג און די ברייטע וועגן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דער שטאָט. אַ נאָענטע שטילקייט איז געלעגן צוליינט איבער די שטיינערדיקע אַלטמאָ־דישע הייזער. די גאַסן זייַנען געווען ברייט צולייגטע, און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי האָבן שטיל אָפּגעהיט דאָס אינע־ווייניק־פאַרטראַכטע. אַלטע פאַרמערס האָבן געטריבן אָקסן און שווערע פערד. עס האָט זיך געהערט דער ריח פון היי און פון גנוי.

בעקי'ן האָט מיט אַמאָל אַרומגענומען אַ פאַרלאַנג צו פליען ווייטער אין די ווייטע בערג אַריין. דאָס שטילקייט אין דער דאָזיקער קליינער שטאָט האָט אין איר אַריינגעבלאָזן אַ לייכט־קייט פון אַ פויגל. זי האָט געוואָלט פליען, פליען, אַזוי אין דער לופטן פלאַטערן מיט ברייט צושפּרייטע פליגל.

— ווי ווייט ליגן יענע הויכע בערג? — האָט זי געפרעגט.

— די „אַדיראַנדעקס" מיינסטו?

— יאָ, די „אַדיראַנדעקס".

—אַרום אַ הונדערט מייל, מיס.

בעקי האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן זייגער. עס איז געווען פיר אַזייגער.

— וואָס זאָגסטו, „פּעקארד“, זיך לאָזן אין די בערג אריין? אינגאַנצן נאָר הונדערט מייל — וועסט מאַכן נאָך הונדערט מייל, נישט אַזוי, פּעקארד?

זי האָט געצערטלט איר מאַשין; מיט אַ שמאַטע אים געגלעט און אַרומגעווישט דעם שטויב; זי האָט אים אָנגעטרונקען מיט פרישן וואַסער, און אָנגעגאָסן אַ פולן „טענק“ מיט געזאָלין; זי האָט זיך אַליין אָנגעטרונקען און אָנגעגעסן. אַ מונטערע איז זי אַריין צוריק אין דער קאַר, אַרויף׳ן באַרג און זיך פאַרקירעוועט מיט׳ן שמאָלן וועג וואָס איז געלאָפן פאַזע דעם „קריסטעל־ספּרינג“ טייך.

און אַזוי איז זי אין דעם ערשטן טאָג אַריינגעפאָרן ביזקעל דעם אָנהויב פון די „אדיראָנדעקס“, וואָס זיינען געלעגן אַ דריי הונדערט מיט פופציק מייל פון איר היים.

דער געגנד איז געווען אַ רייכער. דאָס געבורטס־פּלאַץ פון די גאָלד׳ס. די שטאָט איז געלעגן אין אַ טאָל; אַרום און אַרום, אַרומגענומען מיט אַ וואַלדיקן גאַרטל. הויכע באַוואַקסענע בערג האָבן זיך געהויבן אַרום שטאָט ביז אונטער׳ן הימל.

ווען בעקי האָט אין דעם שוין טונקעלן אָוונט פאַרריסן דעם קאָפּ, און געקוקט אַרויף צו די בערג צו, האָט נאָר דאָרט געבלענדט אַ ווייסע ליכט. די זון איז שוין געווען פאַרגאַנגען, נאָר דאָרט אויף די שפּיץ בערג האָט זיך אָפּגעשלאָגן דער בלויער הימל און זיך צעשפּרייט מיט דער ווייסקייט אין דער הויך, ווי אַ ים אין אַ לבנה־נאַכט.

— אָט יענעם ווייסן רוים מוז זי זען. זי מוז קריכן אויף די בערג. זי וויל זיך באַהעפטן מיט דער ווייסער ליכט. אַ לייכטע גרינגקייט פילט אָן איר האַרץ. ווי די לייכטע טריט פון אַ הירש איז איר שפּאַן — זאָל זי זיך נאָר אַביסל אָפּרוען, איבערשלאָפן די נאַכט, מאָרגן גאַנץ פרי וועט זי קריכן אויף די בערג.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קליינער פויערשער הויז, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג וועג.

מען האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג.

— איינע אַליין אַ מיידל, מיט אַזאַ גרויסער מאַשין? און פון אַזאַ ווייטן וועג?

— איינע אַליין — שמייכלט בעקי.

— און וואוהין פארט דאס א מיידל ?
— איך פאר אהין, וואוהין עס לאזט זיך.
— און ווער באגלייט דיך?
— קיינער באגלייט מיך נישט. און איך דארף נישט קיי־נע באגלייטער — ווען איך מיך לאזן איבערנעכטיקן אין אייער הויז? איך וויל זיך דא אפשטעלן און מארגן קריכן אויף די בערג.

דער פארמער איז געווען אן אלטער; ער האט גערעדט מיט א הויך, שטאליק קול און יעדעס ווארט פארענדיגט מיט א קוויטש און מיט פארוואונדערונג — ער האט שוין געזען גע־נוג וואונדער אויף דער וועלט — ער האט שוין דורכגעמאכט פינף און זיבעציק ווינטערס, און פיר און זיבעציק זומערס — ער האט שוין אלץ געזען — אבער א מיידל זאל זיך אליין לאזן אין אזא וייטן וועג אריין ? ? ?

— פארוואס דען נישט? — זאגט ער — צימערן זיינען דא גענוג, שטייען פוסטע, פארוואס דען נישט?

ארום בעקי'ן שטייען שוין קליינע פארשמירטע קינדער. איין קינד באהאלט זיך אונטער'ן צווייטן. עס דרייט מיט'ן עק דער הונט. בעקי רעדט מיט זיי ליבע ווערטער און טיילט זיי אויס מתנות. מען שטויבט ארום איר מאשין. מען גיט איר וואַ־סער צום וואשן זיך אין אוונט־ברויט צום עסן און א בעלעגער צום שלאפן.

עס שמעקט גוט אן אוונטברויט ערגיץ אין א פארווארפענעם פארם אין די אדיראנדעקס. אלט פארשימלטער קעז, לאנג גע־רויכערטע פיש און זויערמילך, און פרישע קוואל־וואסער — „פאמפקין־פאי" און שווארצע בימערע קאפע — העי, בעקי קען א גאנצע נאכט נישט שלאפן... זי גייט אראפ פון בעט, שמעקט ארום דעם קאפ פון דעם קליינעם פענסטערל ארום — דער הימל איז איצט נאך ווייסער, די ווייסקייט צושפרייט זיך איבער אלע פינסטערע וועלדער; פון טאל גייט אויף א נעבל. בעקי הערט דאס געזאנג פון דעם „ווי־פור־וויל" אונטער'ן פענסטער קראקן זשאבעס, קי קלינגען מיט די גלעקער, און איבער דעם אלעמען הערשט א געדיכטע שטילקייט. א רעליגיעז געפיל נעמט ארום איר נשמה. זי דערפילט א ליבע אין איר

הארצו. בעקי דערמאָנט זיך אין פּסוקים פון דער ביבעל, וואָס אלדד האָט פאַר איר געלייענט. זי ווערט אליין א ביבלישׂ געשטאַלט — שיר השירים — בעקי איז די רויז פון שרון — זי איז די ליליע פון די טאָלן — ווי א ליליע צווישן די בוימער, אזוי איז זי צווישן די יונגפרויען — ווי אַן עפּלבוים צווישן די בוימער, אזוי איז איר געליבטער צווישן די מענער — איך באַשווער אייך טעכטער פון ירושלים — מיין געליבטער איז גלייך צו א יונגן הירש. ער שפּרינגט איבער בערג, היפּט איבער טאָלן... מיטאמאָל האָט זי דערזען פאַר אירע אויגן אלדד'ן. אלדד איז איצט נישט געווען קיין לעבעדיקער, נאָר עפּעס אַזאַ שטיק בלענדענדיק ליכט איינגעוויקלט אין נעבל, וואָס איז פאַרהוילט ערגיץ אין די בערג. איר האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן. זי האָט אינגאַנצן צעעפנט דאָס פענסטער און זיך אָוועקגעזעצט מיט איר גאַנצער נאַקעטקייט אַרויס איבער דער וואַנט.

ווען עמיצער פרעגט זי אין דעם דאָזיקן מאָמענט, וואָס זי וויל און נאָך וואָס זי בענקט — וואָלט זי נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, ווייל עס איז נישט געווען קיין באַשטימטע זאַך, וואָס זי וויל, ווייל עס איז געווען אַלעס, וואָס זי וויל... עס איז געווען די אומבאַשטימטע ערוואַכונג, וואָס האָט מיט־אַמאָל געגעבן א נעם אַרום איר גאַנץ וועזן. זי האָט געוואָלט וויינען; זי האָט געוואָלט ריידן מיט גאָט; זי האָט געפילט, ווי די הויט פון איר לייב שפּאַלט זיך און באַהעפט זיך מיט עפּעס א ריזיקער גרויסקייט... איר האַרץ און אירע ליפּן זיינען געווען פול מיט געבעט — עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן, וואָס זי האָט קלאָר געהערט ווי פון אירע פיס און פון אירע בריסט און פון איר אָפּן־פאַר'חלש'ט מויל רייסט זיך א פאַרלאַנג פון באַהעפטונג.

זי האָט זיך אָנגעטאָן ווען עס האָט נאָך געבלויט אין די פענסטער. אין דרויסן ביים ברונעם האָט זי איינגעריבן איר פּנים מיט פרישן וואַסער. א ציטער איז דורכגעלאָפן איר לייב. זי האָט איבערגעלאָזט איר מאַשין און איז א געפּאַסטן געל־ברוינעם ספּאָרט־מאַנטל, מיט א פּאָר הויכע רייט־שטיוול, די

האָר פאַרבונדן מיט אַ רויטן באַנד, האָט זי זיך אַזוי געלאָזט קריכן אין די בערג.

מער ווי אַ וואָך צייט האָט מען נישט געוואוסט, וואוהין דאָס מיידל איז פאַרשוואונדן געוואָרן. עס זיינען אַרומגעגאַנגען פאַר־שידענע קלאַנגען פון איר פאַרשווינדן. אַלערליי רייד האָט מען שוין געהערט אין יענעם געגנד. שכנים האָבן דערציילט, אַז ערגיץ אויף'ן „סלייטאָן" האָט עמיצער געזען אין געדיכטן וואַלד אַ מיידל אַרומבלאָנדזשען. עמיצער האָט זי געזען ביי דער מיל, וואָס שטייט ביים ברעג „קאַטאַהאַגאַ" טייך. ביים שטאַל אונטער אַ בוים האָט געטרויערט אַז איינגעדעקטע די גרויסע מאַשין; אין איר צימער איז געלעגן אַ צופּראַלטער איר קליינער וועלים; זיידענע אונטערוועש און זאָקן און אַ פּאָר קליינע גאָלד־ברוינע שיכלאַך האָבן זיך געוואַלגערט נעבן צעוואָרפענעם בעט. עס האָט זיך געדוכט, אַז די הויזיקע מענטשן האָבן זיך מורא צוצורירן צו דעם פאַר'כישופ'טן צימער, אין וועלכן עס האָט גענעכטיקט דאָס פרעמדע מיידל — זאָל זייער האַנט נישט זיין ביים גרויסן אומגליק, וואָס וועט באַלד אויף זייער שטוב קומען... מען האָט פון איר גאָרנישט גע־הערט. זי איז פאַרקראָכן אויף'ן סאַמע שפּיץ פון דעם „בעלעייר" באַרג, דאָרט וואו עס איז געשטאַנען אַ באָאַבאַכטונגס־טורעם, און אין וועלכן עס האָט געוואוינט איינער אַליין דער אַלטער וועכטער, מיסטער ברעדלי.

אין דעם קליינעם „לאָק־קעבין", וואָס איז געווען צונויפ־געשלאָגן פון אומגעהובלטע קלעצער, האָט בעקי געדונגען אַ צימער ביי דעם אַלטן וועכטער, מיסטער ברעדלי. דאָס איז געווען אַ מאַן אַריבער זעכציק. פון זיין פריער יוגנט אַז האָט ער דאָרטן געהאַלטן די רעגירונגס שטעלע, פון אָפּהיטן די וועל־דער און אָנזאָגן די אַרומיקע איינוואוינער ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ פייער אין וואַלד. ער האָט געוואוינט איינער אַליין אויף'ן סאַמע שפּיץ באַרג. דריי מאָל אַ טאָג פלעגט מיסטער ברעדלי אָנטאָן אויף'ן האַלדז דאָס שנירל צו וועלכן עס איז געווען צוגעבונדן די גרויסע פעלד־גלעזער, אַרופקריכן אויף'ן

סאמע שפיץ פון דעם הויכן טורעם און באקוקן דעם ארומיקן געגנט.

ווען בעקי איז צום ערשטן מאל ארויף אויפ׳ן שפיץ טורעם, האט איר אנגעהויבן שווינדלען פאר די אויגן. זי האט דארטן געזען בערג יאגנדיקע איינע אויף די אנדערע, ווי כוואליעס אין מיטן ים; אמאל האט זיך איר אויסגעוויזן, אז דאס זיינען יונגע שטייפע בריסט פון יונגפרויען מיט די ניפלען ארויפצו. זי האט געזען ווי די ווינטן טרייבן די וואלקנס, און אלעמאל ווערט ליכטיק אדער פינסטער אן אנדערער בארג. ווייט אין די טאלן זיינען געלעגן אויסגעלייגט, ווי שפילקעסטלאך, קליינע שטעט און דערפער. צום סוף האט זי געזען דאס, וואס אלע מענטשן אויף הויכע בערג, אפגעזונדערט פון לעבן, זעען. זי האט געזען אסתר׳ן אין א פארצארנטער פאזע, מיט א פאטשיילע ארומגעבונדן די צולאזענע האר, פון וועלכער דער ווינט האט אלעמאל ארויסגעריסן קיילעכדיקע, פארדרייטע לאקן, און זי האט אויסגעזען ווי א כישופמאכעריז. איינמאל האט זי געזען אלדד׳ן. אלדד איז געווען הויך און שמאל און דין, ווי אן איינציקער בוים אין מיטן א ברייט פעלד. אלדד׳ס קאפ האט דערגרייכט צום הימל, ארום זיין האלדז איז געווען ארומגעוויקלט א פייערדיקע זון; די זון האט געווארפן פייערדיקע זיילן ארום און ארום זיין קאפ, אזוי אז זי האט אויף אים נישט געקענט קוקן. איינמאל שטייענדיק אויפ׳ן שפיץ טורעם, צוזאמען מיט דעם אלטן מיסטער ברעדלי, האט בעקי געזאגט:

— זע די אלטע פרוי מיט׳ן „באנעט“ אויפ׳ן קאפ, וואס שטייט אויף יענעם מערב׳דיקן בארג! זע דאס קערביל אין אירע הענט! מיר דוכט אז זי שמייכלט צו אונז

— דאס איז די אלטע מיס ברעדהוירסט, — האט מיסטער ברעדלי געענטפערט — זינט זי איז ביי א גאטדינסט אין קירכע אוועקגעפאלן, קומט זי אלע טאג אהער אויף די בערג. זי האט קיין רו נישט אין קבר. פאר אירע מיידלישע זינד קען זי קיין רו נישט געפינען. שוין יארן לאנג, אז זי ווערט אזוי ארומגעיאגט. קוק נישט אהין...

אין אוונט האט מיסטער ברעדלי דערציילט בעקי׳ן די מעשה מיט דער מיס ברעדהוירסט. זי האט קיינמאל נישט

חתונה געהאט. א קינד האט זי געהאט פון א טייוול. דעם טייוול האבן מיר פארטריבן פון דארף. מיט איין חלב'ן ליכט איז גע־ווען באלויכטן דאס צימער. א דיקע פינסטערניש האט ארומגע־וויקלט די ווינקלען; פון רוי האלץ איז געווען צונויפגעשלאגן דער טיש און דאס בעט; א שעפעלע וואסער איז געשטא־נען ביי דער שוועל פון טיר. בילדער פון יאגדהינט זיינען געווען צוהאנגען איבער די רויע ווענט; אן אלטער גראמא־פאן איז געשטאנען אויפ'ן טיש; עס האט געשפילט דער גרא־מאפאן, און מיסטער ברעדלי האט מיט די אלטע ציטערדיקע פיס געטאנצט צום טאקט און צוגעקלאפט מיט די שווערע אפ־צאסן אויפ'ן הילכיקן דיל. מיטאמאל האט דער אלטער אנגע־הויבן כליפען. אויפ'ן גראמאפאן האט געשפילט אן אלט פאלק־ליד. זיינע הענט האבן געציטערט, זיינע ליפן האבן אין רע־ליגיעזן עקסטאז זיך אויפגעמאכט און פארמאכט. אן צייז, אזוי אז עס איז שווער געווען צו כאפן וואס ער זינגט, האט ער זיך נאכגעשלעפט נאכ'ן מאטיוו פון דער ליד:

„וואט מייד יו ליוו מיי סטייבעלס, הא!

בעקי'ן איז באפאלן א פחד. זי האט זיך מיטאמאל דער־שראקן פאר דעם דאזיקן מענטשן. איינער אליין אין א וויסטן געגנד מיט א מענטש, וואס קוקט אויס ווי א משוגענער. זי איז שנעל ארויס פון דעם שטיבל און איז געבליבן אזוי שטיין אויף דער שוועל איינהערנדיק זיך וואס דער אלטער טוט.

אין דרויסן איז געווען פינסטער. פון אלע זייטן האט זיך איר געדוכט, לויערן אויף איר נישט־גוטע. משונה'דיקע קולות האבן זיך געטראגן פון צווישן די בוימער; פון איבער דער טיר האט זי געהערט דעם אלטן זיך פארטאיען ווי א פאר'סמ'טער הונט. זי האט זיך צעוויינט הויך אויפ'ן קול.

אבער ווען זי איז צום סוף ארונטערגעקומען פון דעם בארג, איז זי געווען גרינג און ליכטיק און מיט א רויט־שוואר־צער הויט אויף איר פנים, ווי די הויט פון אן אינדיאנעריז. אירע האר זיינען געווען הארט ווי שפיזלאך און אנגעשטאפט פול מיט עקשנות. מיט דינע טאנצנדיקע טריט, ווי די טריט פון א הירשין, איז זי אריינגעלאפן אויפ'ן הויף.

דער אַלטער פּאַרמער איז אַ פּאַרציטערטער געוואָרן פון איר אָנקום. עס איז פאַר אים געווען ווי אַ איבערנאַטירלאַכע דערשיינונג.

— פון וואַנען האָסטו זיך גענומען? — האָט ער גע־גאַפּט.

— פון יענעם הויכן באַרג, — האָט בעקי געלאַכט.

— פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן?

— נישט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן, אַליין מיט מיין ווילן פאַרגאַנגען — איצט פאַר איך אַהיים — וויפיל קומט דעם גוטן פּאַרמער פאַר זיין גאַסטפריינדלאַכקייט?

— דעם פּאַרמער קומט גאָרנישט. איך דאַנק גאָט, וואָס אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט צום גוטן.

צום גוטן, צום גוטן — אַלעס האָט זיך אויסגעלאָזט צום גוטן... בעקי פילט איצט אַ לייכטקייט אין איר געמיט — איר נשמה איז אַן אויסגעלייזטע, אַ געהייליגטע. בעקי קומט פון ערגיץ אַן אָרט, וואו מען לאָזט איבער אַלע זינד און מען קומט אַרויס אַ ניי־באַשאַפענע, אַ געהייליגטע. זי האָט פאַר־געסן איר שנאה צו אסתר'ן, זי האָט געבענקט אַהיים, זי האָט געוואָלט זען מענטשן, זי האָט געוואָלט הערן היימישע רייד, זי האָט געבענקט נאָך עלעקטריק, נאָך שטאָטישער ליכט, נאָך טומל, נאָך געדרענג. זי האָט זיך אַריינגעזעצט אין איר מאַ־שין. אויף צוויי מאָל אַזוי שנעל האָט זי אַנגעשטעלט דעם געז־טרעטער; אַ שטיק ערד האָבן די אונטערשטע רעדער אַרויסגעריסן, ווען בעקי האָט פון הויף אַ צי־געטאָן.

3

דייוו האָט אַן דעם טאָטנס וויסן און אָן עמיצענס אַנדערש וויסן פרייוויליק זיך אַנגעשלאָסן אין דער זיבנאונצוואַנציקסטער דיוויזיע פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, און ער האָט באַדאַרפט אין אַ וואָך אַרום אָפּפאָרן אין קעמפּ.

דאָס לאַנד איז איצט געווען אַ ניי לאַנד און די מענטשן זיינען איצט געווען נייע מענטשן. הייס, אומגעדולדיק, אימפּעט

— יעדן שטויסט זיין אינעווייניקסטער אימפעט. דייוו קען אין שאפ נישט איינשטיין. יעדער פארבײ־מאַרשירנדיקער רע־גימענט קאַכט אין אים אויף זיין בלוט. מוזיק, פריילאַכע לי־דער, גלאַנציקע מעשענע אינסטרומענטן אנטקעגן דער זון. די לופט איז אָנגעפילט מיט פריילאַכן דזשעז — דזשעז — דזשעז — פון אַלע מענטשלאַכע געמיטער צוגיסט זיך אַ לייכטע פרייד און פילט אָן זייערע הערצער מיט אַ גרויסער לייכטער האָפנונג. מען שעמט זיך דערפון צו ריידן ; מען האָט מורא דאָס וואָרט צו ברענגען פאַר'ן מויל. אָבער טיף אין הארצן זעט דער געשעפטסמאַן די גאָלדיק־אויסגעלייגטע וועגן. דער מאָרגנדיקער טאָג — אַ באַרג מיט גאָלד... בלעך און ציגל און זייף און קליידער זיינען שוין איצט מיט גאָלד גלייך. נעם און שטרעק דיין האַנט אויס און גלייך ווערסטו אַ עושר... מיט'ן פשוט'ן וואָרט — מיט'ן נעכטיג־פאַרשמילטן וואָרט, יחוס'ט מען זיך היינט. אויף אַלעמענס ליפּן ליגט גלייך אָנגעגרייט דאָס פּאַטריאָטישע וואָרט, וואָס ווען מען דאַרף עס, זאָל עס גלייך געזאָגט ווערן... די באַנקירן אַזוי ; די כלי־קודש אַזוי ; און אַזוי אויך די פירער פון גרויסע אינדוסטריעס — דזשעז — פרייד — מאָרגן אַ באַרג מיט גאָלד — אין זייער אייגענעם גלאַנץ איז פאַר'שיכור'ט די יוגנד. זיי שפּיגלען זיך אין די גלאַנציק־מעשענע קנעפּ, וואָס איז איינגענייט אין די קאַקי־מאַנטלען ; מיט באַנד־זייגערלאַך אויף די לינקע הענט, וואויל־יונגעריש זיינען איינגעצויגן די דינע געוויקלטע פיס, די לענדן זיינען געוויקלט אין ברייט צולייגטע קאַקים, די קעפּ פאַרדעקט מיט קלוג־צוגעשניטענע היטעלאַך, ווי סאָטאַנאָווער המן־טאַשן — דזשעז און דזשעז — יעדע גרויסע שטאָט איז אַ לאַגער־שטאָט. געזאַנג — טענץ — גלאַנציקע מעשענע אינסטרומענטן אַנטקעגן דער מאָרגן זון — פון אַלע העלדזער שפּאַרט זיך, ביז אונטער'ן הימל, די פריילאַכקייט. קאַפּעליעס מוזיקער מאַרשירן טאָג און נאַכט איבער די גאַסן. די גאַסן זיינען איינגעוויקלט אין אַלערליי פאַנען. ווייבער טראָגן מאַנסבילשע קליידער. די „יו־עס־סיגאַר־סטאָר" אויפ'ן ווינקל בראָדוויי און פינפטע עוועניו, וועמעס קראַם עס שניידט זיך אַריין הויך און שפּיציק און בלישטשענדיק מיט טויזנטער פענסטער איבער'ן גאַנצן סקווער,

האָט פאַרוואַנדלט איר קראַם אין אַ מוזייאום, צי אפשר אין אַ שלאַכטפעלד. איבער׳ן גאַנצן נידריקן שטעל פון דער ספּעציעל־אויפגעבויטער פּלאַטפאָרמע, גייט אַן אַן אמת׳ע שלאַכט. אַמע־ריקאַנער סאָלדאַטן מיט העמלעטס אויף זייערע דאַרע אָפּגעצוי־גענע קעפּ און פּנימ׳ער מיט אַלט־פּאַטריאָטישע פּאַטשיילעס ארום האַלדז שלעפּן גרויסע קאַנאָנען אַרויס פון טיפע בלאָטעס. אַט האָט איין קאַנאָן אויסגעשאָסן. אַ געדיכטער, שוואַרצער וואָלקן האָט אויף אַ מאָמענט איינגעוויקלט דאָס גאַנצע שלאַכט־פעלד. אַ פערד איז ווילד געוואָרן און אָנגעהויבן משוגע׳דיק לויפן — „הוראַ! גיט די הונט" — היים — אומגעדולד — אימפּעט — דזשעז. דייוו קען שוין מער נישט איינשטיין. עס איז אים היים. ער איז אומגעדולדיק. עס פרייט זיך די פּרעסע. יום־טוב׳דיק אין גרין און אין ראָזעווע ערשיינט די ערשטע זייט. מיט בילדער, בילדער, בילדער. מיט זיג, מיט טרומפּייטן שאַלן, מיט דזשעז. איבער דער גאַנצער ערשטער זייט פון דעם זונטאָגדיקן „פּאַטריאָט" איז אויסגעמאָלט דאָס בילד פון דעם דינעם לאַנגן, געוויקלטן אַמעריקאַנעם „דאָג־באַי". און מען פּראָוועט מאַלצייטן. און מען פרייט זיך אויף די באַנ־קעטן. מען קען שוין מער קיין זאַל נישט קריגן. אַלע וואונטן, ביז׳ן סוף סעפּטעמבער, זיינען שוין פאַרנומען. עס זיינען שוין פאַרנומען די אַדיטאָריומס פון די אוניווערזיטעטן, די קלויסטערס, די שולן. איבער אַלע טישן גיסט זיך שמעקענדיקער ווייַן. פּראָפעסאָרן און גלחים, גענעראַלן און מיניסטאָרן, לויפן פון שטאָט צו שטאָט. זייערע קולות זיינען שוין הייזעריקע. זייערע העלדזער טרוקענע — דאָס גאַנצע ברייטע לאַנד הילכט אָפּ ווי אין אַ ווידער־קול מיט דער גרויס־פאַרשפּרייטער פרייד — דזשעז — דזשעז — עס איז די מלחמה בלויז געשעפט! שרעקט זיך נישט מיר וועלן באַזיגן די וועלט! מיר וועלן ברענגען דע־מאָקראַטיע אויף דער וועלט! אַמעריקע דאַרף ווייזן דעם ביי־שפּיל פון דעמאָקראַטיע. עס איז אַ מלחמה פון ריזיקע געשעפטן, פון גרויסער ספּעקולאַציע — מיט אונזער גאָלד וועלן מיר פאַר־טרינקען די וועלט — לאָמיר בויען אַ גאָלדענעם בריק פון איין ברעג אַטלאַנטיק צום צווייטן — די פּאַראַדירנדיקע גאַסן וועלן מיר פאַרשיטן מיט גאָלד — דער אָפּגאָט פון דער היינטיקער

צייט איז גאָלד — צום גאָלד טוט די גאַנצע וועלט זיך בוקן — לאָמיר פאַרשיטן די גאַנצע וועלט מיט גאָלד — העי, ס'אַרע גאָלדענע פרייד! ס'אַרע גאָלדענע צייט!

און אין דעם זשעדניקייט נאָך גאָלד האָט מען נאָך מער גאָלד אַנגעקליבן.

די לייזדיקע שטיבער פון די פרעמדע דייטשן, וואָס זיינען געשטאַנען ביים ברעג פון „האָדסאָן" און „איסט־ריווער" האָט מען איצט אינגאַנצן פאַר זיך צוגענומען. מען האָט זיי איבער־געבויט און אין ווערקשטאַטן פאַרוואַנדלט. זייער האָב און גוטס האָט מען אויף עפנטלאַכע פאַרזאַמלונגען פאַרקויפט. מיט זידל ווערטער האָט מען זייער ווייטאַג פאַרשריען. זייער פיי־איקייט אויסגעלאַכט. דאָס וואָס איז ביז איצט געווען באַ־צייכנט „מייד אין דזשוירמעני" און וואָס האָט ביז היינט גע־מיינט דאָס בעסטע, וואָס מען קען נאָר קריגן, האָט מען אָנ־געהויבן באַשפּייען און באַשימפן. איבער נאַכט, ווי דורך אַ כישוף, איז אויפגעשוואומען דאָס נייע וואָרט — „מייד אין אַמעריקאַ" — דזשעז — מען האָט שוין אַליין אָנ־געהויבן מאַכן בעמישע שטאָפן, שפּילצייגן אַלערליי האָט מען אין אַלע שויפענסטער געזען. אַט זעט מען שוין נייע קאָלירן. און כאָטש דאָס גרוי איז קיין גרוי נישט, און דאָס שוואַרצע זעט אויס גרינלאַך, און דאָס רויטע, ווען עס ליגט איין שעה אויף דער זון, זעט עס אויס ווי אַ בוריק, שרייט מען אָבער — „מייד אין אַמעריקאַ" — „קיל דהי הונס" — מיט'ן כישוף־וואָרט האָט מען אַלעמען פאַרבלענדט. זאָל נאָר עמיצער פּרובן דעם אמת זאָגן — די אויגן וועט מען אים אויסרייסן. שאַ. שווייג. און שטיל זאָל זיין. איבער די גאַסן פּאַראַדירן סאָל־דאַטן. איבער די גאַסן שפּילט מוזיק. מיט מיליטערישע מאַרשן הויבט זיך אָן דער טאָג. ווי נאָר עס באַווייזט זיך די זון אין מזרח זייט, ווי נאָר עס הויבט זיך אָן צו ראַנגלען אין די פינס־טערע פענסטער די מאָרגן בלוי, פּוצן שוין די מיליטערישע מו־זיקאַנטן זייערע מעשענע טרובעס, ציען זיי שוין אָן זייערע פּייקלאַך און ווי מושטירטע הינט קוקן זיי און היטן דעם קאָ־מאַנדיר'ס מינע.

— דזשעזן — הויכע ברייטע בריסט — רויטע פּון ווינט

אַנגעלופּטיקטע פּנים׳ער — ווייאָמינג און ניו־העמפּשייר, מינע־סאָטאַ און קאַליפאָרניע, טעקסעס און פּענסילווייניע, — אַלע ליגן צוליינט איבער די אויסגעטראָטענע שטאָטישע סקווערן. דעמאָנסטראַטיווע מיליטערישע לאַגערן. די סאָלדאַטן זיינען שיינע. געקליבענע יונגע בחורים, מיט ניי־געפּרעסטע מונדירן, מיט פריש־אָפּגעפּוצטע שיך, מיט פריש אָפּגעגאָלטע באַקן. דאָס עסן טיילט מען אויס אין מיטן פּאַרק, דאָס עסן שמעקט. יע־דער פאַרבייגייער קען הערן דעם ריח פון די געבראָטענע „טשאָפּס“, פון די געבאַקטע און חזיר־פּעטס „באָסטאָן־בינס“ און פון דעם פרישן, דורכזיכטיקן „עפּל־פּיי“.

דייוו קען שוין מער נישט אַריבערטראָגן דעם נסיון. אַלע חברים שוין אַוועק. ער שטייט און קוקט ביים „העראַלד־סקווער“ און לאַכט מיט אַ ברייט צועפּנט מויל. צוויי סאָל־דאַטן „באָקסן“ זיך, איינער וואַשט וועש, איינער שפּילט אויף אַ גאַרמאָניק. אַ גאַנצע „בייז־באַל־גיים“ פירט מען דורך. ספּאָרט, „גוט־טיימז“ — דזשעז — גלאַנציקע מעשענע אינ־סטרומענטן אַנטקעגן דער זון.

— איך וויל מיך אַנשליסן אין דער אַרמיי — זאָגט ער שטיל.

— „שורלי“ — ענטפערט דער סאָלדאַט אויף דער וואַך.

דזשעז, מוזיק — היים — דייוו׳ן איז היים. ער גייט אַ צושראַקענער און מיט טריט פול דרך ארץ, נאָכ׳ן סאָלדאַט. שוין איצט וויל דייוו אַנהאַלטן דעם מיליטערישן שפּאַן, און אַלע ווײַלע גיט ער אַ הינק אונטער כדי אַריינצופאַלן אין טאַקט. דזשעז — מוזיק — היץ — אָבער דייוו קען זיך אַליין נישט אַנשליסן. ער דאַרף האָבן דעם טאַטנס דערלויבניש — דייוו לויפט זיך עצה׳ן מיט וואַלטער׳ן.

וואַלטער איז געווען אַ סטודענט פון קאָלומביע. ער איז געווען פריי פון מיליטער־דינסט. אַלע סטודענטן פון זיין פאַ־קולטעט זיינען געווען פריי פון מיליטער־דינסט. ווען וואַלטער זאָל וועלן, קען ער בלייבן דאָ אין שטאָט אַרבעטן אין אַ האָס־פּיטאַל, צי אין אַ קעמפּ. אָבער ער וויל נישט. ער איז אַ הויכער, שטאַרק־אַנטוויקלטער בחור. וואַלטער האָט העַנט און

פּיס און אַדערן, וואָס זיינען שטייף און אָנגעצויגן, ווי שטייף אָנגעצויגענע דראָטן, ער האָט זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין דעם „האָם דעפענס גאַרד“. ער איז געוואָרען אַ מאַרינער. האָט געטראָגען אַ העל בלויען אוניפאָרם, מיט ברייטע הויזען און ווייסע טאַשמעס. מיט אַ היטעלע און דאַשעק, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטען אַראָפּגערוקט ביז איבער די אויגען. וואָלטער האָט זיך געגרויסט מיט זיין אויסשטאַט.

דריי מאָל אַ וואָך איז ער געווען פריי פון אוניווערסיטעט, און דריי מאָל אַ וואָך האָט מען אים מיט גרויס פּאַראַד אַרויס־געפירט ערגעץ אין דעם „לאָנג־איילענד־סאַונד“ אויף דער שלאַכט שיף „מילטאָן דזשעקסאָן“. און זייענדיק אַ סטודענט, האָט ער גלייך געקראָגן דעם ראַנג לויטענאַנט — לויטענאַנט ראָזענצווייג.

דאָס מיליטער לעבן איז אים געווען געפעלן. מיטאַמאָל איז דער גאַנצער יאָך פון זיינע פּלייצעס אַרונטערגעפאַלן. ער האָט זיך דערפילט פריי פון אַלע זיינע ביז איצטיקע פליכטן. אין די דריי טעג, ווען ער איז יאָ געקומען אין זיין קלאַס, האָט מען פון אים קיין אַרבעט ניט געפאָדערט. ער האָט געקענט אָפּקומען מיטן בלויזן איבערשרייבן פון עמיצנס אַ העפט, זיינע לעקציעס. און גאָס האָט מען אים סאַלוטירט. מיידלאַך האָבן אויף אים געוואָרפן זייערע בליקן. זיי האָבן זיך געריסן אין זיין געזעלשאַפט. און ער קען זיך שוין איצט פירן מיט זיינע מיידלאַך פריי — אַט אַזוי פריי — ווי אַ סאָלדאַט — עס איז אים גוט. מען טאַנצט און מען מאַכט „פּאַרטיס“ — הייס־בלוט — יונג־מיידלשקייט — סאָלדאַטישע פרייקייט — אי ער, אי זיי, די מיידלאַך, ווייסן אַז קיין ערנסטעס מיינט מען איצט ני ט— ער איז אַ סאָלדאַט — ווייסט ניט, וואָס דער מאָרגנ־דיקער טאָג וועט ברענגען — פאַרן מאָרגנדיקן טאָג איז ער זעלבסט פאַרשטענדלאַך ניט פאַראַנטוואָרטלאַך — דזשען—פרייד וואָלטער איז ביים פולן באַוואוסטזיין אַז קיין דייטש וועט אַהער אפילו אין צען יאָר אַרום ניט צוקומען — קיין געפאַר זעט ער ניט — פרייד און גליק און געזאַנג צו זיינע יונגע טעג. אַ פאַרסאָפּעטער און דערשלאָגענער איז צו אים אַריינגעלאָפן דייוו.

וואַלטער האָט מיט אַן אינעווייניקסטן שמייכל זיך געגרויסט אַנטקעגן אים. גדלות'דיק האָט ער אַרויסגעשטופּט זיין הויך־מיליטערישע ברוסט, מיליטעריש מיט צוויי גלייכע פים האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און געזאָגט:

— בלויז סטודענטן קענען אַהער אַריינקומען. עס פאָדערט זיך דריי יאָר „קאָלעדזש“. אָבער איך וועל זען עפּעס טאָן.

— ניין — ענטפערט דייוו — אין דער „האָום דעפענס“ וויל איך סיי ווי ניט, איך וויל זיין אין אמת'ן דינסט — איך וויל גיין „אָווער סיעס“.

וואַלטער האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, ווי אויף אַ משוגע־נעם.

— ס'איז דיר שוין דיין לעבן דערעסן געוואָרן? — לאַכט ער.

— מיין לעבן איז מיר ניט דערעסן געוואָרן. עס איז מיר שוין גאָר טייער מיין לעבן. אָבער איך וויל דינען דעם פאָטער־לאַנד.

— נו, און איך דין ניט מיין פאָטערלאַנד? דו קענסט זאָגן, אַז די „האָום־דעפענס“ דינט ניט דעם פאָטערלאַנד! דו וועסט דאָרטן אפילו טרעפן אַזעלכע מענטשן ווי דזשיראַרד מוירפי און קאָלווין אַסטאָר, — אונזער רעגימענט קאָמאַנדיר איז אַ רוזוועלט.

דייוו האָט שוין גאָרניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. די נע־מען פון די אַלע גרויס־באַוואוסטע מענטשן האָבן אים צעטומלט. אָבער פונדעסטוועגן האָט ער ביי זיך אין האַרצן געטראַכט, אַז אַ סאָלדאַט זיין איצט, מיינט צו גיין אין מלחמה, און אַז דינען דעם פאָטערלאַנד מיינט גיין „אָווער סיעס“ און אַז זיצן דאָ, אין שטאָט, און אַרויספאָרן אַלע מאָל אין „לאָנג־איילענד־סאָונד“ איז ניט פאַר אים קיין אַרבעט.

— איז ווי אַזוי מיינסטו קען איך מיך אָנשליסן —, האָט דייוו ווייטער געפרעגט — מען וויל מיך אַז דעם טאַטנס אונ־טערשריפט ניט צונעמען.

— טו מאַך זיך פאַר עלטער.

— ווי אַזוי קען איך זיך מאַכן פאַר עלטער?

וואלטער האט ארויסגעשאסן אין געלעכטער

— גולם!

אויף מארגן איז שוין דייוו ווידער צוגעגאנגען צו א לאַ־גער. עס איז געווען ארונטער שטאט, נעבן „סיטי האל". א סקווער ארום און ארום ארומגערינגלט מיט הויכע מויערן, מיט קריכנדיקע און קלינגענדיקע טרמאווייען. אונטן די „סאבוויי" און אויבן דער „על". ארום און ארום דעם סקווער טויזנטער און טויזנטער מענטשן. דייוו האט איצט געטראגן אן אלטן גרויען אבציק. זיין פנים בכיון ניט געגאלט, ארום האלדז דער קאלנער איז געווען מיט א נומער גרעסער, — דייוו האט איצט אויסגעזען אפשר מיט פינף יאר עלטער.

— איך וויל זיך אנשליסן אין דער ארמיי. אין דער מאשין־ביקס אפטיילונג.

ער איז אן אנטשלאסענער גלייך צוגעגאנגען צום אפיציר.

— ווי אלט ביזטו?

— אין מאי איז מיר געווארן איין און צוואנציק יאר.

דער אפיציר, אן אויסגעפוצטער, מיט א קיילעכדיק אידיש פנים, וואס איז נאר וואס געקומען צולויפן פון זיין שאפ, און וואס איז געווען זייער צופרידן מיט זיין פאטריאטישער פליכט, האט אויף אים א קוק געטאן.

— און דו ווילסט זיך אנשליסן אין דער מאשין־ביקס אפטיילונג?)

— "יעס סער!"

— און האסט ניט קיין מורא?

— „נאו סער!"

— און מיט דיין אייגענעם ווילן ווילסטו זיך פארשרייבן?

— „יעס סער!"

— וועסט ניט קיין חרטה האבן?

— „נאו סער!"

— ביזטו זיכער?

— „יעס סיר!"

דזשעז — געזאנג — מעשענע טרובעס אנטקעגן דער זון — דער אפיציר האט זיך געשפילט מיט זיינע ווערטער. ער

האָט זיך געגווידערט. יעדע מינוט פון טאָג האָט פון אים אַרויס־געשטראַלט זיין גרויסע פרייד. אין מיטן שטאָט, אויפן סקוועד ביים „סיטי האָל" דינט ער זיין פאָטערלאַנד.

— אין דער אָפּטיילונג קענסטו זיך ניט פאַרשרייבן — זאָגט ער — אהין באַשטימט מען.

— טו זאָל זיין אינפאַנטעריע.

— אין דער אינפאַנטעריע.

— דיין נאָמען?

— דייוו עטינגער.

דער אָפיציר איז געווען גליקלאַך. שוין דעם פינפטן פרייוויליקן האָט ער היינט אין ביכעלע פאַרשריבן, און עס איז אים גוט. דאָ נעבן „סיטי האָל", אין מיטן סקוועד, ניט ווייט פון זיין שאַפּ. זיין קיילעכדיק, גלאַט פּנים ווערט פולער, רויטער, דער האַלדז איז איינגעצויגן און אַ גוט געפּאַסטן מונדיר קאָלנער. אמת־וואָלענע קאַקי, די „לעגינגס" לעדער־אָפּגעפּוצטע — וואָס איז? צו דינט ער ניט דעם פאָטערלאַנד? פאַבריצירן קליידער פאַר דער אַרמיי איז פּונקט אַזוי נוצלאַך! ווי אַזוי וואָלטן אויסגעזען די סאָלדאַטן, ווען זיי זיינען נאַקעט? ווי אַזוי וואָלטן זיי געקענט אַ שלאַכט געווינען? שיינע סאָלדאַטן וואָלטן עס געווען... און ווער קען נאָך מאַכן אַזאַ גוטן סאָלדאַטסקן מאַנטל ווי „די בראָדסקי מענס טיילאָרס"? דזשעז — פרייד — גאָלדענע האָפנונגען — שטרעק אויס דיין האַנט און ווער אַ עושר — דער אָפיציר האָט געעפנט אַ בויגן פאַפּיר און אָנ־געהויבן שרייבן.

ער האָט געשריבן מיט געבראָכענע ענגלישע בוכשטאַבן. מיט קרומע שורות. אַלעמאָל האָט דער אָפיציר אויסגעמעקט אַ וואָרט און אָנגעשריבן אַן אַנדער וואָרט — עס מאַכט ניט אויס, — טראַכט ער — קליידער פאַבריצירן איז אַ נוצלאַכע אַרבעט — דאָס מיידל אין אָפיס, וועט שוין איבערשרייבן דעם רעפּאָרט, אַזוי ווי עס פּאַסט זיך צו שרייבן — זיין טאַטע קען אפילו דעם נאָמען ניט אונטערשרייבן און איז נאָך רייכער — דער אָפיציר האָט הויך אויפן קול גלייך דייוו'ן אין די אויערן אריין, איבערגעלייענט דאָס אָנגעשריבענע — דייוויד עטינגער.

איינאונצוואנציק יאָר אַלט, געבאָרן אין אַמעריקע. געענדיקט „פּאַבליק“ און „הײַ־סקול“. איז מיטן טאַטן אין געשעפט. שליסט זיך אָן מיטן אייגענעם פרייען ווילן — — —

דער אָפיציר האָט אים דערלאַגט אַ רויטע קאַרט, אויף וועלכער עס איז געווען אָנגעשריבן — „לויטענאַנט גילבערט, ק. בראָדסקי“, און אים אַריבערגעשיקט צום דאָקטער.

דער ערשטער, וועמען דייוו האָט דערציילט אַז ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי איז געווען זיין שוועסטער בעקי.

אַזוי ווי שטענדיק אין היימען, וואו עס זיינען דאָ עט־לאַכע קינדער, טיילן זיך אימער אָפּ אַ פּאָר, וואָס חבר'ן זיך, און דערציילן זיך זייערע סודות — אַזוי איז אויך אין דער שטוב פון די עטינגערס געווען דייוו און בעקי.ביידע האָבן זיי זיך גע'חבר'ט. איינער האָט דערציילט פאַרן אַנדערן די סודות און זיך אויסגערעט דאָס האַרץ.

אַזוי שנעל, ווי דייוו האָט צוגענומען ביים דאָקטער די קאַרט און זי אַריינגעלייגט צו זיך אין דער וועסט קעשענע, האָט ער גלייך געטראַכט פון בעקין. ער האָט געוואָלט וויסן, וואָס בעקי וועט זאָגן. ער האָט געוואוסט אַז זי וועט מיט אים אינשטימען, ביידע האָבן זיי שטענדיק אין אַלעם איינגעשטימט. ער האָט זי בלויז געוואָלט דערפרייען, זי איבערראַשן. ער וועט שוין, איצט, אַריינקומען — אַ סאָלדאַט. נאָך ניט אין אויסזען — אָבער אַ סאָלדאַט אין באַוואוסטזיין. שוין אויפן וועג, גייענדיק אַהיים, האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז ער איז מיט אַמאָל געוואָרן עמיצנס, אַז ער האָט זיך אַרויסגעשיילט פון זיך, אַז עמיצער וועט אים איצט פירן, און אַז ער דאַרף נאָכגיין. עס איז אים געווען גוט — מעשענע טרובעס — מעשע־נע קנעפּ — אַ שווערע משא אויף די פּלייצעס — אָבער די משא איז אַ ליבע, אַן אַנגענעמע. אַ שטאָלצער באַוואוסטזיין — דייוו עטינגער וועט „פּייטן די הונס“ — דייוויד עטינגער וועט דינען דעם פאָטערלאַנד.

— דאָס לאַנד איז מיינס — ער האָט ניט נאָר געטראַכט

אזוי, דייוו האט דאס געפילט אין זיין בלוט — ווי א מאן וועל איך דינען דעם לאנד. ווען איך זאל אפילו דערפאר דארפן מיט מיין לעבן באצאלן.

און פאר זיינע אויגן איז איצט מיטאמאל דורכגעגאנגען די גאנצע אמעריקאנער געשיכטע אין לעבעדיקע בילדער. דאס, וואס ער האט געלערנט אין סקול, און וואס איז ביז איצט פאר אים געווען ניט מער, ווי א טויטע זאך איז איצט געשטאנען אין לעבעדיקע געשטאלטן. ער האט געזען די מלחמה מיט די ענגלענדער, ער האט געהערט דעם ערשטן שאס אין לעקסינגטאן, מאססאטשוזעטס. פאר זיינע אויגן האט אנגעהויבן פליסן דער דעלאווער ריווער. די שטאט טרענטאן, דייוו איז אמאל געווען אין טרענטאן. בלענטש האט דארט א מומע. מיט א הויכער טונקעלער פרוי איז ער ארומגעגאנגען איבער די גאסן פון טרענטאן, די פרוי האט די גאנצע צייט געלאכט, עס איז איר געווען גוט לעבן אים. ער געדענקט דעם געבויגע־נעם בארג ארויף, וואס ציט זיך פון וואקזאל ביז ארויף צום „סיטי־האל". די אלט־מאדישע צוויי־שטאקיקע הייזער, אין וועלכע עס האבן געהויזט דאס חיל פון וואשינגטאן. דייוו האט איצט ליב די פרוי, וואס איז מיט אים ארומגעגאנגען איבער די גאסן פון טרענטאן. ביי א שניידער אין הויז האבן זיי ביידע צוזאמען געגעסן אוונטברויט. עס איז דעמאלט געווען ניי־יאר נאכט. פונקט צוועלף אזייגער האבן געקלונגען גלעקער. ער האט דער פרוי שיעור ניט א קוש געטאן אין מיטן א גאס אין טרענטאן. דייוו האט געזען די קליינע הויז ביים ברעג טייך, וואו דזשארדזש וואשינגטאן האט געגעכטיקט יענע נאכט, איידער זיין חיל איז אריבער דעם דעלאווער. דער דעלאווער ריווער איז דארטן שמאל. דייוו האט געזען דאס פלאכלאנד פון ניו־דזשוירזי, די דינע וועלדער פון פענסילווייניע, די פליינס ארום פריהאלד. צום סוף איז פאר זיינע אויגן אויפגעשטאנען אייבערעהאם לינקאלן.

לינקאלן איז פאר אים געווען דער סימבאל פון ערלאכ־קייט — אט אזוי — האט ער געטראכט — וואלט איך גע־וואלט זיין. אזא וועג וואלט איך פאר מיר געוואלט אויסקלייבן. אין דעם טאג ווען לינקאלן איז געפארן צו דער היסטארישער

פאַרזאַמלונג, איז ער נים געקומען מיט קיין טרומפּייטן און מיט קיינע פּאַראַדן, ווי זיין קעגנער דאַגלאַס איז געקומען, נאָר רייטנדיק אויף אַן עזל. און ווען ער האָט אויפן וועג געזען, ווי אַ חזיר ליגט פאַרשטעקט אונטער אַ פּלויט און קען נים אַרויסקריכן, איז ער אַראָפּגעגאַנגען פון עזל, מיט זיינע יום־טוב־דיקע קליידער אַריינגעקראָכן אין דער בלאָטע און געהאָלפן דעם חזיר אַרויסצוקריכן פון אונטער דעם פּלויט. ווען לינקאָלן איז געווען אַ „קלוירק" אין אַ קראָם האָט אַ פרוי אים איבער־געגעבן זעקס סענט. לינקאָלן איז געגאַנגען עטלאַכע מייל צו פוס, ביז ער האָט געפונען די פרוי און איר אָפּגעגעבן דאָס געלט. איינמאָל האָט לינקאָלן, פאַרקויפנדיק טיי צו אַ פרוי, איר נים געגעבן די ריכטיקע וואָג, איז ער שפּעטער אַרום־געגאַנגען און געזוכט די פרוי ביז וואַנען ער האָט זי געפונען און איר אָפּגעגעבן, וואָס איר איז געקומען. צום פּלאַץ פון דער מאַסן פאַרזאַמלונג איז ער אָנגעקומען שטיל, קיינער האָט אים נים באַמערקט, אָבער ווען ער האָט שפּעטער זיינע אמת'ע רייד גערעט האָבן די מענטשן אים געטראָגן אויף די הענט. מענטשן האָבן געוויינט. ווייל ער האָט זיי דעם אמת אין די אויגן אַריין געזאָגט, ווייל ער האָט אַליין, ריידנדיק, געוויינט, ווייל ער איז אַן אמת ערלאַכער מענטש געווען.

פאַר דייוו'ן איז דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע לעבן לינקאָלנס. דער „לאָק־קעבין" אין וועלכן ער איז געבאָרן געוואָרן. געדיכטע וועלדער. לינקאָלן האָקט האָלץ. קיין מאַן האָט נאָך אַזוי טיף נים אַריינגעהאַקט זיין האַק אין אַ בוים, ווי לינקאָלן האָט עס געטאָן. פּונקט ווי ער, דייוו — איז אויך לינקאָלן אַנטלאָפן פון דער היים. ער האָט געאַרבעט אין אַ קראָם אין „ניו־סיילעם" און ער האָט זיך געשלאָגן מיטן „פּרייז־פייטער" אַ'ניעל, דערפאַר, ווייל יענער האָט פון אים שטענדיק חוזק געמאַכט.

— אָבער ער האָט געהייסן אַלע פרויען פון קראָם אַרויסגיין — האָט דייוו מיט גדלות פאַרערלאַכט לינקאָלנען — דאָרט, וואו עס זיינען דאָ פרויען, איז נים אַנשטענדיק צו „פייטן" זיך.

— דזשעז — פרייד — יונג־מענערשע האָפנונג — ווער ווייס וואָס פון דייוו'ן קען נאָך אַמאָל אַרויסוואַקסן — דזשאַרדזש

וואשינגטאָן — אייבערעהאם לינקאָלן — שטעט — שטאַטן — מי־נעסאָטאַ — אריזאָנאַ — דייוו עטינגער האָט גע'ירשנ'ט אַ סך פון זיין טאַטן. ער האָט געגלויבט אין איבערנאַטירלאַכע כוחות. ער האָט געוואָלט זען די וועלט — פראַנקרייך — ענגלאַנד — דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. אהיים קומענדיק האָט ער בעקי'ן ניט געטראָפן. אים איז געוואָרן אומעטיק, ער האָט געוואָלט מיט עמיצן ריידן, מיט עמיצן טיילן זיין פרייד, ער איז אַוועק צו וואָלטערן, פון דאָרטן צו בלענטשן, ער האָט זיך אין ערגעץ ניט געפונען קיין אָרט. ער איז צוריק אַוועק אויף דער פינפטער עוועניו, זיך אַנגעשלאָסן אין אַ מאַרשירנדיקער מאַסע און איז אַזוי מיט זיין פרייד אויפן פּנים, געגאַנגען און געגאַנגען.

אויף מאָרגן איז אַהיימגעקומען בעקי. זי האָט די גאַנצע וועג געטראַכט פון דער היים. זי האָט שוין געוואָלט זען איר הויז. די סענסאַציע פון דעם שנעלן פאָרן האָט נאָך מער צע־וואַרימט איר יונג בלוט, און זי איז נאָך שנעלער געפאָרן. זי איז געווען צעפלאַמט, אירע אויגן האָבן געגלאַנצט, זי האָט געשיינט פון גליק. אריינלויפנדיק אין שטוב אריין האָט זי גלייך פאַר אַלעמען געוואָלט דערציילן אירע איבערלעבונגען — דייוו לאָזט זי ניט ריידן

— איך האָב פאַר דיר אַ נייס — זייער וויכטיקע נייס — זאָגט ער.

בעקי האָט אויפגעהויבן אירע הענט, זי האָט געזען די פאַרענדערונג אויף דייוו'ס פּנים, זי האָט זיך דערשראָקן און איז געבליבן אַזוי שטיין מיט אויפגעהויבענע הענט און אָפענעם מויל.

— וואָס איז געשען?

— איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי.

עס האָט איר געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרצן. זי איז געוואָרן צוערשט רויט דערנאָך בלאַס. בעקי האָט אָנגעהויבן וויינען.

— איך האָב זיך שוין פון לאַנג אַרומגעטראָגן מיט'ן געדאַנק.

בעקי וויינט. זי האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין דייוו׳ס ברוסט.

— נאָך וואָס דאָס וויינען? — זאָגט ער — איך בין פריילאך!

— ווי אַזוי האָסטו זיך געקענט אָנשליסן?

— איך האָב אַלעס פאַרלייקנט.

— די יאָרן?

— די יאָרן!

— און טאָמער וועט מען אויסגעפינען?

דייוו האָט ביז איצט ניט געטראַכט — „טאָמער וועט מען אויסגעפינען". איז אים ביי דער פראַגע געוואָרן אומעטיק.

— וואָרום דענקסטו אַזוי? — האָט ער בייז געפרעגט — מיינסט אַז דער טאַטע וועט זיין דאַגעגן?

ער האָט זיך ווי אַ קינד געשאַרט אַרום בעקי׳ן. זיך געוואָלט אין איר אָנשפּאַרן. ווי אַ קינד האָט ער זיך געבעטן:

— מירן ביידע זאָגן דאָס זעלבע. אין מאַי איז מיר געוואָרן איינאונצוואַנציק יאָר.

זיי האָבן ביידע, ווי צוויי קליינע קינדער, זיך אַריינגעזעצט אי אַ ווייכער סאָפע. זיי זיינען ביידע אַריינגעזונקען אין דער סאָפע. זייערע פיס זיינען פעסט געלעגן אויף דער ערד. דייוו האָט געהאַלטן ביידע בעקי׳ס הענט אין זיינע הענט. פאַר אַ ווייַלע זיינען זיי געזעסן שווייַגנדיקע, צום סוף האָט בעקי געפרעגט:

— און ווען גייסטו אַוועק?

— אין אַ וואָך אַרום.

אין וועלכן רעגימענט וועסטו זיין?

— אין דער זיבנאונצוואַנציקסטער דיוויזיע.

— אין וועלכן קעמפּ?

— אין קעמפּ מעריוויל.

— פרייד — קינדישע פרייד — חלומות — טרומעריייען — ביידע האָבן גערעדט פון דעם אויסשטאַט. דייוו וועט זיך מאַכן אייגענע קליידער. פון ריינע וואָהל וועט זיין דער מונ־דיר, און די הויזן. וואָלענע אונטערוועש און זאָקן. בעקי וועט איינקויפן אַלערליי טוילעטס — די אַלע זאַכן לאָז איבער פאַר

מיר — זאָגט זי — נאָז טיכלאָך, ראזיר מעסערלאָך, ציין בערשט־לאָך, פוידער און פּאַרפום און העל־בלויע לינען פּאַפּיר — אָט די אַלע זאַכן גיב איך, און אַלע וואָך אַ פּעקל, און פּרובטן און טשאָקאַלאַד, איך וועל קויפן העל־בלוי פּאַפּיר.

— וועסטו מיר שרייבן בריף?

— אוראי וועסטו מיר שרייבן בריף. אַלע טאָג אַ בריף. באַשרייבן דיין לעבן וועסטו מיר.

בעקי האָט אים דיקטירט וואָסערע בריף ער זאָל שרייבן. זי האָט אים געקושט. ביידע זיינען געווען פריילאַך. מיט פרייד און מיט ליבע זיינען געווען אַנגעפילטביידנס הערצער. בלויז די מאַמע האָט זי געשטערט אין זייער פרייד. וואָרים שטערט זיי די מאַמע אין זייער פרייד? וואָרום ווייגט זי אַזוי? ווי נאָר זיי זיינען אַריינגעקומען צו דער מאַמען אין צימער, איז עטעל שוין געווען אַ פּאַרטיק צעטראָגענע. איר פּנים בלאַס. די ליפּן האָבן געציטערט. דאָס גאַנצע פּנים איר'ם איז געווען, ווי איינגעשרומפּן. זי האָט זיך שוין דערוואוסט פון דייוו'ס ווערן אַ סאָלדאַט. און אין איין שעה איז געוואָרן איר פּנים צעאַקערט, ווי מיט אַן אַקעראייזן. נאָך איידער דייוו האָט פאַרענדיקט זיין פראַזע איז זי אויף אים אַנגעפאַלן און געשריען מיט באַנומענע קולות. דעם ערשטן מאָל, וואָס דייוו האָט געהערט זיין מאַמע שרייען אויף אַ הויך קול, די מאַמע האָט געציטערט, ווי אין פיבער, און ווען עס זיינען אַריבער די ערשטע פּאָר מינוט, האָט עטעל אָנגעהויבן רייסן אירע האָר, ברעכן די הענט, און אין אַנמאַכט איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ שטול.

פאַרנאַכט איז דייוו אַוועק צו וואָלטער'ן. בעקי האָט אויך געמוזט פון הויז אַוועק זי האָט ניט געקענט צוזען דער מאַמעס ליידן. זי איז באַלד צוריקגעקומען. נאָר דעמאָלט איז שוין די מאַמע געלעגן אין בעט. מרדכי עטינגער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער'ן שטוב. זיינע ברעמען זיינען געווען אויפגעשטעלטע און שטעכיקע. אַרום'ן מויל האָבן זיך בולט צעליינט טיפע קנייטשן. ער איז שטיל צוגעגאַנגען צו עטעלס בעט, אַ פעדער האָט זיך דורכגעשטופּט דורכ'ן ציכל, האָט מרדכי

עטינגער ארויסגעשלעפּט די פּעדער און זי אָראָפּגעבלאָזן. דערנאָך האָט ער, ווי זיך דערמאָנט אָן עפּעס, זיך שווער אָנ־געבויגן, אויפגעהויבן די פּעדער און זי ארויסגעבלאָזן דורכ'ן פענסטער, ער האָט שטיל געֶרעדט:

— קלאַפּנדיק — קלאַפּנדיק — קלאַפּנדיק — קלאַפּ —

צו ענדע וואָך, ווען דייוו איז שוין געווען אין גאַנצן פאַרטיק צו דער רייזע, האָט אים מרדכי עטינגער אריינגערופן אין זיין חדר, אים דערלאַנגט אַ פּאָר קנאַקעדיקע צענערלאַך:

— זע פאַרליר זיי ניט — האָט ער געזאָגט — אַ מענטש טאָר גאָר ניט פאַרלירן, אין קיין פאַל טאָר אַ מענטש זיך ניט פאַרלירן.

4

ווען דייוו איז אָנגעקומען אין דעם קעמפּ מעריוויל, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער ברייטקייט און רחבות פון דעם דאָ־זיקן פּלאַץ.

פאָרנדיק, נאָך פון וויטן, האָט ער שוין פון דאָרטן געזען דאָס פּלאַכע הונדערט אַקערדיקע, צוויי הונדערט אַקערדיקע, פיר הונדערט אַקערדיקע שטיק לאַנד. דאָס לאַנד איז געווען אינגאַנצן ארומגערינגלט מיט וואַלד. פּונקט ווי עמיצער, וואָלט דאָס גאַנצע שטיק לאַנד ארומגענומען מיט אַ גרויסן גרינעם גאַרטל און עס אָפּגעשלאָסן פון דער גאַנצער, איבעריקער וועלט — נישטאָ קיין אַנדער לעבן אַ חוץ אונזערס... מיר ווילן ניט קיין אַנדער לעבן. אונזערע אויערן זיינען איצט טויב צו אַלעס, וואָס איז אַנדערש. אונז איז גוט, אונז איז פריילאַך. הויכע, רויטע און ווייסע און געלע „פריים־הייזער" זיינען גע־שטאַנען אין גלייכע ציילן אויסגעשטעלט. עס זיינען שוין דאָ גאַסן, איבער נאַכט באַשאַפענע, איברן טאָג געפּלאַסטערטע. און עס זיינען אויך געשטאַנען קליינע שטיבלאַך, ווייסע שטיבלאַך און געצעלטן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי ווייסע פאַסן, וואָס מען צייכנט אָן אויף אַ שפּילפּלאַץ. דייוו'ן האָט זיך געדוכט אַז די קלענערע שטיבלאַך און די געצעלטן זיינען אַזוי ווי פון דער ערד ארויסגעוואַקסן — ווער וואָלט דען געקאָנט אַזוי פיל שטיב־

לאַך מיטאַמאָל אויפבויען? און וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט דאָס פלאַכע לאַנד געהאַט אַז די געצעלטן? עס איז געווען אַ האַלב־טאַגיקער יום־טוב און די גאַנצע לופט איז געווען אָנגעפילט און פאַרקלונגען אין פריילאַכער מוזיק. דזשעז־בענדער האָבן זיך געהויבן אין דער אַרומיקער וואַלדיקייט. נאָך פון ווייטן, שטייענדיק צענויפגעקוועטשט אין דעם גרויסן מיליטערישן „טראַק", וואָס האָט זיי געפירט פון דער אייזנבאַן, האָט דייוו געערט אַט דאָס הילכיקע שפּילן. זייערע אייגענע פּיס האָבן אָנגעהויבן בייסן. עס האָט זיך געוואָלט טאַנצן. כמעט אַלע, אויפן שווערן „טראַק" האָבן אָנגעהויבן בייטן זייערע פּיס. און וואָס נעענטער זיי זיינען צוגעקומען, און וואָס שאַרפער עס האָבן זיך אָפּגעטיילט די הילכיקע טענער, אַלץ פריילאַכער און טאַנצנדיקער זיינען אַלע געוואָרן. צום סוף האָבן אַלע אויף דעם גרויסן „טראַק" אָנגעהויבן צו פייפן און „דזשיגן" און געריסן מיט זייערע קולות די אַנטקעגן לויפנדיקע הייסע לופט.

— דזשעז — פרייד — יונג בלוט — הייסע הענט — ווער זאָגט אַז מלחמה איז אַ שרעק? ווער זאָגט אַז מלחמה איז גרויזאַם? אַלע פּנימער פון די איצטיק פאַרנדיקע זיינען פריילאַכע. מונטערע. מיט אומגעדולד האָבן זיי שוין גע־וואַרט אויף דער מינוט אַז דער „טראַק" זאָל זיך אָפּשטעלן. און מיט אומגעדולד האָבן זיי שוין געוואַרט אַז אַלע צוזאַמען — זיי, צוזאַמען מיט די שוין היגע, זאָלן זיך אַוועקלאָזן אין אַ ווילדן קאַראַהאָד פון דעם ווילדן דזשעז.

פון דער גרויסער באַוועגונג, וואָס איז דאָרטן אָנגעגאַנגען, איז דער וועג נאָך אַ פּאָר מייל פון דעם קעמפּ געווען אין גריבער, און דער שווערער „טראַק" האָט זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן, און זיי אַלעמען געטרייסלט, בויגנדיק זיך רעכטס און לינקס. איינמאָל האָט זיך דער „טראַק" געגעבן אַזאַ שטאַרק בויג אויף רעכטס אַז ער האָט זיך שיעור ניט איבער־געקערט. דייוו האָט זיך געגעבן אַ שאָקל, מיט זיין פּנים און מויל איז ער אַרויפגעפאַלן אויף אַ יונג רויט פּנים, וואָס איז געווען פול מיט פּריסטשעס און נאָס פון שוויים. אַלע האָבן

אַרויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. דייוו האָט אויך געלאַכט. אויף אַ מינוט האָט אים געגעבן אַ שלאָג אין דער נאָז אַריין אַ ריח פון שוויים און ביליקן פּוידער, נאָר באַלד איז דער ריח פאַרשוואונדן. און ער האָט ווידער פאַרנומען די לופט פון דעם פרייען אַרום. אָט איז שוין דער „טראָק" אַריינגעפאָרן אין קעמפּ. ביי צעוואָרפענע הייזער שטייען סאָלדאַטן מיט אָנגעלאָדענע ביקסן. אָט שטייט נאָך אַ סאָלדאַט, אויפן שוועל פון אַ קלייןביידל. אַזאַ ביידל וואָס עס נוצן אייזנבאַן וועכטער. דאָס ביידל איז פריש און וויים אָפּגעפאַרבט. וואָס ווייטער דייוו איז אין קעמפּ געפאָרן אַלץ מער סאָלדאַטן האָט ער געזען. אין אוניפאָרמס און אָן אוניפאָרמס. מיט גוט געפּאַסטע מונדירן, מיט לעדערנע גאַרטלען און מיט „קלאָבס" אין זייערע הענט — אָן אייגענע פּאָליציי. טעלעפאָן דראָטן. טעלעגראַף דראָטן. עס פייפן און עס רופן טרומייטן. גאָר ווייט, אַזוי אַז מען קען קוים כאַפּן מיט'ן אויג, זיינען געשטאַנען צוויי גלייכע רייען סאָלדאַטן און אַזוי ווי אויף ספּרוזשינעס האָבן זיי זיך געבויגן אַרויף און אַראָפּ, צו רעכטס און צו לינקס, אַלע, ווי איינער. אין אַ צווייטער זייט זיינען געווען אָנגעשאָטענע בערגלאַך מיט פרישער ערד, אַזוי ווי אַ רייע פריש אויסגעגראָבענע קברים, און פון די בערגלאַך האָבן געגלאַנצט אַנטקעגן דער זון שפּיצן פון ביקסן.

וואָס נעענטער ער איז געקומען, אַלץ האַסטיקער איז געוואָקסן די באַוועגונג. ווי אין אַ בינשטאָק די בינען, אַזוי זיינען דאָ אַרומגעלאָפן די מענטשן. אייניקע זיינען אַרומגעגאַנגען אין די בלויזע הויזן. דער גאַנצער אויבערשטער קערפּער איז געווען פאַרדעקט מיט אַ שמאָלן פּאַס אויף דער ברוסט און מיט אַ שמאָלן פּאַס אויף דער פּלייצע. אַזוי האַלב נאַקעט זיינען זיי אַרומגעגאַנגען מיט זייערע מוסקולירטע הענט, מיט באַוואָקסענע אונטעראָרעמס, און מיט רויטע קאַרקעס.

דער שווערער „טראָק" האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיי זיינען אַרונטער. מען האָט זיי איבערגעציילט — איינס — צוויי — דריי — ווי אַ טויטן אַרטיקל האָט מען אָנגעציילט צוויי און

פירציג, און מען האָט זיי אַזוי איבערגעלאָזט אין מיטן פון דעם גרויסן פעלד.

און מיטאַמאָל איז זייער פריילאַכקייט פאַרשוואונדן. עפּעס אַ געהיימע ערוואַרטונג האָט זיי אַלעמען אַרומגענומען. דאָס ציילן זיי, ווי אַ טויטן אַרטיקל, האָט אין זיי געוועקט שרעק און באַליידיקונג. זיי זיינען געבליבן אַזוי שטיין אַלע אין איין קופּע, ווי צענויפגעטריבענע שאָף. קיינער האָט זיך פון קיינעם ניט אָפּגעטיילט. שוין האָבן זיי דערפילט אַ נאָענטקייט איינער צום אַנדערן. שוין האָבן זיי דערפילט אַ פאַראַנטוואָרט־לאַכקייט איינער פאַר׳ן אַנדערן. און צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן געפיל, האָבן זיי אויך דערפילט אַ פרעמדקייט צו אַלע יענע איבעריקע, וואָס זיינען זיי, אַלע מאָל פאַרבייגעלאָפן און זיך אַפילו אויף זיי ניט אומגעקוקט.

עס איז שוין איצט געווען נאָך מיטאָג, די גרויסע מאַסע סאָלדאַטן האָבן זיך איצט אומגעקערט פון זייערע שפּיל־פּלעצער און פון דעם גרויסן „מעס־רום״. דייוו האָט געזען די פאַרביי־גייענדיקע זאַטע פּנימער. ער האָט געערט זייערע וויצן. אייניקע האָבן געראויכערט סיגאַרעטן. אַנדערע האָבן געראויכערט לולקעס. אויף אַלעמענס פּנימער האָט ער געזען פרייד און זאָרגלאָזיקייט. גייענדיק האָבן דריי סאָלדאַטן מיט אַמאָל „געמעטשעט״ ניקלס. זיי האָבן דאָס געטאָן גייענדיק, קוקנדיק איינער אין דעם אַנדערנס הענט אַריין, און זיי האָבן כסדר זיך געביטן מיט די מטבעה׳ס.

איז פאַר וואָס דייוו׳ן מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שווער אויפן האַרצן? ווארום וויל זיך אים וויינען? עס פאַרגייט דער טאָג. די זון רוקט זיך אַלץ נידעריקער און נידעריקער — וואו וועט דייוו היינט שלאָפן?

פון וויטן האָט דייוו דערזען זיינעם אַ באַקאַנטן. דאָס איז געווען אַן אַרבעטער אין ראָזענצווייג׳ס שאַפּ. מען האָט אים גערופן זאַץ. זאַץ׳ן האָט מען צוגענומען נאָך מיט אַ חודש פריער און דורכן חודש האָט זיך דער בחור אינגאַנצן איבערגעביטן. איז שאַפּ ביי ראָזינצווייג׳ן, איז זאַץ געווען אַ סאָרטירער פון וואָל. זאַץ איז אַלעמאָל געווען אַ בלאַסער. מיט אַן אַראָפּגעצויגענעם פּנים, מיט אַרויסגעשטאַרטע שטשאַקעס און מיט בלויע גריבער אונטער

די אויגן. איצט איז זיין פּנים שוין אויסגעפּילט, פאַרברענט פון דער זון, און זיינע אויגן גלאַנצט אַ לעבעדיק פייערל. דייווו האָט אים גלייך דערקאַנט, זיך דערפרייט מיט אים. אָבער יענער האָט פון זיין גרופּע, מיט וועלכער ער איז געגאַנגען, בלויז פון ווייטן אַ געשריי געטאָן — העלאָו דייוו! — און איז אים פאַרבייגעגאַנגען.

— טו וואָרום איז אים אַזוי אומעטיק געוואָרן?

ווען זאַץ איז אָפּגעגאַנגען וואָסערע צוואַנציק שפּאַן, האָט ער אויסגעדרייט זיין קאָפּ. אַ פריילאַכן, מוטיקן קאָפּ און צוגעשריען:

— „וויל סי יו לייטער!"

עס איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאָג, ווען צו דער גרופּע איז צוגעקומען אַן אָפיציר, נאָך אים אַ צווייטער, מען האָט זיי ווידעראַמאָל געציילט, און מען האָט זיי אַלעמען אַזוי אין דער גרופּע, אין אומאָרדנונג, איבערגעפירט אין אַן אַנדער פּלאַץ. און זיי אַזוי געלאָזט ווייטער שטיין און וואַרטן.

דייווו האָט געזען, אַז אַזוי שנעל ווי מען האָט זיי איבערגעפירט אויף דעם נייעם פּלאַץ, איז אויפן פריערדיקן אָרט אָנגעקומען נייע מענטשן. אין פאַרשידענע קליידער און אין פאַרשידענע היט, און מיט פאַרשידענע פּנימ'ער — אידישע, איירישע, איטאַליענישע און רוסישע — אַלערליי פּנימער. און אַזוי שנעל ווי אַלע איבערגעפירטע האָבן דערזען די ניי־אָנגעקומענע, האָט זיך זיי מיט אַמאָל אָנגעהויבן אויסדאַכטן אַז זיי זיינען שוין דאָ היימישע — יענע דאָרטן — זיינען פרעמדע, און מיר דאָ — שוין היימישע. און דאָס היימישקייט האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן טראָגן פון איין מויל צום אַנדערן, און אַלע האָבן אָנגעהויבן צו ריידן, און אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן, און אַלע האָבן דערפילט אַז דורשט נאָך וואַסער, און אַ הונגער אין זייער הארצן. און מען האָט אָנגעהויבן צו צעבינדן יעדער זיין האַנט־טאַש, און מען האָט אַרויסגענומען יעדער וואָס ער האָט געהאַט. און מען האָט זיך אָנגעהויבן טיילן — גאָר חבר'יש טיילן — איינער מיט'ן צווייטן.

דייווו האָט געהאַט מיט זיך שטיקער טשאָקאָלאַד און

קעסטעלאך מיט פייגן, וואס בעקי האט אים מיטגעגעבן, האט ער עס צעטיילט צווישן זיינע נאענטע.

— „סאם פיגס" — האט דער בחור מיט די פריסטשעס אויפן פנים אריינגעשטעקט זיינע ווייסע ציין אין דער פעטער פייג אריין.

— דא, וועט מען עס מסתמא ניט קענען קריגן — האט געענטפערט דייוו.

— דאנט ווארי," — האט געזאגט א דריטער — פאר געלט קריגט מען אלעס.

— פאר געלט קענסטו דא אפילו א טיטול קריגן — האט געזאגט דער בחור מיט די פריסטשעס.

— ש־ש־ש — האבן א פאר מיטאמאל אנגעהויבן שעפ־טשען — ש־ש־ש־ש.

דער בחור מיט די פריסטשעס האט זיך אליין אויך דער־שראקן. ער האט זיך ווי פאר עמיצן פארענטפערט.

— איך זאג א ליגן וואס? אזוי איז עס איבעראל. אין שטאט און אין קעמפ. אין אמעריקא און אין „יוראפ". איבער דער גאנצער וועלט קענסטו אלעס פארן דאלער קויפן

— און אין וועלכער אפטיילונג וועסטו זיך אנשליסן? — האט דייוו געפרעגט.

— וואס איז מיר דער חילוק! וואו מען וועט מיך באשטימען, אהין וועל איך גיין.

— און איך וואלט געוואלט אין דער מאשין־ביקס אפטיי־לונג — האט דייוו געזאגט.

— א, "דייהר איז העל" — האבן עטלעכע מיטאמאל אויסגעשריען.

— איז וואס איז דער חילוק — האט דייוו ווייטער גע־זאגט, — איבעראל איז דאס זעלבע.

— דארט איז א זיכערער טויט — האט זיך איינער אפ־גערופן.

— איך בין א בעקער — האט זיך פון רעדל ארויסגערוקט א יונגער בחור מיט א בלאס פנים און געלע הענט, גלייך ער וואלט נאר וואס ארויסגעקראכן פון א דעיזשע טייג, און א

בחור, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אַ שטילער און וועלכער האָט די גאַנצע צייט ביי קיינעם גאָר ניט גענומען, און האָט מיט צושראָקענע אויגן די גאַנצע צייט געקוקט אויף אַלעם אַרום — איך בין אַ בעקער, און איך וועל זיך בעטן אין בעקער שאַפּ.

— האָסטו דאָך געקאָנט זיין אין דער היים און אַרבעטן אין אַ בעקער שאַפּ?

— אודאי וואָלט איך געקענט זיין אין דער היים און אַרבעטן אין אַ בעקער שאַפּ. שוין פיר יאָר געהאַט אַ „סטעדי דזשאַב". קיין טאָג ניט פאַרלאָרן און אַ אייביקן „דזשאַב" געהאַט — אָבער וואָס קענסטו מאַכן אַז מען נעמט דיך צו? אודאי געקענט... איך האָב אַלערליי „עקזעמפּשאַנס געקליימט".

דייוו האָט אויף אים אַ קוק געטאָן. און נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויפן ווייסן פּנים מיט די געלע הענט, וואָס עס האָט זיך געדוכט, ער האָט זיי נאָר וואָס אַרויסגעשלעפּט פון אַ דעיזשע טייג.

— יאָ, ער האָט די הענט די געלע, נאָר וואָס אַרויסגעשלעפּט פון אַ דעיזשע טייג.

מיטאַמאָל האָט אָנגעהויבן קלינגען אַ גרויסער גלאָק. נאָך אים אין אַ צווייטן ווינקל אַ צווייטער גלאָק און אַ דריטער און אַ פערטער. דאָס גאַנצע ברייטע פלאַכע פעלד איז פאַר־קלונגען געוואָרן מיט אַ שאַרפן ענערגישן קלינגען.

פון איבעראַל האָבן אָנגעהויבן לויפן סאָלדאַטן. מען איז געשפּרונגען איבער נידריקע פּלויטן, איבער די פריש אָנגע־שאָטענע בערגלאַך, מען איז געלאָפן פון די ווערקשטאַטן און פון שטאַלן. פון אַ גרויסער רויטער מויער האָבן אַרויסגעמאַר־שירט אין פולער אָרדנונג פיראַונצוואַנציק סאָלדאַטן. צו פיר אין אַ ריי. די סאָלדאַטן האָבן געטראָגן אויף זייערע אַקסלען אָנגעלאָדענע ביקסן, מאַרשירדיק גרייט איבערצונעמען די דינסט פון יענע, וואָס זיינען ביז איצט געשטאַנען אויף דער וואַך.

ווען אַלע האָבן זיך דערנאָך אַ לאָז געטאָן אין דעם גרויסן „מעס־רום", האָט זיך די נייע גרופּע, זייענדיק הונגעריק

און אויסגעמאַטערט פון דעם גרויסן טאָג, אַלע, ווי איינער, אַ לאָז געטאָן נאָך די רענעלע סאָלדאַטן נאָך.

מען איז יאָ געשלאָפן, און מען איז נים געשלאָפן — אויף מאָרגן פאַרטאָג, ווען עס האָט נאָך אָנגעהויבן צו טאָגן, זיינען שוין אַלע געווען פאַרזאַמלט אויף דעם ברייטן גראַד־ליניקן פּלאַץ אין דער פראָנט פון דער רויטער מויער.

איצט זיינען זיי שוין געווען אַ פּאָר טויזנט מענטשן. די וואָס זיינען צוגעקומען דורכן טאָג און די וואָס זיינען צוגעקומען דורך דער נאַכט. עס איז געווען אַ געדיכטע פאַרמלאָזע מאַסע, אַ געדיכטע ווי אַ צענויפגעטריבענע כשערעדע, אין פאַרשידענע קליידער, אין פאַרשידענע היט, און פון אַ פאַרשידענעם הויך. נעבן אַ געוואַלדיק הויכן מאַן, נאָך דייוו׳ס מיינונג נאָך, אַ מאַן פון דייטשער אָפּשטאַמונג, איז געשטאַנען אַ קליינער, דאַרער אידישער בחור, מיט קליינע פיסלאַך און זיבענער שיך, מיט אַ טונקל גרין־שוואַרצן פּנים, מיט אַ שוואַרצן פּאַס אויף דער אויבערשטער ליפּ, וואָס איז יאָ געווען אַ וואָנצע און נים געווען קיין וואָנצע. דער קליינער אידישער בחור האָט די גאַנצע צייט אַרויפגעקוקט צום הויכן דייטש, אים געשטעלט האַלב אידישע, האַלב ענגלישע פראַגן, און עס האָט זיך געדוכט, ווי ער וואָלט זיך נעטוליעט און געשטיצט אין דעם הויכן געזונטן.

— איז ווען וועט מען שוין פאַרשרייבן? — האָט דער קליינער געפרעגט.

— מ׳עט פאַרשרייבן, מ׳עט פאַרשרייבן — האָט דער גרויסער געענטפערט.

— איך וואָלט שוין געוואָלט וויסן וואו איך בין אין דער וועלט.

— וועסט וויסן, וועסט וויסן — ווען מען גיט נאָר עפּעס אָפּצועסן.

— און ווי וועלן מיר די נאַכט שלאָפן? נאָך אַזאַ נאַכט, ווי לעצטע איבערצולעבן איז גאָר נים אַזאַ לייכטע זאַך. אפילו קיין מאַטראַץ נים געהאַט.

— געוואוין זיך צו, בחור'ל, — זאָגט דער הויכער — א סאָלדאַט דאַרף זיך צו אַלעם צופּאַסן.

דער קליינער האָט א טאָפּ געטאָן זיין וועסט קעשענע. אַנטאַפּנדיק דאָס קליינע פלעשעלע וואָס איז דאָרטן געלעגן האָט ער געטראַכט — צי זאָל ער איצט אַריינגיסן די טראָפּנס אין די אויגן צי זאָל ער נאָך וואַרטן.

— ווען וועלן מיר גיין צום דאָקטער ? — האָט ער פלוצלינג געפרעגט.

— דו שטייסט דאָך פאַרן דאָקטערס הויז !

— דענקסטו אַזוי ?

דער קליינער בחור איז שטיל געוואָרן. א ווײַלע האָט ער פאַר זיך אַליין געטראַכט. אַלעם אַרום אים איז געווען ווי א גרויסע גרויע מאַסע. ער האָט ניט געהערט קיין רייד, און ער האָט ניט געזען קיין געשטאַלטן. פלוצלינג האָט ער זיך געכאַפּט פאַר'ן בויך, זיין פּנים איז אים געוואָרן נאָך גרינער, מיט ביידע הענט אוועקגעלעגט אויפן בויך גלייך ווי אים וואָלט אָנגעכאַפּט משונה'דיקע ווייטאַקן, האָט ער זיך געדרייט און געקאָרטשעט און געפרעגט :

— וואו איז ערגעץ דער „טוילעט״ ?

ווען ער איז אַריינגעקומען אין דעם קליינעם נידריקן שטיבל, וואו עס האָט געשלאָגן א שטאַרקער ריח פון אַן אויסשפּריצאַכץ, האָט ער פאַרקייטלט דאָס טירל, אַרונטער געצויגן די ראָלעטן, אויפשנעל אַרויס גענומען דאָס פלעשעלע, פון פלעשעלע אַראָפּגעריסן דאָס גרינע פּאַפּירל מיטן קאָרעקל, פאַרקאַטשעט די וויע פון דעם לינקן אויג, און מיט דער רעכטער האַנט אַריינגעגאָסן עטלאַכע טראָפּן אין דעם אויג אַריין.

אַלעס איז פאַר אים געוואָרן פינצטער. שוואַרץ. פון די אויגן האָבן גערונען טרערן. א שרעק האָט דורכגענומען זיין האַרץ. מיט פאַרביסענע ליפּן און אין גרויסער התמדה האָט ער שטיל געזאָגט :

— עס זאָל זיין אין א גוטער און מזל'דיקער שעה.

אין דרויסן האָט ער זיך געהאַלטן ביים בויך. זיין פּנים איז געווען פאַרקרימט. גרין און געל און רויט האָט זיך

געדרייט אין גרויסע רעדער. אים האָט געשווינדלט דער קאָפּ. מען האָט אים באַדאַרפט אוועקנעמען.

— „פּאָל אין!״ „פּאָל אין!״ — הויכע געזונטע קולות האָבן זיך צעטראָגן ווי מעשענע קלאַנגען איבערן גאַנצן גרויסן פּראַנט פון דער רויטער מויער.

סאָלדאַטן אין פולער אוניפאָרם האָבן אָנגעהויבן קאָמאַנ־דעווען מיט דער געדיכטער מאַסע. מען האָט זיי אויסגעשטעלט אין רייען. מען האָט געשטויסן אָהער און אַהין. איינעם האָט מען אַרויסגעשלעפּט און אים פּאַרטריבן גאָר אַרונטער. איינעם האָט מען געהייסן שטיין דער ערשטער. איבערן גאַנצן גרויסן פּלאַץ האָט געקלונגען דאָס קלינגענדיקע קלינגען — „נעקסט! נעקסט!״

עס איז געקומען צו דייוו׳ס ריי. דייוו האָט אַראָפּגעכאַפּט זיין הוט. זיין קאָפּ איז געווען אַ גלאַט אָפּגעשוירענער. זיין פּנים אָפּגעגאָלט. די אויערן זיינע זיינען געווען דורכ־זיכטיק רויט און עס האָבן זיך אָנטקעגן דער זון אָנגעזען די דינע אָדערלאַך פון די אויערן. אַזאַ אויסגעצויגענער איז ער געבליבן שטיין און געוואַרט.

— נאָמען און אַדרעס?

— דייוו עטינגער.

— ווי אַלט?

— איינאונצוואַנציק יאָר.

— וואו געבוירן?

— אין אַמעריקאַ.

דייוו האָט געענטפערט אַ גאַנצע ריי מיט פראַגן. דער שרייבער ביים טיש האָט געשריבן. אַלעס האָט זיך געטאָן מעכאַניש. אין דעם צימער איז אַלעס געווען היימיש. די ווענט זיינען געווען באַהאַנגען מיט בילדער, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט אַלערליי געשעפטן. אַ בילד פון דער פירמע „באָלדווין און באָלדווין״ וואו זיי האָבן דעמאָנסטרירט אַ נייעם סאָרט ראַזיר מעסער, אַ בילד פון דער „אינטערנעישיאָנעל טיילאָ־רינג קאָ.״ וואו זיי האָבן באַוויזן אַז אַ סאָלדאַט אין זייערער אַ אוניפאָרם זעט אויס אינגער און מונטערער. עס האָבן

דאָרטן אויך געהאנגען בילדער פון א באוואוסטן „פייט“ אין צען „ראונדס“, וועלכן דייוו האָט אַליין געזען אין מעדיסאָן סקווער גאַרטן. עס האָבן דאָרטן געהאנגען אָן א צאָל אילוי־סטרירטע בילדער פון אַלערליי סחורות, וואָס א מענטש דאַרף האָבן אונטערוועגנס — צאָן־בערשטלאַך — זייף, קעמעלאַך א. ז. וו.

דייוו האָט זיך מיטאמאָל דערפילט היימיש. איז עס ניט אַן אָפיס גלייך ווי אַלע אַנדערע אָפיסעס? דייוו׳ן האָט זיך געדוכט אַז ער איז ערגעץ אין א קאָמיסיאָנער׳ס אַן אָפיס, אַזא אָפיס ווי ער איז געוואוינט צו זען, און מיט אַזא סיסטעם וואָס ער איז געוואוינט צו אַרבעטן. און מיט אַזא שפּראַך, וואָס ער רעדט אַלע טאָג.

דייוו האָט געקוקט אויפן בילד פון דער „אינטערנעישיאָנעל טיילאָרינג קאָ.“. ער האָט געטראַכט פון באַשטעלן דאָרטן פאַר זיך אַן אוניפאָרם. און ער האָט געקוקט אויפן נייעם סאָרט ראַזיר־מעסער, דער שרייבער האָט זיך מיטאמאָל אָנגע־רופן:

— ביזטו דאָס דער זון פון מרדכי עטינגער?

דייוו איז געוואָרן צעטומלט. אים האָט געגעבן א קלאַפּ אין הארצן. אָט האָט שוין עמיצער אים פאַר׳מסר׳ט.

— „יעס“ — האָט ער געענטפערט.

— עטינגער, דער וואָל סוחר?

— „יעס!“

דער שרייבער אין אוניפאָרם האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול, אויף זיין פּנים האָט זיך צעלייגט א ליבער געמאַכטער שמייכל, ער האָט ברייט אַריינגעלייגט זיינע הענט אין די הויזן־קעשענעס און אַזוי ציהענדיק זיך אויף די שפּיץ פינגער האָט ער געזאָגט:

— איז וואָס דענקסטו קענען מיר טאָן פאַר דיר?

דייוו האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס מען רעדט צו אים.

— איך מיין, אַלעס וואָס עס נאָר מעגלאַך, וועלען מיר טאָן — אפשר וואָלסטו געגליכן אין קאַנצעלאַריע? און אפשר אין איינקויפסדעפּאַרטמענט? צי אין דער קיך פאַרוואַלטונג?

דער שרייבער אָפּיציר האָט שוין מער ניט גערעדט. אָט איז ער שוין ווידער אַמאָל ערנסט. ער קלאַפּט בלויז דייווי'ן אויפן פּלייצע — אַל־רייט, אַל־רייט, — זאָגט ער — מיר'ן שוין זען, וואָס צו טאָן. מיר'ן שוין זען — גיי אַריין צום דאָקטאָר. — ער האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ טיר, וואו עס איז געזעסן דער דאָקטער.

שוין זייענדיק אין דרויסן האָט דייווי געזוכט אויף דעם דאָקטער'ס קאַרט, די מיינונג וועגן זיין געזונט, אָבער אַלע ענטפערס זיינען געווען ניט דערזאָגטע.

— פאַרהאַלטן פאַר ווייטערן עקזאַמען, — ניט פּאַלקאָם געזונט, — דערווייל בלייבן דאָ

דייווי האָט שוין פאַרשטאַנען אַז דאָס האָט אים זיין טאַטע אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. ער איז געווען בייז און אַנגעכמורעט, און ער האָט באַשלאָסן גלייך שרייבן צו בעקי'ן.

5

דייווי אַ סאָלדאַט, אסתר אַט אזא אַ. בעקי אַט אזא אַ. יונג בלוט — מעשענע טרובעס אַנטקעגן דער זון — עטעל פילט ניט גוט — מרדכי עטינגער האָט שוין געהאַט אַ נייעם אַנפאַל — עפּעס גליטשט זיך ערגיץ עפּעס אַרוים — אַלעס גליטשט זיך ביסלאַכווייז אַרוים פון מרדכי עטינגערס הענט — אַ טייך אין פרילינג גיסט זיך אַרוים פון די אייגענע ברעגן — מאָנטאַנאַ — אַריזאָנאַ — טעקסאַס — אילינאָיז — אַלעס ווערט פאַרשמאָלצן אויפ'ן סקווער נעבן סיטי האָל אין ניו־יאָרק. אונטער די הענט גליטשן זיך די קינדער אַרוים פון מרדכי עטינגער'ס רשות. אין די אָפּגעשלאָסענע פליגלען, אונטער די שווערע טירן פון דער רייכער שטוב האָט זיך איצט צעוואַקסן אַ ברייט, רייך, פאַרשייט לעבן.

אין שטוב אַריין האָט אָנגעהויבן אַריינצוקומען דזשאָן אָפּענהיימער, אָדער ווי מען האָט אים גערופן — „ליטל דזשאָן“ און וואָלטער ראָזענצווייג, און דזשיראַרד מוירפי, און קאַלווין גויבוירגער, און ביטריס בוכבינדער און בלענדזש און לו, און דזשעק און וואַלאַס און דער „טייגער“. ווער האָט דען ניט

געהערט פון דעם „טייגער“ און פון דעם „ליטל דזשאן“? אפילו די ענגלישע צייטונגען האבן שוין געשריבן פון דעם „טייגער“. אין א לאקאלער „בייז באל גיים“ אין דער שטאט מאונט ווערנאן האט דער טייגער“ געמאכט א „האם־ראן“ און געוואונען די שפיל. דער „טייגער“ האט אן אייגענעם „סטאץ“. דער „טיי־גער“ האט מיט זיין סטאץ“ גענומען אן אנטייל אין א לאנג־איי־לענדער „אטאמאביל־רייס“. „ליטל דזשאן“ איז א הויכער צוויי הונדערט פונטיקער בחור. אן אטלעט. א סטודענט פון קאָ־לאמביא. זיין טאטע פארמאגט א גאנצע קייט פון אפטייק־קראמען, און מען שאצט אים אין די גאר הויכע טויזנטער. זיין טאטע קומט ארויס פון די דייטשן. — ווער וואלט זיך געריכט אויף אזא גליק, אז דזשאן אפענהיימער זאל אריין קומען צו מרדכי עטינגער׳ן?

אין דערפרי, אין בעט, מאכט אסתר קאזילקעס. זי איז משוגע פון פרייד. דזשאן אפענהיימער קומט ארויס פון די דייטשן .. דזשאן איז שוין געגאנגען דעם דריטן יאר אין אוניווערסיטעט, און שוין צום דריטן מאל האט ער געביטן דעם קורס. ער האט אנגעהויבן מיט אינדזשינירינג, איז אריבער אין דעם יורידישן פאקולטעט, און איצט גייט ער שוין אויף די „ביזנעס קורסן“. — מיט דעם ווער ווי מיר כאטש קענען אין מיינע געשעפטן העלפן — האט זיין טאטע, דער האלב דייטשער טאטע געזאגט.

אבער וואס קימערט אים זיין טאטע! דזשאן גיט זיך אפ מיט די שפילערייען אין זיין קלאס. ער איז א מיטגליד אין דעם „בייז־באל־טים“, אין דעם „פוט־באל־טים“. ער איז דער בעסטער „באקסער“. — דזשעז — יונג־בלוט — הייס־בלוט — דזשאן ליגט גאנצע טעג איבער אויפן שפיל פלאץ. דאס שפילפלאץ איז צעשפרייט איבער א ברייט פלאך לאנד, אונטערן שטאט, פונקט אנטקעגן איבער דעם האדסאן. פון האדסאן בלאזט א קיהלער ווינט. פרישער אטעם. דזשאנ׳ס פנים און זיין קארק ווערט אלץ רויטער און קרעפטיקער. רויט בלוט שפריצט פון זיינע באקן. מיטן אכטעקיג קאלירנדיק היטעלע אויפן קאפ, איבער דער הויכער ברוסט איז אנגעצויגן דאס

געשטריקטע בלויע העמד מיטן בוכשטאב „סי“ פונקט אויף דער סאמע מיט פלייצע. אויף די פיס אויסגעבעטע וואטאווע הויזן, שיך אין וועלכע עס זיינען ארייננעשלאגן שארפע טשוועקעס — וואס קימערט דזשאנ׳ען, וואס זיין טאטע זאגט?

דזשאן איז דער שנעלסטער אטאמאביל טרייבער. מיט זיין „פעקארד“ יאגט ער אלעמען אויפ׳ן וועג אריבער. שטענדיק טראגט דזשאן אין זיין קעשענע א צענערל. א פינפאונצוואנציקער — און אונטער זיינע פלייצעס ווייסט ער, שטייט א רייכער טאטע — טו ווארום זאל דזשאן קריכן? וואס איז ער, זייער שכן מיסטער מאשקאוויץ? דזשאן פארט מיט חוצפה אריין אין יעדן איינעם, ווער עס שטייט אין זיין וועג. ער האט שוין צוויי מאל זיין מאשין איבערגעקערט, צוויי מאל האט ער שוין א צווייטן מאשין איבערגעקערט — אבער דזשאן טראגט צוואנציק טויזנט אינשורענס.

די ענערגיע זיינע שפארט ארויס פון אונטער דער הויט. זיין שטייף, גלאט לייב בענקט נאך אויפרעגונג. דזשאן שלאגט דעם ניגער, וואס וואשט זיין קאר.

— נא דיר א פינפערל — זאגט ער צום ניגער — לאז אראפ די הויזן און לאמיך דיך שמייסן.

א פינפערל איז געלט — א פינפערל איז פינף איינציקע דאלער —מינץ קען מען אפבייטן א פולן בייטל — דער ניגער גיט אונטערטעניק א גלאנץ מיט די קעלבערנע אויגן, לאזט אראפ די הויזן, ציט זיך אוים מיט׳ן פנים צו דער ערד — ער וויל שוין זען דאס פינפערל.

— ווארט דו ניגער, ניט אזוי לייכט קומט אן א פינפערל! דזשאן קלאפט מיט דעם לעדערנעם גארטל איבערן נאקעטן לייב.

— הייליקער יעזוס, — ס׳ארע קלעפ ער גיט! באס! א, באס! עס וועט דאך מיין הויט פלאצן!

דזשאן הערט ניט. עס האט זיך שוין זיין בלוט צעווארעמט. מיטן גאנצן כח קלאפט ער און קלאפט.

אין אוונט בארימט ער זיך פאר זיינע חברים:

— איך האב א ניגער, קען ער איבערטראגן פינפאונצוואנציק שמיץ.

אסתר האָט געלאַכט. אסתר האָט זיך אויך געוואָלט באַרימען — זי האָט געוואָלט דערציילן, ווי אַזוי זי האָט אָפּ־געגאַסן עמא׳ן מיט שפּריצנדיק וואַסער. זי האָט עס אָבער ניט געזאָגט, אין אַנגעזיכט פון דזשאַנען האָט זי זיך פאַרלוירן און פאַרשעמט. זי האָט אַ שעמעוודיקע בעסער געהערט, וואָס ער האָט צו זאָגן.

— נישט קשה פון אַ פייגעלע ביזטו — האָט ער איר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט.

— און דו ביזט אַ פייגל כאַפּער? — פרעגט זי.

— בעסער היט זיך פאַר מיר — זאָגט ער.

— איך בין ניט קיין בייבי — ענטפערט זי.

— און דו ביזט נאָך אויף מיר ברוגז? — פרעגט ער.

— אַז דו ביזט נעבן מיר בין איך ניט ברוגז — ענטפערט זי.

— ווּעסטו גיין מיט מיר אין סטרענד? — האָט ער געפרעגט.

אסתר׳ס ליפּן זיינען רויט אָנגעשמירטע, אין מיטן, ווי אַ ווײַנשל. מרדכי עטינגער האָט אַ סך געלט — און „וואָס די העל!" — ווינציק שיינע מיידלאַך זיינען דאָ אויף דער וועלט?

— גייען מיר היינט אין סטרענד־רוף?!

דזשאַן קומט שוין אַ טאָג איבער אַ טאָג צו מרדכי עטינ־גער׳ן אין שטוב אַריין, אסתר איז גליקלאַך — זי האָט טאַקי געוואוסט ווי אַזוי צו נעמען דעם בחור...

ווען ער האָט זי לעצטן מאָל אָפּגעפירט אַ היים, האָט ער זיך צוערשט פאַרקירעוועט אונטרן שטאָט, זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פאַרלאָזענעם וועג. דזשאַן ווייסט אַלע פאַרלאָזענע וועגן. ער האָט אַראָפּגעצויגן די ראָלעטן פון זיין פאַרמאַכטן אָטאָמאָביל. אסתר׳ן האָט ווײ געטאָן.

— דאַנט דזשאַן! — האָט זי זיך געבעטן.

— „וואָס איז די דיפרענס?" — ענטפערט ער. — מיר׳ן דאָך ביידע חתונה האָבן...

זיי וועלן חתונה האָבן — אסתר האָט אַ רייכן טאַטן — וויפל ירושה פאַלט אוים אויף אסתר׳ם חלק? יאָ זיי וועלן ביידע חתונה האָבן. דזשאַנען געפעלט די וואָל־ביזנעס.

— „יו אַר עי בוירד“.

— און דו ביזט אַ פויגל־באַפּער?

— בעסער היט זיך פאַר מיר.

— איך בין ניט קיין בייבי

אסתר האָט שוין איצט ניט קיין מורא פאַר עמאַ׳ן — זי לאַכט איר שוין גלייך אין פנים אריין. ווען זי וויל נאָר, קען זי איר אַלץ פראַנק און פריי זאָגן.

ווען דזשאָן איז איינמאָל אין אַן אָוונט אריינגעקומען צו די עטינגערס, איז שוין דאָרטן געווען אַ פולע הויז מיט מענטשן. עס איז דאָרטן געווען וואָלטער און דזשיראַרד מוירפי, און קאַלווין גויבווירגער און ביטרים בוכבינדער און בלענדזש און לו און דזשעק און וואָלאָס. עס איז דאָרטן אויך געווען דער „טייגער“. דער פליגל אין וועלכן די קינדער האָבן געוואוינט האָט געגלאַנצט אין רייכקייט. אין דעם אויפנאַמס זאַל איז געלעגן צעלייגט אַ טיף־בלויער דיוואַן. אין דעם שיין פון דעם גלאַנציקן ליכט האָט דער דיוואַן אויסגעזען ווי בלוי וואַסער. אַרום און אַרום די ווענט איז געשטאַנען אויסגע־שטעלט שוואַרץ־יאַפּאַנעזישע מעבל אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקאַרבט לאַנג שוין פאַרשוואונדענע חיות און געטער׳ אין ווינקל איז געשטאַנען אַ קליינער בודאַה, מיט אַ יונג ליכ־טיק פנים, מיט אַ פאַטשיילע איינגעוויקלט דעם קאָפ און פאַר־בונדן אונטער די אויערן. זיינע פיס זיינען געווען אונטערגע־בויגן, און די צוויי הענט זיינען געווען פאַרלעגט איבערן בויך. אין אַלע ווינקלען האָבן געברענט רויטע לאָמפּן. פון דעם האַלבן אָפן איז מען גלייך אריין אין אַ צווייטן צימער, וואו עס איז געשטאַנען טיפע, ווייכע מעבל מיט דער קליינער בייבי־גרענד. מיט די שאַפעס ביכער.

דזשאַן איז געווען גערירט. ער האָט איצט אויף אַן אמת געוואָלט חתונה האָבן מיט אסתר׳ן. ער האָט נאָך אַמאָל געוואָלט זיין מיט איר. ער האָט געזוכט איר פּנים צווישן גרויסן עולם. אים האָט זיך געדוכט אַז די אַלע בחורים זיינען געקומען זי צונעמען ביי אים. ער האָט אָנגעהויבן סאָפּען און בלאָזן פון דער נאָז, ווי אַ שווערער בופלאָקס.

איבער׳ן שטוב איז געווען צעלייגט אַ פריילאַכער שמועס: די מיידלאַך האָבן געשטיפט, און גערעט פון זייערע אָטאָמאָבילן, און פון די לעצטע מאָדעס. ביטרים בוכבינדער, אַ דין בלאַס מיידל, מיט יונג־קינדישע הענט, מיט אַ גרויסן בלאָנדן קאָפּ האָר האָט געלאַכט און דערצעלט וויפל שפּאַס זי האָט מיט איר שוואַרצער מערי׳ן

— איך גיב איר אַ „פראַנקפורטער“ עסן, לאָז עס ניט איינבייסן און איך שטופּ עס אין איר מויל אַריין ביז זי הויבט זיך אָן ווערגן.

— כאַ, כאַ, כאַ —

— איינמאָל האָב איך זי געצוואונגען שלאָפן מיט מיין קליינעם פּודל — האָט זי ווייטער געזאָגט.

— און עמאַ׳ן דערצייל איך פון מיינע ליבעס — האָט אסתר געלאַכט — איינמאָל ווען זי האָט געוואַשן מיין פּלייצע אין וואַנע, האָב איך אויף איר אָנגעשטעלט דעם שפּריצער און זי אינגאַנצן נאַס געמאַכט.

— כאַ, כאַ, כאַ —

דזשאַן איז צוגעקומען צו אסתר׳ן. זי אַרומגענומען פאַר דער טאַליע און געדריקט אירע בריסט.

— וואָס שרייבט דייוו? — פרעגט ער.

— ער איז אַלרייט — ענטפערט אסתר.

— און ווי געפעלט אים דאָס שיילן קאַרטאָפל?

— ער האָט זיך געקענט לייכט אַרויסדרייען — האָט אסתר מיט גדלות געזאָגט, — „יו נאָו“ — ער איז נאָך אפילו קיין צוואַנציק יאָר ניט אַלט.

— איז וואָס צום טייוול האָט אים געצויגן אהין?

דער שמועס וועגן דייוו'ן האָט זיך צעלייגט איבער דעם גאַנצן צימער.

דזשאַן האָט אַרויסגענומען אַ זשמעניע סיגאַרן און צעטיילט צווישן די בחורים. וואָלקנס שמעקנדיקער רויך האָט זיך געהויבן צו דער סטעליע. שטייענדיק אַזוי אַרומגענומען מיט אסתר'ן האָבן זיי ביידע אָנגעהויבן טאַנצן. דזשאַן האָט זיך געהאָצקעט, צוגעקלאַפּט צום טאַקט פון אַ מאָטיוו זיינע פיס, אסתר האָט זיך געטרויסלט, זי האָט געדרייט מיט אירע פיס און מיט איר קערפּער. אונטער דעם דינעם קלייד האָט זיך געוואָרפן איר לייב, ווי דרעליעס אין אַ שיסל, זיי האָבן זיך צום סוף ביידע אַריינגעזעצט אין איין שטול און דזשאַן האָט אַרויפגעלייגט ביידע פיס אויף אסתר'ס שויס.

דער שמועס האָט זיך שוין יעצט צעלייגט איבער אַלע ווינקעלאַך. פון איין ווינקל האָט מען אַריבערגעשריען צום צווייטן. בלענטש האָט פון איר ווייטן שטול אַריבערגעשריען:

— און איך דענק אַז אַזוי דאַרף יעדער מאַן האַנדלען!

— דאָס הייסט, מיטן געזונטן קאָפּ אין דער ערד אַריין — האָט דזשאַן צוריקגעשריען.

— אויב אפילו מיטן געזונטן קאָפּ אין דער ערד אַריין...

בלענטש איז שוין געווען אינגאַנצן רויט  זי איז געווען אויפגערעגט און מיט אַ ציטריק קול האָט זי פאַרענדיקט:

— איך קען דייוו'ן, איך ווייס זיין גוט האַרץ, וואָס ער טוט, טוט ער מיטן גאַנצן האַרצן.

— אַ מענטש קען זיך האָבן אַ גוט האַרץ, אָבער מען דאַרף דאָך ניט קריכן מיטן געזונטן קאָפּ אין דער ערד אַריין.

ביי די דאָזיקע רייד האָט דזשאַן געגעבן אַ דריק אסתר'ס הענט ,וואָס האָט געמיינט צו זאָגן — איך וואָלט שוין אַזאַ נאַרישקייט ניט אָפּגעטאָן, און דו מעגסט זיך אויף מיר פאַרלאָזן.

— אָט נעמט מיך! — האָט מיטאַמאָל אויסגערופן וואָלטער ראָזענצווייג — אי דער וואָלף איז זאַט אי די ציג איז גאַנץ — דין דעם פּאָטערלאַנד, און וועל אין מיינע אויגן ניט אָנזען דעם שונא.

ביי די דאָזיקע רייד וואָלטערס, איז מיטאַמאָל אויפגע־שפּרונגען בעקי. איר פּנים איז געוואָרן צונטער רויט, אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו גלאַנצן. בייז קוקנדיק אויף וואָל־טער'ן, האָט זי געזאָגט:

— שעם זיך וואָלטער! איך האָב זיך ניט געריכט פון דיר צו הערן אַזוינע רייד.

— און וואָס האָב איך דען געזאָגט? — האָט ער גע־פרעגט.

— דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט איז ניט שיין. מעגסט זיך שעמען — אויף אַזאַ אונטערשטן וועג זיך אַרויסדרייען, איז ניט מענלאַך.

וואָלטער איז אינגאַנצן רויט געוואָרן. ער האָט ליב גע־האַט בעקי'ן. יעדע זאַך, וואָס ער האָט געטאָן האָט ער געהאַט אין זינען בעקי'ן. אַלע אַנדערע מיידלאַך זיינען אים לחלוטין ניט אָנגעגאַנגען. אירע ווערטער האָבן אים געשטאָכן ווי מיט אָנגעגליטע שפּיזן.

— איר אַלע זיינט שוואַכלינגע — דייוו איז אַ העלד. איר אַלע זוכט אַללערליי מיטלען ווי אַזוי זיך פון דינסט צו באַפרייען. איר ווילט נאָך אַזוי, אַז אי דער וואָלף זאָל זיין זאַט, אי די ציג זאָל זיין גאַנץ. עס איז אַ שאַנדע פאַר אונזער יוגנט. עס איז אַ פלעק אויף אונזער פאָלק. מעגסט זיך יעדנפאַלס היטן מיט אַזוינע רייד.

וואָלטער האָט זיך געלאָזט גיין צו איר.

— דין איך ניט דעם פאָטערלאַנד? — האָט ער געשריען.

— אַזאַ דינען דעם פאָטערלאַנד קענען מיר אויך.

וואָלטער'ס רייד האָבן זיך שוין ניט געקלעפּט. ער איז געווען דערשלאָגן און נאַריש. בעקי'ס פּנים האָט געפלאַמט. זי האָט שוין אויף אים אפילו זיך ניט אומגעקוקט. איר יונגער האַלדזש האָט נערוועז געצוקט. זי האָט זיך אַריינגעזעצט צוזאַמען מיט בלענטש'ן אין איין שטול. עס האָבן זיך עטוואָס אַרויפגערוקט זייערע קליידער. ביידנ'ס פיס האָבן זיך אַרויסגעזען ביז צו די קני — אַזוינע יונגע שטאַרק אָנגעצויגענע פיס.

וואָלטער איז שוין געזעסן אַ שטיל דערשלאָגענער. דזשאַן

האָט זיך אויפגעהויבן פון נעבן אסתר'ן, ער האָט אויסגעגליכן זיין וועסט אין די הויזן, איז צוגעגאַנגען צו בעקי'ן און מיט א שמייכל אויף די ליפּן, גלייך ער האָט זי פריער גאָר ניט באַמערקט, האָט ער צו איר געזאָגט: — „אָ, או דו יו דו, מיס סטינגער!" איך האָב גאָר ניט געוואוסט אַז מיר האָבן דאָ אזא הייסן פּאַטריאָט!

— איך בין דאָס, וואָס יעדער מענטש דאַרף איצט זיין — האָט בעקי ברוגז געענטפערט.

— און ווי פיין דו רעדסט?!

— נעווער מיינד" מיין ריידן.

— און ס'אַרא שיין מיידל!

— נו, פּליז מיסטער אַפּענהיימער, איך וויל פון אייך ניט הערן אזוינע רייד...

— ווען איך בין אַ מאַן, וואָלט איך זיך געשעמט דאָ ארומצודרייען — האָט בלענטש זיך אַנגערופן.

— זע נאָר, זע נאָר — האָבן עטלאַכע בחורים מיטאַמאָל זיך אָנגערופן.

— און דערצו זיינט איר נאָך אידן — האָט בעקי געזאָגט

— אזוינע אָ, ווי איר, שעדיקן דעם גאַנצן פאָלק.

דזשאָן האָט געשוויגן. ער האָט געקוקט אויף בעקי'ן. ער האָט געזען אירע שוואַרצע אויגן, די גלאַנציקע האָר, די לאַנגע ווייסע הענט, ביים עלנבויגן האָט זיך די האַנט אויסגעבויגן, ווי אין איינגעבויגענע ווירע — וואָס פאַר אַ שיין מיידל דאָס איז? — האָט ער אין זיך געטראַכט — ווי עס ברענען אירע אויגן? ווארום האָב איך זי פריער אזוי ניט געזען?

— און ווען איך זאָל זיך מאָרגן אַנשליסן אין דער ארמיי, וואָלסטו מיך ליב געהאַט?

— איך דאַרף דיך ניט ליב האָבן, און דו דאַרפסט זיך צוליב מיר ניט אַנשליסן אין דער ארמיי. דו אַליין דאַרפסט וויסן, וואָס צו טאָן.

דזשאָן האָט מיטאַמאָל אינגאַנצן פאַרגעסן צוליב וואָס ער איז אַהער געקומען. בעקי האָט אים שוין אינגאַנצן באַ־צויבערט. דעם גאַנצן איבעריקן אוונט איז ער שוין געזעסן

א שטילער. דער שמועס האָט זיך שוין געדרייט אַרום אַטאָ־מאַבילן און אַרום פאַרשידענע „גיימס", וואָס גייען אָן איבער'ן לאַנד. דזשאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט און אויפגעהויבן, ער האָט אַריינגעקוקט און געבלעטערט זשורנאַלן. ווען עמאַ האָט אַריינ־געבראַכט טיי האָט ער אַ פּאָר זיך אַ פּאָר בעקי'ן אַריינגע־שאָטן צוקער.

— וויפל לעפעלאַך אַריינשיטן — האָט ער געפרעגט.

— זי טרינקט ניט קיין זיסע — האָט אסתר פון וויטן אַ שטאָך געטאָן — ווי מיין באָבע, טרינקט זי מיט שטיקלאַך צוקער.

קיינער האָט ניט באַמערקט אירע רייד.

אסתר האָט פּלוצלינג אַוואָרף געטאָן דזשאַנען אין פּנים אַריין אַ נוס, די נוס איז אָפּגעשפּרונגען און אַריינגעפאַלן אין גלאָז טיי אַריין.

— ווי קען זי טרינקען טיי מיט צוקער, ווי? — האָט זי נאָך אַמאָל געפרעגט.

ווען מען האָט אָפּגעטרונקען די טיי האָט מען אָנגעהויבן צו טאַנצן. די וויקטראָלאַ האָט געשפּילט, בחורים האָבן גע־זונגען, די מיידלאַך האָבן געפייפט, מען האָט זיך צופאַרלט אַזוי, ווי עס האָט זיך געמאַכט. דזשאַן האָט גענומען בעקי'ן און זיך מיט איר אָנגעהויבן דרייען איבער'ן ווייכן דיוואַן.

— אָבער וועגן מיין ברודער זאָלסטו זיך ניט דערוועגן אַ וואָרט צו ריידן, — האָט בעקי טאַנצנדיק צו אים געזאָגט.

— ניין, ניין — האָט ער שמייכלענדיק צוריקגעענטפערט — קיינמאָל ניט. קיינמאָל ניט.

— און צו מיר דאַרפסטו אַנדערש ריידן.

— איך וועל ריידן פּונקט אַזוי ווי דו ווילסט.

— אינגאַנצן שווייגן — האָט זי געלאַכט.

— אפילו שווייגן — האָט ער געשמייכלט.

ווען אַלע פאַרלאַך האָבן געהאַלטן אין אויסדרייען אַ געוויסע באַוועגונג, האָט זיך פּונקט דעמאָלט אָפּגעשטעלט די שפּילמאַשין, און אַלע זיינען געבליבן אַזוי שטיין מיט קרום־צעשפּרייטע פיס.

אַלע האָבן אַרויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

אסתר איז צוגעגאַנגען צו דער וויקטראָלע און זי געלאָזט ווייטער לויפן. אַלע האָבן אָנגעהויבן אויפסניי טאַנצן, נאָר אין אַ מינוט אַרום האָט זיך די שפּילמאַשין ווידער אָפּגעשטעלט. אסתר איז ווידעראַמאָל צוגעגאַנגען צו דער מאַשין, אָבער ווידער אין אַ מינוט אַרום, ווען אַלע האָבן שוין ווידער געטאַנצט, האָט זיך מיטאַמאָל, אינעווייניק, אין דער שפּיל־מאַשין געגעבן אַרײַס איבער די גאַנצע ספּרוזשינע, און דער „רעקאָרד" צוזאַמען מיט דער ספּרוזשינע האָבן געגעבן אַ פלי אַרום מיט אַ שאָס איבער'ן צימער.

עס איז געוואָרן אַ טומל. אסתר האָט זיך אָנגעבויגן און גענומען צענויפקלייבן די צעבראָכענע שטיקער דראָט און שטיקלאַך פון דעם „רעקאָרד". ווען זי איז געגאַנגען מיט די שטיקלאַך אין צווייטן צימער אַרײַן, איז זי פאַרבײַגעגאַנגען בעקי'ן און דזשאַנען, זי האָט זיך אַ ברייטן דריי געטאָן און איז אומגעפאַלן.

דזשאַן איז פלינק צוגעלאָפן צו איר, עס איז צוגעלאָפן בעקי און די איבעריקע בחורים. ווען בעקי איז שוין נאָענט געשטאַנען לעבן אסתרן, האָט אסתר שטילערהייט אַרײַנגע־שטאָכן דעם איבערגעבראָכענעם דראָט אין בעקי'ס קלייד אַרײַן, אַזוי ביז צו איר לייב צו, און ווען דזשאַן האָט זי אַזוי פלינק געגעבן אַ הויב אויף פון דער ערד, האָט זי מיטגעריסן בעקי'ס קלייד און אַ שטיק פון איר לייב.

אין צימער איז געוואָרן אַ גרויסער גערודער. בעקי איז געבליבן אַזוי שטיין מיט אַן אָפן צעריסן קלייד, פון איר פוס האָט גערונען בלוט. איר פנים איז געווען בלאַס. בלענטש און ביטרים האָבן מיט שפּילקעס געוואָלט פאַרשפּיליען דעם ריס, און ניט געקענט. צום סוף האָט מען געמאַכט אַ רעדל פון מיידלאַך, מען האָט אַרײַנגענומען בעקי'ן אין מיטן, און אַזוי אין אַ רעדל, זײַנען זיי פאַרשוואונדן צו בעקי'ן אין צימער אַרײַן.

דזשאַן איז יענעם אָוונט שוין ניט אַהיים געפאָרן. ער האָט אַרײַנגענומען אין זײַן אָטאָמאָביל אַפּולע כאַפּטע מיט

מיידלאַך און בחורים און זיי זיינען אַלע אוועקגעפאָרן קיין קוני־איילאַנד. מען איז געזעסן צו צוויי און צו דריי אויף אַ זיץ, מען איז געזעסן איינער אויף צווייטנס שויס, דזשאַן איז געווען בייז. זיין אָטאָמאָביל איז געפלויגן, ווי אַ פייל פון בויגן. דער גאַנצער אוונט איז שוין פאַר אים געווען אַ צעשטערטער. בעקי האָט זיך מער ניט באַוויזן. אסתר איז אַ ברוגז'ע אנטלאָפן צו זיך אין צימער. אָבער צו וואָס דאַרף ער אסתר'ן ? זי איז קליין און נידעריק, אויף איר פּלייצע וועט אַמאָל אויסוואַקסן אַ האָרב, ווען אסתר וועט זיין אַלט, וועט זי אויסקוקן, ווי די פרוי, וואָס וואַשט די דילן ביים טאַטן אין די קלייטן. דזשאַן איז געווען צופרידן וואָס אסתר איז דאָ נישטאָ.

— היינט האָבן מיר אַ „גוד טיים“ באַים ! — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

— הורא ! — האָבן אַלע געענטפערט.

ער האָט זיך פאַרנומען אַרונטער פינפטער עוועניו, איז אַריבער דעם מאַנהעטען בריק, עס איז שוין געווען שפּעט אין אוונט, דער וועג פריי, דער אטאמאביל איז געפלויגן ווי אַ פייל פון בויגן, נעבן פּראָספּעקט פּארק האָט אים אָנגעיאָגט אַ פּאָליסמאַן.

דזשאַן האָט פרעך אַריינגעשושקעט דעם פּאָליסמאַן אין אויער אַריין :

— אויף דער צוויי און פערציקסטער סטריט טרעפסטו מיך יעדן נאָכמיטאָג — מיין טאַטנס אַפּטייק קראָם אויפן ראָג קענסטו דאָך.

ער איז נאָך שנעלער ווי פריער געפלויגן, און זיך פאַרנומען מיט'ן אָושען פּארקוויי אַרונטער צו קוני איילענד.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן דער קאַפע „אַטלאַנטיק“. איבער סוירף עוועניו האָבן נאָך געהוזשעט איינציק־צעוואָרפענע הייזעריקע שטימען. קולות צעלייגטע אַריבער דער גאַס האָבן שוין כריפּענדיק און אָן כוחות גערופן אין זייערע געשעפטן. ווייסע, בלענדנדיקע ליכט האָבן זיך צעגאָסן ביז אַרונטער צום ים צו. די קאַפע איז שוין געווען האַלב אויסגעליידיקט,

איבער די טישן, ווי נאָך אַ שלאַכט, איז געווען אַנגעוואָרפן אַלערליי ברעקלאַך און שאָלעכץ און פאַרטרוקענטע גאָפּל, מעסער איבער די רויט־געפלעקטע טישטיכער. ליידיקע פלעשער זיינען געווען צעוואָרפן אונטער די טישן. דער מידער אָרקעסטער האָט נאָך פון צייט צו צייט זיך אַ וואָרף געטאָן צו די האַלב גוסס׳דיקע אינסטרומענטן, און ווי דרימלענדיק געפרואווט אַרויס־שלעפן עפּעס אַ טאָן. דזשאָן איז אַריין מיט אַ טומל. גלייך האָבן חברה זיך אַ לאָז געטאָן אין אַ פריילאַכן טאַנץ איבער דעם גרויסן טאַנץ־פּלאַץ. מען האָט אָנגעהויבן באַשטעלן געטראַנקען. דזשאָן האָט געטרונקען בראַנפן און ווייַן, און ווי אויף צו להכעיס עמיצן האָט ער געמישט בראַנפן מיט ווייַן און געטרונקען אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז.

— העי, קעלנער! געבראָטענע טייבעלאַך דערלאַנג! — האָט ער פלוצלינג אָנגעהויבן שרייען מיט אַ ווילד רויט קול.

ווילד רויט זיינען שוין געווען זיינע אויגן און דאָס פּנים. זיין לייב האָט געשוויצט, ער האָט ווילד אַ צי געטאָן די קעל־נערין צו זיך אויפן שויס, אַלעמען איבערלאָזנדיק זיצן ביים טיש, איז ער אַריין מיט דער קעלנערין אין אַ באַזונדערן צימער.

— טאַנץ פאַר מיר אַ נאַקעטע — האָט ער אין ווילדקייט געשריען — היינט דאַרפסטו טאַנצן נאַקעט.

דאָס מיידל האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין ווילדקייט, געצי־טערט און איז געבליבן אַזוי שטיין — מיט אַ צועפנט מויל.

— אין דער ליכטיגקייט ווילסטו? — האָט זי געפרעגט.

דזשאָנ׳ס אויגן זיינען רויט פאַרגאָסענע. אין אים האָט זיך צעשפּילט עפּעס ווילד טירישעס. ער ווייסט ניט, וואָס ער וויל. ער פילט בלויז די גוואַלדיקע מאַכט, וואָס אין זיינע הענט. זיין צווייהונדערט פונטיקער קערפּער ברעכט זיך אין אַ ווילדער ליידנשאַפט. אָט קען ער נעמען און דערשטיקן דאָס אַנטקעגן שטייענדיקע מיידל, ער גיט זיך צו איר אַ לאָז מיט צוויי אָפענע הענט.

— איין מיידל האָט מיך אָפּגעשטויסן — רעוועט ער מיט אַ כריפּענדיק גרוי קול, — אָבער דו וועסט עס ניט טאָן.

אויב דו טוסט זיך נים אוים א נאקעטע וועל איך דיר גלייך אויפן אָרט א טויט מאכן. נא דיר מיין גאַנץ געלט.

ער האָט ארויסגענומען א פּאַק צענויפגעוויקלטע צען־דאָלאַר־דיקע און עס צו איר א שליידער געטאָן — נאַ, אָט האָסטו עס

דאָס מיידל איז צו אים ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז צוגעקומען. פריער האָט זי געגלעט זיינע האָר. דערנאָך האָט זי צע־שפּיליעט זיין קאָלנער. זי האָט זיך ארויף געזעצט אויף זיין שוים און צעשפּיליעט זיינע קליידער.

— דער „באָי“ איז אביסל אויפגערעגט — האָט זי שטיל געזאָגט — אביסל די מאָס אריבערגעכאַפּט. זאָל זיך דער „באָי“ באַרואיקן. מיר'ן צוזאַמען דאָ אין דעם צימער איבער־שלאָפן. איך וועל דיך שוין באַרואיקן. איין מאָל און צוויי מאָל, וועל איך דיך באַרואיקן. אין דער פרי וועסטו זיין א נייער מענטש.

דזשאָן איז אַנטשוויגן געוואָרן. נידריקער און נידריקער האָט געזונקען זיין קאָפּ. מיט א צעבראָכענער ברוסט און צעשויבערטע האָר האָט ער זיך ווילנלאָז איבערגעגעבן צו דער מיידל. דערנאָך האָט ער פון פּאַק געלט ארויסגעשלעפּט א צענערל און עס איר צוגעוואָרפן, און איז ארויס מיט דער אונ־טערשטער טיר צום ים.

א פרישער ווינט האָט געבלאָזן פון ים. אין דרויסן האָט געשפּילט דער אָנקומענדיקער טאָג. די שווארצע נאַכט האָט ביסלאַכווייז אָנגעהויבן צערינען. דזשאָנען האָט זיך געדרייט דער קאָפּ. זיינע אויגן זיינען געווען רויטע און געשוואָלענע. דער שניפּס איז געווען איבערגעדרייט און דאָס העמד ארויסגע־שלעפּט פון די הויזן. שווארצע רעדער האָבן זיך געדרייט אין דער לופטן, און אַלע מאָל זיינען די רעדער געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. מיטאַמאָל האָט אים ארומגענומען א פּאַרדראָס. הויך אויף א קול האָט ער אנגעהויבן שילטן דאָס מיידל פון דער קאַפע. ער האָט זיך אין מיטן גאַנג אָפּגעשטעלט.

— ער מוז זיך אומקערן און זי דערשטיקן.

ווען ער איז צוריקגעקומען איז שוין דער זאַל געווען אין גאַנצן א פּוסטער. אַלע זיינע אייגענע, האָבן אים איבערגעלאָזט

און זיינען אוועקגעפארן. ביי א איינציק טישל זיינען נאך גע־זעסן א פאר שיכור׳ע מענער און הויך אויף א קול זיך גע־זידלט. די ליכט איז געווען האלב אויסגעלאשן. אין האלבן טונקל האט זיך אין דער לופטן געשפארט וואלקנס רויך. אין א פארשטופטן ווינקל, פארהאנגען מיט שווערע פארטירן, זיינען א גרופע מענער געשטאנען ארום א ווייך אויסגעבעטן טיש און געשפילט אין ביינדלאך. שיכור׳ע־רייט האט ער דערזען די שפילער און מיט סולות און קללות האט ער זיך אהיז א לאז געטאן.

— „לעט מי שוט איט" — האט ער געשריען — „דעם איט!" צען צו איינס וועל איך שפילן.

ער האט ארויסגעריסן די ביינדלאך פון א צווייטנס האנט. ארויסגעשלעפט דעם פאק מיט פאפיר געלט פון זיין קעשענע — „היר איז די ווי יו דו איט" — האט ער געשריען.

עס איז געווארן א טומל ארום טיש. מען האט גערופן דעם אויפזעער. דזשאן האט מיטן פויסט געקלאפט איבער׳ן טיש — שא זאל זיין! איך וועל אייך אלעמען אויסהרגענען — מיין טאטע האט אייגענע צען קראמען — א גאנצן „בלאק" מיט הייזער — נאט אייך מיין געלט! צום טייוול איר שוואכלינגע.

די קולות האבן זיך געהויבן ביזן אונטער דער סטעליע. אפענע מיילער, ווי צעבראסקעטע בריסט האבן געשאטן מיט זידל ווערטער, צום סוף האבן זיך צוויי מענער צוזאמען מיט דזשאנען אפגעטיילט ביי א באזונדער טישל און די „גיים" האט זיך אנגעהויבן אויפ׳סניי.

מטבעות זיינען געפלויגן פון האנט צו האנט. קיינער האט ניט ארויסגערעדט קיין איינציק ווארט. איבערן טיש האבן די ביינדלאך אפגעהילכט מיט א דומפן קניילן ווי שאסן פון א רויש־לאזן ביקס. דזשאן האט אראפגעריסן דעם קאלנער, אראפגע־ווארפן דעם ראק און פארקאטשעט די ארבל, זיינע האר זיינען געווען צעשויבערטע. פון זיין לייב האט געשלאגן א היץ, זיינע רויטע אויגן האבן געבליצט ווי א טליענדיק פייער, מיט א שוים

אויף זיינע ליפּן האָט ער צום סוף אַראָפּגעשלעפּט דעם דימענ־טענעם רונג פון זיין פינגער און אַ געשריי געטאָן:

— „גאָד' דעם איט — טייק איט".

גאַנץ פרי איז ער אין אַ זיגזאַג געפלויגן איבער די שטילע גאַסן. ער האָט קינסטלאַך אויסגעמיטן די טעלעפאָן סלופּעס, ווי אַ ווינער איז ער דורכגעפלויגן דעם פּראָספּעקט פּאַרק, די מאַנהעטן בריק און אַרויף מיט פינפטער עוועניו. אויפן הויף נעבן זיין הויז האָט ער פאַרגעסן אויפצועפענען די צוויי האַלבע טירן פון דעם „גאַראַדזש" און ער איז אַזוי, מיט אַ שרעקלאַכן קראַך אַריינגעפאָרן.

6

שוין אַפּאָר וואָכן אַז מען האָט זיך אין דעם קרייז פון די בחורים און מיידלאַך געריכט אויפן באַל, וואָס דזשאָן גרייט צו.

— מען זאָגט אַז עפּעס אויסערגעוויינלאַכעס גרייט ער צו, — האָט געזאָגט וואַלטער.

— וואָס אים קען נאָך איינפאַלן — האָט געענטפערט קאַלווין ניובוירגער.

— מען זאָגט אַז ער אָרדנט איין אַ הונט און קאַץ „פּייט" — האָט פאַרטגעזעצט וואַלטער.

— דו קענסט זיך אויף אים פאַרלאָזן — ענטפערט קאַל־ווין.

נאָכדעם, ווי דזשאָן איז יענעם אָוונט אַריינגעפאָרן מיט זיין מאַשין אין דעם פאַרמאַכטן טויער, איז ער געלעגן אַ גאַנצע וואָך אין בעט, די שטיקער גלאָז, וואָס זיינען אויף פּיצלאַך צעשאָטן געוואָרן האָבן צעשניטן זיין פּנים און דעם קאָפּ.

— ער איז נאָך אַרויס אַ גליקלאַכער — האָט מען צווישן זיך גערעדט.

— דער בחור האָט מזל.

— ער האָט געקענט אָפּגיין מיט בלוט.

— זיין גליק איז, וואָס ער איז אַזאַ שטאַרקער.

— זיין גליק, זיין גליק — דזשאַן האָט גליק — די מאַשין איז אינגאַנצן אַ צעבויגענע. דער מאָטאָר איז צעבראָכן, זיין פּנים און דער קאָפּ אַ פאַרנייטער, זיין גליק, וואָס ער איז אַזאַ שטאַרקער. אָבער דזשאַן האָט שוין אַן אַלץ פאַרגעסן. ער איז שוין געווען צוויי מאָל בעטן בעקי'ן קומען צום באָל.

— זאָל ער נעמען אסתּר'ן — זאָגט זי צו בלענטשן — וואָס האָב איך דען מיט אים צו טאָן.

אָבער דזשאַן קוקט שוין איצט ניט אפילו אויף אסתּר'ן. טאָג און נאַכט טראַכט ער נאָר פון בעקי'ן. ער איז שוין נאָך אַמאָל דאָ געווען.

— וואָס וויל ער האָבן פון מיין לעבן ? — זאָגט בעקי — נאָך אַזאַ אַנשיקעניש פעלט מיר — מיב'ן אין דעם טאָג פון באָל בעסער צופאַרן צו דייוו'ן אין קעמפּ.

בלענטש איז אַזש רויט געוואָרן. זי האָט אַרומגעכאַפּט בעקי'ן און זי אָנגעהויבן צו קושן. פּלוצלינג האָט זי אַרויסגע־שאָסן און מיט איינמאָל אַנטפּלעקט פאַר בעקי'ן איר ליבע צו דייוו'ן.

— דו ווייסט גאָר ניט, וואָס איך צעלייד די לעצטע פאָר וואָכן. אויב מען וועט דייוו'ן אַוועקשיקן קיין פראַנקרייך וועל איך אפשר משוגע ווערן — טייערע, ליבע, לאָמיר פאָרן.

אָבער ווען עס איז געקומען דער אָוונט פון באָל איז דזשאַן צוגעפאָרן מיט אַ גרויסער מאַשין, ער איז שוין געווען אינגאַנצן אַ פאַרפּוצטער. מיט דער גוט צוגעשניטענער „טאַקסי־דאָ", מיטן ווייסן גלאַטן העמדה, לאַנגע, ווייסע מאַנזשעטן האָבן אַרויסגעשטעקט פון די שמאָלע אַרבל, ער האָט בעקי'ן אפילו ניט געלאָזט ריידן, קיינע תּירוצים וועט ער ניט אָננעמען — בעקי מוז מיט אים מיטגיין.

בעקי האָט זיך פאַרלוירן.

— כ'האָב זיך דאָך אפילו ניט צוגעגרייט ! ווי קען איך אַזוי אַ, גיין צו אַ באָל ?

— אַזוי אַ, וועסטו זיין דאָס שענסטע מיידל. — האָט ער געזאָגט — אַזוי ווי דו שטייסט און גייסט ביזטו די בעסטע

טענצעריין, און אז דו וועסט נאָכאַמאָל אַזוי ריידן, ווי דעמאָלט וועל איך זיך אפשר דער׳הרג׳ענען.

דזשאַן האָט געדערדט און גערעדט, אַזוי ווי אין היץ.

— טו גיב מיר כאָטש אַ געלעגנהייט זיך אַנצוטאָן ! — האָט בעקי געזאָגט.

— איך וועל וואַרטן ביז דו וועסט זיין פאַרטיק צו פאָרן.

דזשאַן האָט איר געהאָלפן זיך אָנטאָן. ער האָט געפּוצט אירע שיך. מיט שטראַליקע אויגן איז ער געשטאַנען און געזען, ווען בעקי ווערט אַלץ שענער, איר פּנים פאַרפלאַמטער, אַט איז אויף איר לייב צוגעקומען דאָס הימל־בלויע שיפאָן קלייד. דאָס קלייד איז געווען אין שניט פון דער „וויקטאָריע" צייט. שמאָל אין סטאַן, מיט שמאָלע, לאַנגע אַרבל, מיט אַ הויכן קאָלנער, און וואָס נידריקער פון די היפטן אַלץ ברייטער איז עס געוואָרן, ווען זי האָט אַרויפגעלעגט אויפן קאָפּ די ברייטע הוט, האָט די ברייטע קריסע פאַרשטעלט איר פּנים און געוואָרפן אַ טונקעלן שאָטן אויף די רויטע באַקן.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען צו די אָפּענהיימערס, איז שוין געווען עלף אַזייגער. אין דעם גרויסן זאַל איז שוין געשטאַנען דער באַליגער רויש, דאָס ליכט איז געווען פאַרטונקלט מיט שטאַרקע ריחות פון שמעקנדיקן וויין. ווי אין אַ ים אַזוי האָט זיך דאָרטן געבוואָליעט אין דער לופטן אַ פאַר׳שיכור׳טע שיטערקייט. בחורים פאַרפלאַמטע, האָבן מיט ליידיקע פלעשער געקילט די צעפלאַמטע מיידלשע באַקן. עס איז געווען אין מיטן דער פאָרשטעלונג, ווי אַ קליינער „בול־דאָג" האָט זיך געריסן צו אַ פעטער ריין־אויסגעוואַשענער קאַץ. די קאַץ, אַן אָנגע־שטרענגטע, מיט שטייפע וואָנצן, מיט אַ קליין האַרבעלע אויף דער פּלייצע, מיט שאַרפע נעגל אויף די פאָדערשטע פיס איז געשטאַנען גרייט אויסצורייסן די אויגן פון דעם קליינעם הונט.

אַלעמענס נערוון זיינען געווען אָנגעצויגן. אַרום און אַרום אין אַ ראָד האָט מען אָפּגעליידיקט דעם גרויסן פּאָלירטן דיל און מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן געהיט די ווילדע חיות.

מיטאַמאָל האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווילד קוויטשען. צענדלי־

קער מיילער האָבן זיך אין ווייטאַק צעעפנט, עס האָבן זיך אָנגעהויבן טיקן די ליכט אין דעם צימער. דער הונט, ווילד און צערייצט האָט זיך פון א זייט געגעבן א וואָרף אַרויף אויף דער קאַץ, זיך איינגעביסן מיט די שוואַרצע קרומע ציין אין איר פּלייצע, און מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער זי פאַרשליידערט אין דעם ווינקל, צו די פיס פון די מיידלאַך.

עס איז געוואָרן א גוואַלדיקער טומל. די מיידלאַך זיינען געוואָרן היסטעריש, די בחורים האָבן געשריען „הורא".

— הורא! איצט וועלן מיר טרינקען אויפן חשבון פון זיג בוכבינדער — האָבן א צענדליק אָפענע מיילער געשריען.

אָבער די קאַץ האָט זיך נאָך אַזוי גיך ניט אונטערגעגעבן. א מידע, און א אויסגעצויגענע, האָט די קאַץ ווידער געשטעלט זיך אויף די פיס און אָנגעהויבן פאָרסקען און שפּריצן און גליען מיט אירע ווילדע גרינע אויגן.

— דער הונט האָט זיך ווידער א לאָז געטאָן.

— „סטאָפּ איט! סטאָפּ איט!" — האָבן זיך צעקוויטשעט צענדליקע שטימען. די גרויל האָט זיך שוין צעלייגט איבער אַלעמענס הערצער, זייער ווילדקייט איז שוין דערגאַנגען ביז צו אייגענער משוגעת, משוגע האָט מען אָנגעהויבן קווויטשען און שרייען.

— „סטאָפּ איט, סטאָפּ איט!"

בעקי האָט מיט ביידע הענט פאַרשטעלט איר פּנים. זי איז אָנגעקומען פּונקט צו דער סצענע, ווען דער הונט האָט זיך אַוואָרף געטאָן אויף דער קאַץ, די ווילדע געשרייען האָבן זיך צעלייגט איבערן צימער און ביז אַרויס אין דרויסן אַרויס, זי האָט אַרויסגעריסן די האַנט פון אונטער דזשאָן'ס אָרעם און זיך געלאָזט לויפן צוריק אַרונטער די טרעפּ.

דזשאָן איז איר נאָכגעלאָפן.

בעקי האָט אַהיימקומענדיק פון די אָפּענהיימערס א גאַנצע נאַכט געוויינט. צוערשט, ווען זי איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין איז זי געווען מיד, איר האַרץ איז געווען פאַרשטיינערט, אין אירע אויערן האָבן געקלונגען פרעכע און ווילדע משוגענע קולות, זי האָט זיך געוואָלט פאַרטויבן, זי האָט זיך געוואָלט אין

זיך אַליין פאַרגעסן, זי האָט זיך געפריים מיט דער שטילקייט פון דעם צימער און מיט דער ריינקייט פון דעם בעט, זי איז טאַקע גלייך איינגעשלאָפן.

אָבער אַרום צוויי צי דריי אַזייגער ביינאַכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ ווייטאָק אין אַ פינגער. דער פינגער האָט געשטאָכן, פּונקט ווי עמיצער וואָלט אַהין אַריינגעזעצט טויזנט שפּילקעס, דערנאָך איז די ווייטאָק איבערגעגאַנגען איבער דער גאַנצער האַנט, און פון דער האַנט איבערן גאַנצן קערפּער, זי איז שוין אַ גאַנצע נאַכט געלעגן מיט אַ פּאָר ברייט צעעפנטע אויגן און געטראַכט און געוויינט.

— ווארום איז איר מיט אַמאָל געוואָרן איר לעבן אַזוי שווער ? ווארום קען זי איצט ניט פאַרטראָגן קיינעם פון די פריערדיקע באַקאַנטע ?

ביז וואַנען בעקי האָט ניט געקענט אַלדד'ן האָט זי ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ מענטש וואָלטער ראַזענצווייג איז. און וויל, און זיג בוכבינדער און קאַלווין גיובווירגער. יעדער איינער פון זיי, האָט זיך מיט עפּעס אויסגעצייכנט. וואָלטער איז געווען אַן אַטלעט, וויל דער בעסטער שווימער, וואָלטער האָט אויך געשפּילט אויף דער פּיאַנע, פון האַלץ האָט ער געקענט אויסשניצן אַלערליי פיגורן, ער האָט איר געגעבן עצות, ווי אַזוי אירע קליידער צו באַפּוצן. ווען וואָלטער איז איינמאָל ביי זיי אין הויז שפּעט געזעסן און געשפּילט אויף דער פּיאַנע, האָט זי אים דעמאָלט ליב באַקומען. זיינע גלאַטע האָר זיינען געווען שוואַרץ און געדיכט. ער האָט געקענט אַפּמאָלן אַ מענטשן, אַזוי אַז מען האָט אים אַ לעבעדיקן פאַר די אויגן געזען.

ווארום האָט זי מיטאַמאָל אָנגעהויבן זוכן חסרונות אויף אים ? ווארום בענקט איר האַרץ ערגעץ, נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס זי אַליין ווייס ניט וואָס דאָס איז ? ווארום האָט זי מורא פאַר אַלדד'ן ? איינע אַליין דרייט זי זיך איצט אַרום איבער די גרויסע רייכע צימערן — וואָס גיבן איר די רייכע צימערן ? וואו איז די פרייד וואָס האָט ביז איצט אָנגעפילט איר האַרץ ? וואָס מער דזשאָן פאַרפאָלגט זי מיט זיינע רייד, אַלץ מער האָט

זי איט פיינט. דזשאַן איז פּראָסט, אומוויסנד, און באַנאַל. ער איז וואולגאַר. בעקי האָט איצט צום ערשטן מאָל אָנגע־הויבן באַגרייפן באַנאַליטעט אין רייד. זי האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן באַגרייפן דעם ווערט פון אַ וואָרט. דאָס וואָרט, דאָס אַרויסגערעדטע — איז דער שפּיגל פון דער נשמה. דזשאַן׳ס קול איז הייזעריק. דזשאַן׳ס קול איז האַרט און קלינגט ווי אַ פאַלשע מטבעה. וואָס לאָזן איר צו הערן דזשאַן׳ס רייד? ווי אַ פּאַפּוגיי רעדט ער נאָך די רייד פון זיין טאַטן. שוין איצט, איז ער קאָנסערוואַטיוו. ווען דזשאַן רעדט צו איר פון ליבע, איז עס פּונקט ווי די רייד פון אַ קליין קינד. בעקי האָט אַפילו פאַר צען מינוט ניט קיין געדולד אויסצוהערן זיינע רייד. איר איז שוין טויזנט מאָל ליבער זיך אַרומצודרייען איבער די גרויסע גראַמע חדרים און זיין אַליין.

אַליין, אַליין — אַליין וויל בעקי איצט אַרומגיין איבער איר צימער אַן אומעטיקע און וויינען. אין וויינען איז דאָ טרויסט — עס איז גוט אַזוי ווען אין שטוב איז קיינער ניטאָ. די אונטערשטע ליפּ ברעכט זיך צום וויינען, און יעדעס מאָל ווען מען הערט טריט אונטערן טיר, גיט אַ קלאַפּ אין האַרצן.

בעקי ציילט די מינוטן. אַט איז שוין פיר, אַט איז שוין פינף, אַט איז שוין זעקס אַ זייגער — וואָס וועט זיין אַז עס וועט שוין זיין זיבן אַ זייגער? בעקי ווייסט אַז עס וועט גאָרניט זיין. זיבן און אַכט, מאָרגן און איבערמאָרגן — קען מען דען אַראָפּשלעפּן דעם הויכן באַרג טיף אין טאָל אַריין? און צי וועט זיך דען אין מיטן טאָג אָפּשטעלן די זון?

וואָרום האָט זי ניט קיין מוט צו זאָגן אלדד׳ן וואָס זי וויל אים זאָגן? וואָרום שעמט זי זיך מיט איר שוועסטער און מיט אירע חבר׳טעס און מיט אַלעמען, מיט וועמען זי האָט ביז איצט זיך גע׳חבר׳ט? אָבער אלדד איז צו ווייט פון איר... זי פאַרשטייט ניט זיין לשון... זי האָט מורא פאַר זיין גרויסקייט... זי האָט מורא פאַר זיין עקסצענטרישקייט. וואָרום האָט זי גאָט אָוועקגעשטעלט אַנטקעגן אַזוינע צוויי עקסטרי־מען???

זי האָט זיך אָוועקגעלייגט אויף דער סאָפע זי איז איינ־

גאַנצן אַריינגעפאַלן אין דער ווייכער סאָפע. מיטביידע הענט אוועקגעלייגט אויף אירע בריסט, האָט זי זיך געטוליעט אין זיך אַליין. זי האָט איינגענורעט דעם קאָפּ און איז געבליבן אַזוי ליגן אַ פאַרטראַגענע אין ווייט צעשפּרייטע וועלטן. זי האָט אָנגעהויבן זען אויסטערלישע חלומות. עס איז געווען אַ ווינ־טערדיקער טאָג. פון הימל איז געפאַלן אַ שניי, דער שניי איז געווען אַ טרוקענער, זיך געלייגט שטיקער אויף שטיקער. פון דעם האָט אַרויסגעבליצט פינפטע עווענין, מיט בלוי גלאַנציקע שוי־פענסטער.. אין די פענסטער איז אויסגעלייגט אַלערליי פאַר יום טוב טוילעטס, רייכע פוטערנע מאַנטלען, גאָלדענע שיכ־לאַך, פאַריזיר היט, לאַנגע זיידענע זאָקן און אַלערליי בלענדנדיקע קאָלירן, און אַלערליי צירונגען. זי איז אַריין און אַרויס אין פאַר־שידענע קראָמען. איר מאַנטל איז אינגאַנצן באַדעקט מיט טרוי־קענעם שניי. זי האָט אָנגעמאָסטן קליידער, שטילע און ראַשיקע, זי האָט זיך געדרייט אין שפּיגל, און איז צום סוף אַרויס פון קראָם און איז אַריין אין דער מאַשין, וואו עס האָט פּאַר איהר געוואַרט אַלדר.

— וואָס האָסטו טייערע אויסגעקליבן? — האָט ער מיט ווייכקייט אין קול געפרעגט.

— איך האָב גאָרניט אויסגעקליבן — מיר איז גאָרניט געפעלן — קיין לייטיש קלייד האָבן זיי ניט — מירן פאָרן קיין פּאַריז — ועסטו פאָרן מיט מיר קיין פּאַריז? ביטרים וויל איך פאָרן קיין פּאַריז זיך אויסקליידן, צו דער חופּה דאַרף מען טראָגן די שענסטע קליידער — ועסטו פאָרן מיט מיר קיין פּאַריז? ועסטו קליבן מיינע קליידער? דער שאָפער האָט זיך פאַרנומען מיט'ן וועג קיין פּאַריז.

עס איז שוין געווען גרויסער טאָג אין דרויסן, ווען מען האָט זי אויפגעוועקט. בעקי'ן האָט פאַרדראָסן, וואָס מען האָט זי אויפגעוועקט, זי האָט ניט געוואָלט גיין עסן. זי האָט געוואָלט אַזוי ליגן אויף דער ווייכער סאָפע מיט אירע הענט אויף די בריסט.

## 7

בעקי איז איינמאָל אין אַן אוונט געגאַנגען מיט אַלדר'ן

„דאַון־טאַון" — ער האָט זי אַריינגעפירט אין דער קאַפע „פּראַנס".

דאָס איז געווען אַ קאַפע, וואו עס קומען זיך צונויף מערסטנס אייגענע. כמעט אַלע האָבן זיך געקאָנט ביי די נעמען. איבער'ן גאַנצן, גרויסן זאַל די צעשטעלטע טישלאַך, זיינען געווען באַזעצט מיט מענטשן פון כמעט איין משפּחה. אַהער איז זיך צונויפגעקומען די אידישע אינטעליגענץ. דאָ האָבן זיך געטראָפן אידישע ליטעראַטן, פירער פון אידישן לעבן, פאָרשטייער פון דער אידישער פּרעסע, און אַקטיאָרן האָבן דאָ זייערע מיטינגען געהאַלטן. די אַקטיאָרן האָבן דאָ געשריבן זייערע קאָנטראַקטן. סודות'דיק, מיט פאַרזשמורינטע אויגן האָבן זיי זיך איבערגעוואונקען. איינער האָט ביים צווייטן געוואָלט אויסנאַרן זיין איבער־אַ־יאָריקן ענגאַזשמענט. הויכע טשופּרי־נעם איבער בלייכע שטערנס האָבן זיך פאַרטראָגן פון ווינט. שטינקענדיגער קעז און ריחות פון פראַנצויזישן וויין האָבן זיך צעלייגט ביז'ן אָפענעם דרויסן אַרויס. יונגע דיכטער, מיט קלאַפּ־קלאַפּנדיקע הערצער זיינען ביי זייטיקע טישלאַך געזעסן, און מיט סלינע איבערן מויל געגאַפט און זיך געוואונדערט, ווי אַזוי, אָט יענער אָ, דער הויכער, ברייט־ביינערדיקער, מיטן קוריאָזן שניפּס, לאַכט מיט אַ קוויטשעדיק געלעכטערל יעדעס מאָל, ווען ער רעדט אַרויס אַ וואָרט. דער יונגער שוישפּילער אַראָנזאָן, האָט מיט זיינע דאַרע פינגער, ווי מיט אַ קעמל, אַלע מאָל פאַרקאַמט זיינע האָר אויף אַרויף. ער האָט איצט געשפּילט די ראָל פון דעם שמש ביי שבתי צבי. זיין קול האָט באַדאַרפט צו זיין, ווי דאָס קול פון בעריל חיה מינצעס פון סאַטאַנאָוו, ווען ער האָט געוועקט צו חצות (אַזוי האָט אים דער רעזשיסאָר געזאָגט, און דערציילט ווער בעריל חיה מינצעס איז געווען). זיין פּנים האָט באַדאַרפט צו זיין בלייך, זיין באָרד שפּיציק, ער האָט באַדאַרפט אַרויסצורייד זיינע רייד באַסיק, טיפבּרוסטיק. די רייד, ווען אַרויסגעזאָגט, האָבן זיך ניט גע־טאָרט אָנרירן אין דעם הייטל פון האַלדז, און האָבן באַדאַרפט צו זיין איינגעשלייערט אין עפּעס אַזוינס וואָס עס איז אומ־באַגרייפליך און מורא־וואַרפנדיק. ער איז געווען אַן ערשט־

קלאַסיקער שוישפּילער דער אַראָנזאָן. ער האָט זיך אַזוי אַריינ־געלעבט אין זיין ראָל, אַז זיצנדיק דאָ, אין קאַפע, האָט ער פּונקט אַזוי גערעדט מיט דעם פרעמדען קול, און זיין פּנים איז אים געווען בלייך. זיינע שטעקלדיקע פינגער האָבן געלויכטן אין זייער דורכזיכטיקייט — אַראָנזאָן האָט זיך אויסגעוויינליך גוט אַריינגעלעבט אין זיין ראָל — בעקי האָט אירע אויגן ניט אַראָפּגענומען פון דעם דורכזיכטיקן מענטשן, זי האָט נאָך אַזוינס ניט געזען — זי איז געווען אינגאַנצן אַ צעטומלטע.

— ווער איז יענער מאַן? — האָט זי געפרעגט.

— דאָס איז אַראָנזאָן, פון דער „פירטער סטריט טעאַטער“ — האָט אַלדר געענטפערט.

אויף אַ סך פראַגן האָט אַלדר באַדאַרפט צו ענטפערן, יעדעס מאָל איז בעקי געוואָרן פאַרגאַפט און פאַרוואונדערט פון אַ נייעם געשטאַלט.

— און ווער איז דער? און ווער איז די? און וואָרום שמעקט אַזוי דער קעז? איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געטרונקען אַזאַ געשמאַקן וויין.

אין דער שפּעטער שעה פון דעם אוונט זיינען זיך אַלץ מער מענטשן צענויפגעקומען. אין דעם גרויס־באַלויכטענעם צימער איז געוואָרן אַלץ ענגער. טישלאַך האָבן זיך פון זיך אַליין גערוקט איינס צום צווייטן. ביז עס איז מיטאַמאָל אויס־געוואַקסן איין לאַנגער גרויסער טיש, באַזעצט פון ביידע זייטן מיט מענטשן. איבער די קעפּ האָבן זיך געהויבן שטולן. קעל־נערם אין שוואַרצע פרעק האָבן זיך געשטופּט צווישן עולם און געבעטן זיך לאָזן דורכגיין. אָט איז אַריינגעקומען די ערשטע לידי פון דעם הענריק איבסען טעאַטער. זי איז געווען הויך און דין און דורכזיכטיק. עס האָט זיך געדוכט, ווי אַ שטילער ווינט שפּילט זיך מיט איר צאַרטער הויט און איר פּנים קוועלט זיך, ווי די אויבערפלאַך פון אַ שטילן וואַסער. די ברייטע, גאָר ברייטע קריסע פון איר גרויסן הוט האָט אינגאַנצן פאַרשאָטנט איר פּנים. און שאָטנדיק, ווי מיט אַ נעבל פאַרצויגן, האָט זי געוואָרפן אירע ציטערנדיקע אויגן איבער אַלע טישלאַך.

האָט זי עמיצן געזוכט?

בעקי׳ן האָט זיך געדוכט אַז זי זוכט עמיצן. ווען דער אַקטריסעס אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף זייער טישל, האָט בעקי אַ ציטער געטאָן.

— ווער איז די פרוי? האָט זי געפרעגט.

צו זייער טישל זיינען באַלד צוגעקומען אייניקע מענטשן און זיך אַוועקגעזעצט.

אַלדר האָט זיי אַלעמען פאַרגעשטעלט פאַר בעקי׳ן — מיסטער אַראָנזאָן — דר. טירטעלבוים — דער מאָלער ווישניצקי. איינער איז געווען אַ ברייטער, מיטליאָריקער בחור. זיין קאָפּ איז געווען אַן אויסגעפּליקטער, זיין נאָז — אַ מאָדעל פון אַ נאָז — שמאָל און דין מיט לויטערע נאָזלעכער, וועלכע האָבן זיך דורכגעלויכטן אַנטקעגן שיין פון דעם ליכט. אַלע דינקייטן, אַלע פאַרבאַרגענישן, וואָס ליגן געווייינלאַך פאַרדעקט מיט שווערע מענטשלאַכע קליידער, האָט ער געקענט לייכט אָנשמעקן מיט זיין געטאָקטער נאָז. דער בחור האָט געשריבן די נייַ מאָדישע, אינטראָספּעקטיווע לידער. דעקלאַמירנדיק זיינס אַ ליד, פלעגט ער זיך אַזש פאַרהיקען. עס האָט זיך באַלד צעוויקלט אַ לייַדנשאַפטלאַכער שמועס. דער רוסישער צאַר איז שוין געווען אַנטלאָפן, קערענסקי האָט איבערגענומען די רעגירונג, דאָס חיל האָט ביסלאַכווייז אָנגעהויבן דעזערטירן, און ווילסאָן האָט פּראָקלאַמירט די פערצן פונקטן.

— וואָס זאָל טאָן די אידישע אינטעליגענץ?

— זאָל מען לויפן צוריק אין רוסלאַנד?

בעקי האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון דער שיינער אַקטריסע. זי האָט ניט געהערט אפילו קיין איין וואָרט, וואָס מען האָט דאָ גערעדט. זי האָט געזען ווי רעדלאַך בחורים קלייבן זיך אַרום דער אַקטריסעס טיש, יעדער איינער פּרוּווט דער אַקטריסע מיט וואָס ניט איז באַדינען. מיט אירע פאַרזשמורעטע אויגן האָט זי געגלאַנצט איבער אַלע ווינקלען — אָט קוקט זי שוין ווידער צו זייער טישל — בעקי איז רויט געוואָרן.

— דאָס רוסישע פאָלק איז געגליכן צו אַ וואולקאָן — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר—צענדליקער יאָרן איז עס געשלאָפן און געטראָגן דעם יאָך דעם אַרויפגעצווינגענעם, אָבער דאָרטן האָבן

זיך אַנגעזאַמלט בלינדע צערייצטע כוחות — אין זיינע געדערים זידט און קאָכט אַ ברויזנדיקע לאַווע.

— ווארום קוקט אַהער די אַקטריסע? זוכט זי אַלדד'ן? קוקט זי אויף בעקי'ן? בעקי האָט געזען, ווי די אַקטריסע לאָזט פאַלן אירע רווישלאָזע הענט אויף עמיצנס אַ פּלייצע. זי האָט געזען, ווי זי האַלט זיך מיט אַ קאַלטקייט פון אַ קעניגן. בעקי האָט דייטלאַך געהערט, ווי די אַקטריסע פרעגט זיך נאָך אויף איר.

— ווער איז די פרוי — האָט זי נאָך אַמאָל געפרעגט — איז עס דיינע אַ באַקאַנטע?

אַלעמענס פּנים'ער אַרום דעם קליינעם טישל זיינען געוואָרן נייגעריק. מען האָט אָנגעהויבן צו דרייען די קעפּ אַהער און אַהין. דער פּאָעט אינטראָספּעקטיוויסט האָט געזאָגט — זי איז דורכגעפאַלן אין איר לעצטער ראָל אַלס עדא גאַבלער, אַ קאַלאָסאַ־לער דורכפאַל געווען. ווי קומט זי צו אייראָפּעאישע ראָלן?—האָט ער געגעבן אַ קלאַפּ איבער'ן טיש — אידיליעס גיט איר, אידי־ליעס... וואו האָט זי כח צו אייראָפּעאישע ראָלן? אידיליעס גיט איר... אידיליעס... האָט איר געזען מימי אַגוליאַ? מימי אַגוליאַ האָט איר געזען? איך האָב דאָך איר אַ ליד געווד־מעט! און דונקאַן האָט איר געזען? — ער האָט אַציגעטאַן מיט די אַקסלען און פרום פאַרשנורעוועט דאָס מויל — זי איז דאָך אַ געטלאַכע! איך האָב נאָך אַזוינס ניט געזען — מען קען דאָך משוגע ווערן!!!

דעם גאַנצן איבעריקן אָוונט האָט דער פּאָעט שוין ניט אָפּגעלאָזט בעקי'ן. ער האָט צו איר גערעדט פון זיינע לידער. ער האָט איר דערציילט פון אַלע נייע ריכטונגען אין דער אידי־שער פּאָעזיע. ער האָט פאַרטיידיקט דעם פרייען פערז — וואָס מיינט איר איז משיח? — האָט ער פלוצלינג און אין סאַמע מיטן רעדן איבערגעדרייט דעם שמועס — איך מיינט טאַקי אַז עס איז פּונקט דאָס וואָס דער רבי האָט אונז אַמאָל געלערנט? עס קען אויך זיין אַזאַ משיח, וואָס אַ פּאָעט זאָל זיך אויס־טראַכטן! עס פאָדערט זיך בלויז אויפריכטיקייט. אַן אמת'ע באַציהונג. אַ פּאַרטיפּן זיך אין זיך אַליין. אָט דאָס אַ, מיסטי־

שע — דאָס ניט דערגרעדטע — דאָס וואָס מען קען אפילו מיטן שכל ניט מסיג זיין — משיח׳יזם — משיח׳יזם — דאָס איז אונ־זער משיח.

בעקי האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרגאַפטע אויגן. זי האָט ניט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט, וואָס ער רעדט. און אינמיטן שמועס איז ער פּלוצלינג נעלם געוואָרן. אַזוי אינמיטן דערינען איז ער שוין געזעסן ביי פאַרשידענע טישלאַך, אָבער פון אַלע טיש־לאַך האָט ער אַלעמאָל צוריקגעקוקט אויף בעקי׳ן און ווען ער איז צום סוף צוריקגעקומען, איז ער געבליבן אַזוי זיצן אַן אוֹמעטיק־שטילער. זיינע אויגן זיינען געווען פאַרצויגן מיט אַ דינעם טרויער, אָנגעשפּאַרט מיטן עלנבויגן אויפן טיש, האָט ער מיט דער האַנט אונטערגעשפּאַרט זיין מאָרדע. זיינע אויגן האָבן געבלאַנדזשעט איבער דער רויכיקער קאַפע, צום סוף האָט ער איר אונטערגעטראָגן זיין בוך, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין גרינעם פּאַפּיראָס פּאַפּיר.

דער שמועס ביים טיש האָט זיך צעוויקלט. בעקי איז געווען ווי איינגעוויקלט אין אַ פרעמד, ברייט קלייד. דאָס קלייד פּאַסט איר, דאָס קלייד גיט איר צו חן, אָבער דאָך איז עס פרעמד, זי האָט זיך מורא צו רירן, זי האָט מורא אַרויס־צוריידן אַ וואָרט. מיט אַן אָפן מויל — ברייט און זשעדנע זיצט זי און שלינגט די, פאַר איר פרעמדע, ווערטער.

— אידייען וואַנדערן און זוכן און אַנטפּלעקן זיך ערשט דעמאָלט, ווען זיי געפינען דעם מענטש־עקשן, דעם מענטשן מיט אַ גלויבן, דעם מענטשן, וואָס קען זאָגן טויזנט מאָל — איך — איך — איך — האָט געזאָגט דער מאָלער ווישניצקי.

דער מאָלער האָט געהאַט אַ גרויסן קאָפּ, מיט געדיכט אָנ־געוואַקסענע שוואַרצע האָר, אַ פּאָר פראַנצויזישע פּיאות האָבן זיך אַריינגעשניטן ביז אין דער העלפט פון די באַקן. בעקי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ ליכטיק פּנים.

זי איז געווען באַצויבערט. עס האָט זיך פאַר איר אַנט־פּלעקט אַ נייע וועלט. זי האָט נערוועז געציפּט די בלעטלאַך פון בוך, וואָס איז איצט געלעגן אויף איר שויס, אויף איין

מינוט, אוים אַ סעקונדע, האָט זי אַ טראַכט געטאָן פון אירע פריערדיקע באַקאַנטע, זי האָט זיי אין גערדאַנק פאַרגליכן מיט די מענטשן פון דער קאַפע. זי האָט זיך אַליין פאַר זיך פאַרשעמט.

— ווי קומט זי אַהער? ווי אַזוי איז זי אַהער פאַרגאַנגען? ווי אַזוי וועט זי פון דאַנען ארויסקריכן? זי וועט זיך דאָך דאַרפן אויפשטעלן, און דעמאָלט וועלן דאָך אַלע זי אינגאַנצן ארויסזען, אינגאַנצן; איר פּנים, אירע הענט, איר נשמה, איר פריערדיק לעבן, אירע חברים און חבר׳טעס...

זי האָט זיך צוריק איינגעוויקלט אין שטול.

אלדד איז שוין געווען אויפגערעגט, מיט עפּעס האָט אים עמיצער אַנגערירט.

— מען דאַרף אַלץ אויספּרואוון מיט אַ שווערן האַמער און אַ פלאַקערדיקן פייער — האָט ער אַן אויפגערעגטער געזאָגט — אַלץ וואָס איז שוואַך, וועט דעמאָלט אומקומען, אַלץ, וואָס איז ווערט צו פאַרבלייבן וועט פאַרבלייבן — ניט קיין רחמנות ווילן מיר, און ניט קיין איינזעהעניש מיט אונזער אומגליק — מיר ווילן זיג!

— זיג איבער וועמען? מיט וועמען פּירסטו דען אַ קאַמף? האָט דער מאָלער געפרעגט.

— צוערשט איבער זיך אַליין — האָט אלדד געענטפערט — דערצי צוערשט זיך אַליין — געפין דיין אייגענעם אומקום. ווייל אַ מענטש, אָדער אַ פאָלק, וואָס קומט אום, האָט אינגאַנצן ניט קיין פּראָבלעמען.

— ביזטו דאָך טאַקי דער מענטש, וואָס איך זוך — האָט שוין דער מאָלער געלאַכט — איך זוך דאָך טאַקי אָט דעם עקשן, דעם אידייען טרעגער... אַ נו, נעם נאָר די ליולקע אין מויל אריין, לאָמיר נאָר זען, ווי דו וועסט אויסזען...

דער מאָלער האָט געשטופּט זיין אייגענע ליולקע צו אלדד׳ן אין מויל אריין. אלדד האָט אָפּגעשטופּט זיין האַנט.

— איך וויל דאָך דיך מאָלן, גולם איינער — האָט דער מאָלער געזאָגט.

— ענד וואהט אבאוט יו, — האָט ער זיך אומגעקערט צו בעקי׳ן — האָסטו גאָר ניט, וואָס צו זאָגן ?

בעקי איז רויט געוואָרען. זי האָט שוין גאָר וואָס צו זאָגען. איר געפעלט זיינע פראַנצויזישע פּיאות׳ן.

איז ער שוין אליין אויך רויט געוואָרן. בעקי׳ס קאָמפּלי־מענט האָט געוואַרעמט זיין פּנים. אזוי זייטיק גיט ער איר א זאָג, אַז אזוינע אָ אויגן וואָלט ער געוועזן א בעלן אָפּצומאָלן. ער זוכט שוין אייגנטלאַך לאַנג אזוינע אויגן צו מאָלן. עס וואָלט געוועזן א פיינע אידייע אָפּצומאָלן בלויז צוויי אויגן — איבער׳ן גאַנצן שטיק לייוונט וועט זיין א וואַסער, אַן אָפּגרונט, צו דער הימל, און פון מיטן וועט אַרויסקוקן צוויי אויגן — מער ניט, ווי א פּאָר אויגן . . .

— הער, אלדה, ווי געפעלט דיר עפּעס אזא מין אידייע ?

— ביי די זייטן וועט אָבער מוזן אַראָפּהענגען אַ פּאָר פראַנצויזישע פּיאות . . . שמייכלט בעקי.

— ווי קלוג זי איז. און אזוי טרעפנד — וואו צום טייפל האָסטו געכאַפּט אזא מיידל ? דו, אלדה, האָסט מזל. אייגנטלאַך מער ניט, ווי מזל. ווען מען פאָרט אוים א גאַנצע וועלט, טרעפט מען דען אזא פּעטער !

בעקי איז שוין אינגאַנצן פריילאַך. זי איז שוין איינגעזעסן אין דעם שטול, קוקט שוין פריי אין דעם ביכל און עס געפעלן איר ניט די לידער — ווערטער, ווערטער, וואָס לאָזן איר צו הערן די ווערטער ? זי אליין האָט א פול מויל מיט קלוגערע ווערטער. זי וואַרט בלויז מען זאָל שוין אַרויסגיין אין דרויסן, זי וועט היינט אלדר׳ן א סך קלוגע ווערטער זאָגן . . . זי וועט אים אלעס זאָגן . . .

זייענדיק שוין אין דרויסן איז אלדה, מיטאַמאָל, געוואָרן אומעטיק. ער איז געוועזן שוין אַן אומעטיקער נאָך זיצנדיק אין דער קאַפע.

אים האָט זיך פאַר דער לעצטער צייט אַלץ געדוכט אַז די מענטשן אין קאַפע האָבן אָנגעוואָרן זייער פריערדיקן צוטרוי צו אים. אים האָט זיך געדוכט אַז ער ווערט אַן דעם באָדן אונטער די פיס. דער גאַנצער שמועס, האָט זיך אים געדוכט, איז זייערער —

ניט זיינער. דער טומל, וואָס איז געלעגן אין יענע ווענט איינגע־שלאָסן אין דער רויך אונטער דער סטעליע — אַלעם איז איצט גע־שטאַנען פאַר אים פרעמד און ווייט און ניט זיינס. ער האָט קאַלט גענומען בעקי׳ן פאַרן אָרעם, צופוס זיינען ביידע געגאַנגען ביז צום סענטראַל פּאַרק.

עס איז שוין געווען אין פריען פאַרטאָג.

— לאָמיר אַזוי גיין ביז מיר וועלן אינגאַנצן פאַרמאַטערט ווערן — האָט ער געזאָגט.

בעקי האָט שוין אינגאַנצן אָנגעוואָרן איר מוט. דאָס וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן איז געבליבן שטעקן אין מויל. זיי האָבן איבערגעשניטן דעם פּאַרק, זיינען אַרויסגעקומען אויף דער „וועסט־סייד“, מיטן געדרייטן וועג, וואָס ציט זיך ביים שטיינ־נערדיקן פלויט אינעווייניק אין פּאַרק, זיינען זיי געגאַנגען און געגאַנגען. עס איז געווען שטיל. מען האָט ניט געזען קיין לעבעדיקן מענטשן.

— וואָרום שווייגסטו ? וואָרום רעדסטו צו מיר ניט ? — האָט בעקי מיטאַמאָל געזאָגט.

— ווייל רייד זיינען גאָרניט — האָט אַלדד געענטפערט — רייד פאַרשלייערן שטענדיק דעם אמת — ווי אויפריכטיק זאָלסט ניט וועלן זיין — ועסטו שטענדיק זאָגן דאָס קאַפּוירדיקע וואָרט. אַ מענטש זאָגט קיינמאָל ניט דאָס, וואָס ער וויל זאָגן.

עס איז געווען דאָס שטילקייט אין דעם גרויסן פּאַרק, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף אַלדד׳ס געדאַנק. מיט דעם פאַרבאָרגענעם שווייגן זיינען די דיקע בוימער געשטאַנען איינ־געוויקלט אין זייער אייגענער פינסטערקייט.

בעקי האָט אין שרעק זיך געטוליעט צו אַלדד׳ן.

— איך האָב קיינמאָל אַזוי ניט געטראַכט — האָט זי פלוצלינג געזאָגט — דו האָסט איבערגעבראָכן מיין לעבן.

— און אפשר מיין לעבן אַליין אויך צעבראָכן — האָט ער שטיל געענטפערט.

— וואָרום בין איך מיטאַמאָל אַזוי געוואָרן גייציק ? — האָט ער ווייטער געזאָגט — מענטשן וועמען איך האָב ביז איצט געשימפּט זיינען געוואָרן מיינע קאַמעראַדן. ביזטו ניט שול־

דיק אין דעם אַלעמען? שטענדיק ווען איך טראַכט פון דיר — איז שטענדיק מיין געדאַנק פאַרבונדן מיט רייכקייט, מיט געלט, מיט לוקסעס — ווער ביזטו, מיידל, וואָס האָסט מיין דורשט נאָך גאָלד אויפגעוועקט? וואָרום האָסטו ניט חתונה מיט דזשאָנען? מיט אים וועט דאָך דיר זיין גוט. ער איז דיין מענטש דאָך.

— איך וואָלט אפשר פריער מיט אים געוועזן חתונה געהאַט — איצט קען איך ניט.

— וואָרום קענסטו ניט?

— ווייל איך קען דיך.

— וואָס קענסטו דען אין מיר?

— איך ווייס ניט וואָס איך קען אין דיר — אָבער איך קען ניט קוקן אויף דזשאָנען.

אלדד'ן האָט מיטאַמאָל באַשלאָגן אַ פרייד. איבער זיין האַרץ האָט זיך מיטאַמאָל צעשפּרייט אַ קינדישע לייכקייט. לייכט שפּילעוודיק איז מיט אַמאָל געוואָרן זיין גאַנג. ער האָט טיפער אַריינגעשטופּט זיין האַנט אונטער בעקי'ס אָרעם, בעקי האָט צוגעדריקט זיין האַנט צו איר ברוסט, ער האָט אָנגעהויבן דערציילן שפּאַסיקע מעשיות.

בעקי האָט געלאַכט, זי האָט זיך איינגאַנצן אין אים אַריינגענורעט. אלדד האָט זי אַרומגענומען. איר לייב האָט געשמעקט, איר אָטעם איז געווען ווי פרישע אָפּגעשניטן היי.

— ווי אַזוי וועט זיך בעקי פילן אין אלדד'ס קרייז? ווי אַזוי וועט אלדד'ס קרייז אויפנעמען בעקי'ן?

זיי זיינען אַרויס פון פּאַרק, אלדד האָט אָפּגעשטעלט אַ „טעקסי" און זיי זיינען ביידע אַהיים געפאָרן.

## 8

— קלאַפּ-קלאַפּ-קלאַפּנדיק-קלאַפּ — — — — —

עטעל האָט זיך אָנגעטאָן אַ שוואַרץ זיידן קלייד. מיטן שוואַרצן שטרויענעם היטעלע אויפ'ן קאָפּ, און זי איז אַזוי אַרונטער געפאָרן אויף דער „איסט-סייד".





א גאַנצן טאָג האָט זיך עטל אַלע מאָל אַנגעטאָן און אַלעמאָל אויסגעטאָן און זיך ניט געקענט באַשליסן אויף איר גאַנג. יעדעס מאָל ביים אָנטאָן דעם הוט, און יעדעס מאָל ביים אויסטאָן דעם הוט, האָט זי געוויינט, און וויינענדיק האָט זי מורא געהאַט עמיצער זאָל זי ניט זען. צום סוף האָט זי זיך שטילערהייט אַרויסגעשאַרט פון איר שטוב, זיך פאַרנומען מיט א זייטיקער גאַס און איז אַוועקגעפאָרן.

זי איז אַזוי שטילערהייט פאַרפאָרן אויף גרענד סטריט, און נאָך שטילער איז זי אַריין צום שדכן. פון אַלע זייטן, אַרומקוקנדיק זיך, האָט זי זיך, ווי אַריינגע'גנב'עט צו דעם שדכן אין שטוב אַריין, מיט א ציטריק קול, און מיט א פּנים פול מיט שאַנדע, האָט זי קוים געענטפערט אויף זיינע פראַגן און אָנגעגעבן איר אַדרעס.

אַהיים קומענדיק האָט זי דעם גאַנצן אָוונט אויסגעמיטן די שטוביקע, מיט קיינעם קיין וואָרט ניט גערעט, זי איז אפילו ניט אַרויסגעקומען צום אָוונטברויט.

און אין א וואָך אַרום, א שבת צו נאַכט, איז צו די עטינגערס אין שטוב אַריינגעקומען א יונגערמאַן.

ער איז געווען א נידריקער, מיט א געל ברייט פּנים, מיט אַן איינגעפּלעטשטשטער מאַנגאָלישער נאָז. זיינע האָר זיינען געווען גלאַטע, ברוינע, אין מיטן מיט א שרונט, און זיי האָבן גע־גלאַנצט מיט די פעטע שמיראַכצן. אין וואָס זיי זיינען געווען איינגעשמירט. מען האָט דעם מאַן גערופן מאָריס זובאָווסקי.

עטל האָט אים אַריינגעפירט אין דעם פליגעל, וואו עס האָבן געוואוינט די קינדער. זי האָט צוגערופן אסתר'ן און אים פאָרגעשטעלט פאַר איר, און איבערלאָזנדיק אים אין דעם אויפנאַמסצימער, איז זי אַליין צוריק אַוועקגעגאַנגען.

מאָריס זובאָווסקי איז געווען א קליינער סוחר. עס איז געווען פונקט א יאָר, זינט ער האָט אויפגעגעבן די שטעלע אין דער „אַמעריקען רעדי טו ווייהר קאָ.". און אַליין,, מיט די אָפּגעשפּאָרטע פאַר דאָלער געעפנט א קליינע שניט קראָם. נאָר גלייך ביים עפענען די קראָם, האָט אים שוין אויסגעפעלט געלט, ווייל גלייך נאָך די ערשטע פאָר חדשים, איז זיין קליינער קאַפּיטאַל

צערונען געוואָרן, און שוין באַלד א יאָר צייט, ווי דער מענטש מוטשעט זיך. איז ער איינמאָל אין א פרימאָרגן אויפגעשטאַנען, גלאַט אָפּגעגאָלט זיין פּנים, איינגעשמירט זיינע האָר אין שמע־קעדיקע זאַלבן, אָנגעטאָן דעם זונטיקדיקן אנצוג און איז אוועק אין א שדכן׳ס ביוראָ.

— איך דאַרף געלט — האָט ער געענטפערט דעם שדכן — דאָס מיידל מעג זיין ניט אזוי שיין — דער עיקר אַבי זי האָט געלט . . . איך שטיי אין ביזנעס — און היינטיקע צייטן אויב מען פאַרמאָגט ניט צום ווייניגסטן אייגענע צען טויזנט — קען מען גאָרניט טאָן . . .

— און פון דינסט זיינט איר פריי ? — האָט געפרעגט דער שדכן.

— אָ, דאָס האָט מען שוין „געפיקסט" — האָט מאָרים זובאָווסקי מיט א מינע פון זעהר א קלוגן מענטשן געענטפערט — איך האָב אַלטע טאַטע־מאַמע צו „סופּאָרטן" — און מיט א פּאָר דאָלער „יו נאָו".

דער שדכן האָט אים געגעבן עטלאַכע רעקאָמענדאַציעס. דער שדכן האָט שוין געהאַט אין א קליין טישקעסטל אַנגעגרייט אַזעלכע געדרוקטע קאַרטלאַך, וואו ער האָט בלויז באַדאַרפט אריינ־דרוקן דעם נאָמען, — „האַבע די הערע אינען פאָרצושטעלען מיסטער מאָריץ זובאָווסקי. איינער פוירסט קלעם געשעפטסמאַן — א מאַן מיט איינער גראָסער אָפּאָרטוניטי. פון פיינער פאַ־מיליע, און העכסט אנשטענדיק. ביטע געפעליגסט אים אויפ־נעמען".

— גאָרניט קיין גרינער — האָט מאָרים געטראַכט איבער־לייענענדיק דאָס קאַרטל — דער מענטש האָט א סיסטעם, פאַר־שטייט זיינע געשעפטן. מאָרים האָט באַטראַכט דאָס מעבל אין דעם צימער, ער האָט באַקומען דרך ארץ פאַר דעם מאַן — ביי אים קען מען קריגן די ריכטיקע סחורה — האָט ער גע־טראַכט.

ביי די עטינגער׳ס האָט שוין מאָרים זובאָווסקי אויסגעטיילט דאָס דריטע קאַרטל. ער איז שוין געווען אין צוויי הייזער. אין איין פּלאַץ איז געווען א שיין מיידל, אָבער זיי האָבן אינ־

גאַנצן פֿאַרמאָגט, אַרום און אַרום, צוויי טויזנט דאָלער. מאָריס איז געוואָרן אויפֿגערעגט אויפֿן שדכן. ער האָט זיך גלייך אויפֿגעהויבן און פּאַר אָלעמען אין די אויגן, האָט ער גלייך, הויך אויף אַ קול פּראָטעסטירט — „סאָם נווירוו" — האָט ער געזאָגט — אַ מענטש, ווען איך זאָג אויסדריקלאַך, וואָס איך וויל, נעמט און שיקט מיך אין אַ הויז וואו עס איז נישטאָ קיין גראָשן געלט — הפּנים מיין צייט קאָסט אים קיין געלט ניט.

אין דער צווייטער הויז איז געווען אַ מיידל אַ גאַנץ נישט־קשה'דיקס, היינמאַדיש אָנגעטאָן, מיט רויטע שיכלאַך אויף די פּיס, מיט פּודער אויפֿן פּנים, און מיט געפֿאַרבטע ליפּן. די מאַמע איז נאָך געווען גאָר אַ יונגע. איר מאַמע איז געווען אַזוי יונג, אַז מאָריס האָט צוערשט ניט געוואוסט, ווער עס איז די מאַמע און ווער עס איז די כּלה, און מען האָט אים דאָרטן אויפֿגענומען מיט טיי און מיט איינגעמאַכטס.

— אפשר ווילן זי צובייסן — האָט די מוטער זייער איידל געפֿרעגט.

— דאַנקע שען, — האָט מאָריס געענטפֿערט — ערשט געגעסן אין „סיינט־רידזשעס". כאָטש די מאַמע קריגט באַצאָלט פֿאַר'ן עסן, גלייך איך פֿונדעסטוועגן צו עסן אין „סיינט־רידזשעס" — פּיור אַמעריקאַן פֿוד, יו נאָו."

ווען דאָס מיידל איז דערנאָך, אויף דער מאַמעס וואונק, אַרויס פֿון צימער, האָט מען אָנגעהויבן ריידן „ביזנעס". די מוטער האָט ברייט, מיט אַן אָנגעבלאָזענעם דריי גאָרנדיקן גוידער, איס דערציילט אַז זיי זיינען גאָט צו דאַנקען, ניט צו פֿאַרזינדיקן — אָלרייט, — און ווען עס זאָל זיך נאָר מאַכן אַ גוטער „מעטש" קענען זיי „רייזען" אפילו אַזוי הויך ווי פֿינף טויזנט „קעש" — גאָט זיי דאַנק, פֿון געלט רעדט מען ניט.

מאָריס האָט שוין איצט פֿאַרשטאַנען אַז צען טויזנט דאַרף ער זיך שוין אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ — קיין צענער טויזנטער וואַלגערן זיך ניט אין די גאַסן — האָט ער געטראַכט — בלויז אין שדכנ'ס אָפּיס וואַרפֿט מען זיך מיט טויזנטער. אין לעבן איז שווער אַזוינס צו באַקומען... ריידן איז לייכט —

אָבער טאָן איז שווער — מיט דער צונג — נאַ דיר צען, נאַ דיר צוואַנציק — אָבער אַ נו גיב נאָר אַהער, ברודערל!

מאָרים איז געפעלן געוואָרן דאָס מיידל. אים איז געפעלן די מאַמע. זי האָט גערעדט מיט ווייכע, זיסע ריידלאַך — זי קען מאַכן פיש און טאָרט — האָט די מאַמע פאַרגעשטעלט די טאָכטער — אפשר ווילן זי פאַרזוכען אַ שטיקעל פיש? עס איז דאָך ניט קיין בייגל פאַר אַ גראָשן, וואָס מען קויפט איינס און צוויי, זי מעגן פאַרזוכן אַ שטיקל אייגן געמאַכטן טאָרט.

מאָרים איז געוואָרן פאַרכאַפּט. ער האָט שוין שיעור ניט אוועקגעגעבן דעם „דיימאָנד־רינג", טאַקי נישט מער, ווי אַז ערגעץ זיצט אַ גרויסער גאָט און פירט זיין וועלט. עס איז געווען פונקט, ווי עמיצער וואָלט אים פאַר דער האַנט אַ שלעפּגעטאָן — האַלט זיך נאָך איין אַביסל, מאָרים.

— מירן זיך איבערלייגן — האָט ער צום סוף זיך אויפגעהויבן — אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך אינעז לאָזען וויסען.

טאַקי ממש, ווי עמיצער וואָלט אים פאַר דער פּאָלע אַצי געטאָן — מען דאַרף דאָך ניט כאַפּן, און מען קען דאָך נאָך אַ פּאָר אָנקוקן — ווען אַ מענטשן איז באַשערט אַ גליק...

— קלאַראַ! האָט די מאַמע אַרויסגעשריען פון צימער — דער „דזשענטלמען" גייט אוועק! זאָג דעם „דזשענטלמען גוד־ביי".

— „גוד־ביי דזשענטלמען, — האָט קלאַרע געזאָגט — „קאַל עגעין!"

— „עס ווערי פּליזט טו מיט יו". האָט מאָרים געענטפערט.

די מאַמע האָט געקוואָלן, זייער שטאַרק געקוואָלן פון דער טאָכטערס רייד. זייער זייער געקוואָלן.

ווען מאָרים איז נאָכער צוגעקומען צו עטינגערס הויז איז ער צעטומעלט געוואָרן. ער האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס איז די הויז. ער האָט נאָך אַמאָל אַרויסגענומען דעם אַדרעס און אויפ'ס'ניי איבערגעלייענט דעם נאָמען — עס איז פּאָרט געווען די הויז. נאָר פונדעסטוועגן האָט ער זיך פּאַר אַ ווייל[ע] געדרייט אַראָפּ און אַרויף דער גאַס. די גאַס איז געווען אַ שטילע, אין דרויסן איז געווען פינסטער, פון דעם גרויסן אויפנאַמסצימער ביי די עטינגערס, האָט אַרויסגעשלאָגן

א ברייטע ליכטיקייט און באַלויכטן ביז אַ העלפט פון דעם אַריינ־גאַנג. מאָרים האָט זיך צום סוף אַנגענומען מיט מוט, פאַר־שפּיליעט זיין ראָק, מיטן געפיל פון אַ גוטן „סיילסמאַן“, און מיטן באַוואוסטן ווערטל דאָס „סיילסמאַנישע“ — אַז אַ גוטער פאַרקויפער איז דער, וואָס קען אַריין קומען אין יעדער שטוב אַריין, און אַז אויב מען וואַרפט דיך אַרויס פון איין טיר, גיי אַריין אין אַ צווייטער — איז ער צוגעגאַנגען, אַנגעקלונגען, איבער־געגעבן עטעל'ן דאָס קאַרטל, און עטעל האָט דערנאָך מיט איידל־קייט אויף איר פּנים, אים פאַרגעשטעלט פאַר אסתּר'ן.

א גאַנצע שעה איז שוין מאָרים געזעסן ביי די עטינגערס אין שטוב, עם זיינען דערווייל צוגעקומען נאָך מענטשן, ביטרים און בלענדזש און וויל און וואַלטער. קיינער האָט מיט אים קיין וואָרט ניט גערעדט, און ער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט קיין וואָרט. ער האָט בלויז גערויכערט דעם סיגאַר, וואָס ער האָט מיט זיך אין דער וועסט קעשענע געבראַכט. פון דעם סיגאַר האָט ער געפילט אַ זיסן טעם אין זיין מויל, און אים האָט זיך געדוכט אַז ער האָט נאָך קיינמאָל פריער ניט גערויכערט אַזאַ סיגאַר ער האָט געבלאָזן וואָלקנס רויך, און זיי צעלייגט איבערן גרויסן צימער. — די גאַנצע שעה אַזוי, האָט ער גערויכערט און געקוקט און נאָך אַלץ באַטראַכט דאָס מעבל און די ווענט, און די שווערע פאַרטירן. אין פראָנט פון אַ ווייב־פּלושענעם שטול, אויף וועלכן עם איז געזעסן ביטרים, איז געלעגן אַ פעל פון אַ ווייסן בער. מאָרים'ן האָט זיך געדוכט, אַז דער בער מיטן אָפענעם מויל, קען יעדע מינוט זיך געבן אַ וואָרף אויף אים, און אים אַזוי אַ לעבעדיקן איינשלינגען — און עס קען אים איינשלינגען דאָס ווייבע מעבל. ער האָט יעדעם מאָל אַנגעטאַפּט דעם שטול, אויף וועלכן ער איז געזעסן, מיט ביידע הענט, אָנשפּאַרנדיק זיך אַן שטול, האָט ער זיך אַלעמאָל אַביסל אויפגעהויבן, כּדי צו פילן דעם איינענעם לעבעדיקן גוף.

איבערן צימער איז אַנגעגאַנגען אַ לעבעדיקער שמועס. וואַלטער האָט היינט געשאָסן פון אַ קאַנאָן אויף דער שלאַכט שיף „מילטאָן דזשעקסאָן“. בלענדזש האָט געקראָגן אַ בריף פון דייוו'ן און ווער האָט דען ניט גערעדט אין יענעם טאָג

פון דער גרויסער געשעניש וואָס האָט געטראָפן מיט דער אמע־ריקאַנער אַרמיי אויף דעם פראַנצויזישן שלאַכטפעלד? איין אַמעריקאַנער באַטאַליאָן האָט גאַנצע דריי טעג אָפּגעהאַלטן אַ דייטשן רעגימענט, ביז וואַנען עס זיינען אָנגעקומען דאָס פראַנ־צויזישע חיל.

— נאָך וואָס האָט מען מיך געשיקט אַהער? — האָט מאָרים געטראַכט — ווער קוקט זיך דען אום אויף מיר?

אים האָט נאָכאַמאָל פאַרדראָסן אויפן שדכן — אָדער ער שיקט אים אין אַ הויז וואו עס איז נישטאָ קיין סענט געלט, אָדער אין אַ מיליאָנער'ס אַ הויז — ווער וועט זיך דען אויף מיר אומקוקן דאָ?

מאָרים האָט זיך געוואונדערט און נים געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי מען פירט דאָס אָרדנונג אין אַזאַ גרויסער שטוב. ווי אַזוי ווייסט מען דאָ, אין דעם צימער, ווען עמיצער קומט אָן? אָט איז צוגעקומען נאָך אַ מענטש, און נאָך אַ מענטש — ער האָט נים געהערט דאָס גלעקל קלינגען, ער האָט נים געזען קיינעם די טיר עפענען. ווי אַזוי זענען אַלע אריינגעקומען?

— וואָרום רוקט איר זיך נים צו נענטער, מיסטער זובאָוו?

— האָט אסתר צו אים געזאָגט, — באַקענט זיך!

— ווי אַזוי האָט אסתר אַזוי פלינק איבערגעלייגט זיין נאָמען פון „זובאָווסקי“ אויף „זובאָוו“? עס האָט געקלונגען קורץ און ענגליש־קלינגענדיק, דער נאָמען „זובאָוו“. מאָרים האָט זיך געוואונדערט.

— אַ דאַנק, — האָט ער געזאָגט, — מען דאַרף שוין גיין. שוין צייט צו גיין.

מאָרים האָט נים באַדאַרפט צו גיין. צייט האָט ער געהאַט גענוג. אָבער עפּעס האָט אים געגעבן אַ שפּאַר אין האַלדז אריין. ער האָט געמוזט עפּעס זאָגן. ער וואָלט אפשר דערשטיקט גע־וואָרן, ווען ער רעדט נים אַרויס קיין וואָרט, און ער וואָלט אפשר דערשטיקט געוואָרן, ווען ער בלייבט נאָך דאָרטן זיצן — ער האָט זיך אויפגעהויבן.

— „אי האָפּ טו סי יו אגעין“ — האָט אסתר געזאָגט.

— „טענק יו“ — האָט געענטפערט מאָרים.

— „יו אר וועלקאַם, אי עם שור“ — האָט געזאָגט אסתר.
— „גוד נייט“ — האָט געענטפערט מאָרים.

גייענדיק אהיים, האָט מאָרים זובאָווסקי דעם גאַנצן וועג געטראַכט פון דער הויז. יעדע מינוט האָט ער זיך דערמאָנט אָן עפּעס אַן אַנדער אַנטיקעל, און יעדע סעקונדע האָט ער געטראַכט פון די מיידלאַך און פון די בחורים. ער האָט געטראַכט ווי קלוג אסתר האָט זיין נאָמען איבערגעלייגט — פון היינט אָן און ווייטער, הייס איך שוין „זובאָוו“ — האָט ער באַשלאָסן, — „ריעל אַמעריקען“ — פון היינט אָן און ווייטער אויס „קייק“ — אויס גרינהאָרן — אויס זובאָווסקי — אויס מאָרים — וואָס אויס? אויס וואָס?
— קלאַפּ — קלאַפּ — קלאַפּנדיק-קלאַפּ — —
אַריינקומענדיק אין זיין אייגענער שטוב, האָט מאָרים לאַנגזאַם און מיט ווירדע אַראָפּגעצויגן דעם ראָק, אויפגעהאַנגען דעם הוט, און נאָך אַלץ דרייענדיק דעם גראָבן סיגאַר צווישן די ציין, האָט ער אַזוי נאַכלעסיק, ווי פון צווישן די ציין, אַרויסגעצויגן זיינע ענטפערס אויף דער מאַמעס פראַגן:
— אודאי געווען. אודאי געזען. וואָס דען, כ'האָב ניט געזען?
מאָריסן האָט זיך געדוכט, אַז שוין איצט שטייט ער מיט אַזוי פיל קעפּ העכער פון אַלע שטוביקע. ער קומט פון אַ מיליאָ־נערס אַ הויז. אַלעס איז דאָרטן מיט אַזוי פיל צערעמאָניעס, מיט אַזוינע געשליפענע רייד, ברייטע ליכט און הויכע סטעליעס. טיף ווייך מעבל און קלינגענדיק מיידלש געלעכטער. אָט קען ער נאָך חלילה איינשמוצן זיינע הענט אין דעם אָרימען הויז זיינעם — זיינע קליידער — — —
— פּאַוואָליע מאַמע — האָט ער נערוועז אויסגעשריען — זע, ווי דו גייסט! קענסט נאָך מיין ראָק אויסשמירן!
ער האָט ווידער געטראַכט פון דער הויז. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די ברייטע שטיינערדיקע טרעפּ, וואָס זיינען געווען באַדעקט אין סאַמע מיטן מיט ווייכן רויטן סאַמעט. אָן די צוויי לייבן, וואָס זיינען געלעגן ביים אַריינגאַנג — די

לייבן מוזן באַטרעפֿן אַ געוואַלד מיט געלט — אודאי טויזנט דאָלער אַ שטיק.

— האָסטו כאָטש עפּעס רעכטס אָנגעקוקט? — איז די מאַמע צוגעשטאַנען.

מאָרים האָט אויף איר אַ קוק געטאָן — ווען זי וויסט, וואָס ביי אים אין האַרצן טוט זיך?

— מאַמע! ווען דו ווייסט כאָטש וואו איך בין געווען! אין אַ מיליאָנערס אַ שטוב! מיט גאָלד זיינען דאָרט די ווענט באַהאַנגען! אַזעלכע אַ, טיפּע „קאַרפּעטס" ליגן דאָרטן! — מאָרים האָט אויפגעהויבן זיין האַנט אַ יאַרד די הויך — אַזוינע אַ, הויכע! ווי אויף אַן איבערבעט גייט מען דאָרטן!

— און ווי אַזוי האָט מען דיך דאָרטן אויפגענומען?

מאָרים האָט אויסגעמיטן דעם ענטפער.

— ניט בלויז איינע האָב איך געזען — האָט ער געזאָגט — אין דריי הייזער בין איך געווען. אַ גרינהאָרן אַ שדכן נעמט, און שיקט מיך אין אַ הויז, וואו עס איז נישטאָ אפילו קיין איין סענט! — „סאָם נוירוו" האָב איך איר געזאָגט — זי מיינט אַז מיין צייט קאָסט קיין געלט ניט.

אינסטינקטיוו האָט מאָרים געזוכט עפּעס אַ באַרעכטיקונג פאַר זיין אַריינגיין צו עטינגערן אין שטוב אַריין. און דערמיט וואָס ער האָט איצט גערעדט פון יענער אָרימער הויז, איז ער אין זיינע אייגענע אויגן אויסגעוואַקסן אַ סך רייכער, ווי ער איז אין אמת'ן געווען. ער האָט שוין מיט צופרידנקייט געטראַכט דערפון, מיט גדלות געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף זיין מאַמע'ן, אים האָט זיך שוין אויף אַן אמת געדוכט, אַז ער שטייט מיט אַזוי פיל קעפּ העכער פון אַלע שטוביקע מענטשן.

— דו האָסט באַדאַרפט זען, ווי זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר מיר, דאָרטן אין דער ערשטער הויז, די גאַנצע צייט, וואָס איך בין דאָרטן געזעסן, האָבן זיי אפילו קיין איין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. די כלה איז געזעסן, ווי אַ שטומע, זי האָט געקוקט אויף די ווענט און אויף דער סטעליע און אויף מיר — קיין איין וואָרט האָט זי ניט גערעדט.

— „איי האָפּ טו סי יו" — האָב איך געזאָגט.

— „טענק יו" — האָט זי געענטפערט.

מאָרים האָט ניט געהערט, אַז דאָס חזר'ט ער גאָר איבער זיינע אייגענע רייד, און אסתר'ס רייד,ביים אַוועקגיין פון עטינגער'ס שטוב. ער האָט דאָס ניט געהערט, און ניט געוואָלט הערן. ער האָט אַלערליי חלומות גע'חלומ'ט. ער האָט שוין אויס־געהערעכנט וואָס ער וועט טאָן מיטן געלט.

מאָרים האָט אַזוי גערעכנט וואָס ער וועט טאָן מיטן געלט, און זיך געפרייט מיטן קומענדיקן גליק, ביז ער האָט זיך אריינגעלייגט אין בעט אריין. נאָר קוים האָט ער נאָר פאַר־מאַכט זיינע אויגן, אַזוי איז פאַר אים ווידער אויסגעוואַקסן עטינגערס שטוב, און דער פריילאַכער זשום, וואָס האָט זיך אין זיינע אויערן אַנגעקליבן, און פון דעם גאַנצן בילד שיינקייט, וואָס ער האָט דאָרטן געזען. עס איז פאַר אים געוועזן אַ גאַנץ האַרמאָניש בילד. קיין איינציילהייטן האָט ער ניט געדענקט, ער האָט אפילו ניט געדענקט אסתר'ס פנים, אַבער ווער דאַרף געדענקען אסתר'ס פנים און ווען גייט עס אָן ווי זי זעט אויס? געלט האָט זי, אַ רייכער טאַטע אין ווען זיך אַנצו־שפאָרן וועט זיין, איז וואָס דאַרף מען מער?

— אַבער ווי אַזוי קומט מען אַהין? ווי אַזוי וועט ער אַ צווייטן מאָל קענען באַטרעטן יענע שוועל? מיט וואָס פאַר אַן אויסרייד, וועט ער אַהין קומען? זיי האָבן דאָך אפילו אויף אים זיך ניט אומגעקוקט?

אויף אַ מינוט האָט ער ווידער אָנגעהויבן טראַכטן פון די צוויי אָרימע הייזער, (ער האָט בלויז געטראַכט פון די הייזער, ניט פון די מיידלאַך) און ביי דעם געדאַנק איז אים ווידער גוט געוואָרן. ער האָט ווידער צוריקגעקראָגן זיין מוט, און אַ מוטיקער האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט:

— עס איז נישטאָ אַזאַ קונה, וועמען זאָלסט ניט קענען פאַרקויפן די סחורה. דאַרפסט בלויז האָבן געדולד און אויס־דויער — געדולד און אויסדויער — ביז ער איז איינגעשלאָפן, האָט ער שוין גע'חזר'ט די ווערטער — געדולד און אויסדויער.

9

בעקי האָט זיך געגרייט פאָרן צו דייוו'ן אין קעמפּ.

פון גאַנץ פרי אָן האָט זיך שוין געטומלט ביי די עטינגערס אין שטוב, און פון גאַנץ פרי אָן איז שוין געשטאַנען אַ געגרייטער טיש מיט אַלערליי געבעקסן. געבעקס און פרוכט זיינען אויך געשטאַנען גרייט איינגעפּאַקט אין שטרויענע קאָשיקלאַך: בלענטש איז געווען נערוועז. אַ גאַנצע נאַכט איז זי ניט געשלאָפן. איר פּנים איז געווען בלאַס, די אויגן־דעקלאַך האָבן אַראָפּגעהאַנגען מידע און קעמפּנדיקע. שוין אפשר צום צענטן מאָל האָט זי אָנגעמאָסטן אַלע מאָל אַן אַנדער קלייד און ניט געקענט באַשליסן, וועלכעס עס פּאַסט איר בעסער.

זי האָט צום סוף אָנגעטאָן בעקי'ס ווייסע „געפּליטעטע סקוירט", אויף איר נאַקעטער פּלייצע האָט זי אַרויפגעוואָרפן אַ בלאַס־גרינעם „סוועטער", און דורך די קליינע לעכעלאַך פון דעם דאָזיקן מלבוש האָבן אַרויסגעבליצט, ווי קעפּלאַך פון שפּילקעס איר ראָזעווע הויט.

— מיין טייַערע, מיין שיינע, דו ביזט ווי אַ „דאָל" — האָט בעקי זי פּלוצלינג אָנגעהויבן קושן.

— ווי אַ יונג, גרין בוימל, — איבערן צימער האָט זיך צעלייגט אַ ריח פון שמעקעדיקע רויזן — זיי זיינען געווען ריין איינגעוואַשענע — אין צימער האָט אַריינגעשיינט די מאָרגן זון — הויכע ווייסע ווענט האָבן געבלענדט אין זייער קלאָרקייט — אַ קלינגענדיק, פריילאַך, יונג קול האָט זיך צעלייגט איבערן גרויסן צימער:

O, where did I see my boy,
The Tall and Slender Khaki boy
**It was not in the field,**
And t'was not in the lane
**O, where did I see my boy.**

אין דרויסן האָט געוואַרט דער אָטאָמאָביל.

עס איז געווען דער גאָלדיג־ברוינער פּעקאַרד מיט די גרויס־אָנגעבלאָזענע רעדער, מיט אַ שמאָלן, חנ'עוודיקן האַלדז. אין דער פראָנט, דאָרטן וואו עס האָט זיך פאַרענדיקט דער ניקעלנער ראַדיאַייטער, האָבן אַרויסגעקוקט צוויי בליסטשענדיקע לאַנטערנס, ווי צוויי אויגן. די גלייכע לאַנגע ליניעס, מיט די אַרטיסטיש געבויגענע „פענדערס" האָבן געגלאַנצט אין

זייער גאָלדן־ברוין אַנטקעגן דער מאָרגן זון. עס האָט זיך געדוכט, ווי די מאַשין שטייט אַ זעלבסט באַוואוסטזיניקע — אַט זאָל מען נאָר אַ דריק טאָן אויפן אייזערנעם קנאָפּ, און איר וועט זען מיין כח — וועלדער און פעלדער וועל איך, ווי אַ וויכער איבערשפּרייזן — זאָל נאָר בעקי אַרונטערקומען!

בעקי איז אַרונטערגעקומען. מיט די טרעפּ אונטער'ן דעכל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ חופּה, אי זי אַרונטער געלאָפן, נאָך איר בלענדזש. די צוויי ליבן, וואָס זיינען געלעגן ביי ביידע זייטן טרעפּ, האָבן מיט איינגעהאַלטענער בייזקייט געקוקט איבערן וועג. עס האָט זיך געדוכט ווי געטרייע שומרים היטן די ליבן, דאָס הויז און דעם גאָרטן, און דאָס גאַנצע האָב און גוטס פון דעם אידן מרדכי עטינגער.

יונג־מיידלשדיק — פריש־זינגענדיק — מיט שיינענדיקע פּנים'ער, מיט גליהענדיקע אויגן — מיט אַ גלויבן אין דעם אייגענעם יונגן וועזן, זיינען די צוויי מיידלאַך אַרונטערגעקומען.

זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין דער מאַשין, מיט אַ וויג פון דער האַנט האָבן זיי פאַרמאַכט די טירלאַך. בעקי האָט אַ קוועטש געטאָן מיט איר רעכטן פוס דעם שטאָלענעם קנאָפּ, די מאַשין האָט אַ שטילן פייף געטאָן, ווי ווען מען עפנט אויף אַ פלאַש סעלצער וואַסער, און לאַנגזאַם, שטופּענווייז האָט זיך אָנגעהויבן דרייען דער מאָטאָר. און ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז, ווי אַ געלערנט פערד, האָט זיך דער מאָטאָר צעוויקלט אין זיין גאַנג, דער מאָטאָר האָט אַלץ שנעלער און שנעלער אָנגעהויבן צו אַרבייטען, צום סוף האָט בעקי נאָך געלאָזט די טרעטערס. לייכט אָנגעטראָטן אויף דעם גאַזאָלין טרעטער, און די מאַשין האָט זיך לייכט און שטיל אַרויסגעקייקלט פון הויף.

דער וועג איז געווען אַ גלאַטער, אַ געפלאַסטערטער, און מיט פעד גלאַנציקער. זיי זיינען דורכגעפאָרן די שטאָט, די „וועסט־ענד" עוועניו. אויף ביידע זייטן גאַס, האָבן געשיינט און זיך גע־שפּיגלט אַנטקעגן דער זון די גלאַנציקע פענסטער. עס זיינען געגאַנגען מענטשן. עס זיינען אַנטקעגן, און אונטער זיי, געפאָרן אָטאָמאָבילן. בעקי איז געזעסן לייכט־שלאַנקיק ביים גרויסן ראָד. לייכט, מיט איין האַנט האָט זי פון צייט צו צייט אַ

ליכטן דריי געטאָן דעם ראָד. אין איר האַרצן האָט געזונגען א פרייד. א געזאַנג פון יוגנט און פון חלומות. זי איז אַריבער דעם האַרלעם ריווער. איז אַרויף אויף דעם גרענד קאָנקאָרס. דער וועג האָט זיך פאַר זיי מיטאַמאָל אויפגעעפנט מיט זיין גאַנצער ברייטער ברייט. די מאַשין האָט פון זיך אַליין אָנגעהויבן גיין שנעלער. קאַטשענדיק זיך, האָט די מאַשין געשלונגען א גאַס נאָך א גאַס. 210 — 211 — 212 — 220 — שנעלער און שנעלער — יאָנקערס — טעריטאַון — אָסינינג — אָט איז שוין א ברייט פלאַך פעלד מיט צעוואָרפענע דאָ און דאָרט פאַרמשטיבלאַך, מיט שטיקלאַך וועלדער, מיט אונערוואַרטעט שמאָלע טייכלאַך און מיט שמאָלע הילצערנע בריקלאַך. אזוי ווי א שטילער דונער, האָט יעדעס מאָל ביים אַריבערפליען א בריק, אָפּגעהילכט.

ווען זיי זיינען אַרויפגעקומען אויף דעם געפערלאַכן, צוויי מייליקן, האַלב רונדן בויג, וואָס האָט זיך געצויגן פאַזע דעם האָדסאָן, האָט זיך פאַר זיי מיטאַמאָל אויפגעדעקט א פאַנאָראַמע, אזוי ווי אן אַמפיטעאַטער. אַרום און אַרום האָבן זיך אויפגעהויבן הויכע, ווילדע בערג, ביים ברעג טייך האָט זיך געדרייט, ווי א שלאַנג, און געגלאַנצט אנטקעגן דער זון, דער שטאָלענער וועג פון דער „ניו יאָרק סענטראַל“ און א ברייט, אומענדלאַך ברייט, גרין, בויגיק, שטיק פעלד איז געלעגן אין מיטן.

בעקי איז פאַרבלענדעט געוואָרן. אינסטינקטיוו האָט זי אָנגעהויבן פאָרן נאָך שנעלער, אָן איר באַוואוסטזיין, וואָס זי טוט, האָט זי נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן טרעטן אויף דעם גאַז־טרעטער. זי האָט ניט געוואוסט וואָס זי טוט. פאַר אירע אויגן האָט געשווינדלט און געבלענדט — ביימער, שטיבער, פלעקן, גרויסע און קליינע פלעקן האָבן אין אירע אויגן געפינטלט. זי האָט בלויז געהערט א ליכטן זשומען אין אירע אויערן — ז־ז־ז־ז און אין צוויי מינוט איז זי פאַרביי־געפלויגן דעם געפערלאַכן האַלב רונדן בויג.

פאַר מיטאָג זיינען זיי געווען אין קעמפּ.

בעקי און בלענטש — אַכטצן יאָר — יונגע האָפנונגען — צאַפּלדיקע חלומות — וואָרום זיינען זיי מיטאַמאָל געוואָרן אומע-

טיק ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין קעמפּ? וואָס האָט געטראָפן מיט בלענטשן, וואָס זי וויינט? בלענטש האָט זיך געשעמט פאַר בעקי'ן. זי האָט אָפּגעדרייט איר קאָפּ און שטיל פאַר זיך אַליין געוויינט — זיי האָבן ניט געטראָפן דייוו'ן — זיי האָבן באַדאַרפט וואַרטן — דייוו איז אַוועק מיט אַ קאָמפּאַניע סאָל־דאַטן פאַר אַ צען־שעה'דיקן „הייק", די סאָלדאַטן זיינען אַוועק פיר אַ זייגער אין דער פרי און וועלן ערשט זיין צוריק צוויי נאָכמיטאָג.

— איז וואָס דאַרף מען וויינען? „הייקען" איז געזונט! עס אַנטוויקלט די לונגען, עס אַנטוויקלט די מוסקולן, עס פאַר־האַרטעוועט די הויט. אונזער רעגירונג וועט מאַכן פון די „באַיעס" שטאַרקע מענער, דיסציפּלינירטע מענער, מענער מיט אַ געפיל פון שטאָלץ פאַרן פאָטערלאַנד! איז וואָס דאַרף מען וויינען?

בעקי האָט שוין אויך געוויינט. זי האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, ווי דייוו שטייט אויף אַזוי פרי, ווי ער האָט דאָס כח אַזוי וויט צו גיין. ווי לעבט ער אין אַזאַ גרויסן טומל? און אין דער האַסטיגקייט? ווי אַזוי קוקט איצט אויס דייוו?

זיי האָבן געמוזט וואַרטן. זיי האָבן נאָך אַ גאַנצע שעה צו וואַרטן. בעקי און בלענטש האָבן ביידע אָנגעהויבן אַרומגיין און באַקוקן דעם קעמפּ.

— קלאַפּ־קלאַפּ — קלאַפּנדיק־קלאַפּ — — —

ביי אַ רייע אָפענע גריבער זיינען געשטאַנען אַ פּאָר צענדליק מענער אין פאַרשיידענעם עלטער. די מענער. אונטער דער אויפ־זיכט פון אַ גלאַט אָפּגעראַזירטן אָפיציר, האָבן מיט לאָפּאַטעס און גראָבאייזנס נאָך טיפער געגראָבן די גריבער. זיי זיינען שוין געשטאַנען פאַרזונקענע ביז איבער די היפטן. אין דרויסן האָט געבראָטן די זון. זייערע פּנים'ער זיינען געווען באַגאָסן מיט שווייס, און אויסגעשמירט אין בלאָטע. די הענט, נאַסע, ליימיקע, האָבן זיי אַלע מאָל זיי באַדאַרפט איינרייבן אין טרוקע־נעם זאַמד, כדי די לאָפּעטע זאָל זיך פון זייערע הענט ניט גליטשן. די געלע „קעקי" העמדער, זיינען געווען ברודיק, צו־בראָסקעט, און מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, אַזוי אַז די מיידלאַך האָבן געקענט זען די באַוואַקסענע מענערישע בריסט.

אבישל ווייטער איז געווען אַ קונציק געמאַכט טייכל. דאָס טייכל איז געווען אַ שטייענדיקס. דאָס וואַסער געל און שמוציק. דאָרטן זיינען געווען פאַרזאַמלט אפשר אַ פופציק סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן זיינען געווען כמעט נאַקעטע, באַרוויסע אין די בלויזע הויזן. האָבן געוואַשן קליינינקייטן, זיך געשמיסן איינע די אַנדערע מיט נאַסע שטיקער, און זיך געזידלט מיט גראָבע רייד.

בעקי און בלענטש האָבן געהערט די גראָבע רייד ,און רויט לינדיג זיך זיינען זיי לאַנגזאַם, גלייך ווי זיי מיינט מען ניט, אַוועקגעגאַנגען.

ווי אַזוי קוקט אוים דייוו? ווי אַזוי לעבט ער דאָ?ביידע זיינען זיי געווען אומגעדולדיק. ביידע האָבן שטיל אין זייערע הערצער געשראָקן זיך מיט דער זעלבער שרעק — טאָמער איז דייוו אויך אַזוי, ווי די מענער ביים טייכל, און ווי קען ער דען זיין אַנדערש? ער מוז דאָך לעבן זייער אַלעמענס לעבן? ער עסט דאָך זייערע מאכלים, און שלאָפט דאָך צוזאַמען מיט זיי אין איין געצעלט? און פאַרברענגט דאָך מיט זיי די פרייע צייט?

שרעק האָט אַנגעפילט די יונג־מיידלישע הערצער.

— אָט גייט ער! — האָט אויסגעשריען בלענטש.

שפרינגענדיק, מיט געציילטע, צום טאַקט מיליטערישע שפרינג איז זיי אַנטקעגן געלאָפן דייוו. זיינע הענט, פאַרבויגן ביז די עלנבויגנס — האָט ער געהאַלטן נאָענט פון זיין לייב, זיין קאָפּ איז געווען פאַרריסן, מיט אַן ארויסגעשטעקטער ברוסט איז ער לייכט זיי אַנטקעגן געלאָפן.

— דייוו — האָט בעקי אויסגעשריען — דייוו!

זיי זיינען ביידע אַריינגעפאַלן איינער אין דעם אַנדערנס אָרעמס — „מאַי דיער באָי" — האָט זי נאָך אַמאָל אים אַרומ־גענומען.

בלענטש איז געוואָרן רויט, איר האַרץ האָט געקלאַפּט, אירע אויגן זיינען געוואָרן גלאַנציק און פייכט, מיט איר גאַנצן כח האָט זי זיך איינגעהאַלטן פון וויינען.

— און וואָס מאַכסטו, בלענטש? — האָט דייוו אויסגע־

שטרעקט זיין האנט — א, איך בין אזוי גליקלאך אייך צו זען — „גאש“ — האט ער געזאָגט — עס איז אזא פרייד זיך נאָך אמאָל צו זען....

און ווען עס זיינען אריבער די ערשטע פאר מינוט, האט ער אָנגעהויבן אויף אַלעמען זיך נאָכפרעגן.

— און וואָס הערט זיך אין שטאָט? און וואָס מאכט די מאמע, און וואָס מאכט דער טאטע? און אסתר וואָס מאכט? און אלדר, און „אַל די באיעס“?

פאר א לאנגער צייט האָט ער זיי פארוואָרפן מיט פראגן. עס איז געווען, ווי א טייך, וועמענס זאסטאווקעס מען פארשטעלט, און שפּעטער גיט מען א לאָז ארויס דאָס גאנצע פארהאלטענע וואסער.

— האָט דייוו די גאנצע צייט געבענקט אהיים? האָט אים שוין באנג געטאָן אויף דעם, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן? האָט ער מורא געהאט פאר דעם, וואָס באַלד גייט אָפּ זיין רעגימענט קיין פראנקרייך?

דייוו וועט די אַלע זאכן ניט דערציילן. דייוו האָט פאר־שלאָסן דאָס מויל און רעדט ניט דערפון. וואָס קען ער שוין איצט ריידן? אַלעס איז שוין פארפאלן. בלויז איצט, ווען זיין פרייד האָט זיך מיטאמאָל צעשפּרייט איבער׳ן גאנצן לייב — האָט ער דאָס געערדט. ער האָט געוואלט אַלעס, אַלעס — וואָס האָט זיך ביז איצט אָנגעקליבען אויף זיין נשמה — ארויסוואַרפן, זיך דערפון באפרייען.

— און ווי גייען די „ביזנעס“? און די נייע הויז? און דיין „פעקארד“? וויפל מייל ביזטו שוין אריינגעפאָרן מיט דיין פעקארד?

זיי האָבן זיך ווידער ארומגעכאפּט, און ווידער זיך גע־קושט.

— איך קען שוין שיסן פון א ביקס, איך קען שוין גראָבן „טרענטשעס“, מיר האָבן געהערט אַז די דייטשן ציען זיך צוריק פון דעם גאנצן פראָנט. אפשר וועט זיך באַלד אַלץ ענדיקן — „גאש“ — ווי איך וואָלט געוואָלט אָנקוקן דעם טאטן מיט דער מאמען — ווי איך וואָלט געוואָלט אָנקוקן די הויז — „גאש“ —

עס איז אזא פרייד זיך נאָמ אמאָל צו זען — וואו קויפסטו די טשאַקאַלאַד, וואָס דו שיקסט מיר? — „גאָש" — „סאָם פיגס".

רייד, רייד, לויזע, אָפּגעבונדענע, פריידיקע רייד.

עס ברענט די זון. דייוו'ס פּנים איז רויט־פאַרהאַרטעוועט. די אַלטע הויט האָט זיך שוין אָפּגעשיילט, אַ נייע, פרישע, האַרטע הויט איז אויף זיין פּנים. גראָבע פאַרהאַרטעוועטע הענט. דייוו'ס האַנט — אַ מאַנ'ס האַנט, דייוו'ס פּנים — אַ סאָלדאַט'ס פּנים, עס שמעקט פון אים שוויים — געזונטער, הייסער, מענלאַכער שוויים — די האָר נידריק אָפּגעשוירן, אויף די פיס שווערע, סאָלדאַטסקע, מיט טשוועקעס שיך, די שיך זיינען פאַרשטויבטע, דייוו איז ערשט געקומען פון אַ צען שעה'דיקן „הייק".

— „גאָש" ווי גוט! ווען זיינט איר אהער אָנגעקומען! וואו איז די „קאַר"?

זיי זיינען אַלע צוזאַמען געגאַנגען באַקוקן די קאַר.

אַ שטיל שווייגן. גייענדיק זיינען זיי אַלע דריי געוואָרן אַלץ רואיקער און שטילער. פון איינעם צום אַנדערן האָט זיך איבערגעגאָסן אַ שטילע פרייד. איינער האָט געפילט די נאָענט־קייט פון דעם אַנדערן. ווערטער אַז „ח'עס'ן" און אַז „כ'ן" — בלויז אַזוינע, וואָס גליטשן זיך שטיל אַראָפּ פון די ליפּן, האָבן זיך לייכט געגליטשט פון מויל צו מויל — שטילע, בלויע, און בלאָס־גרינע ווערטער.

דייוו האָט זיי שוין אַרומגעפירט און געוויזן דעם קעמפּ, דאָס גרויסע לעזצימער, דעם „מעסרום". אין „מעסרום" האָט בלענטש זיך אַוועקגעזעצט אויפן שטול, אויף וועלכן עס זיצט שטענדיק דייוו. דערנאָך זיינען זיי אַריין אין דער קליינער קראָם, וואָס געפינט זיך אונטער'ן רשות פון דער — „יאַנג מעיס קריסטשען אַסס'ן". מען האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש און דייוו האָט באַשטעלט קאַפע, און פראַנקפורטערס און „דאָהור־נאַטס".

מיטאַמאָל האָט זיך געביטן די שטימונג. אַלעס האָט זיך מיטאַמאָל געביטן אין די כּיידלאַכס אויגן. אין דער אַנוועזנהייט פון דייוו'ן, אין דער קליינער קאַפע, אין דעם גרויסן ברייט צע־לייגטן קעמפּ האָבן זיך די מיידלאַך מיטאַמאָל געפונען אין עפּעס

א כישופלאַנד. אַלעם האָט זיי אַנגעהויבן צו באַגייסטערן. יעדע זאַך האָט זיי אַנטציקט. מיט אָפענע מיילער האָבן זיי זיך גע־האַלטן אין איין וואונדערן.

— וואָס איז דאָס פאַר א קראָם? האָט בעקי געפרעגט.

— דאָס האַלט אויף די Y. M. C. A., האָט דייוו גע־ענטפערט — אין אַלע קעמפּס האָבן זיי קראָמען, „לייברערים", שפּיל־צימערן, „סאָשעל רומס" א. ז. וו.

— און ווי אַפט קומסטו אהער אריין?

— אַזוי שנעל ווי מיר ווערן פריי, — האָט ער געזאָגט —

— און ווער איז יענער? — האָט זי אַנגעוויזן אויף א צווייטן טישל — זע, ווי ער קוקט אויף אונז!

— דאָס איז אַן אָפיציר, ערשט געקומען צוזאַמען מיט מיר פון דעם „הייק", ער עסט שטענדיק אין דעם רעסטאָראַן.

דער אָפיציר פון דעם אַנטקעגנאיבערדיקן טישל, האָט די גאַנצע צייט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון די צוויי מיידלאַך, און איצט, ווען ער איז שוין געווען זיכער אַז מען רעדט פון אים, האָט ער פון דעם צווייטן טישל אַריבערגעשריען:

— „גאָ אהעט דייוו, טעל דעם אַל די פאַן ווי העד!"

דייוו האָט זיך גלייך אויפגעהויבן, סאַלוטירט דעם אָפיציר און אים פאַרגעשלאָגן זיצן צוזאַמען.

דער אָפיציר איז צוגעקומען. ער האָט אַליין געשלעפּט מיט זיך דעם גאָפּל מיט'ן מעסער, דעם טעלער און די קאַפּע.

מען האָט אויפ'ס'ניי באַשטעלט עסן. מען האָט צוזאַמען גערעדט. דער אָפיציר האָט געהאַלטן אין איין דערציילן מעשיות פון סאָלדאַטסקן לעבן.

— „אָוור דהעיר" — האָט ער געזאָגט — וועט מען ניט קענען אַזוי פיין פאַרברענגען, דאָרטן ברודערל, וועט זיין גאָר א ניי לעבן.

דייוו האָט געשוויגן, ווי א אינגל, וואָס געפינט זיך אין דער געזעלשאַפט פון זייער חשוב'ע מענטשן, האָט ער געשוויגן.

— ווי, איר גייט דען „אָווערסיעס?" האָט בעקי זיך א כאַפּ געטאָן און זיך אומגעקוקט צו דייוו'ן?

— וואָרום האָסטו מיר ניט געשריבן?

— מיר האָבן ערשט נעכטן באַקומען דעם באַפעל — האָט דייוו געזאָגט.

— אַלעם ווערט דאָ מאָמענטאַל באַשלאָסן — האָט געזאָגט דער אָפיציר — דאָ לייגט מען זיך שלאָפן אין ניו יאָרק און מען שטייט אויף אין פראַנקרייך.

בעקי און בלענטש זיינען געוואָרן בלאַס. אויף בלענטש'ס שטערן האָט זיך צעגאָסן אַ קאַלטער שווייס. זי האָט געפילט, ווי עס הויבט איר אָן צוערשט אָפ'חלש'ן די הענט, דערנאָך די פיס.

דייוו האָט געלאַכט.

— רעכטס, לינקס, אַרויף, אַראָפּ — מאַרש און מען גייט... וואָס דאַרף דען אַ סאָלדאַט? דער פּאַק איז שטענדיק פאַרטיק.

— „יו סעד איט" — האָט געזאָגט דער אָפיציר — אַזוי דאַרף זיין. אַ סאָלדאַט מוז אין איין מינוט זיין גרייט אין וועג אַריין. אַן אַרמיי אין איין האַלבער שעה.

— איר געדענקט היינט אין דער פרי? — איז דייוו געוואָרן אַלץ ריידעוודיקער — שווער געווען ביים אָנפאַנג. נאָך פינסטער, אָבער אין פינף מינוט צייט זיינען אַלע געווען אין ליין — איינס, צוויי, איינס — צוויי — דעם ערשטן מאָל האָט מען אונז אונ־ערוואַרטעטערהייט היינט גענומען אויף אַ „הייק" — האָט ער זיך אומגעקערט צו בעקי'ן — מיר האָבן גאָר ניט געוואוסט וואוהין מען פירט אונז.

— אַזוי דאַרף זיין — האָט געזאָגט דער אָפיציר.

— איך האָב ליב דאָס טופּען מיט די פיס — האָט גע־זאָגט דייוו — אַזוי ווי אַ געזאַנג. מען פילט אַפילו ניט ווי מען הויבט די פיס אויף, ווי עמיצנס אַ האַנט וואָלט דיינע פיס גע־הויבן — דעם רעכטן, דעם לינקן — דעם רעכטן, דעם לינקן.

— ס'אַרא בראַוון ברודער דו האָסט — האָט דער אָפיציר געזאָגט.

— אַלע עמיגגערס זיינען בראַווע — האָט בעקי גע־שמייכלט.

— און די מיידלאַך אויכעט?

— דאָס בלייבט איבער פאַר אייך אויסצוגעפינען.

— אינטערעסאנט — האט געזאגט דער אָפיציר — אַ שאָד, וואָס אונזער פאָלק גייט אוועק.

— ווען פאָרט איר אָפּ?

די מיידלאַך זיינען נאָך בלאַסער געוואָרן. און זייערע אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן, בלענטש האָט אָנגעהויבן הויך אויפן קול צו וויינען.

נאָך וואָס דאַס וויינען — האָט געזאָגט דייוו — מיך אַרט עס ניט, פאַרקערט, וואָס גיכער, דעסטאָ בעסער.

— ער איז ניט דער איינציגער — האָט געזאָגט דער אָפיציר — דייוו איז אַ בראַווער יונג. ער וועט זיך גאָר אײַנ־גיכן דערדינען אַ טיטל.

— וועסטו כאָטש אַ היים קומען זיך געזעגענען? — האָט געפרעגט בעקי.

— איך ווייס ניט צו מען קען — האָט געענטפערט דייוו.

— מען קען דאָס דורכמאַכן — האָט געזאָגט דער אָפיציר. אַלעמענס אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן.

— איך וועל אייך זייער דאַנקבאַר זיין — האָט געזאָגט בעקי.

— מיר'ן זען — האָט געענטפערט דער אָפיציר.

בעקי האָט ניט געוואָלט אָפּלאָזן די געלעגנהייט. זי האָט ווייטער געזאָגט:

— זאָל זיין שבת

— שבת קען מען ניט, שבת איז אַ שווערער טאָג אַרבעט, מען קען מאַכן פאַר זונטיק

— זאָל זיין זונטיק. און אפשר וואָלט איר אויך געקומען?

— האָט זי געפרעגט דעם אָפיציר.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, צום סוף האָט ער געזאָגט.

— אָבער מאָנטיק פאַרטאָג וועלן מיר מוזן זיין צוריק, פינף אַ זייגער, פאַר דער ציילונג מוזן מיר זיין צוריק.

— אָלרייט, — האָט געזאָגט בעקי, — מיר'ן פאַרברענגען דעם טאָג און ביינאַכט וועל איך אייך אָפּפירן.

מען האָט אָפּגעמאַכט זונטיק צו זיין אין שטאָט.

ווען זיי זיינען ארוים אין דרויסן איז שוין געווען נאך פינף. דייוו האט שוין קיין סך צייט ניט געהאט מיט זיי צו פארברענגען, ער האט זיי צוגעפירט צו דער מאשין און גע־ווארט ביז זיי האבן זיך ארייגגעזעצט. ער האט געקושט בעקי'ן און ער האט געקושט בלענטשן. די מאשין האט זיך ביסלאכווייז אנגעהויבן באוועגן.

— וועלן מיר זיך זען זונטיק — האט בעקי צוריקגע־שריען.

— זיכער זונטיק — האט דייוו געענטפערט.

די מאשין האט זיך אלץ מער דערווייטערט, — דייוו איז געשטאנען און זיי נאכגעקוקט. ווי עמיצן אויף צו להכעיס האט בעקי אלץ שטארקער און שטארקער געטראטן אויף דעם גאז־טרעטער. די מאשין האט זיך צעוויקלט אין גלאף, עס האט זיך געדוכט, ווי זי וויל, וואס גיכער אנטלויפן פון דעם ארט. די זון איז געשטאנען פונקט אנטקעגן, א רויטע, און א פלאמענדיקע. עס איז געווען שווער צו זען דעם וועג, און בעקי האט געמוזט עטוואס אנבויגן דעם קאפ אן א זייט, אזוי, אז זי זאל דעם וועג זען, און לאזנדיק אזוי איר מאשין לויפן אין פולן שנעל, איז זי געלאפן, פונקט אנטקעגן דער זון.

צוקומענדיק צוריק צו דער הויז איז שוין דארט געווען פינ־סטער. אלע זיינען שוין געשלאפן. בלויז אין איין צימער — אין מרדכי עטינגערס צימער, איז געווען ליכטיק. בעקי'ן האט געגעבן א קלאפ אין הארצ׃

— וואס זיצט נאך דער טאטע אזוי שפעט?

זי האט אריינגעפירט אין שטאל אריין דעם אטאמאביל, זי איז שטיל ארויף די טרעפ, מיד, און צופרידן מיטן וויזיט, וואס דייוו וועט מאכן אין שטאט אריין איז זי גלייך אריין צו זיך אין צימער.

— אפשר זאל זי אנזאגן דעם טאטן אז דייוו וועט זונטיק זיין אין שטאט? אפשר זאל זי אנזאגן דעם טאטן אז דייוו גייט אוועק קיין פראנקרייך?

זי קען ניט אנזאגן דעם טאטן אזא בשורה. זי האט מורא. זי האט אפילו מודא זיך צו באווייזן פאר אים. בעסער אזוי,

זי וועט זיך שנעל אויסטאָן, זאָל ער אפילו ניט וויסן אַז זי איז שוין דאָ.

זי האָט צוריק אויסגעלאָשן דאָס ליכט, אויף דער גיך, און אין דער פינסטער האָט זי זיך אויסגעטאָן, נאָר ווען בעקי האָט שוין געוואָלט אַריינלייגן זיך אין בעט אַריין, האָט זיך מיטאמאָל געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען מרדכי עטינגער. מיט אַ נערוועז קול האָט ער געזאָגט:

— וואָס האָסטו זיך אַזוי לאַנג געזאַמט? איך האָב דאָך געמיינט, ווער ווייס, וואָס עס האָט מיט דיר געטראָפן!

בעקי איז געוואָרן צוטומלט. אין דעם פינסטערן צימער, האָט זיך אַריינגעריסן אַ שמאָלער פּאַס ליכט פון דעם ברייטן קאָרידאָר, אין דער האַלב־פינסטער האָט איר טאַטע אַרויסגעזען, בלייך און אָפּגעצערט.

— פּאַפּאַ — האָט זי מיט אַ ציטריק קול געזאָגט — פּאַ!

עס איז שוין געווען מער ווי אַ וואָך זייט בעקי האָט געזען איר טאַטן, און עס איז אפשר געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער נייער הויז, וואָס דער טאַטע איז אַריינגעקומען אין איר צימער. זי האָט זיך געשראָקן, זי האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן — אָנטאָן זיך אָדער ניט. זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו ריידן. זי האָט אינגאַנצן אַרויפגעשלעפּט די קאָלדרע אויף זיך.

— איך בין געבליבן שטעקן אין מיטן וועג — האָט זי געבאַלבעט מיט אַ צושראָקענער צונג — איך האָב באַדאַרפט וואַרטן אויף אַ פּערריי — צוויי מאָל האָב איך געמוזט בייטן די „טיירס“.

— און ווי קוקט ער אויס? — האָט ער שטיל געפרעגט.

מרדכי עטינגער האָט ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער, ער האָט זי ממש ניט געלאָזט ענטפערן. איין פראַגע נאָך דער צווייטער, האָט ער געפרעגט און געפרעגט.

— איז ער געזונט? בענקט ער אַהיים? האָט ער ביי זיך געלט? געלט האָט ער גענוג? האַ! און ווי קוקט ער אויס?

מרדכי עטינגער האָט קיין איין מאָל ניט אָנגערופן דייוו'ן ביים נאָמען, זיין קול האָט געציטערט, ער האָט צוגעלעגט די האַנט צום שטערן

— און אידישקייט? פון אידישקייט ווייסט מען עפּעס דאָרטן? אזוי פיל אידישע סאָלדאַטן, איז כאָטש דאָרטן פאַראַן א שול? א פאַרברעכן, א שאַנדע — זיי האָבן אלעם — אלעם לייבערערים — קלויסטערס — גלחים און „רעד־קראָסעס" — דער רוח ווייסט וואס — מיר קענען אפילו קיין שול ניט האָבן .. נו, וואָס זאָגסטו? וואָס שווייגסטו? ווי זעט ער אויס?

בעקי האָט שוין איצט געמוזטריידן. זי האָט שוין גאָר ניט געקענט זיך העלפן. זי האָט געשלונגען אירע רייד.

— ער האָט א גוטע שטעלע — האָט זי געזאָגט — אין דער „אינטעליגענס ביוראָ". זונטיק וועט ער זיין אין שטאָט.

און פּונקט אזוי אונערוואַרטעט, ווי ער איז אריינגעקומען, איז ער אזוי אוועקגעגאַנגען.

ווען מרדכי עטינגער איז שוין געווען אויף דער צווייטער זייט טיר, האָט ער די טיר נאָכאמאָל אויפגעעפנט, זי געפּרואווט א פּאָר מאָל ווינען אויף די זאַוויעסעס, אים האָט זיך געדוכט אז די טיר סקריפּעט.

— קלאַפּ — קלאַפּ — קלאַפּנדיק — קלאַפּ — — — —

— דער אַפיציר — דער טאַטע, ווי אַן אויסגעטראַכטע מעשה — דייוו אין פראַנקרייך — ווי אזוי קוקט אויס פראַנקרייך? — זיינען אין פראַנקרייך דאָ שטיבער? מיט וואַנעס און „פּאָמפּקין פּיי"? — אידישקייט, אידישקייט — ווען עס גייט א זון קיין פראַנקרייך — עס גייען טויזנטער אַנדערע קיין פראַנקרייך — איז אלעם וואָס קימערט דעם טאַטן — א שול אין קעמפּ? און טאַמער וועט מען דער'הרג'ענען דייוו'ן? טאַמער וועט מען דער'הרג'ענען דייוו'ן?

בעקי איז א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. איר אייגענער לעבן איז איר אינגאַנצן ניט אָנגעגאַנגען איצט. זי האָט בלויז געטראַכט פון דייוו'ן. פון דעם טאַטן. פון פראַנקרייך. ווי אזוי קוקט אויס פראַנקרייך. בעקי'ן איז מיטאמאָל געקומען

אויפֿן זינען פֿאַרן קיין פֿראַנקרייך. זי וועט באַגלייטן דייוו'ן. זי וועט אויף אים אַכטונג געבן. זי וועט זיך אַנשליסן אין דעם אַמעריקאַנעם רויטן קרייץ. וואָרום טראַכט זי אַזוי אָפּט פֿון דעם אָפֿיציר? בעקי וויל עפּעס אָפּמאַכן מיט'ן אָפֿיציר. בעקי וויל דער אָפֿיציר זאָל ניט שיקען דייוו'ן אין שלאַכטפֿעלד. ווי וועט דייוו קענען ליגן אין די טרענטשעס? און אַז עס וועט רעגענען? — טאָמער וועט מען אים דער'הרג'ענען?

— קלאַפּ — קלאַפּ — קלאַפּנדיק — קלאַפּ — —

— און אַלדר? וואָס וועט זי טאָן מיט אַלדר'ן? ווי קען זי איצט אָוועקפֿאָרן?

בעקי האָט יאָ זיך אין זינען געהאַט. אַלץ איז גאָר אין אמת'ן אַרויסגעוואָקסן פֿון איר אייגענעם, זיך אין זינען האָבן — וואָס וועט זיין מיט אַלדר'ן? זי האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט פֿאַרשטעלן אַז זי וועט אַמאָל זיין צוזאַמען מיט אַלדר'ן, זי האָט זיך ניט געקענט פֿאַרשטעלן אַז זי וועט קענען לעבן אָן אַלדר'ן...

— אַלדר! אַלדר!

בעקי האָט זיך געבראָכן אין פּיין. איר קיילעכדיק-פּולער וואַרעמער קערפּער, האָט זיך, ווי גומילאַסטיק, צעצויגן און איינגעשרומפּן — צעצויגן און איינגעשרומפּן. זי האָט געוואָלט דעם מאָן.

— נו, איז וואָס?

צוויי, דריי, פֿיר דינע וועגטלאַך. נו איז וואָס? ברעכן וועגטלאַך?

— קלאַפּ — קלאַפּ — קלאַפּנדיק — קלאַפּ — —

— עס איז גוט צו שלאָפֿן אין אַ וואַרעמען בעט. דער מאַט־ראַץ איז ווייך. דאָס בעטגעוואַנט שמעקט — צוויי, דריי, פֿיר דינע וועגטלאַך — וועט דייוו האָבן אַ ווייך בעט? איז דאָ אין פֿראַנקרייך ווייכע בעטן? — פֿאַרשאָלטן ווערט, איר מענער פֿון מלחמה.

— פֿאַרשאָלטן — פֿאַרשאָלטן — פֿאַרשאָל — — — — בעקי האָט איינגעדרימלט.

זי האָט שוין אַזוי געדרימלט ביז עס איז געקומען דער זונטיק.

עס איז געקומען דער זונטיק.

ניין אזייגער אין דער פרי איז צו מרדכי עטינגער׳ס שטוב צוגעפֿאָרן דייוו און דער אָפיציר.

ביידע זיינען געווען אָנגעטאָן אין זייערע יומטוב׳דיקע קליידער. דייוו האָט געטראָגן זיין נייעם, גוט אויסגעפּרעסטן „קאַקי" מונדיר. די פּיס איינגעוויקלט אין שמאָלע בענדער, האָבן אויסגעזען ווי דינע פּיס פון אַ הירש. דאָס היטעלע אויפן קאָפּ איז געלעגן אין אַ זייט. אזוי אויך דער אָפיציר. שיינענדיק, פּריש. ארום דעם קאָלנער — גאָלדענע טאַשמעס. אויפן ארבל גאָלדענע בענדלאַך. דריי גאָלדענע בענדלאַך אויפן ארבל האָט שוין געטראָגן איינגעניית דער אָפיציר.

אריינקומענדיק אין אויפנאַמסצימער, האָט זיך דייוו איינ־גאַנצן פארלוירן. ער האָט איבערגעלאָזט דעם אָפיציר. אזוי אַ אין מיטן דערינען אים איבערגעלאָזט, און איז אליין, שפּרינ־גענדיק איבער צוויי און דריי טרעפּן מיט אמאָל, ארויף אויף די טרעפּ. ער איז אריין צו בעקי׳ן, געכאַפּט אַ בליק אויף ז״ין אייגענעם צימער, און זיך געלאָזט אריין צום טאַטן און דער מאַמען.

ער האָט נאָך ניט באַוויזן אהין אריינצולויפן, ווי אנטקעגן אים איז שוין געלאָפן די מאַמע. עטעל האָט שוין געהאַט פון פריער אָנגעגרייטע טרערן אין די אויגן. איצט האָט זי שוין הויך אויפ׳ן קול געוויינט.

דייוו האָט אויך געוויינט.

די מאַמע האָט זיך זייער שטאַרק געביטן פאַר די זעקס וואָכן. פונקט זעקס וואָכן אַז דייוו איז אוועק געפֿאָרן, און אירע האָר זיינען שוין געוואָרן שיטער. ערטערווייז גרוי. איר פּנים איז געוואָרן אָפּגעצערט און צעקנייטשט, פון איר בלאַסן מויל האָט אַלעמאָל אַ בליץ געטאָן דער גאָלדענער צאָן.

— נאָך וואָס האָסטו עס באַדאַרפט! נאָך וואָס האָסטו עס באַדאַרפט!

זי האָט אים געדריקט צו זיך, טרערן זיינען גערונען איבער אירע באַקן. זי האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פּיס.

— עס זאָגט מיר מיין האַרץ — האָט זי געזאָגט — אַז

איצט הויבט זיך אָן דאָס אומגליק אין דער שטוב. פון איצט אָן, גיב אַ קוק אויף מיין צובראָכן לעבן.

דייוו האָט אַפּגעקערט זיין פּנים. ער האָט ניט געקענט צוזען די יסורים פון דעם צעבראָכענעם מענטשן.

— וואו איז דער טאַטע? — האָט ער אַ פאַרשעמטער און שרעקעדיקער געפרעגט.

— עס איז דאָ דער טאַטע. אַ שיינער טאַטע. אַ צעבראָכענער מענטש. אַ שברי כלי. ער זאָל עס כאָטש אריבערטראָגן — ווי שלאָפסטו דאָרטן? ווער וואַשט דיר אוים אַ העמד? זי האָט אָנגעהויבן ברעכן די הענט און יאָמערן אויף אַ קול — מיין זון, מיין איינציקער זון.

דייוו האָט זי געמוזט אינמיטן איבערלאָזן. פון זיינע אויגן האָבן גערונען טרערן. ער איז אריין צום טאַטן.

מרדכי עטינגער האָט פון זיין צימער אַרוים געהערט עטעל'ס וויינען. ער האָט געהערט דייוו'ס געבראָכן קול. ער האָט מיטאַמאָל אויסגעריסן צוויי באַזונדערע האָר פון זיין באָרד און זיי אַוועקגעוואָרפן.

— פּאַפּאַ, פּאַ!

— קום אריין, קום אריין — האָט ער געזאָגט, און ווען דייוו איז שוין אַזוי אַ צעשראָקענער געשטאַנען אַ פּאָר מינוט, האָט מרדכי עטינגער אויף אים אַרויפגעלייגט זיין האַנט. ער האָט אים געדרייט אַרום און אַרום, באַטראַכט זיינע קליידער, דאָס קליינע היטעלע אויפ'ן קאָפּ.

— דאָס מעגסטו דאָך אויסטאָן? — האָט ער אַראָפּגענומען דייוו'ס היטעלע — שוין גענוג גוי, סיי ווי סיי.

ווען דייוו איז שפּעטער אַביסל געקומען צו זיך, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט געלאָזט אַליין דעם אָפּיציר, איז ער צוריק אַרונטער פון די טרעפּ. בעקי און אסתר זיינען שוין געשטאַנען און גערעדט מיטן אָפּיציר. אין דעם גרויסן עס־צימער איז דער גאַנצער טרויער באַלד צערונען געוואָרן. ביידע מענער האָבן באַשטעלט אַ גרויסן פרישטיק, דער אָפּיציר — אייער, „סטייק" און „באָקוויטקייקס". עס איז אָנגעקומען בלענטש. עס האָט געקלונגען און געקלונגען דער טעלעפאָן.

— לויטענאַנט טרייסי ! לויטענאַנט טרייסי ! — דייוו האָט געהאַלטן אין איין פאַרשטעלן דעם אָפיציר.

— „עס ווערי פּליזד טו מיט יו" — האָט לויטענאַנט טרייסי געהאַלטן אין איין נויגן זיך — ענטשולדיקט ! מיר איז אביסל שווער צו כאַפּן די אידישע נעמען — אין אונזערע מקומות זיינען די נעמען אביסל אנדערש.

לויטענאַנט טרייסי איז געקומען ערגעץ פון א פאַרוואָרפענעם שטעטל אין דעם סטייט מאָנטאַנאַ. אים איז געווען פרעמד די אידישע נעמען און די „איסטערנער" אויסשפּראַך, ער האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן ברייט צעעפנט זיינע אויגן. מיט פאַר־וואונדערונג אויף אַלעם געקוקט.

— און ווי פירט זיך ביי אייך אין דער וועסט ? — האָט בעקי געפרעגט.

דער לויטענאַנט האָט דערציילט פון דער וועסט. ער האָט שוין געדינט אין דער ארמיי פאַר די לעצטע פינף יאָר. גלייך פון דער הויכשול איז ער אריין אין א מיליטערישער אקאַדעמיע.

— מוז אייך דאָך שוין אַלעם ניט זיין פרעמד ? — האָט בעקי געפרעגט.

— ניין, — האָט ער געענטפערט — עס איז שוין באַ מיר קיין נייעס ניט.

— און ווי לאַנג זענט איר פון דער היים ?

— פון דער היים בין איך שוין — לאָמיר זען — האָט ער אויף א קליינשטעטלדיקן אופן געפּרואווט אויסרעכענען ביז צום טאָג — פיר, זעקס, אכט, צוועלף חדשים. יאָ, פּונקט צוועלף חדשים, ווי איך בין פון דער היים.

— און איר פאַרט זיך גאָר ניט געזעגענען ?

— ווי קען איך פאַרן ? דער וועג אַליין אהין און צוריק, נעמט מער ווי א וואָך, און דאָ ווערט אַלעם אזוי שנעל באַשטימט — מיר'ן זיך שוין זען צוריקקומענדיק.

— אויב מען וועט צוריקקומען — האָט דייוו געשמייכלט.

— אָבער איך וועל טעלעגראַפירן אהיים.

די גאַנצע צייט פון דעם עסן און פון דעם ריידן האָט

דער אפיציר געקוקט אויף בעקי'ן. ער האט שוין אפילו אין דער שטיל געזאגט צו דייוו'ן

— „באי, יו העוו סאם סיסטער".

דייוו האט געהאלטן אין איין טעלעפאנירן. ער האט טע־לעפאנירט צו וויל'ן. צו וואלטער'ן, צו דזשאנ'ען, צו ביטרים'ן, און צו וועמען האט ער דער ניט טעלעפאנירט? ער איז געווען ווילד פון פרייד.

— קומט צוגיין — האט ער געזאגט — „וויל העוו עי ווילד טיים"!

נאך א גאנצן טאג ארומפארן איבער דער שטאט, און באקוקנדיק די גאסן און די פארקן, זיינען דייוו און דער אפיציר, און בעקי און אסתר, און בלענטש, אריינגעקומען צוריק אין הויז אריין מיט א פריילאכן פלאפלען.

— איך וועל עס קיינמאל ניט פארגעסן — האט דער לייטענאנט טרייסי געזאגט, אריינפירנדיק בעקי'ן אונטערן האנט — קיינמאל אין מיין לעבן.

— עס פרייט מיך זייער — האט בעקי געענטפערט —

זי האט זיך אומבאקוועם באפרייט פון אים. א פריי־לאכע איז זי צוגעלאפן צו די געסט. עס איז שוין געווען א פולע שטוב מיט געסט.

— „הורא!" „טהרי טשירס פאר די הירא"! — האבן אלע מיטאמאל ארויסגעשאסן.

— און פאר'ן לויטענאנט טרייסי! — האט בעקי גע־זאגט.

זי האט אים גענומען אונטערן ארעם, איז מיט אים ארומ־געגאנגען איבערן גרויסן זאל, זי האט אים פאר אלעמען פארגע־שטעלט.

— לויטענאנט טרייסי! מיין ברודערס אפיציר!

— און פאר אונזער געשעצטער ווירטין! — האט ער צו־ריק געענטפערט.

דער טאנצזאל איז געווען העל בלאויכטן. פארבארגן און די ווענט און אין דער סטעליע, די ליכט, האבן זיי פון דארטן געווארפן זייער שיין איבער'ן גאנצן צימער, אויפן דיל, און

אויף די אָפּגעגילטע שטולן. דער דיל איז געווען גלאַט געפּאָלירט און געגלאַנצט, ווי אַ שפּיגל.

דער עולם האָט געטאַנצט. ווען זיי האָבן זיך דורכגע־דרייט אין ווינקל, וואו עס איז געזעסן בלענטש און דייוו האָבן זיי אים ווידער סאַלוטירט.

— בראַוואָ! בראַוואָ!

— ביזטו אַליין כאָטש צופרידן מיט דיין איצטיקן לעבן? — פרעגט בלענטש.

— איך וויים ניט — ענטפערט דייוו.

דייוו ווייס ניט. אים איז איצט בלויז גוט. אין דער היים, נעבן דעם היימישן טיש, באַלויכטן מיט ווייבע ליכט, איז אים גוט. דייוו איז שוין אַ מאַן. און ווי אַ מאַן רעדט ער ניט קיין סך. אָפּגעטאָן — איז אָפּגעטאָן. דער עיקר — עס זאָל נאָר די מאַמע ניט וויינען. וואָס וויינט אַזוי פיל די מאַמע? ווי אַזוי וועט ער אַוועקפאָרן? און דער טאַטע? ווי דער מענטש האָט זיך געעלטערט. דער טאַטע רעדט ניט קיין סך. דער טאַטע זאָגט גאָר ניט. אָבער זיין שווייגן איז שוין אויך ניט דאָס, וואָס געווען—אַ געבראָכן שווייגן—אַ געבראָכענער מענטש — אַן אַלטער צעבראָכענער מענטש — ווען וועט מען זיך נאָך אַמאָל זען? וועט ער זיי אַלעמען נאָך אַמאָל זען?

— צוליב מיר, דאַרפסטו בלייבן אין דער אינטעלידזשענס ביוראָ — זאָגט בלענטש.

— איך האָב דיך ליב — ענטפערט דייוו.

— בראַוואָ — שרייט דער עולם נאָכאַמאָל.

— אַז איך וועל זיך אומקערן צוריק פון פראַנקרייך, וועלן מיר ביידע אַוועקפאָרן אין קיובאַ — זאָגט דייוו.

בלענטש וויינט. אַ שטילשווייגן. ביידע ערוואַרטן עפּעס. וואָס'ער ערוואַכטונג? וואָס קען מען איצט ערוואַרטן? דייוו גייט אַוועק — קיינעמס לעבן איז דאָרטן ניט זיכער — מען זאָגט די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון דעם גאַנצן פראָנט — ווילסאָנ'ס פערצען פּונקטן —

בלענטש און דייוו זיינען נאָך אַזוי לאַנג געזעסן. נאָכדעם ווי אַלע זיינען שוין געווען אין עסצימער, זיינען נאָך דייוו

און בלענטש געזעסן און גערעדט. ווען דייוו האָט זיך אויפגעהויבן האָט ער געזען ווי דזשאָן אָפּענהיימער, צוזאַמען מיט'ן ליי־טענאַנט טרייסי זיינען אַליין געבליבן אין צימער. ביידע זיינען זיי געשטאַנען, ווי צוויי אַנגעבלאָזענע הענער, איינער אַנטקעגן צווייטן. עס האָט זיך געדוכט אַז יעדע מינוט וועלן זיי זיך אַוואַרפן איינער אויפן אַנדערן.

— ווען דאָס טרעפט ניט אין מיין פריינד'ס הויז, וואָלסטו שוין געזען וואָס איך וואָלט מיט דיר געטאָן! — האָט גע־זאָגט ליוטענאַנט טרייסי, מיט אַן איינקעהאַלטענעם כעס — איך וואָלט דיר געוויזן, וואָס מען טוט מיט אַזאַ בחור.

— דו קענסט ווייזן — האָט דזשאָן אינגאַנצן צעפּלאַמט אין דער הויך געשריען — וואָס דו ווילסט קענסטו ווייזן! אונז, ניו יאָרקער, וועסטו ניט אָפּשרעקן.

— „דעם דזשו" — האָט זיך דער אָפיציר פאַרלוירן.

—„יו דעם דוירטי וועסטערנער" — האָט דזשאָן געענט־פערט —

דזשאָן האָט זיך צו אים אַ לאָז געטאָן מיט אַן אויפגעהוי־בענער האַנט. זיין פּנים האָט געפלאַמט פון כעס — דו ביזט אַ „סנייק" — האָט ער געשריען.

דייוו האָט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן דעם אָפיציר און דזשאָנ'ען, ער האָט באַרואיקט דעם אָפיציר, און אָפּגעשטופּט דזשאָנ'ען, ווען דער אָפיציר איז שוין געווען אין אַ צווייטן צימער האָט דייוו געזאָגט:

— וואָס צום טייוול, איז דער מער מיט דיר? וואָס האָט געטראָפן?

— דו בעסער היט דיין שוועסטער — האָט דזשאָן שוין איצט אינגאַנצן געציטערט, ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן און קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, האָט ער געכאַפּט דעם הוט מיטן מאַנטל און אַז אַ „זיי געזונט" איז ער אַרונטער די טרעפּ.

מען האָט ניט געקענט דערגיין, וואָס צווישן די צוויי האָט פּאַסירט. אסתר האָט מיט אַ שטעכיק צעצויגן שמייכעלע געשיפּעט אַזוי ווי אַ שלאַנג, און דער גאַנצער איבעריקער אָוונט

איז שוין געווען אַן אומעטיק פאַרטראַכטער, אַזוי אומעטיק פאַרטראַכט איז זיך יעדער גזעעסן מיט זיינע מחשבות.

— דייוו פון פראַנקרייך ? דער אָפיציר פון דעם קליינעם שטעטל אין מאָנטאַנאַ ? לויטענאַנט טרייסי פון בעקי׳ן און פון דזשאַנ׳ען און פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק ?

זיי האָבן עס אַליין ניט געוואוסט. מען האָט געטראַכט פון אַלעם און פון גאָר ניט. מיט אַמאָל, פון זיך אַליין, אינ־גאַנצן אָן טראַכטעניש, האָט זיך איבער דער שטוב צעלייגט אַ שווערע, שטיקענדיקע לופט. עס איז געווען ווי אַ בכיון׳דיקע דע־קאַראַציע, דאָס שטיל פאַרטראַכטע אַ שעה פאַר דעם, ווי צוויי יונגע מענער גייען אָפּ אין אַ מלחמה. אין שטוב איז פּלוצלינג געוואָרן קאַלט, עפּעס האָט זיך אָנגעהויבן שאַרן ארום די ווענט, אונזעבאַרע שאָטנס האָבן זיך צעלייגט אין די ווינקלען — האָט עמיצער פאַרהאַנגען די שפּיגלען ? ווער האָט אויסגעגאָסן וואַסער פון אַ פאַס ? מרדכי עטינגער איז ווי אַ פאַרשלאָסענער אין אַ שטייג אַרום געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ אין זיין צימער. זיין פּלייצע איז געווען געבויגן, די אויגן־דעקלאַך האָבן מידע אַראָפּגעהאַנגען, ער האָט געוואָלט אַראָפּגיין אונטן און ניט גע־קענט, ער האָט געוואָלט עפּעס שרייען און ניט געקענט, ער איז טאַקע אַזוי געבליבן שוין ביי זיך אין צימער, און דורך אַ שטיקל פאַרקאַטשעטן פאַרהאַנגל האָט ער פּאַוואָליע דורכן פענסטער נאָכגעקוקט דעם אַרויספאָרנדיקן אָטאָמאָביל.

10

מאָריס זובאָווסקי איז שוין צוויי מאָל געווען ביים שדכן, צוויי מאָל האָט ער אים צוגעזאָגט, אַ חוץ שדכנות געלט, אויך אַ גרויסע מתנה, אוןביידע מאָל איז ער אַרויסגעגאַנגען אַ צופרידענער פון דעם שדכנ׳ס הויז.

צופרידן איז ער געווען. ערשטנס דערמיט, וואָס ער האָט געזען אין דעם שדכנ׳ס אויגן, און ער האָט געהערט אין דעם שדכנ׳ס קול, אַז עפּעס שיילט זיך אַרויס פון ערגיץ אַ האָפענונג, און, אַז פון ערגיץ וואו שטראַלט אַרויס אַ ליכט, וואָס מאַכט דעם שדכנ׳ס אויגן שטענדיק גלאַנצן, ווען נאָר ער רעדט מיט אים.

— איך גלויב, מיסטער זובאַוו — האָט ער צו אים געזאָגט — אַז מער ווי שדכנות געלט, וועט איר מיר קומען. דאָס, פאַר־שטייט איר מיך, איז ניט סתם אַ שדוך אויספירן, דאָס איז דיפּלאָמאַטיע, פאַרשטייט איר מיך — דיפּלאָמאַטיע.

און אין דעם טאָן פון זיינע רייד און אין דעם גלאַנץ פון די פּעטע, שפּיציקע אויגעלאַך, האָט מאָרים פאַרשטאַנען אַז דער איד שלאָפט ניט אין געשעפט, אַז דער שדכן איז פּונקט ווי ער, מאָרים אַליין, שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם עניין — עס איז דאָך נאָך אַלעמען ניט קיין קליינינקייט — שפּילסט זיך מיט מרדכי עטינגער׳ס שטוב!

און צווייטנס איז מאָרים געווען צופרידן מיט זיין אייגע־נער האַלטונג.

אַ רואיקער, מיט אַ קאַלטן ישוב הדעת, האָט ער נאָכגע־פאָלגט די טעגלאַכע ענטוויקלונגען, און ער איז געווען דער מיט צופרידן. דער שדכן טוט פּינקטלאַך אַלעס אין צייט, פּונקט אַזוי ווי ער אַליין וואָלט געטאָן. צו דער באַשטימטער צייט קומט ער אַהין, אין דעם נויטיקן מאָמענט, ווען ער איז אָן איבעריקער, גייט ער אַוועק. דער שדכן לאָזט זיך בעטן, און וואַרפט זיך ניט אָן מיט זיין סחורה. און פּונקט אַזוי, האַלט זיך אויך מאָרים. פון צייט צו צייט גייט ער פאַרביי די שטוב. איינמאָל האָט ער באַמערקט אסתר׳ן, ביים פענסטער — אַ פאַר־וויינטע, מאָרים האָט פאַרשטאַנען אַז עפּעס האָט דאָרטן גע־טראָפן, און ער האָט עס אויסגעלעגט פאַר אַ גוטן סימן. אַ צווייטן מאָל איז ער אָנגעקומען פּונקט דעמאָלט, ווען דזשאָן אָפּענהיימער איז ווי אַ משוגענער אַרונטערגעלאָפן די טרעפּ. דזשאָנ׳ס פּנים איז געווען צעפלאַמט, דער הוט איז אים געלעגן אויף אַ זייט, דער מאַנטל אַ צעשפּיליעטער, איז געפלויגן מיט די צוויי פּאָלעס, ווי צוויי פליגל פון אַן אונטערגעשאָסענעם פויגל. אויך דאָס האָט ער אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן.

— דאָס איז גוט — דאָס איז גוט — האָט מאָרים צו זיך אַליין געזאָגט — אַזוי דאַרף זיין, ווינציקער מיט איינעם, טרייבט זיי דורך, אָט די פּוסט־און־פּאַסניקעס, די אומזיסטיקע

פּרעסער, און אַז זיי קענען שוין שפּילן באַל? און אַז זיי גייען שוין אין קאַלעדזש? און אַז זיי קענען שוין טאַנצן?

און דאָס וואָרט טאַנצן האָט אים אַרויפגעפירט אויף אַ צווייטן געדאַנק — ער, מאָרים, מאַכט גוטן פּראָגרעס אין טאַנצן — פאַר די פאַר וואָכן, וואָס ער גייט אין טאַנץ-קלאַס, קען ער שוין אַ וואַלץ און אַ „פאָקס-טראָט", און אַלעס וואָס אים איז געבליבן איצט צו טאָן, איז פּראַקטיצירן. אָבער דאָס קומט מיט דער צייט — האָט ער געטראַכט — אַזוי ווי אַלעס אין לעבן קומט מיט דער צייט. איז דען גימבעל בראָדערס געבוירן געוואָרן גימבעל בראָדערס? און וואַנאַמייקערס — וואַנאַמייקערס? אודאי קומט אַלעס מיט דער צייט. דו, מאָרים, נעם נאָר און קוק זיך צו ווי עס וואַקסט אַ קינד! וואַקסט עס דען אויס אין איין טאָג? און אַ פערד? ווערט עס דען גלייך אַ פערד? ווער קען עס דען וויסן צי פון דעם קליינעם מענטשעלע — מאָרים זובאָוו, וועט אַמאָל ניט אויסוואַקסן אַ מאָרים זובאָוו עט קאָמפּאַני! אַזוי מיט אַ קנאַק.

— נו, און טרייבן אַ מאַשין? איז דאָס אויך אַ קונץ? דו גיב נאָר אַ הער די קאַר!

מיט אַזעלכע אַ פליגלדיקע געדאַנקען פלעגט מאָרים אַהיים קומען פון שדכן, איבערטאָן דעם זונטיקדיקן אָנצוג אויף אַ וואָכנדיקן און אַוועק צוריק אין זיין קראָם אַריין.

ווען מאָרים איז שוין איצט נאָכאַמאָל געקומען צו די עטינגערס אין שטוב אַריין, האָט ער זיך שוין דאָרטן געפילט אַביסל היימישער. צום סוף גאָר היימישער. דער שדכן האָט שוין דאָס איצטיקע קומען פון פריער צוגעגרייט. אַ סך אַרבעט האָט שוין דער שדכן אָפּגעטאָן, און אַ סך זאַכן האָט מען שוין פון פריער אָפּגערעדט, און מאָרים איז געווען אינסטרואירט פונקט, וואָס צו זאָגן, און פונקט ווי אַזוי זיך צו האַלטן. ער האָט שוין איצט באַדאַרפט זיצן היימיש, אַזוי פיל און אַזוי פיל ריידן, און אַזוי פיל שווייגן. און אַז אויב ער וועט שטעלן עפּעס פאָדערונגען, זאָל עס זיין פון דער זייט, און ניט איבערציען דעם בויגן, און מאָרים האָט אויך געוואוסט אַז היינט וועט ער דאָרטן קיינעם ניט טרעפן. און נאָך מער ווי ער האָט געוואוסט, האָט אים

עטעל מיטגעהאָלפֿן. זי איז היינט געווען היימיש־גוט, נאָך מער ווי שטענדיק גאַסט־פֿריינטלאַך, און שטיל־דערשלאָגן. דאָס האָט מאָרים׳ן צוגעגעבן מוט.

און עס איז איצט געווען דאָס קליינע עסצימער, וואו זיי זיי־נען געזעסן. אַ ווייס, היימיש ציכטיק צימער, מיט ווייסע „ענאַמל" ווענט, מיט אַ ליכטיקן, זאַמד־קאָליר דיוואַן, שאַפֿעס אַנגעפּיקע־ וועט מיט עסצייג און אַלערליי געשירן, און אַלעס איז געווען אַזוי היימיש און שטיל.

ביים טיש זיינען געזעסן בלויז פֿרוי עטינגער און מאָרים, אסתר האָט זיך אַלע מאָל געדרייט אריין און אַרויס.

— וואָס לויפֿסטו אַזוי אַרום? — האָט געזאָגט עטעל — קום אַהער. זעץ זיך אַנידער.

אסתר איז צוגעקומען.

עטעל איז אָפּגעגאַנגען.

אַ לאַנג שטיל שווייגן.

— כ׳האָב געהערט אין היפּאָדראָם גיט מען אַ גוטע „שאָו" — האָט געזאָגט מאָרים.

— אָ, — האָט געענטפֿערט אסתר.

— אַ גוטע „שאָו" — האָט ער געזאָגט נאָכאַמאָל.

ווייטער שטיל.

— שוין לאַנג ניט געווען דאָרטן — זאָגט אסתר.

— איך אַליין גיי זעלטן אַהין — ענטפֿערט מאָרים.

עס איז צוגעקומען עטעל. איז דעמאָלט ווידער אַמאָל אַוועק־ געגאַנגען אסתר.

— אַ חידוש מרדכי איז נאָך נישטאָ.

מאָרים׳ן איז געוואָרן קאַלט. מאָרים האָט מורא פֿאַר עטינגער׳ן.

— נאָר ער לויפֿט אַרום, און לויפֿט אַרום, דער מענטש וועט זיך אַזוי אַוועק׳הרג׳ענען — זאָגט ווייטער עטעל.

מאָרים האָט פֿרום אָפּגעזיפֿצט.

עס איז אָנגעקומען בעקי און אלדד. עס איז נאָכאַמאָל אַריינגעקומען אסתר, צוזאַמען האָט מען זיך געזעצט ביים טיש, מען האָט געטרונקען טיי און מען האָט געשמועסט.

ווען מען האָט אָפּגעטרונקען די טיי איז שוין מאַרים גע־ווען נאָך היימישער. ער האָט שוין גערעדט פון ביזנעס, ער האָט גערעדט פון גרויסע אונטערנעמונגען, — עך, ווען ער האָט געלט! ער וואָלט שוין געוואוסט וואָס צו טאָן — ווען ער האָט געלט.

עס איז שוין געווען זייער שפּעט אין דער נאַכט, ווען עטעל איז נאָך אַמאָל אַריינגעקומען, זי האָט איצט פאָרגעשלאָגן אַ גע־לעגער.

— עס פּאַסט ניט פאַר מיין מאַמען — האָט מאַרים געזאָגט

— זי וועט נאָך איבערטראַכטן.

— אפשר, טאַקי — — — האָט געענטפערט אסתר.

— מיר'ן שוין אונזערס אָפּנעמען — האָט געלאַכט מאַרים.

— ? ? ? — האָט אסתר אים אַרויסגעגלייט.

מאַרים וועט טאַקי זיינס אָפּנעמען —

עס איז געווען אַ שטילע חתונה, ערגיץ אין אַ קליין שטעטל נעבן ניו יאָרק. אַ שטילע חתונה האָט מען געמאַכט ערשטנס צוליב דעם — ווייל אין דער משפחה איז געווען אַ סאָלדאַט אויפן שלאַכטפעלד, און מען האָט ניט געוואוסט צי ער לעבט צי ער איז טויט, און צווייטנס... צווייטנס... עס זיינען געקומען גע־ציילטע מחותנים פון חתן'ס צד, און גאָר געציילטע מחותנים פון דער כלה'ס צד. אין מיטן דער וועטשערע האָט מרדכי עטינגער אויסגעשריבן אַ טשעק. דאָס יונגע פּאָרל איז אין מיטן דער וועט־שערע אוועק געגאַנגען און אויף מאָרגן זיינען זיי אוועקגעפאָרן קיין בערמיודאַ אויף זייער „האַנימון".

נאָך דעם שטאַרקן אַנפאַל, וואָס מרדכי עטינגער האָט געהאַט נאָכדעם ווען ער האָט געקויפט די גרויסע הויז אויף בראָדוויי, האָט ער אין דריי חדשים אַרום געהאַט אַ צווייטן אַנפאַל און ווידער אין אַ חודש אַרום, אַ נייעם אַנפאַל, דאָס מאָל האָבן זיך שוין גע־וויזן סימנים פון אַ לייכטן פּאַראַליז. און איינמאָל, ווען ער איז געזעסן אין זיין נייעם אָפיס, אויף דער פינפטער עוועניו, האָט ער פּלוצלינג דערפילט, גלייך ווי אַ טויזנט־פודיקע משא וואָלט אים געפאַלן אין קאָפּ אריין. אים האָט זיך געדוכט, אַז עפּעס האָט זיך אינעווייניק, אין זיין מח איבערגעריסן און עס איז אים געוואָרן פינסטער אין די אויגן. ער האָט גע'חלש'ט. און מען האָט אים צוגענומען אין אַ האָספּיטאַל.

אַ גאַנצן חודש איז מרדכי עטינגער נאָכדעם געלעגן אין דער היים. דאָס איז געווען דער חודש פון פאַר פסח. מיט יעדן טאָג איז אַלץ פריער אויפגעגאַנגען די זון. אַלץ פריער האָט דאָס מאָרגן־ליכט זיך אַריינגעשפּאַרט דורך די שווער־באַהאַנגענע פענ־סטער. בלויער און טיפער איז מיט יעדן טאָג געוואָרן דער הימל. פון ערגעץ אַ נאָענטער ווייטקייט האָט געקלאַפּט אַ וואַ־סער־מיל.

פון וואַנען האָט זיך גענומען אין מיטן ניו יאָרק אַן אַלט־מאָדישע וואַסער־מיל? מרדכי עטינגער האָט געהערט קלאַפּן אַ וואַסער־מיל. אָפּגעלאָזטע זאַסטאַווקעס האָבן געקלאַפּט און געדרייט שווערע רעדער. פון דער ווייסער וואַסער־שוים האָט זיך יעדעס מאָל אַרויסגעוויזן אַ שטיקל מאַכיק ראָד. דאָס שטיקל מאַכיק ראָד איז געווען בלאָטיק־גרין, און זיך געדרייט כסדרה, רעגלמעסיק, פּונקט צו יעדן אָטעם־צוג, וואָס מרדכי עטינגער האָט געטאָן, האָט זיך אומגעדרייט דאָס בלאָטיק־גרינע שטיק ראָד. איז דאָס אויכעט עפּעס אַ סימן? אַ ראָד דרייט זיך — וואַסער לעשט פייער — פייער איז אין גהנום — ווערט מרדכי עטינגער

גיין אין גהנים אריין ? אים האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן, ווען מען האָט זיין בעטל צוזאַמען מיט אים, ארויסגעשטעלט אויף דער אָפענער ווערանדע. זיינע פיס זיינען געווען איינגעגנייט אין ווייסער פלאַנעל. מיט דער קאַלדרע אונטערגעבויגן אונטער דעם מאַטראַץ און אונטער זיין אייגענעם גוף, האָט ער זיך קוים געקענט רירן. ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ אַהער און אַהין און, ווי אַ געפּענטעטע פערד, האָט ער מיט אַ פּאָר צעשפּרייטע נאָזלעכער געזופּט די פרישע לופט. די פרישע לופט אין דעם גאָרטן האָט געשטאַרקט זיין האַרץ. דער גאָרטן איז געלעגן צעלייגט באַרג אַראָפּ. אַרונטערן באַרג איז געווען אַ גרויס שטיק גרין לאַנד. פון דעם גאָרטן באַרג אַרונטער האָבן זיך אַלע מאָל אַרויסגעגנב'עט פּוכיקע וועווערקעס. די וועוועריקעס זיינען אָפּגעלאָפן אַ שטיק וועג און צעשראָקענע זיך אומגעקערט. מרדכי עטינגער האָט איין וועוועריקע נאָכגעקוקט און ער האָט געזען, ווי זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ צווייג און מיט די פאָדערשטע פיסלאַך געלייגט אַ קליינע נוס אין מויל אריין. ווען ער איז צום סוף אַרונטער פון בעט, האָט ער געפילט די פרייד פון אַ קינד זיך צעשפּרייטן איבער זיין האַרץ. און מיט קינדערשער איינגעשפּאַרטקייט האָט ער געטראַכט : — ער וועט נאָך אַלץ גובר זיין. אַרטעריע סקלעראָזע איז גאָר ניט. צען און פופצן און צוואַנציק יאָר קען ער אַזוי אָפּלעבן. מען דאַרף בלויז וויסן, ווי אַזוי זיך צו פירן. ווי אַזוי זיך אָפּצוהיטן, ניט אויפרעגן זיך. לעבן אַנדערש. אַנדערש. בלויז אַנדערש דאַרף ער איצט זיין לעבן פירן.

ער איז סיי ווי געוואָרן אַנדערש.

— אין וואָס באַשטייט דען דעם מענטשנס לעבן ? איז עס דען בלויז דאָס פיזישע, וואָס מיר זעען און הערן, צי איז עס דאָס, וואָס מיר קענען ניט באַגרייפן ? וואָס איז עס דאָס, וואָס מיר קענען ניט באַגרייפן ? איז עס אַ יענע וועלט ? ווי אַזוי קוקט אויס יענע וועלט ?

מרדכי עטינגער האָט געוואוסט, ווי אַזוי עס קוקט אויס יענע וועלט. ער האָט דאָס געוואוסט פון די ספרים. ער האָט געוואוסט אַז דאָרטן, פּונקט ווי דאָ, פירט זיך אַ שטרענגע מלוכה. אַלע

מעשים ווערן פארשריבן אין א פייערדיקן בוך. מיט א פייער־דיקער פעדער. יעדן מענטשנס מעשים ווערן געוואויגן אויף א וואָג־שאָל. יעדן פרימאָרגן טוען שוועבדיקע מלאכים זינגען שירה פאר גאָט ברוך הו. ווען א נשמה פליט ארויף אויפן הימל, לויפן איר אַנטקעגן צוויי מלאכים — דער מלאך רע און דער מלאך טוב. עס געווענד זיך דעמאָלט וועלכע מעשים עס ווענן איבער, צי די שלעכטע מעשים, צי די גוטע מעשים. מרדכי עטינגער האָט דאָס אַלץ געוואוסט. ער האָט געוואוסט, אז וואָס מער גוטע מעשים ער וועט ברענגען, אַלץ א העכערן אויבן־אָן וועט ער קריגן. ער האָט געהאָט א קלאָרן באגריף וועגן דעם אַלעמען. ער האָט געוואוסט מיט וואָס א מענטש דארף קומען פאר׳ן כסא הכבוד. ער האָט די גאַנצע צייט ליגנדיק אין בעט זיך געגרייט דערצו, ער האָט גערייניקט זיינע מחשבות, געלויטערט זיינע רעיונות און ער האָט זיך אָנגעהויבן פירעון מיט אַן אנדער פירונג. ער איז געוואָרן עלטער. זיין שפּיציק צוגעשניצט בערדל איז געוואָרן שיטערער און גרוילאָך. זיין שטערן האָט זיך אַרויפגעשניטן נאָך העכער. איבער זיינע ברעמען, אופן שטערן, האָט אויסגעוואַקסן צוויי הויכע ביינער, ווי קליינע הערנער, — משה רבינו׳ס הערנער. און די פינגער פון די הענט זיינען ביי אים געוואָרן דין און בלייך, ווי די הענט פון אַ תלמוד־חכם. אין סאַמע מיטן מויל איז אים אַרויסגעפאַלן אַ מיטלסטער צאָן, און ווען ער האָט אויפ־געעפנט די ליפּן, האָט אַרויסגעקוקט פון דעם לאָך אַן אומהיימ־לאַכע טונקלקייט.

אַלץ, וואָס איז ביז איצט אין אים געווען פאַרשלייערט איז געוואָרן דורכזיכטיק. זיין מח איז געווען קלאָר. ער פלעגט אויפ־שטיין מיטן באַגינען.

אין די פענצטער האָט זיך געשפּילט אַ לייכטע בלויקייט, לייכט שפּילנדיק איז די מאָרגן־זון צוגעגאַנגען מיט׳ן אָנקומען פון טאָג. מרדכי עטינגער איז אַרומגעגאַנגען אין זיין מאָרגנראָק. ווייך און שטיל געשפּאַנט איבער די ווייכע דיוואַנען, און געזען ווי עס ווערט צערונען די מאָרגן־בלוי. ווייסער שיין קומט שוין אַריין אין פענסטער. א פריש אויסגעבאָדענע קומט אַרויס די זון. ער האָט זיך אָנגעטאָן, זיך אַריינגעזעצט אין גרויסן אָטאָ־

מאָביל, מיטביידע הענט אַרויפגעלייגט אויף דער זילבערנער גאַלקע פון שטעקן, איז ער אַזוי געזעסן אין ווינקל פון אַטאָמאָביל ביז ער איז צוגעפאָרן צו זיין אָפּיס.

און דין, מיט אַ חוש פון אַ יאַסטרויב, האָט ער, דעם גאַנצן וועג, פאַרנדיק, פאַרנומען דאָס שפּילן פון זיין נשמה און געהערט דאָס מינדסטע איבערפליסן פון זיין בלוט, און מיטאַמאָל האָט ער געהערט רופן אַ קול פון זיינע אייגענע אברים:

— מרדכי עטינגער, מרדכי עטינגער! אָט־אָ־דאָ שטעל זיך אָפּ! אַהער גיי אַרויף! אָט איז שוין געקומען דער טאָג פון אַרבעט!

און ער האָט זיך פּלוצלינג — ווען די מאַשין איז נאָך געפאָרן — זיך אויפגעשטעלט פון זיין ווינקל, איז צוריקגעפאַלן אויפן זיץ און זיך אַ צווייטן מאָל אויפגעשטעלט, זיך אָנגעהאַלטן מיט די שוואַכע הענט אין דעם מעשענעם האַלטער, און מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ איז ער ביים אָפּשטעלן פון דעם אַטאָמאָביל שוין געשטאַנען אַ גרייטער נאָך איידער דער שאָפער האָט אויפגעעפנט דאָס טירל.

עס האָט אים געקלאַפּט דאָס האַרץ. ער איז געשטאַנען און געוואַרט ביז דער אַטאָמאָביל האָט זיך צוריק אויסגעקירעוועט אַריבער דער ברייטער פינפטער עוועניו. ער האָט געהיט דעם גלאַנציקן דאַשעק פון דעם שאָפערס קאַסטאָרן הוטעל — ווער ווייס, וואָס פאַר אַן אומגליק עס קען חלילה טרעפן מיט דער מאַשין און מיט דעם שאָפער, אויב ער וועט ניט באַווייזן אין צוויי מינוט פאַרביילויפן דעם ווייסן פּאַס, וואָס איז איבער דעם שוואַרצן אַספאַלט געמאָלן — נאָר, גאָט צו דאַנקען. ער האָט געקוקט אויפן זייגער. גוט אַזוי. ער וועט היינט האָבן אַ גוטן טאָג.

— אַ גוטער טאָג — אַ גוטער טאָג — גוט מאָרגן — גוט־מאָרגן — דעם פּאָרטער, דעם עלעווייטער־מאַן, דעם מאַן, וואָס שטייט ביים „סיגאַר־סטענד“ — אַ שיינער מאָרגן! אַ פיינער טאָג, גוט־מאָרגן!

מען האָט פאַר אים געעפנט טירן. מען האָט אים אונטערן אָרעם געפירט, אין עלעווייטאָר אַריינגעשטעלט.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ —

פאַר וואָס קומט עס מיר אַלץ? נאָך וואָס זיך מטריח זיין? אַ דאַנק.

מען האָט אים אַזוי אַריינגעפירט אין זיין אָפיס, וואָס האָט פאַרנומען דעם גאַנצן צוועלפטן שטאָק פון דער גרויסער געביידע אויף דער פינפטער עווניו.

דער גאַנצער שטאָק איז געווען צעטיילט אין קליינע אָפּטיילונגען. אָפּגעצאַמט מיט נידעריקע שטאַכעטן. אין יעדער אָפּטיילונג זיינען געשטאַנען צו פיר טישן, און אויף יעדן פון די שרייב־טישן זיינען געשטאַנען קליינע, פון מעש־געמאַכטע שילדן מיטן נאָמען פון דעם מענטש — „מר. האָל" — „מר. בראַדי" — „מר. מאַק'קינלי" א. אז. וו. עס האָבן ווייט געגלאַנצט די שוואַרצע בוכשטאַבן אויף די מעשענע שילדן — ביז אַרויס צום „עלעווייטאָר" צו, אַזוי ריין אָפּגעפּוצט, מיט אַן אינערלאַכן גדלות — האָבן די שילדן אַראָפּגעקוקט פון די טישן. און די אָפּטיילונגען זיינען געווען אַלע אין אַ ריי, פון ביידע זייטן פון דעם גרויסן שטאָק, אָפּגעטיילט אין מיטן מיט אַ שמאָלן נידריקן קאָרידאָר, אַזוי אַז מען האָט געקענט לייכט צו יעדן צוקומען, און אַזוי, אַז מרדכי עטינגער האָט געקענט פון זיין פענסטער אַרויס דעם אָפיס זיינעם מיט איין בליק אַרומנעמען.

די דורכגאַנגען זיינען געווען אויסגעשפּרייט מיט גרינעם סאַמעט, און די מענטשן פלעגן אַזוי שטיל אַנטקעגנקומען, אַז עס האָט אין הארצן אַ ריס געטאָן פון שרעק, ווען דער פאַרטער איז אַ שטילער ווי אַ שאָטן אונטערגעקומען, און מיט אַ שוין אָנגעגרייטן שמייכעלע אַ פרעג געטאָן:

— „הו איז איט יו וואַנט טו סי, סער?"

— „אָוועד דהער" — האָט ער מיט דער ווייסער הענטשקע אויף זיין האַנט געוויזן, — גלייך אַרונטער צוואַנציק פוס, און דאָרט פאַרנעמט זיך רעכטס.

ביי איין זייט פון גרויסן צימער גלייך ביים אַריינגאַנג, איז געווען צו דער וואַנט צוגעפּיסטיקט אַ שמאָלער, לאַנגער טיש, אַזוי ווי אַ לאַנגער שטענדער. ביי דער וואַנט — העכער, דאָרט וואו די מענטשן האָבן זיך מיט זייערע עלנבויגנס אָנגעלענט — נידריקער.

און אויף דעם שמאָלן לאַנגן טיש זיינען געווען צעלייגט געדרוקטע קאָפּיעס און פאָטאָגראַפיעס פון אַלערליי הייזער און מויערן. עס האָט זיך געדוכט אַז די גאַנצע שטאָט ניו יאָרק, מיט אַלע אירע מויערן, ליגן דאָרטן צו פאַרקויפן. און אַן אַ צאָל ציפערן. ציפערן, — 4-5-6-צימערן צו דער פראַנט — 2-3 און דאָבל זעקסיקע ביי די זייטן — זעקס שטאָק הויך — צוועלף קראַ־מען אויף מעדיסאָן עוועניו — זעקס קראָמען אויף הונדערט און צענטער גאַס — צוויי הונדערט מיט פופציק טויזנט ערשטער מאָרגעדזש, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער — אַ לאַנגער, שמאָלער טיש אַביסל העכער ביי דער וואַנט, וואו עס ליגט אַ גאַנצע שטאָט צום פאַרקויפן. און ביי דעם שמאָלן, לאַנגן טיש שטייען מענטשן. די מענטשן קוקן אין די געדרוקטע קאָפּיעס, אויף די פאָטאָגראַפישע בילדער. איינער ווייזט דעם צווייטן אַ בילד, איינער לייגט אַריין אין בוזעמקעשענע אַ קאָפּיע. מען קויפט, און מען פאַרקויפט הייזער און מויערן ביי מרדכי עטינגער'ן אין נייעם אָפּיס אויף דער פינפטער עוועניו.

— וויפל פאַרדינט איצט מרדכי עטינגער אַ טאָג פון דעם נייעם מסחור? מען טאָר ניט ציילן, מען טאָר ניט רעכענען יעדן טאָג דאָס פאַרמעגן. עס איז גענוג צוויי מאָל אַ יאָר, — יולי און יאַנואַר. מרדכי עטינגער צאָלט איצט זיינע צאָלונגען אין יולי און יאַנואַר. צוויי מאָל אין יאָר. יולי און יאַנואַר זיינען צוויי גרויסע טעג. יולי און יאַנואַר — וועט ער נאָך דערלעבן יולי און יאַנואַר?

צום שטאַרקסטן האָט זיך אין דעם נייעם אָפּיס אויף דער פינפטער עוועניו געוואָרפן אין די אויגן די שטילקייט. אַזוי ווי אין אַ מקום קדוש. עמיצנס גייסט האָט דאָרטן אין דער לופט געפלאַטערט. די מענטשן ביי די טישן, מיט זייערע אָנגעכמור־רעטע פּנים'ער, מיט די גלאַנציקע קעפּ און ווייסע קראַגנס, האָבן אויסגעזען ווי פּריסטער אין אַ קירך. צו יעדער מינוט, האָט זיך געדוכט, וועלן זיי זיך אויפהויבן און מיט די פאַרשלאָסענע ליפּן אָנהויבן בעטן אַ שטיל געבעט.

מיטאַמאָל האָט זיך איבערן גרויסן אָפּיס צעטראָגן אַ טעמפּ קלאַפּן פון שרייב־מאַשינען. עפּעס ווי פון עמיצנס אַ באַפעל,

האָט זיך מיטאַמאָל פאַרשפּרייט אַ מורמלען פון צענדליקער גע־ראַזירטע ליפּן. פּענעז האָבן געקריצט איבער גלאַטע בויגנס פּאַפּיר. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטילע באַוועגונג. עס איז אַריינגעקומען מרדכי עטינגער.

ער איז גלייך אַריין אין זיין גרויסן צימער, מיט די פיר פענסטער. די וויגנדיקע טיר האָט זיך שטיל פאַרמאַכט אונטער אים. די גרויסע שויבן איבער די גאַנץ־וואַנטיקע פענצטער, האָבן זיך געוויגט אין זייער ריינקייט. הויכע, ווייכע, סאַמעטע־נע שטולן, אין וועמעס ליידיקייט עס האָבן זיך געוויגט שאָטנס פון גרויסע סוחרים, זיינען געשטאַנען צעשטעלט אַרום די ווענט. אַ טונקל גרינער טעפּיך, ווי פריש געשוירן גראָז, איז געלעגן איבערן שטיינערדיקן דיל. מרדכי עטינגער האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט ביי זיין שרייבטיש. פון פריער איז שוין געלעגן אָנגעגרייט און געוואַרט אויף אים אַ פּאַק מיט בריף און באַ־שטעלונגען. ביי דער זייט איז געזעסן די סעקרעטאַרין. זי האָט פאַר אים געלייענט די בריף. מיטן קאָפּ אָנגעבויגן עטוואָס אין אַ זייט, מיט דער לניקער האַנט צובייגנדיק דאָס לעפּעלע פון אויער. האָט ער ערנסט און פּאַוואָליע זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט.

— פּאַוואָליע, נאָכאַמאָל — האָט ער געזאָגט — צוויי טויזנט פונט נעמט ער. צוויי טויזנט, וועט ער נעמען דעם צוועלפטן. יאָ, ווייטער.

דאָס מיידל האָט ווייטער געלייענט. לאַנגזאַמער, שאַרפער. זי איז אַליין געוואָרן אָנגעשטעקט מיט זיין שאַרפקייט און רואיג־קייט. — פּאַוואָליע — לאַנגזאַם—עפּעס האָט זיך איבערגעגאָסן פון מרדכי עטינגערן צו זיין סעקרעטאַרין. זי האָט געלייענט לאַנגזאַם, אויפמערקזאַם. זיינען ביי איר אויפ'ן שטערן אויסגעוואַקסן צוויי קליינע הערנער? די סעקרעטאַרין האָט שוין געאַרבעט ביי מרדכי עטינגער'ן פאַר יאָרן און יאָרן. זי איז צוזאַמען מיטן געשעפט אויסגעוואַקסן.

— אָלרייט, אָלרייט, — און וואָס ווייטער? און וואָס זאָג־סטו? און וואָס איז דיין מיינונג?

מרדכי עטינגער האָט זיך שטענדיק נאָכגעפרעגט אויפן צווייטנס מיינונג. ער האָט שטענדיק געשעצט אַ צווייטנס

מיינונג. — זייער גוט. אַ גוטער איינפאַל. אַ פיינער געדאַנק. איך דאַנק דיר.

— איך דאַנק דיר, איך דאַנק דיר. — וועמען דאַנקט דען ניט מרדכי עטינגער? און ווי אַזוי זאָל ער ניט דאַנקען? אַלער־ליי בריף קומען דאָך שוין איצט אָן. באַשטעלונגען אויף וואָל. אָנבאָטן וועגן אַלערליי הייזער. אָנבאָטן וועגן אַלערליי לענדעריי־ען — אַ דאַנק, אַ דאַנק, — יולי — יאַנואַר — קלאַפּ־קלאַפּ, קלאַפּנדיק־קלאַפּ. — וואו איז אלדד? אלדד איז וואו? נאָר מען דאַרף אים זוכן.

מרדכי עטינגער האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ. ער האָט אויסגעטדרייט די העלפט פון דעם אויבערשטן קערפּער, און מיט אַ שטילן באַפעל אָנגעהויבן רופן: אלדד! אלדד! וואו איז אלדד?

און מען האָט אין אַלע ווינקלאָך אָנגעהויבן ארומטאַפּטשען מיט מתים׳דיקע טריט, און מען האָט אין אַלע ווינקלאָך אריינ־געשושקעט: אלדד! און אַלע פּנים׳ער זיינען געוואָרן ערנסט, און אַלעמענס אויגן זיינען געבליבן הענגען אין דער לופט פאַר־כמורעטע מיט דער גרויסער זאָרג: וואו איז אלדד?

2

אלדד איז דעמאָלט, ווען מען האָט אים ארומגעזוכט, ארומ־געגאַנגען צווישן די ריי שרייבטישן. זיינע לייכטע טריט זיינען געזונקען אין דעם ווייכן סאַמעט. זיינע האָר זיינען געווען גלייך אויף אַרויף פאַרקעמט. ביי יעדן טיש באַזונדער האָט ער איינגע־בויגן זיין גלייכע פיגור. ביי יעדן טיש באַזונדער האָט ער עפּעס אַריינגעמורמלט אין יענעמס פּנים אריין. מיט דעם אָנצייג־פינגער האָט ער יעדע ווײַלע אַפּירגעטאָן איבער זיין צונג, אויפ־געמישט אַ בויגן פון די אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן און שטענדיק עפּעס קאָרעגירט.

אלדד קאָריגירט שטענדיק עפּעס. עס דוכט זיך אויס אַז ער רעדט די ענגלישע ווערטער מיט דער „ריש:, כאָטש ער רעדט נאָר ניט אַזוי.

— פרוי און מיסטער אַדרעסירט — זאָגט ער שטיל באַפעלנ־

דיק, —ביידע זאָלן זיי זיין אויף די וועקסלען גע׳חתמ׳ט. אדרע־סירט צו ביידן „פּליז“.

אלדר האָט זיך ביי איין טיש אָפּגעשטעלט אביסל לענגער.

— מאַך דעם קאָנטראַקט אזוי — האָט ער געזאָגט — „דאָס געלט ווערט אויסגעליען אויף דער פאַרזיכערונג פון אַלע פּערזענ־לאַכע פאַרמעגנס. אַלץ איז ביי אונז פאַר׳משכנ׳ט. דיינס און דיין ווייבס, און דאָס פון דיין משפּחה. דו און דיין ווייב זיינען מחויב צו יעדער צייט און צו יעדן טאָג פון אונזער אויפפאָדערונג צוריקצוגעבן דעם גאַנצן סכום. און מיט אונזער געלט טאָרסטו ניט קויפן קיין זאַך פון צווייפלהאַפטן כאַראַקטער. מיט אונזער געלט — מיט אונזער געלט — עס איז געווען אָנגעפילט די לופט מיט׳ן קלונג פון געלט. אין דעם האַלבטונקעלן ליכט איבערן טיש וואו אלדר איז געשטאַנען, האָט מען געקענט זען דאָס קופּער־געלע פון גאָלד. אלדר האָט טיף און ערנסט געצויגן זיינע פראַזן. עס זיינען געווען, ווי אַ ליד, די דאָזיקע רייד זיינע.

ווען ער איז צום סוף אריינגעקומען אין עטינגערס אָפּגע־צאַמטן חדר, האָט מען אים שוין דאָרטן ניט געזוכט. מרדכי עטינגער איז געזעסן אין מיטן פון זיין טיש. מיט זיין ווייסער האַנט, די פינגער צעשפּרייט איבערן גרויסן שטערן איז ער געזעסן דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט. ער האָט געקוקט אין אַ פּאַפּיר. פּאַוואָליע געציייילט די ענגלישע ווערטער, און זיי צו עטלאַכע מאָל איבערגערעדט. ווען ער האָט דערזען אלדר׳ן, האָט ער אים מיט אַ וואונק פון דער האַנט צוגערופן:

— נעם לעז איבער, אלדר, אַ יאָ? — „מאַי קלייענט איז פּוירפּעקטלי סעטעספּאַיד וויט דהי פּראָפּאָזישאָן — פּליעז אַפּאָינט אַן אינטערוויו“.

מרדכי עטינגער האָט געציילט די ווערטער, דריבנע זיי אַרויסגעלייגט אויפן טיש, ער האָט באַטאָנט יעדע זילבע.

— איך וויים ניט וואָס צו טאָן — זאָגט ער — דאָס הויז שטייט אין אַ גוטן געגנט. איך האָב זיך שוין דערמיט איינ־געלעבט.

אלדר האָט שוין לאַנג געזוכט אַ געלעגנהייט צו ריידן מיטן

פעטער, איצט האָט ער אויסגענוצט דעם מאָמענט, ער האָט געזאָגט:

— איך פאַרשטיי אייך ניט, פעטער! מיר האָבן דאָך באַשטימט אַ פּאָליסי נאָך וועלעכער מיר דאַרפן האַנדלען!

— ס'איז אָבער אַ נסיון אלדד — הונדערט טויזנט אין איין „פּראָפּערטי"!

— און ווען איר זאָלט אויסרעכענען די הכנסה פון אַ יאָר, צוויי, פיר — צוואַנציק.

שפּיציקע פייערלאָך, ווי דריי עקן האָבן זיך געשפּאַרט פון אלדד'ס אויגן. ער איז געווען אויפגערעגט. אין זיין מח האָבן זיך געטוישט פּלענער. ער האָט שנעל גערעדט:

— ניט דאָס איז דער עיקר. עס איז אַ פּרינציפּיעלע פראַגע.

אלדד האָט צעשפּרייט זיינע פיס, אויפגעהויבן דעם קאָפּ, מיט ביידע הענט אַריינגעלייגט אין די הויזן־קעשענעס, האָט ער אויך אויף אַ קול גערעדט:

— ווילט איר פירן אייערע געשעפטן אויף אייער אַלטמאָדישן וועג — ד. ה. קויפן, און ווען מען גיט פּראָפיט — פאַרקויפן, און זיין שטענדיק אויפן מאַרק, צי ווילט איר פירן אַ געשעפט אויף מאָדערנע עקאָנאָמישע יסודות? דער געזעץ פון עקאָנאָמיע — איז „אַקיומיליישאָן" — ד. ה., ביז וואַנען איר דערגרייכט צו אַ מדרגה ווען דער אייגענער „סורפּלוס" איז דער קאַפּיטאַל־שאַפער.

— אָבער איך בין דאָך ניט קיין מיליאָנער! דו ווילסט זיך פאַרגלייכן מיט ראָקפעלערן?

— ערשטנס, מוז מען ניט זיין קיין ראָקפעלער; צווייטנס, איר זייט אַ מיליאָנער, איר, פעטער זייט אַ מיליאָנער. דאָס געשעפט: „די עניטעד וואולען קאָמפּאַני" טוט מסחר ביז פינף מיליאָן דאָלער אַ יאָר. די הייזער אויף בראָדוויי זיינען ביז צום ערשטן „מאָרטגיידזש" אויסגעצאָלט. די „פּראָפּערטי" אינם נידריקן טייל פון שטאָט איז אויסגעצאָלט. מיט דעם באַלאַנס וואָס איר האַלט אין די בענק, וואָלט איך געקויפט לאַנד פאַר אַ גאַנצן מיליאָן אין פּלעטבוש. איך וואָלט אָפּגעקויפט גאַנץ דרום־פּלעטבוש — דאָרט איז דער פּלאַץ פאַר דער צוקונפט.

ביידע זיינען זיי געבליבן ווי פאַר'כשופ'טע. אלדד'ס איבער־צייגטע רייד, האָבן זיך געשאָטן, ווי פּערל פון מויל. זיין קול איז געווען שאַרף, ווי אַ זילבערנער גלאָק פון עפּעס אַ ווייט, זיין פּנים איז געווען צעפלאַמט, אַרום זיין מויל זיינען געלעגן קנייטשן, פול אָנגעשטאָפּטע מיט אייזערנעם ווילן. ער איז געווען ווי אַ וואָלף, וואָס איז גרייט צו וואַרפן זיך אויף זיין קרבן.

מרדכי עטינגער האָט געציטערט. זיינע ליפּן האָבן זיך געעפנט און פאַרמאַכט. מיט זיינע פינגער האָט ער געצופּט שטיקלאַך פון אַ פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. זיינע אויגן זיינען געווען מיט אַ נעבל פאַרצויגן. די גאַנצע צייט פון אלדד'ס ריידן האָט ער בלויז געהערט, ווי אַ ווייט, ווייטן אָפּקלאַנג פון עמיצנס אַ קול. מיט אַן אַרויסגעשפּאַרטן קאָפּ, מיט'ן שפּיציקן בערדל אַרויסגעשטאַרצט און מיט אַ שווער בלאָזן פון זיינע נאָזלעכער איז ער געבליבן אַזוי זיצן אַ פאַר־שטיינערטער.

אלדד האָט קיין סך ניט גערעדט פון זיינע פּלענער. מיטאַמאָל פלעגט אים ווערן ענג איז דער שטוב, און ער פלעגט דעמאָלט אַרויס אויפן גאַס, אין דעם ריווערסייד פּאַרק, וואָס לויפט פאַזע דעם האַדסאָן. דער גאָרטן איז אַ שמאָלער. אין מיטן דערינען אַ שטיק אָפּגעהאַקטע גאַס, מיט געדרייטע טרעפּ צום אַראָפּגיין, ציט ער זיך אַזוי פאַזע דער לענג פון האַדסאָן. באַוואַקסן מיט געדיכטע בושעס און פאַרבאַהאַלטענע ווינקלען, און מיט גרינע אייזערנע בענק. אין אָוונט צעלייגט זיך די ליכט פון דעם ניו דזשוירזי ברעג ביז אין מיטן טייך. דער גאַנצער ברעג פון ניו דזשוירזי איז צעלייגט אין מיטן טייך. און אויף יענער זייט טייך דרייען זיך ווייסע וועגן אַרויף די פּאַליסאַדן, טראַמווייען דרייען זיך אויף די געדרייטע וועגן. אַלע מאָל לייכטן אויף די עלעקטרישע לאָמפּן און אַלע מאָל פאַר־שווינדן זיי אונטער די הויכע שטיינער. אלדד האָט ליב דאָרטן שפּאַצירן און דאָרטן צו זיצן. דאָרטן קען ער טראַכטן אַלערליי חלומות. דאָרטן קען ער געפינען אַ באַרעכטיקונג פאַר אַלע זיינע מעשים. זיינער אַ חבר האָט אים אַמאָל געזאָגט: — „און וואָס, אַז דאָס ווייב הונגערט? און וואָס אַז דיר פעלט אויס אַ

מלבוש, צי א מאַלציים? ווען א מענטש האָט א מיסיע אין לעבן — זיינען די אַלע זאַכן קליייניקייטן". אלדד האָט איצט א מיסיע אין לעבן. די אַלע זאַכן זיינען קליייניקייטן. א מענטש נאָך דרייסיק נעמט זיך ניט שרייבן קיין בוך. אלדד איז שוין איצט געווען איבער דרייסיק. שיכרות — שיכרות — ער איז פאַר'שיכור'ט אין זיינע אייגענע פּלענער. אלדד מוז איבער־צייגן דעם פעטער אין זיין אמת. ער האָט זיך שוין איצט מיט זיין גאַנצער נשמה אריינגעוואָרפן אין דעם נייעם לעבן. ער האָט גע'חלומ'ט חלומות. ער האָט געזען קאָנקרעטע בילדער. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון זיין אייגענעם איינפאַל — פון אַפּקויפן דרום־פּלעטבוש. און איינמאָל איז ער אין מיטן העלן טאָג נעלם געוואָרן. ער איז אוועקגעפאָרן קיין פּלעטבוש.

בר־ייטע, אומענדלאָך ברייטע זומפּן האָבן זיך געצויגן פאַר מיילן לאַנג. וואו ניט וואו זיינען געלעגן צעוואָרפן קליינע פאָרם־שטיבלאָך. גערטנער מיט פאַרשיידענע גרינוואַרג האָבן אין זייער פרישער גרינקייט זיך געקווענלט אנטקעגן דער זון. פון ערגעץ האָט געבלאָזן א קילער ווינט. גאָר ווייט אין א שטח איז געלאָפן דער „על". דער טומלדיקער רויש פון דער גאַסן־באַן האָט זיך פון צייט צו צייט אהער דערטראָגן מיט א פאַר־שטיקטן קלאַפּן. אלדד האָט ארומגעטאַפּטשעט איבער די זומפּי־קע וועגן. שנעלע, שטראַליקע פּלענער און איינפאַלן האָבן זיך געטווישט אין זיין מח. אָט האָט ער געטראַכט פון א גרויסער שטאָט ביים ברעג פון ים, מיט ברייטע פאָרטן פאַר אויסלענ־דישע שיפן. און אָט האָט ער געטראַכט פון נידריקע שטיבלאָך, מיט גראָז־באַוואַקסענע פליינען — א רעזידענץ־שטאָט. אין זיין צעהיצטן מח האָט ער זיך אוועקגעטראָגן אויף פייערדיקע פלינגלען.

אין מיטן פון דער גרויסער נייער שטאָט וועט שטיין א רויט הויז. דאָס רויטע הויז וועט האָבן א גרינעם דאַך. אויפן גרינעם דאָך וועלן זיין טויבן־נעסטן. און אין דעם הויז — ער און בעקי. בעקי האָט גרויסע וואַסערדיקע אויגן. — בעקי בייסט מיט אירע ציין — ער וועט געבן בעקי'ן זיין לייב און בעקי וועט אים געבן איר לייב. בעקי האָט ברייטע היפּטן. אפשר צען

קינדער קען זי אויסטראָגן. טאָמער וועט דער רייכער מאַן אויסכאַפּן בעקין ? בעקין קען מען נאָך אויסכאַפּן. אַלץ פֿאַרבלענדט נאָך אירע אויגן. זי האָט מורא פֿאַר אלדד'ן. זי געטרויט אים ניט. פֿאַרוואָס האָט זי מורא פֿאַר אים?

אלדד האָט מיט אַ קאַלטן ישוב הדעת אָנגעהויבן אויסרעכענען ביז דער קלענסטער מעגלאַכקייט די נייע אונטערנעמונג. מיט דעם, וואָס אין דעם געגנט לויפֿט דורך אַ גאַסן־באַן, וועט זיין לייכט צוציען אַ באַפֿעלקערונג. טראַנספּאָרטאַציע איז די ערשטע פּראָבלעם אין אַזאַ אונטערנעמונג. דער געגנט מוז זיין פֿאַרבונדן מיט ניו יאָרק. ניו יאָרק דאַרף אָנפֿילן דעם געגנט. אלדד איז געווען זיכער, אַז ניו יאָרק מוז זיך צעשפּרייטן. די באַפֿעלקערונג מוז זיך אַליין אַריבערוואַקסן. אין פֿינף אָדער צען יאָר אַרום וועט ניט זיין קיין איינציק פֿריי ווינקל אין דער גרויסער שטאָט. מען וועט מוזן — אונטער אַלע אומשטענדן וועט מען מוזן זוכן אַ ניי ווינקל, וואו מען זאָל קענען די שטאָט אויסשפּרייטן — טראַנספּאָרטאַציע — קלאַפּ־קלאַפּ — עס לויפֿט פֿון ווייטן אַ גאַסן־באַן — ווער עס וועט דאָ הייזער בויען, פֿאַר דעם וועט זיך דאָ עפֿענען אַן אוצר. אלדד האָט אָנגעהויבן גיין אין דער ריכטונג צום „על" צו.

ער האָט שוין לאַנגזאַם, און מיט אויפֿמערקזאַמקייט זיך צוגעקוקט צו יעדן שטיינדל. ער האָט באַמערקט יעדעם גרעזל. ער האָט געפֿילט די ווייכקייט פֿון דעם באָדן. גלייך ווי ער זאָל שוין איצט גיין קויפֿן דאָס לאַנד, אַזוי האָט ער יעדע זאַך רואיק באַטראַכט. די ברייטע אַרומיקייט האָט ברייט צעשפּרייט זיינע אייגענע האַרזיאַנטן. אין דער שטיל זיינען געפֿלאָסן זיינע געדאַנקען. ער האָט געהערט דאָס פֿאַרבייפֿלאַטערן פֿון אַ פֿאַר פֿלאַטערנדיקע פֿליגל. אלדד מוז פֿאַרבויען דעם דאָזיקן געגנט. אפֿשר וועט דאָ אויסוואַקסן אַט אַ דאָס, וואָס וועט אים זיין נשמה אויספֿילן. ער ווייס ניט וואָס, און ער ווייס ניט ווען — אָבער עס קען דאָך זיין — עס קאָן דאָך זיין אַז בעקי זאָל אַן אַנדערע ווערן — עס קען דאָך זיין ער זאָל בויען אין מיטן דער נייער שטאָט אַ רויט הויז מיט אַ גרינעם דאַך. אַלץ קען זיין. אַלץ איז מעגלאַך. עס איז מעגלאַך אַז אין דער אַרבעט פֿון בויען אַ שטאָט, זאָל ער זיך אַליין געפֿינען;

עס איז מעגלאך, אז פון אמעריקע זאל ארויסוואקסן די גרויסע וועלטרעוואלוציע ; עס איז מעגלאך אז מיסטער קאמבערלענד זאל מוזן איבערגעבן זיין פארמעגן צו די ארבעטער ; עס איז מעג־לאך, אז אין די קומענדיקע צען יאר, זאל זיך ניו יארק אזוי צעוואקסן, אז יעדעס שטיינדל זאל זיין מיט גאלד גלייך. עס איז מעגלאך — עס איז מעגלאך — טראנספארטאציע איז די הויפטזאך אין אזא אונטערנעמונג — — —

עס איז שוין געווען פינסטער אין דרויסן, ווען ער האט זיך אומגעקערט אהיים. דעם גאנצן אוונט האט ער לײדנשאפטלאך געדרויכערט. ער איז געגאנגען שפאצירן אין ריווערסייד פארק. זיין הוט איז געווען אביסל ארויפגערוקט איבערן שטערן. שיפן האבן געקרייצט דעם האדסאן. גייענדיק האט ער געקנאקט די פינגער פון די הענט און אויסגעלייגט איין פלאן נאכן אנדערן. ווען ער האט דערנאך גערעדט מיטן פעטער האט ער אין זיינע רייד ארײנ־געפלאכטן אלערליי טיפזיניקע און אלערליי טיפנארישע געדאנקען. ער האט צום פעטער גערעדט פון דעם רויטן הויז, וואס ער וועט פאר זיך אויסבויען. אין עקסטאז האט ער אנגעווארפן א בילד אויף א בילד. פונקט ווי אמאל, ווען פאר אים זיינען געשטאנען טויזנטער מענטשן, האט ער איצט אין א רעדנערס פאזע גערעדט פארן פעטער. ער האט אויסגעמאלט א בילד פון א ניי־אויפוואקסנ־דיקער שטאט. פון אלדד'ס אפגעמאלט בילד, האט מרדכי עטינ־גער געזען באלויכטענע גאסן, גראד־ליניקע קווארטאלן, קצבים און קרעמער און מעל־הענדלער האבן זיך געדונגען און געריסן די קונים אין זייערע קראמען. מרדכי עטינגער האט געהערט דאס פלאפלען פון קליינע קינדער. דער הימל איז געווען באַ־לויכטן מיט בליציקע פייערן. קינעמאטאגראפן און טעאטערס האבן געווארפן ברענענדיקע בליצן ביז אין מיטן גאס אריין — ער האט געפילט ווי עס רירט זיך אים דער מח.

3

— עס איז מיר שווער, עס איז מיר שווער, — האט געזאגט מרדכי עטינגער צו אלדד'ן, ווען זיי זיינען אין אוונט ביידע גע־זעסן אויף דער וועראנדע. די ווערנדע איז ארויסגעקומען אין

סאַד אַריין. די וועראַנדע איז געווען אײַנגאַנצן באַוואַקסן מיט קריכנדיקן ווײַנריב. דורך דעם קריכנדיקן ווײַנריב האָבן אַרײַנגע־שטערנט, ווי קליינע בליצן, פֿינקלדיקע פֿײַערלאַך, און באַשפּריצט די היימישע טונקלקייט אין וועלכער עס זײַנען געווען אײַנגע־וויקלט אלדד און מרדכי עטינגער.

— עס איז מיר שווער. צופֿיל טראַג איך אויף מײַן קאָפּ. דאָס געשעפֿט, און מײַן הויז, און מײַנע קינדער — אַלץ האָט מיך אַריבערגעוואַקסן.

אלדד האָט געשוויגן.

פּאָר אַ ווײַלע האָט מרדכי עטינגער אויך געשוויגן.

אָבער, ווי לאַנג קען ער דען שווײַגן?

— פֿאַרשטייסט? — זאָגט ער — ביז איצט איז אַלץ געווען אונטער מײַן קאָנטראָל. איך האָב געזען וואָס איך טו. געקענט די מענטשן מיט וועמען איך האַנדל. געזען דאָס פּנים פֿון דעם קונה. איצט איז אַלץ, ווי אַ מאַשין, אַ טויטע זאַך, ציפֿערן, ציפֿערן.

אלדד שווײַגט און שמייכלט.

— ציפֿערן, ציפֿערן, — זאָגט מרדכי עטינגער.

אלדד שמייכלט.

— עס איז בלויז אַ מעטאָד אַזאַ. אַן אַנדער מעטאָד, פֿע־טער. די זעלבע זאַך, בלויז פֿאַרברייטערט, פֿאַרפּילפּאַכט. איר דאַרפֿט זיך צו דעם צוגעוואוינען.

— צו וואָס זיך צוגעוואוינען? — זאָגט מרדכי עטינגער — נאָך וואָס דאַרף איך דאָס? פֿאַר וועמען? איך האָב שוין קיין כּוחות ניט.

אין אמת'ן האָט מרדכי עטינגער איצט נײַע כּוחות. עס איז ניט קיין כּוחות, נאָר אַ נײַער גייסט. צי עס איז גאָר קיין גייסט אויך ניט, — עס איז עפּעס אַזאַ בלינדע אומבאַהאָלפֿנקייט אין וועלכער ער ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ מער אַרײַנגעשלעפּט און אַן כּוחות, שפּאַרט פֿון אים אַרויס עפּעס אַ בלינדער כּח, וואָס וועט זיך באַלד פֿאַרמעסטן מיט די ווינטן און מיט די איבער־וואָלקנס הויכקייטן. ערשט איצט האָט זיך אין אים צעברענט זײַן גײַציקייט. אַ גײַציקייט ניט נאָך געלט, נאָר נאָך עפּעס

אזוינס, וועגן וואָס ער האָט מיט ווערטער גאָר ניט געקענט ריידן. עפּעס פויגלדיקס, איבערמענטשלאַכס, האָט אים אינגאַנצן באַהערשט. עס איז געווען אומבאַשטימטע, גיגאַנטישע ליידנ־שאַפטן, וואָס האָבן זיין נשמה אַרומגענומען. ער האָט געזען ציפערן אויסגעשטעלט אין אַזאַ לאַנגער רייע, אַז עס האָט אים אַזש געשווינדלט אין די אויגן. דאָס לאַנד אין דרום־פּלעטבום איז פאַר אים ווי אַן אויסטערלישער חלום געשטאַנען. דעם חלום האָט ער געזען אַזוי,, אַז פריער איז געווען אַ גרויס בלענדעניש אַן אויגנשניידיק ליכט, אָנגעוואָרפן מיט קרישטאָלן און גאָלדע־נע רענדלאַך. און באַלד איז פון דעם גרויסן ליכט געוואָרן גרויסע, פייערדיקע רעדער. די רעדער האָבן געשווינדלט. אַלע מאָל זיינען זיי געוואָרן קלענער און גרעסער. גרעסער און קלענער. זיך געדרייט שנעלער און שנעלער, און צום סוף איז אַלץ געוואָרן פינסטער. און ווען אַלץ איז צום סוף פינסטער געוואָרן, האָבן זיך ערגעץ אויפגעעפנט שווערע ערדענע טירן. פון דער עפע־נונג האָט אַ שלאָג געטאָן אַ טונקלער און אַ דומפּער ריח, און פון דער דאָזיקער טונקלקייט האָט זיך באַלד ווידער אָנגעהויבן אַרויס־שיינען פון אַ בלאָטיקער שאָלעכץ, צוערשט פאַרשמירטע שטיקער גאָלד, דערנאָך אַלץ ריינערע און העלערע. און די שטיקער גאָלד זיינען זיך אַלץ צעוואָקסן אין שורות און אין קופּעס — און צום סוף זיינען אויסגעוואַקסן גאַנצע בערג מיט גאָלדענע שטיקער.

נאָך אַזעלכע אילוזיעס איז מרדכי עטינגער געבליבן אינגאַנצן אַן אויסגעשעפּטער, פון זיך אַליין אַן אויסגעהוילטער. ער האָט ניט געהאַט קיין כח. אַ שוואַכקייט איז באַפאַלן זיינע הענט און זיינע פיס. אים האָט זיך אין אַזוינע מינוטן געדוכט, אַז עמיצער נעמט אַלץ פון זיין אינגעווייד אַרויס, אַז ער פילט דאָס און זעט דאָס — און קען זיך ניט העלפן.

— ווען איך קען זיך אָפּרוען — האָט ער שטיל געזאָגט — אויף אַ שטיקל צייט זיך אָפּרוען, באַפרייען, כאָטש אַ שטיקל צייט.

אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן. אַ פאַרדאַכט פון איינעם צום צווייטן. דער שווייגט און קוקט אויף דעם, און דער שווייגט און

קוקט אויף דעם. ווייל איינער דעם צווייטן אויסנאַרן? ווייל איינער דעם צווייטן מיט עפּעס איבערשפּיצלען?

— און וואָס וועט זיין, אַז „ריעל עסטייט" וועט פּלוצלינג פאַלן? — זאָגט מרדכי עטינגער, שפּאַרט אָן דאָס שפּיציקע, שי־טערע בערדל אויף דער גאָלקע פון שטעקן, וואָס ער האַלט צווישן די פיס, און אין דער פינסטער זעט מען, ווי זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו גלאַנצן — איך שטעל דאָך מיין גאַנץ פאַרמעגן אין קאָן

אלדד האָט זיך אויפגעהויבן פון דעם שטול. ער שטייט שוין גרייט, ווי אין אָנגעלאָדענע ביקס, פאַרקאַטשעט דאָס היטל איבערן שטערן. ער פאַרשליסט די צען פינגער פון די הענט און לייגט זיי אַוועק אויפן בויך.

— „ריעל עסטייט" וועט אַזוי גיך ניט פאַלן. יעדע אונטער־נעמונג איז גוט פאַר די קומענדיקע פינף יאָר עס איז גאָר קיין שפּעקולאַציע ניטאָ.

— מיט וואָס ביזטו אַזוי זיכער?

— ווייל מיר האָבן איצט אַ מלחמה.

אלדד האָט זיך פאַר עמיצן פאַרשעמט. ער האָט אין דער שטיל אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „מלחמה". און נאָך שטילער האָט ער געזאָגט:

— די מלחמה וועט זיך נאָך ציען און ציען.

— איך געדענק נאָך גאַנץ גוט דעם קראַך פון יאָר 1907 — זאָגט עטינגער. ער איז שוין אינגאַנצן אויפגערעגט. ער וואַרפט שנעל אַרויס די רייד פון מויל, — מענטשן זיינען רואינירט געוואָרן. מען האָט זיך דעם האַלז איבערגעשניטן.

מען שווייגט שוין ווידער. קלאַפּ־קלאַפּ, קלאַפּנדיק־קלאַפּ — אין ביידע מוחות. איין שטערן איז הויך, מיט אויסגעפּליקטע טיפע ווינקלען. איבער די ווינקלען געשוואָלענע אָדערן — אַ פאַרלאַנג פון שטילן אויסלעבן די לעצטע יאָרן, דרייט זיך אויף אַן אַקס פון אויפגעיוירטע ווייכקייטן — איין שטערן געדיכט באַוואַקסן מיט איינגעשפּאַרטער באַוואָקסנקייט — אַ פאַרלאַנג פון אויפהויבן אַ הויכן באַרג און אים אַזוי אַ שליידער טאָן אין ים אַריין — וואָס פאַר אַ גרויסן פּליעסק עס וועט דער ים טאָן?

ביידע מוחות מאַביליזירן — ביידע מוחות גרייטן זיך. — דער שווייגט און קוקט אויף דעם דער שווייגט און קוקט אויף דעם. אַ דור פאַרגייט און אַ דור קומט — הויכע בערג קען מען שליידערן אין ים אַריין — אויסלעבן שטילע, לעצטע יאָרן פאַרט מען קיין ירושלים...

אלדד שרייט שוין מיט אַ הויך, קלאָר קול:

די מלחמה וועט זיך ציען און ציען. און ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט זיין אַ נייע מלחמה, אַן אַנדערע, שווערע יאָרן קומען.

מרדכי עטינגער האָט פאַרבויגן די אונטערשטע ליפּ צווישן די ציין און זי געביסן. עס איז אים געוואָרן היים איבערן לייב. היים אין די אויגן, נאָס צווישן די פינגער.

אלדד רעדט נאָך העכער:

— איבערן לאַנד וועט ווערן נאָך אַ גרעסערער דוחק. די גאַנצע באַפעלקערונג וועט מען אַריינוואַרפן אין דער פּראָדוקציע פון געווער און פון שיפן. אַמעריקע וועט אויפבויען אַזוי פיל שיפן, אַז זי וועט קענען מאַכן אַ בריק איבער׳ן ים. יעדעס ווינקל פון לאַנד, וועט ווערן עקספּלאָאַטירט. עס וועט פעלן וואָל אויף צו מאַכן קליידער, עס וועט פעלן מאַטעריאַל אויף צו בויען הייזער, מען וועט ניט קענען קריגן די מענער אויף צו בויען די הייזער. אין איין דירה וועלן וואוינען צו צוויי און צו דריי משפּחות. מען וועט צאָלן פאַר אַ פּאָר שיך און פאַר אַ קלייד און פאַר אַ דירה אַזוי פיל, וויפל מען וועט נאָר בעטן. די וואָס וועלן זיך מיט די אַלע זאַכן אָנגרייטן, וועלן זיך אָנשיטן מיט גאָלד.

שוין שווייגנדיק קלינגט נאָך אלדד׳ס קול. ער איז שטאַרקער. ער איז יונג. מרדכי עטינגער האָט ניט קיין כח — אַן עלטערער מענטש פאַרגעסט לייכט וואָס ער האָט ערשט געטראַכט — אָנגעקליבענע ענערגיע ווערט שנעל צערונען. מרדכי עטינגער איז נאָך ניט עובר בטל. ער זיצט בלויז אַזוי ווי אַ תם, אָבער ער ווייס ניט וואָס צו ענטפערן. זיין צעהיצטער מח האָט זיך שוין אָפּגעקילט — איבערן סאַד און איבערן הויף קלאַנגט נאָך אלדד׳ס קול, ווי די רייד פון אַ נביא, וואָס לאָזן איבער אַ לאַנג-דויערנדיקן אָפּקלאַנג. עס האָט זיך געדוכט, אַז די ביימער

אין סאַד, די שטילע, ביינאַכטיקע לופט, די אַרומיקע פּאַר'חלומ'־טע הייזער — אַלע האָבן אויפגעעפנט זייערע אויערן, כדי צו פאַרנעמען אַלדד'ס רייד.

אַלדד גייט זיך זיין וועג — אַ מענש נאָך דרייסיק, נעמט זיך נים שרייבן קיין בוך — בעקי האָט אַ ווייך, וואַרעם ליב — ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דער גרויסער וועראַנדע. עס איז געווען שפּעט ביינאַכט. די אַרומיקע פינסטערניש האָט זיך ביסלאַכווייז צע־שיטערט און אָנגעהויבן אַרויסווייזן דאָס, וואָס איז ביז איצט געווען איינגעהילט אין איר שוואַרצער דיקקייט. קוסטן מיט רויזן און כריי־זאַנטעמען האָבן בלאַסע זיך געוויגט אין דער שטילער לופט. די אַרומגעשווירענע יונגע קוסטן האָבן זיך אָפּגעצייכנט מיט זייער געדיכטער שוואַרצקייט אין דער שיטערער פינסטערקייט. דער גוט איינגעקאַטשעטער „טענים קאָרט" האָט אין זיין ווייסער זאַמדיגקייט זיך געוויגט, ווי אַ ווייסער טייך.

אַלץ איז געווען שטיל, איינגעדרעמלט. אָבער אין אַלץ האָט געקלאַפּט דער פּולס פון אינערלאַכן לעבן. עס האָט זיך גע־דוכט, ווי אַלץ אַרום איז בלויז אויף אַ ווײַלע איינגעשלאָפן כדי מאָרגן זיך אויפצוהויבן מיט אַ נייעם שטאַרקן לעבן.

אַלדד האָט דאָס אַלץ פאַרנומען. ער האָט פאַרנומען דאָס שטילע אויפוואַכן אין זיין נשמה. זיינע אויגן זיינען געווען גרויס אַרויסגעשטאַרצטע. עס האָט זיך געדוכט, ווי ער זאָל עפּעס אין דעם ליידיק־ווייטן זוכן.

האָט ער טאַקע עפּעס געזוכט? האָט ער טאַקי עפּעס געזען?

אַלדד האָט געהערט דאָס שטילע וויגן זיך פון די ביימער, דאָס שטילע איבערקאַטשען זיך פון אַ זעמדל אויפן „טענים קאָרט". ער האָט פאַר זיך, אין דער פינסטער, מיט אַמאָל דערזען גרויסע בויגנס פּאַפּיר, באַשריבן מיט אַלערליי חשבונות'ן, אָנגעזעצט געדיכט מיט ציפערן. אויגן נעמען גלייך אויף דאָס, וואָס דער מח מאַלט אָפּ — מחות טראַכטן באַלד אויס דאָס, וואָס אויגן ווילן זען — ער איז אינגאַנצן געווען פאַרנומען מיטן געדאַנק וועגן דרום־פּלעטבוש. די אויגן האָבן געזוכט אויסגעשריבענע פּלענער. אין זיין מח האָבן זיך אויסגעלייגט באַשריבענע פּלע־נער.

ער וועט שפעקולירן. מיטן אָנבאַט פאַר מזומן, וועט ער דעם גאַנצן געגנט אָפּקויפן ביליק. ער וועט דאָס לאַנד קויפן ביים אַקער. ניט ביים „לאָט“. אויף „לאָטס“ וועט ער עס שוין אַליין צעשניידן. געהילץ וועט ער קויפן גלייך פון וואַלד. ער וועט אַריבערפאָרן אין די וועלדער פון די נייענגלענדער שטאַטן און דאָרטן וועט ער אָפּקויפן אַקערס וואַלד. אַהין וועט ער אַרויספירן זעגמאַשינען. די גראָבע דעמבענע בוימער וועט ער לאָזן ווי זיי זיינען. דאָס איז גוט פאַר באַלטשאַסעס און איבערצולייגן אי־בער די סטריכעס. און די סאָסנעס וועט ער שניידן אויף ברעטער, און די בעריאָזעס — אויף דינע דיל־ברעטער. און אין די זומפּן פון ניו דזשוירזי וועט ער אוועקשטעלן אַ ציגל־פאַבריק — קלאַפּ־קלאַפּ, קלאַפּנדיק־קלאַפּ — טערע־קאַטאַ — אין ניו דזשוירזי אַ ציגל פאַבריק — ביים ברעג פון האַדסאָן וועט ער מאָלן פון הויכע סקאַלעס — זאַמד. און ווען דאָס אַלץ וועט זיין אָפּגעטאָן, וועט ער אַליין אויסבויען אַ גרויסע עלעקטרישע קראַפט סטאַנ־ציע, וואָס וועט באַלייכטן דעם אייגענעם געגנט.

זיינע אויגן זיינען געווען גרויס־אַרויסגעשטאַרטע, אין זיין מח האָבן זיך אויסגעלייגט די באַשריבענע פּלענער. גלייך ביים אָנפאַנג, וועט אויסקומען צו בויען צום וויינציקסטן פינף הונדערט הייזער. דאָס וועט פאַרנעמען צום וויינציקסטן צען קוואַדראַטנע קוואַרטאַלן. און נאָכהער וועט מען דאַרפן בויען וועגן און אויס־לייגן די וואַסער לייטונג. און ער האָט געטראַכט, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען אַריבערצופאָרן אין דער סאַוט, אַריבערברענגען פון דאָרטן טויזנט ניגערס — מען וועט דאָך באַלד דאַרפן האָבן צום ווייניקסטנס טויזנט שוואַרצע אַרבעטער.

ער האָט שוין ניט געפילט זיינע אייגענע טריט. ער איז געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ דער וועראַנדע. זיין האַרץ האָט יאָ געקלאַפּט און ניט געקלאַפּט. ער האָט זיך אויפגעלייזט. ער איז געוואָרן אויפגעלייזט אין אַ ווייסער דורכזיכטיקייט. עס האָבן דורכזיכטיק געלויכטן די נעגל פון די פינגער. אַלדר פילט דאָס ניט. ער הערט ניט דאָס קרעכצן פון די ברעטער אונטער זיינע פיס. ער האָט בלויז געפילט, ווי ער וויגט זיך אויף אַ שיף, וואָס שניידט זיך דורך אַ גרויסן ים.

— און אַ נאָמען? — האָט ער זיך אין מיטן באַדאַכט. — מען דאַרף אַ נייעם נאָמען האָבן. אַ נײַ געשעפֿט דאַרף דאָס זײַן. מיט אַ באַזונדערער פֿאַרוואַלטונג, מיט אַ באַזונדערן אָפּיס — „די פּלעטבוש דעוועלאָפּמענט קאָמפּאַני" — וועט עס הייסן. יאָ. דאָס איז אַ גוטער נאָמען — „די פּלעטבוש דעוועלאָפּינג קאָמפּאַני".

ווען אַלדד האָט אַזוי אין באַגייסטערונג געטראַכט פֿון דעם נייעם נאָמען, האָט אין סאַד אַרײַן זיך געגעבן אַ בויג אַרײַן צוויי בלישטשענדיקע פֿייערן. די פֿייערן האָבן צוערשט באַלויכטן די ווײַסע כריזאַנטעמען, מיט די רויטע רויזן, דערנאָך זיך אויסגעבויגן אויף דעם ווײַסן שפּיל־פּלאַץ. צום סוף האָבן די צוויי פֿייערדיקע אויגן זיך אויסגעגליכן, באַלויכטן דעם גרוי־אָנגעשאָטענעם זאַמד־וועג, און ער האָט דערזען אַ מאַשין אַרײַנפֿאָרן.

עס איז געווען בעקי.

זי איז אַרויף אויף דער וועראַנדע. אין דער טונקעלער פֿאַרשטעלטקייט האָבן אַ בליץ געטאָן אירע צוויי אויגן. זי האָט זיך צוערשט דערשראָקן. דערנאָך האָט זי מיט פֿאַרוואונדערונג אויסגערופֿן:

— דאָס ביזטו, אַלדד!

— וואָס טוסטו דאָ אַזוי שפּעט?

— גאָר נישט. איך קען ניט שלאָפֿן.

בעקי איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב אַרײַן.

וואָס זאָל טאָן אַלדד, ווען בעקי איז אים איינע אַליין שפּעט אין דער נאַכט פֿאַרבײַגעגאַנגען? זאָל ער איר נאָכגיין?

ער איז איר ניט נאָכגעגאַנגען. ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין זײַן איינענעם צימער. ווען בעקי איז אין אַ ווײַלע אַרום צוריק אַרויסגעקומען האָט זי שוין אים ניט געטראָפֿן. זי האָט זיך איבערגעבויגן איבער דער פּאַרענטשע פֿון דער ווערענדע, האָט אַרײַנגעקוקט אין זײַן פֿענסטער. אַלדד איז געזעסן אין ווינקל פֿון צימער אין דעם ווײַכן שטול. בעקי'ן איז מיט אַמאָל געוואָרן גוט אויפֿן האַרצן. איבערן וואַנט וואוינט אַלדד. ווען זי בויגט זיך אַריבער איבער דער פּאַרענטשע פֿון דער ווערענדע קען זי אים זען. זי האָט מיט אַמאָל אָנגעהויבן הויך אויפֿן קול צו לאַכן. מיט אירע געזונטע ווײַסע ציין, האָט זי אָפּגעווייסט אַ קליינעם

שטח פינסטערניש לעבן איר מויל, און די פרייד שפּאַרט זיך פון איר האַרצן.

— וואָס נאָך קען בעקי טאָן?

זי האָט אַראָפּגעכאַפּט אַ שוך פון איר פוס; מיט אַ לאַנגן פייף פון איר מויל האָט זי פון דער וועראַנדע פאַרוואָרפן דעם שוך טיף אין גאָרטן אַריין, און אַזוי אויף איין פוס זיך אַריינגעהאָצקעט אין שטוב אַריין.

איז פונקט דעמאָלט צוריק אַרויסגעקומען אַלדר.

אין דערזעלבער צייט איז מרדכי עטינגער געלעגען ביי זיך אין בעט און ניט געקענט איינשלאָפן. אין דער פינסטערניש פון צימער, האָט אַלע מאָל אויפגעבליצט אַ טליענדיק פייערל פון זיין דיקן סיגאַר און ער האָט אַריבערגערעדט צו זיין פרוי, עטעל, אין צווייטן בעט אַריין.

שוין לאַנג אַז מרדכי עטינגער שלאָפט אַליין אין אַ בעט. עס איז אים די ערשטע צייט געווען קאַלט. אפשר צוואַנציק יאָר האָבן זיך געפּריעט צוויי לייבער אונטער איין קאָלדרע. זומער פלעגט זיין היים. איינער האָט זיך אָפּגערוקט פון צווייטן; ווינטער איז אָנגענעם צו ליגן אַ לייב לעבן אַ לייב. איצט שלאָפט שוין מרדכי עטינגער אַליין. סיי זומער, סיי ווינטער. ביינאַכט, ווען עס איז פינסטער, און ער קען ניט איינשלאָפן, רעדט ער אַריבער אין צווייטן בעט אַריין.

— כ'וויים גאָרניט, וואָס מיט מיר איז געוואָרן לעצטנס. כ'קען מיט קיין אויג ניט צומאַכן.

— אַז אַ מענטש איז רק פאַרנומען, פאַרגינט זיך ניט אַמאָל אַ שעה אָפּצורייסן.

— דו דאַרפסט ערגעץ אַוועקפאָרן, — זאָגט זי אין אַ ווײַלע אַרום — טראַכט פון אַ מיל. נעם דיר אַריין אין זינען אַ מיל, מיט מאָלשטיינער, שטעל זיך פאָר, ווי עס דרייען זיך רעדער און עס מאָלט זיך מעל — וועסטו איינשלאָפן.

מרדכי עטינגער קרעכצט און שווייגט.

עטעל הויבט אַליין אָן טראַכטן פון אַ מיל. זי נעמט זיך אַריין אין זינען מאָלשטיינער, אַזוינע, ווי זי האָט געדענקט פון אַמאָל אין דעם קליינעם שטעטל. רעדער דרייען זיך. עס קלאַפּט

און עס ווערן צעריבן זערנעם קאָרן און ווייץ. אין קאָפּ הויבט זיך אָן עפּעס וויגן. עפּעס קלאַפּט מאָנאָטאָן. ביסלאַכווייז מאַכן זיך צו אירע אויגן.

מרדכי עטינגער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן. ער האָט געהערט דאָס שטילע פּייפן פון איר נאָז. ער האָט אין דער פינ־סטערניש געקוקט אויפן שוואַרצן פלעק, וואָס איז געלעגן אין צווייטן בעט. פּונקט, ווי אלדד האָט ער אויך געטראַכט פון פלעטבויש. נאָר אים האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ. ער האָט מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן. ער האָט ניט געקענט באַשליסן, וואָס צו טאָן. ער האָט זיך צום סוף אָנגעטאָן און אין שטי־לערהייט אַרויס פון בעט. אויף זיין לייב האָט ער אַרויפגעוואָרפן דעם לאַנגן מאַרגנראָק. אויפן קאָפּ — די זיידענע יאַרמולקע. ער האָט פאַרמאַכט די טיר פון דעם שלאָפצימער, און דעמאָלט האָט ער אָנגעצונדן אין אַלע צימערן דאָס ליכט. ער האָט ליכטיק געמאַכט דאָס לעז־צימער, און דעם עסזאַל און דאָס גרויסע אופנאַמס צימער. ער איז אַזוי אַרומגעגאַנגען אַ שטי־לער, באַטראַכט דאָס מעבל. מיט די פיס טאַפּנדיק די דיוואַ־נען, האָט ער זיך צוגעהערט צו דער ווייכקייט פון זיין טראָט. צום סוף האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין אַ ווייכן שטול און ער האָט אָנגעהויבן הויך אויפן קול צו קרעכצן.

ער האָט געפילט פיזישע ווייטאָקן. אָנגעשטרענגט אין זיין מח, איז נאָכער, דער ווייטאָק איבערגעגאַנגען אין אַלע זיינע אברים. ער האָט דערפילט אַ ווייטאָג אין זיינע קריזשעס. עס האָבן אים געבראָכן די פּלייצעס. ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז האָבן די העמערלאַך אין זיין קאָפּ אָנגעהויבן צו קלאַפּן. צוערשט אין דער רעכטער זייט פון קאָפּ, ביי דער רעכטער שלייף, דערנאָך אין דער לינקער זייט, ביי דעם לינקן שלייף. די ביינער איבער די אויגן האָבן, ווי צעשאָסענע, געהאַמערט מיט ווייטאָק. ער האָט זיך דערשראָקן — איצט אין מיטן דער נאַכט מיט זיין קאָפּ־ווייטאָק. וואָס וועט ער טאָן? וואוהין וועט ער לויפן? און עס האָט זיך אים געדאַכט, אז ער איז אַ פאַרבלאָנדזשעטער ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם געגנט. אויף אַ פאַרלאָזטן אינזל. עס זיינען נימאַ קיין מענטשן. ער פילט, ווי עס ווערט אים אַלץ

טרוקענער אין מויל. די צונג קלעפּט זיך צום גומען און ער האָט ניט קיין וואַסער. ער האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן, זיך געלאָזט לויפן איבער די בייזאַכטיק־באַלויכטענע צימערן. דאָס ליכט איז איצט געווען נאָך שאַרפער, ווי אַלעמאָל. איינער אַליין איז געהאַנגען דער גרויסער בליצלאָמפּ און געוואָרפן זיינע קרייז־שטאָלענע בליצן איבער אַלע ווינקלען. אפשר אין דרויסן אַרויס־גיין? אפשר אינגאַנצן אַנטלויפן פון דאַנען? וואָס האָב איך דאָ צו טאָן? און נאָך וואָס דאַרף איך דאָס אַלץ? וועמענס הויז איז עס? אלדד! אלדד! וואו איז אלדד? וואוהין שלעפּסטו מיך, אלדד?

ער האָט אַזוי אַרויסגעוואָרפן אויף זיך דעם שווערן מאַנטל און איז אַרויס אויף דער וועראַנדע.

אַ קילער ווינט האָט אים אַ בלאָז געטאָן גלייך אין פּנים אַריין. ער האָט זיך אָפּגעפרישט. איז געקומען צו זיך. און ווען ער איז צוריק אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, איז ער אַריין אין דעם לעז־צימער, אַרויסגענומען פון שראַנק אַ ספר און אָנגעהויבן אַהין אַריינצוקוקן.

עס איז געווען ליכטיק־שטיל. אַ פּאַרהאַנגל האָט זיך לייכט געוויגט פון אַ שטילן ווינט. די ווערטער פון דעם בוך האָבן זיך בולט אַרויסגעשפּאַרט און גערעדט מיט רעדעוודיקע ווערטער. מרדכי עטינגער האָט זיך געשאָקלט און אָן באַוואוסטזיין נאָכגע־זאָגט די ווערטער. עס האָט זיך געדוכט, ווי ער נעמט אַריין די ווערטער אין מויל אַריין, האַלט זיי דאָרטן אַ ווײַלע, און רעדט זיי צוריק אַריין אין דעם אָפענעם ספר אַריין. דערנאָך האָט ער זיך אינגאַנצן צעגויפגעגאָסן מיטן געשריבענעם וואָרט, און אַנשטאָט פון דאָרט צו לעזן, האָט ער זיינע אייגענע ווערטער אַהין אַריינגערעדט.

— דעריבער דאַרפן מיר אַראָפּוואַרפן די משא פון אונזערע פּלייצעס. און די זינד. און זיך גרייטן צום הייליקן טאָג, ווען מיר וועלן שטיין פאַרן כסא הכבוד. און גרייטן זיך דאַרפן מיר יעדע מינוט. ווייל יעדע מינוט קען אונז ברענגען די דער־לייזונג. און גרייטן זיך מיינט — ניט פאַרגעסן הכנסת אורחים. ניט פאַרגעסן צדקה, ניט פאַרגעסן, אַז עס איז דאָ אַ גרויסער

גאָט אויף דער וועלט, וואָס זעט אַלץ, און ווייסט אַלץ, און איז דער איינציקער הערשער איבער גאָר דער וועלט.

ווען פרוי עטינגער האָט זיך אין דער שפּעטער שעה פון דער נאַכט אויפגעכאַפּט, און געזען אַז דעם מאַנס בעט שטייט ליידיק, מיטן ליילאַך פאַרקאַטשעט ביזן העלפט פון געלעגער, ווי אַ צע־פּראַלטע טיר — האָט זי אָנגעהויבן רופן:

— מרדכי, מרדכי!

נאָר מרדכי האָט אַזוי לאַנג געשוויגן און ניט געענטפערט, ביז עטעל איז אַ נאַקעטע, פון קעלט אַ ציטערדיקע, און מיט האָר צעפּאַטלטע, אַריינגעלאָפן, און אויסגעשאָסן אויף אים איר גאַנצע שרעק:

— פו, פו, צו מיינע שונאים'ס קעפּ — דו האָסט מיר מיין נשמה אַרויסגענומען!

## 4

— ניט פאַרגעסן קיין צדקה — מרדכי עטינגער דאַרף זיך גרייטן צום הייליקן טאָג — אלדד גרייט זיך צום נייעם טאָג — אַ דור פאַרגייט און אַ דור קומט — אויסצולעבן שטילע, לעצטע יאָרן פאָרט מען קיין ירושלים — אלדד וויל נאָך ניט פאָרן קיין ירושלים — מען האָט דערווייל געטאָן אַזוי:

די גאַנצע סומע געלט, וואָס מרדכי עטינגער נעמט אַריין דורכן יאָר דירה־געלט, האָט מען פאַרקויפט צו אַן אַגענטור. מען האָט זיך אויסגעגליכן פאַר צוויי הונדערט מיט פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלער. מען האָט געמאַכט אַ קאָנטראַקט אויף צען יאָר. דער אַגענט האָט באַדאַרפט דאָס געלט איינצאָלן אין צוויי ראַטן. איין איינצאָלונג ביים שליסן דעם קאָנטראַקט און איין איינצאָלונג אין זעקס חדשים אַרום. און מען האָט אפילו ניט געוואַרט ביז צום סוף פון די זעקס חדשים, מען האָט גענומען בויען הייזער אין דעם דרום זייט פון פּלעטבוש.

עס איז שוין דאָס גאַנצע לאַנד אויפגעריסן. די ברייטע פלאַכן זיינען שוין צעשניטן אויף קוואַדראַטנע סקווערן. איבעראַל, אין אַלע מיטנס, זיינען צעלייגט גלייכע ליניעס שטריק. פון אַלע

יונגע וועלדלאך איז געבליבן שווארצע פעניעס נידעריק צו דער ערד. פון אלע נידעריקע בערגלאך איז געוואָרן איין גלייך שטיק. צעוואָרפענע, איבער אלע ווייטן, קריכן ארום קליינע מענטשלאך, ווי פליגן, און מעסטן דעם באָדן. ערגעץ ווייט הודזשעט שוין א דאמפמאשין. קליינע שטיקלאך האָלץ מיט ווייסע שילדן צעטיילן שוין די צוקונפטיקע גאסן. אויף די ראָגן בויט מען שוין. פון טיפע גריבער, אין וועלכע עס ליגן פארבלאָטיקטע נעגערס און איטאליענער, האלט מען אין איין ארויסשיטן פרישע ערד. די ערד שיט זיך אָן אלץ העכער און העכער, און באלד ווערט שוין פארשאָטן דער גאנצער מיטלסטער וועג. מען קען נאָך איצט מיט די וועגענער צו די גריבער צוקומען. אָבער באלד — היינט אָדער מאָרגן — היינט אָדער מאָרגן, וועט מען שוין מוזן צופאָרן מיטן זייטיקן וועג. דער זייטיקער וועג ציט זיך ארום און ארום. דאָרטן גיסט זיך פון אָפענע רערן וואסער. דאָס וואסער מישט זיך צענויף מיט דער ערד, און עס ווערט א בלאָטע. היינט אָדער מאָרגן וועלן שוין די נעגערס און די איטאליענער אָנטאָן די גרויסע „ראָבער־בוטס“. הו־הא — די גרויסע „ראָבער־בוטס“ פארדעקן ביז אריבער די ליטקעס — עס רייבט צווישן די פיס. דער פוילער נעגער קען ניט פארטראָגן, ווען עס רייבט אים צווישן די פיס. ער לייגט ארויס דעם ריסקל, שלעפט אראָפּ דעם שטיוול, פון שטיוול זעצט ארויס א פארע. זיין נאָז האָט ליב דעם ריח פון הייסער פארע. אלדר מוז אלעמאָל צולויפן היטן די נעגערס. נעגערס זיינען פוילע. נעגערס קענען אפילו א מינוט צו'גנב'ענען. און עס קומען די וועגענער, מען דארף זיי אָנלאָדן. זאָל רייבן צווישן די פיס. מען דארף זיי אָנלאָדן, די וועגענער. די וועגענער זיינען געשפאנט מיט שווערע פערד. די פערדישע פיס זינקען איין אין דעם ווייכן באָדן. שנעלער, גיכער. אינזשינירן מיט אפאראטן, ווי פאָטאָגראפערס, מעסטן שוין ווייטער דעם באָדן. אָט ווערט פארטיק נאָך א שטיק לאנד. שטעל אָן די וואסער־רער אהער, לאָז דאָס וואסער אהין. גרויסע אינדזשינס האָבן געקאָכט מיט זודיקן וואסער. געבלאָזן פון זיך מיט פארע און פארטויבט דעם געגנט מיטן הוזשעריי און פייפעריי. די מענטשן לויפן ארום פארשמירטע אין בלאָטע, מיט די הויכע „ראָבער־בוטס“, מיט

פאַרקאַטשערטע אַרבל, מיט צעבראַסטעטע בריסט, און איבער דעם פייפן פון די מאַשינען און איבער דעם הודזשען פון די אינ־דזשינס שרייען זיי און ליאַרעמען און פאַרטויבן די לופט.

מרדכי עטינגער און אלדד, ביידע זיינען גאַנצע טעג אין דעם געגענט איבערגעליגן. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען פאַר־שמירטע, מיט די שיך איינגעקלעפּט אין ליים. מיט פאַרשפּריצ־טע מאַנטלען. מיט פאַרשטויבטע היט. מרדכי עטינגער איז אַרומגעקראָכן איבער'ן ליימיקן באָדן. צווישן קופּעס שטיינער און ציגל און צעמענט. מיטן שטעקן אין האַנט האָט ער אַלע־מאָל אָנגעקלאַפּט אין אַ ציגל אויף דער ערד. אַלעמאָל געפּרואווט דעם ציגל צי איז ער האַרט גענוג. מרדכי עטינגער איז אַן ער־לאַכער מאַן. אַלעמאָל נעמט ער אָן אַ זשמעניע מיט זאַמד, רייבט דאָס זאַמד מיט צוויי פינגער און פּרואווט אין זיין געדאַנק באַ־שטימען ווי פיין און דין דאָס זאַמד איז.

— עס זאָל כאָטש דער וועג שטיין אַ גוטער — זאָגט ער.

— עס זאָל דאָס האַלץ פון וואַלד ניט פאַרשפּעטיקן — ענטפערט אלדד.

און דער וועג איז געשטאַנען גוט. אַ הויכע ברענענדיקע זון האָט געוואָרפן היציקע שטראַלן איבער אַלע פּנים'ער. מען קען זיך פון דער זון ניט באַהאַלטן. זי וואַרימט און ברענט אָפּ דאָס פּנים, און דעם קאַרק און די אויבערשטע זייט פון די הענט. אינווייניק, אויף דער דאַלאָניע, זיינען די הענט נאָך ווייס און צאַרט, אָבער פון אויבן זיינען די הענט פאַרברענטע, רויט־האַר־טע. אַלעמאָל וויל אלדד עסן. אַלעמאָל וויל מרדכי עטינגער טרינ־קען. ציגאַרעטן זיינען צו גרינג, אלדד רויכערט אַ ליולקע. בעקי האָט אים געקויפט אַ ליולקע. זי האָט אים געקויפט דעם טאַבאַק. די קריסע פון זיין הוט איז פון אַלע זייטן אַראָפּגעבויגן. דאָס פּנים און דער קאַרק פאַרברענט. ער טראָגט גרויע „ניקערס" און אַ גרויען „נאָרפאָלק זשאַקעט", אין ענגלישן שניט. הויכע, וואָלענע זאָקן, און אַ ליולקע אין מויל.

איז דאָס אלדד'ס וועג?

בעקי זאָגט, אים פּאַסט דער ספּאָרטישער אָנצוג. ער קוקט אויס, ווי אַ געבאָרענער ענגלענדער. די שאַרפע „ריש'ן" גיבן

צו חן צו זיין ענגלישער אויסשפראך. פורן און פורן מיט באַל־טשאַסעס און דרענגער און סלופּעס האָבן זיך געצויגן, ווי אַ לאַנגער קאַראַוואַן אין דעם שווין־איצט טומלדיקן פּלעטבוש. די וועגענער בלייבן שטעקן אין דער ווייכער, בלאָטיקער ערד. מען האַלט אָנגעגרייט אַן עקסטרא פערד, אַ ווייס, מיט ברייטע פּליי־צעס ,איינגעשפּאַנט אין אַן איינציקן שפּאַן, וועלכער העלפט אַלעמאָל אַרויס, ווען איינער פון די וועגענער בלייבט שטעקן אין דער ווייכער בלאָטע. מרדכי עטינגער קען ניט צוזען, ווי די פערד, אין זייער אנשטרענגונג, ציהען אויס די לאַנגע בייכער און שפּאַרן זיך איין מיט די גראָבע פיס אין דעם ווייכן באָדן — ער שפּאַרט אונטער זיין אַקסל אונטערן וואָגן, צוזאַמען מיט די גוים שמאַטשקעט ער מיט די ליפּן, פּאַכט מיטן שטעקן אין דער לופטן און שרייט „געט־אַפּ" !

און מיט יעדן טאָג זיינען געוואַקסן די קולות. און מיט יעדן טאָג האָבן זיך פאַרמערט די מענער ביי דער אַרבעט. און עס איז געוואַקסן דאָס קלאַפּן פון די מאַשינען. אויסגעמישטע געשרייען פון איטאַליענער און פּאָליאַקן און נעגערס האָבן זיך געהויבן ביז'ן הימל, ווי בינען אין אַ בינשטאָק, זיינען זיי אַרומגעלאָפן, געזשומעט און געטראָגן האָלץ און ציגל און ליים ; און אָט טראָגט מען שוין אין דער ערשטער הויז וואָס שטייט אויפ'ן ראָג שינדלען פאַר'ן דאַך. די שינדלען זיינען רוי. דאָס בינטל איז אַרומגענומען מיט דיקן דראָט. עס איז שווער צו טראָגן אַ בינטל שינדלען צוויי שטאָק אַרויף. שוויים גיסט זיך איבער'ן פּנים. שוויים רינט אריין דורכן קאָלנער איבערן הייסן לייב. אָבער אַ דאַך דאַרף מען צודעקן. אויב מען דעקט ניט צו דעם דאַך קוקט אויס אַ הויז, ווי אַ גרויס אָפן מויל פון אַ ווילדער חיה. דאָס גרויסע מויל קען איינשלינגען אַלע רעגנס. ווער דאַרף האָבן רעגן אינעווייניק אין שטוב פון מרדכי עטינגערס הייזער אין דרום־פּלעטבוש ?

מען טראָגט בינטן שינדלען. מען טראָגט לאַנגע ברעטער. פאַרטיק געמאַכטע פענסטער, „סטים ראַדיאַייטאָרס", סינקס" און „בעט־טאָבס". וויפיל פאַרשיידענע אַרטיקלען מען דאַרף דאָס

אַלץ האָבן צו בויען הייזער? און שלעסער, און טירן, און פאַרב, און שפּאַליר־פּאַפּיר, און וואָס ניט?

מרדכי עטינגער איז מיד. אין אוונט קומט ער אהיים אינ־גאַנצן אַן אויסגעשעפּטער. אַרום זיינע אויגן האָבן זיך אויס־געלייגט שוואַרצע רעדער. ער האָט אָנגעוואָרן דעם אַפּעטיט. אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל געטריקנט ברויט איז גענוג פאַר'ן מאַלצייט.

— איז דאָס באמת אַ מענטשלאַך טועכץ? גראָבט אַ מענטש אַליין זיין אייגענעם קבר? האָט קיין מענטש ניט קיין כח זיך באַפרייען פון דעם, וואָס ער דאַרף זיך באַפרייען?

מרדכי עטינגער האָט קלאָר געזען זיין סוף. ער האָט די אַלע געדאַנקען געטראַכט און געזען, ווי ער ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ שוואַכער און מידער. מען האָט אים שוין איצט אין דער הייסער וואַנע געמוזט אַריינזעצן. עטעל האָט אים געמוזט יעדן טאָג היטן. עפּעס מאָדנע איינפאַלן האָט ער לעצטנס. ער האָט אָנגעהויבן אַרומגיין אין די נעכט. אַ האַלב נאַקעטער, מיט אַ תמ'עוואַטן פּנים דרייט ער זיך אַרום איבער די גרויסע חדרים און רעדט נאָך אויף אויסווייניק פּסוקים פון אַלערליי ספרים. מידערהייט זיצט ער ביז שפּעט אין דער נאַכט און קוקט אַריין אין די פּלענער. חזר'ט אים אויף אויסווייניק די בלוי געצייכנטע פּאַפּירן — דאָ וועט זיין דאָס עס־צימער — רעדט ער צו זיך אַליין, ווי אַ חסר־דעה. — רעכט פון דעם אָפּגעשפּאָרטן ווינקל וועט מען מאַכן אַן איינגעמויערטע שאַפע פאַר קליידער. אויפן צווייטן שטאָק, איבער די אונטערשטע טרעפּ, וועט צוקומען אַן איבעריקער שלאָפצימער.

מרדכי עטינגער פּרוווט קאָרעגירן דעם פּלאַן. ער זאָגט צו אַלדד'ן:

— ווען מען פאָלגט מיך, וואָלט מען די „וועסטיביול" אינ־גאַנצן אַרויסגעוואָרפן. מען וואָלט דעם שטיק פּלאַץ בעסער צע־טיילט צווישן דעם עסצימער און דער קיך. מענטשן האָבן ליב גרויסע עסצימערן. אַ גוטע באַלעבאָסטע קוקט צוערשט אויף דער קיך.

אַלדד שלאָגט אים גלייך איבער:

— פאַר דעם פּרייז, וואָס מיר שטעלן אוועק דאַרף מען געבן אַ „וועסטיביול".

מרדכי עטינגער שווייגט שוין. ער האָט מורא פאַר אלדד'ן. ער דרייט זיך אָפּ פון אים מיט אַ פּנים פון אַן אונטערטעניקן, ווי אַ קינד, וואָס האָט מורא פאַר אַן עלטערן. בלויז אונטער די פּלייצעס שטעלט ער אַרויס אַ צונג, מאַכט אַ פאַרקרימטע גרי־מאַסע, פאַררוקט די יאַרמולקע איבערן שטערן, ווי אלדד טראָגט זיין הוט, און שטעלט אים אויף גיך אַרויס די צונג.

און אָט איז אויסגעוואַקסן אַ שטאָט — אַ טייל פון אַ שטאָט, וואָס וועט זיך נאָך צעשפּרייטן און פאַרצווייגן ביז אַרונטער צום ים צו.

אַלץ איז געווען פּונקט אַזוי, ווי אלדד האָט פאַרטראַכט. אויף די נייע גאַסן זיינען געשטאַנען נייע הייזער. צוויי־פאַמיליען־דיקע. אַלע מיט דעם זעלבן אויסזען און אַלע פון דער זעלבער גרויס. גרויע „סטאַקאָ" מיט גרינע דעכער, מיט האַלב רונדע פענ־סטער, מיט באַלקאָנען צום אַרויסגיין. אין דער פראָנט זיינען די אויבערשטע עטאַזשן, אין סאַמע מיטן, געווען עטוואָס אַרויסגע־רוקטע, אַזוי ווי אין דער לופטן הענגענדיקע, און פון ביידע זייטן האָבן געשיינט מיט זייערע גלאַנציקע שויבען, אַנטקעגן דער זון די צוויי „זון־פאַרלאָרס". פאַזע דער גאַנצער לענג פון דער גאַס, זיינען געלאָפן אויסגעפלאַסטערטע טראָטואַרן, איינגעוויקלט אין פריש פאַרזעצטן גרינעם גראָז. דער אַריינגאַנג צו די הייזער איז געווען מיט ברייטע רויט אָפּגעפאַרבטע טרעפּ, מיט געשניצטע פעדעסטאַלן, מיט שמאָל־לאַנגע טירן, מיט קליינע אַכט־עקיגע שויבן, וועלכע זיינען געווען פאַרצויגן מיט זאַמד־קאָלירנדיקע שטאָרן. אַרונטער די גאַסן, דאָרט, וואו עס איז געווען נעענטער צום „על", זיינען געווען די קראָמען, ווייסע, גראָמע, הויכע ווענט מיט הויכע סטעליעס, מיט גרויסע גלעזערנע פענסטער און טירן. די פענסטער זיינען געווען איינגעשמירט אין קאַלך, די טירן — אין פרישן פאַרב. די טראָטואַרן זיינען דאָרט געווען ברייט געפלאַסטערט, ביז אין מיטן וועג אַריין. — מען האָט געוואוסט, אַז ווען עס וועט קומען דער טאָג פון שפע, וועט מען דאַרפן האָבן פּלאַץ וואו זיך אַהינצוטאָן.

אַלץ איז שוין געשטאַנען און געשיינט אַנטקעגן דער זון. מיטן ריח פון פרישער פאַרב, און מיטן ריח פון פייכטן האַלץ

און פון קאַלך און פענסטער איז געווען אַנגעפּילט די לופט. מרדכי עטינגער האָט זיינע אויגן ניט געגלויבט, ווען ער האָט דאָס בילד געזען. אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז אַ חלום. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער גייט אַרום אויף אַ וועלט, אַ ניט־דאָאיקע. פאַרביי זיינע אויגן זיינען אַרומגעפלויגן פלעדערמייז און יאַסטרויבן און פייערדיקע רעדער. ער האָט געזען אַ וועלט, וואָס שטייט אויף פיר הויכע דרענגער. אונטער די דרענגער איז געווען אַ טיפע פינסטערניש. ער האָט אָנגעשטרענגט זיין גאַנצן כח אַהין אַריינצוקוקן. אָבער ער האָט גאָר ניט געזען. ווען ער זאָל איצט זיין אינגער! ווען זיין ריאה זאָל זיין אַ ווייטע! מרדכי עטינגער האָט געוואָלט קוקן ערגעץ אין אַ ווייטער ווייט. ער איז געוואָרן, ווי אָפּגעטיילט פון אַלץ עקזיסטירנדיקס. דאָס נאָענטע פון אים האָט ער ניט געזען. ער האָט עס ניט געוואָלט זען. זיין מח האָט זיך אין אים איבערגעקערט. אַלץ איז געוואָרן שפּיציק. יעדע זאַך איז געווען פּונקט פאַרקערט. דערפאַר, וואָס אַלע מענטשן האַלטן דעם צונג צווישן די ציין, האָט ער דוקא געוואָלט זיין צונג אַרויסשטופּן. אַלע מענטשן שטייען אויף די פיס, האָט זיך אים דוקא געוואָלט שטיין אויפן קאָפּ. ער האָט דאָס ניט געטאָן. ער האָט בלויז אויף איין קליינער ווײַלע אַרויסגעשטעקט די צונג און געגעבן אַ שפּרונג אונטער, ווי איינער וואָס וויל פליען — אָבער בלויז אויף אַ ווײַלע. באַלד האָט ער געגעבן אַ בייזן מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער, וואָס וויל עפּעס אָפּשטופּן — גלייך, ווי ער זאָל וועלן די פינסטערניש צע־טרייבן. אָבער אין זיינע אויגן איז נאָך פינסטערער געוואָרן. ער האָט זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן צו שרייען:

— אלדד! וואו ביזטו! וואוהין האסטו מיך פארפירט! אלדד! אלדד!

ווען מרדכי עטינגער איז געקומען צו זיך האָט ער זיך פאַר־שעמט. ער איז געבליבן אַזוי שטיין און געקוקט מיט צוויי תמ'ע־וואַטע אויגן אויף די לאַנגע ציילן הייזער. ער האָט געהאַט אַ פּנים ווי אַ חולה נופל, ווען ער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף. ער האָט זיך אַרומגעקוקט צי עמיצער האָט אים געזען. ווי אַ גנב האָט ער זיך פאַרקליבן צו איינער פון די פאַרמאַטבע קראָמען.

— גאָט מיינער, גאָט מיינער — האָט ער אין דער שטיל אָנגעהויבן צו וויינען — צו וואָס טויג מיר דאָס אַלץ? פאַר וועמען וועל איך דאָס איבערלאָזן? זאָל קומען עמיצער און דאָס אַלץ פון מיינע הענט אַרויסרייסן. זאָל קומען אַ פייער און דאָס אַלץ פאַרברענען. זאָל קומען עמיצער און מיך פון דער משא באַפרייען — איך וועל דאָך משוגע ווערן.

ער איז ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ הינער פּלעט. שטייענדיק אין דעם חלל פון די פאַרשלאָסענע טירן, לעבן דער ליידיקער קראָם, האָט מרדכי עטינגערן זיך מיט אַמאָל געדוכט, אַז ער שטייט פאַר׳ן כסא הכבוד. פלאַמענדיקע מלאכים, יעדער מיט זעקס פליגלען, שוועבן אַרום און אַ פייערדיקן זייל. פון אַ טיפער אומענדלאָזקייט האָט שוואַך אָפּגעהילכט אַ דומפּ קול: ביזטו געווען אַזוי ערלאַך ווי אברהם? האָסטו אויסגעטיילט גערעכטיקייט צו דיינע שכנים? און מיט וואָס האָסטו מכפּר געווען דיינע זינד? דיינע קינדער זיינען אַוועק אין שלעכטע וועגן, האָסטו געבראַכט אַ קרבן פאַר אַ כפּרה? און מיט אַמאָל האָט ער אָנגעהויבן צו פליען אין אַן אויסגעהיילטן רוים. גרינגער פון פעדערן זיינען געוואָרן זיינע פיס. זיין קאָפּ האָט פון שנעלקייט געשווינדלט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. אָבער מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער געזען — ווי פייערדיקע רייטער יאָגן זיך נאָך אים. ער האָט אָנגעהויבן פילן די ברענענדיקע היץ, וואָס עס האָט פון זיי געשלאָגן. אַ העליש פייער האָט אַרומגענומען זיין קאָפּ, ער איז אַנידערגעפאַלן אויפן ברוק.

דעמאָלט האָט זיין ווייב עטעל זיך באַשוואוירן, אַז אַן זיין ווילן, וועט זי רופן אַ גרויסן פּראָפעסאָר.

## 5

ווען אלדד איז אויף מאָרגן אַריינגעקומען צו מרדכי עטינגער׳ן אין צימער אַריין, האָט ער אים געטראָפן, האַלב ליגנדיק אין בעט. ער איז געווען אַרומגעלייגט מיט קישנס, זיין פּנים איז געווען בלייך, אַרום די אויגן האָבן זיך שאַרף אָפּגעטיילט די שוואַרצע רעדער, און אויפן האַלדז האָט אַרויסגעשפּאַרט דער גאָרגל, ווי אַ שפּיציקער קנאָפּ.

— גוט, גוט וואָס ביזט געקומען — האָט מרדכי עטינ־גער געזאָגט — איך האָב טאַקי געוואָלט מיט דיר ריידן.

מרדכי עטינגער האָט געהאַלטן אין איין ריידן. ער האָט גערעדט צו זיין ווייב עטעל, ער האָט גערעדט צו דער דינסט עמאַ, ווען קיינער איז אין צימער ניט געווען, האָט ער גערעדט צו די ווענט, צו זיך אַליין.

אלדד האָט געוואָלט אויסמיידן די רייד, ער האָט ניט גע־וואָלט מרדכי עטינגער זאָל זיך אויפרעגן.

— עס איז בעסער פאַר אייך צו שווייגן, פעטער — האָט ער געזאָגט — דער דאָקטער זאָגט איר זאָלט שווייגן. איר דאַרפט רו.

— רו, רו, — האָט עטינגער געבורטשעט — איצט בין איך שוין רואיק. נעכטן — פאַראַיאָרן — בין איך געווען קראַנק — איצט בין איך שוין רואיק. וואָס טאַקי איז מיר געווען נעכטן?

ריידנדיק איז ער געוואָרן אַלץ אומרואיקער. ער האָט זיך געהויבן פון בעט, ווי איינער, וואָס וויל שפּרינגען. זיינע באַקן האָבן זיך גערויטלט, זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט, איין האָר, איבער'ן גלאַט אויסגעקראַכענעם קאָפּ, האָט זיך אויפגעשטעלט און איז געשטאַנען איינע אַליין אין מיטן הויכן שטערן.

ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ שטול נעבן בעט.

— זעץ זיך — האָט ער געזאָגט — הער מיך אויס. איך דאַרף מיט דיר אַ וויכטיקן ענין איבעררעדן. איך וויל מיין גאַנצן פאַרמעגן צעטיילן אויף צדקה.

אלדד איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער און אים אָנגע־קוקט מיט פאַרוואונדערונג.

— גאָט האָט זיך צו מיר באַוויזן אין חלום — האָט ער געזאָגט — גאָט האָט מיר געזאָגט אַז איך בין אַ גילגול פון די אבות. אין מיינע אָדערן טריפט דאָס בלוט פון די הייליקע אבות. איך האָב דאָ אויף דער וועלט אַ שליחות. מיט מיין שיקן וואָל קיין אויסלאַנד איז געווען אַ כונה. עס איז דאָ אַ כונה אין מיין בויען הייזער. פאַרשטייסט! אַ כונה — וואָל איז וויים — דערמיט האָב איך אויסגעלייזט דאָס אידישע

פאָלק פון זיינע זינד. ווען משיח וועט קומען, דאַרף גאָט׳ס פאָלק זיין קלאָר, ווי אַ ווייסע שאָף. ברענג מיר מיין טלית און תפילין און איך וועל דיר מיין נביאות זאָגן. גאָט׳ס רייד, וועל איך דיר איבערגעבן. און אויב דו וועסט גלויבן אין זיין גרויסן נאָמען וועסטו מצליח זיין. דורך גלויבן זיינען געפאַלן די ווענט פון יריחו. דורך גלויבן זיינען די אידן אריבערגעגאַנגען דעם ים־סוף, ווי איבער אַ טרוקן שטיק ערד. און וואָס זאָל איך דיר נאָך זאָגן? שאַ! שטיל. עס איז די צייט איצט צו קורץ פאַר מיר צו ריידן. קום צוגיין מאָרגן. מאָרגן. מיט׳ן באַגינען. שאַ, שטיל. — ער האָט זיך איינגעבויגן. צו אים אַ וואונק געטאָן מיט אַרויסגעשטאַרצטע אויגן, און שטיל אים איינ־געוווימט אַ סוד — מאָרגן. קום מאָרגן, ווען עס בלויט אין די פענסטער — איך האָב דיר עפּעס צו זאָגן.

אלדד איז געבליבן זיצן אַ פאַרשטיינערטער. די הענט און די פיס זיינען אים געוואָרן ווי פּאַראַליזירט. ער האָט ניט געקענט עפענען דאָס מויל, און ניט געקענט זען מיט די אויגן. ער איז געבליבן אַזוי זיצן און געפינטלט מיט די אויגן.

מרדכי עטינגער האָט זיך אויסגעצויגן אויפ׳ן בעט, זיינע ליפּן האָבן געציטערט, אים האָט געוואָרפן אַ צאָן אָן אַ צאָן. טראָפּנס שווייס זיינען געשטאַנען אויפן שטערן. ווי מאַכטלאָז האָט ער שטיל געמורמלט:

— עס איז מיר הייס. אפשר קען מען עפענען אַ פענסטער.

ווען ער איז אַזוי אָפּגעלעגן אַ שטיקל צייט, און עס האָט זיך געדוכט, ווי ער האַלט ביים איינשלאָפן, האָט אלדד זיך שטיל אויפגעהויבן.

— וואַרט, — האָט מרדכי עטינגער שטיל געזאָגט — גיי נאָך ניט. וואָס הערט זיך עפּעס אין דער אַרבעט.

— אַלץ גייט אין אָרדנונג — האָט אלדד געענטפערט.

— פאַרקויפט עפּעס?

— שוין באַלד אַלץ פאַרקויפט.

— דאַנקען גאָט. דאַנקען גאָט. אַזאַ משא אויף מיין קאָפּ געווען.

— און איצט בלייבט מיר שוין גאָרניט איבער, וואָס צו טאָן — שמייכלט שוין עטינגער.

— וואָס נאָך דאַרפט איר טאָן ? — פרעגט אלדד.

— גענוג, גענוג — שטופּט עטינגער אַראָפּ די קאָלדרע. אלדד העלפט אים.

— מאַך מיר העכער דעם צוקאָפּנס — זאָגט עטינגער. אלדד העלפט אים.

— און איצט וועל איך שוין קענען מיין פּלאַן אויספירן — הויבט ווידער אָן מרדכי עטינגער.

— וואָסער פּלאַן ? — פרעגט ווידער אלדד.

— פון צעטיילן מיין פאַרמעגן.

מרדכי עטינגער איז שוין ווידער צעהיצט.

— דו ווייסט גאָר ניט פון מיינע פּלענער — זאָגט ער לייכט שמייכלענדיק — ווען איך האָב אין מיין יוגנט דעם ערשטן אַרויסשפּאָן געמאַכט, האָב איך זיך אַ נדר געגעבן אַ האַלב פון מיין פאַרמעגן אָפּ צדקה צו צעטיילן. וויפל גאָט וועט מיר באַשערן זאָל איך אַ האַלב דערפון צוריקגעבן. צי עס וועט זיין אַ שטיקל ברויט, צי וועט עס זיין אַ סך טויזנטער, און איצט איז שוין די צייט געקומען.

— צדקה איז אַ שיינע מדה — טרייסט אים אלדד.

— איך בין עס שולדיק. אין דעם זכות האָט מיר גאָט געהאָלפן.

אלדד איז די גאַנצע צייט געזעסן אַ דערשלאָגענער. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן, און ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו ריידן. ער האָט געוואָלט אויסמיידן רייד. רייד רעגן אויף דעם פעטער. דער דאָקטער האָט געהייסן אים לאָזן רוען.

מיט אַן איינגעהאַלטענעם טאָן האָט אלדד שטיל געזאָגט:

— איך וועל אייך בעסער לאָזן אַליין, פעטער, איר זיינט אַזוי מיד.

— יאָ, איך בין מיד.

מרדכי עטינגער האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו דער וואַנט.

— אַ גוטע נאַכט, פעטער.

— אַ גוטע נאַכט — האָט ער געזאָגט.
אלדד איז אַ דערשלאָגענער אַרויס פון צימער.

מרדכי עטינגער איז שוין געבליבן אַזוי ליגן פאַר אַ לענגערע צייט אין הויז. עס איז אַוועק אַ חודש און צוויי. עס איז אָנגעקומען דער ווינטער. אַ מילדער, ליכטיגער ניו יאָרקער ווינטער. די זון האָט גאָלדיג געשיינט איבער אַ טיפן בלויען הימל. דער פליגל־זייט אין וועלכן עס האָט געוואוינט מרדכי עטינגער איז געווען אַ גאַנצן טאָג באַגאָסן מיט דער גאָלדענער זון. אין אַוונט האָט געגומען אַ פרעסטל. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער אַוונט־פראָסט קומט בכיון, כדי אויסצולופטערן די גרוי־סע שטאָט פון דער טעגלאַכער ענגשאַפט.

אין שטוב האָט זיך איצט צעלייגט אַן אָנגענעמע וואַרימ־קייט. די לאָמפּן האָבן ליכטיק געברענט. פון די טיפע דיוואַ־נען האָט געשלאָגן מיט ווייכקייט. פון די ווינקלען איז געפאַלן אַ רויטע וואַרימקייט. רויט און וואַרים און שטיל האָט אַרומ־גענומען די גאַנצע שטוב. און דאָס מעבל אין ווייכן סאַמעט האָט זיך געטונקלט אין אַלערליי שטילע קאָלירן.

— וועט דאָס זיין אַ ווינטער, ווי אַלע ווינטערן אין דער דאָזיקער הויז? עמיצן האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ — עמיצער האָט זיך געטראַכט טראַכטונגען — בעקי וואַרט אויפן פרילינג. זי ווייסט ניט וואָס און זי ווייסט ניט ווען, אָבער מיטן פרילינג וועט עפּעס געשען... זי האָט זיך אַזוינס אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין. בעקי איז אַ יונג מיידל. בעקי האָט ניט קיין ערפאַרונג. זי ווייסט ניט אַז אויב עפּעס טאָן — דאַרפסטו טאָן היינט. אָבער זי איז געזונט און שטאַרק — זי קען וואַרטן — וואַרטן. אירע מאָרגנס זיינען גאָלדענע — זי שפּילט זיך מיט די מאָרגנס — מאָרגן — איבערמאָרגן. איבעראיבערמאָרגן — און פרילינג... וואָס וועט זיין אין פרילינג???

מרדכי עטינגער ליגט אין הויז. אַ טאָג פילט ער גוט און אַ טאָג פילט ער שלעכט. אין די שלעכטע טעג האַלט ער אין איין לייענען אין די אַלטע ספרים. גאַנצע פסוקים מורמלט ער אויף אויסווייניק. אין די שלעכטע טעג, גרייט ער זיך צום

יום־הדין. ער שיקט רופן אהרן בוכבינדער און אשר ראָזענצווייגן און האַלט אין איין בעטן מחילה.

— זייט מיר מוחל מיינע עולות — זייט מיר מוחל מיינע מעשים. הן במזיד והן בשוגג.

און אין די גוטע טעג רייסט ער זיך אין געשעפט אריין. ער שיקט רופן אלדד'ן. גיט אים פאַרשידענע עצות. פרעגט זיך נאָך אויף אַלערליי קלייניקייטן, און צוויי מאָל דורך דער צייט, האָט מען אים געמוזט מיטן אַטאָמאָביל אין אָפיס אריין פירן.

דער אָפיס האָט אים איצט אויסגעזען פרעמד. די אָנגע־שטרענגטע פנים'ער ביי די טישן זיינען אים געפעלן געוואָרן. ער האָט באַוואונדערט די שטאַרקע האַנט פון דעם מענטשן, וואָס האָט דאָרט אַזאַ אָרדנונג איינגעפירט. ער האָט זיך גע־וואונדערט אויף דער דאָרטיקער שטילקייט. מיטאמאָל איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז אָט די טישן ביי וועלכע די מענטשן זיצן, וואָלטן באַדאַרפט שטיין אין דער לענג, אַנשטאָט, ווי איצט אין דער ברייט. ער האָט געשיקט רופן אלדד'ן, ער האָט זיך מיט אים פאַרשפאַרט אונטער פאַרשלאָסענע טירן און צו אים אַזוי געזאָגט:

— מיינע כוחות פאַרלאָזן מיך שוין. איך זע שוין דעם טאָג פון דעם סוף. אָבער איך מוז נאָך אַ סך אַרבעט טאָן. איך האָב נאָך אַ גרויסן פּלאַן דורכצופירן. נעם דו איבער אַלע געשעפטן אין די הענט אריין, און איך וועל איבערשטעלן די טישן.

אלדד האָט אים אָנגעהויבן טרויסטן. וואָס דען האָט אלדד געזאָלט טאָן?

— באַרוהיגט זיך פעטער — האָט ער געזאָגט — מיר וועלן נאָך ריידן דערפון.

— אָבער אַז דו וועסט גלייך ניט איבערשטעלן די טישן, וועסטו פאַרשפּעטיקן... דאָס וואָס ווערט ניט אָפּגעטאָן היינט איז שוין מאָרגן פאַרפאַלן.

אלדד האָט ניט ווילנדיק אָנגעהויבן ריידן אויף אַ הויך קול:

— פּעטער, וואָס איז מיט אייך? איר מוזט זיך נעמען אין די הענט אַריין? שעמט זיך!

מרדכי עטינגער האָט זיך דערשראָקן. ער האָט מורא פאַר אלדד'ן. ער האָט געוואַרט אויפן מאָמענט, ווען אלדד האָט זיך אומגעקערט צו אים מיט דער פּלייצע, און ער האָט אים אַרויסגעשטעלט אַ צונג.

— נאַ, אַט האָסטו!

אלדד האָט אים גענומען פירן איבערן אַפּיס. ער האָט אים געוואָלט אַרויסנאַרן אין דרויסן אַרויס. ער האָט אים געפירט אונטערן אָרעם, און אים ערקלערט אַלערליי קליינינקייטן. די מענטשן ביי די טישן האָבן אויפגעהויבן זייערע אויגן. זיי האָבן צו אים אונטערטעניג געשמייכלט און אים באַגריסט. דער אַל־טער פּאָרטער איז צוגעלאָפן, מיט דער ווייסער הענטשקע אויף זיין גרויסער האַנט האָט ער אים געכאַפּט אונטערן אָרעם און אים געהאָלפן דורכגיין.

— אַ דאַנק, מעטיוס, אַ דאַנק — האָט עטינגער געשמייכלט

— איך קען נאָך אַליין אויף מיינע פיס שטיין.

— און ווי אַזוי קומען אַריין די צאָלונגען? — האָט ער געפרעגט אלדד'ן.

— זייער גוט.

— און וועגן די הייזער?

— די הייזער זיינען שוין כמעט אַלע פאַרקויפט. די צאָ־לונגען קומען אַריין פּינקטלאַך מאָנאַטליך.

— זייער גוט. זייער גוט. און דו קענסט זיך באַגיין אָן מיר? — האָט ער פּלוצלינג געפרעגט.

— איר דאַרפט זיך ניט זאָרגן פּעטער. אַלץ גייט צו פּונקט, ווי ווען איר וואָלט דאָ געווען.

— זייער גוט. זייער גוט.

ווען מרדכי עטינגער איז אַהיים געקומען, האָט ער זיך אָן אָנגעטאָנענער צוגעלייגט אויף דער סאָפע.

— עמאַ! — האָט ער געזאָגט — זיי אַזוי גוט און העלף מיר. שטעל אוועק דעם שטול אונטער מיינע פיס. ניין, ניט דעם — יענעם.

עמא האָט אונטערגעטראָגן יענעם שטול.

— אַ דאַנק. אַ דאַנק. גיי — גיי.

ווען עמאַ איז אַוועקגעגאַנגען האָט ער געטראַכט פון איר. ער האָט געטראַכט פון איר גוטסקייט. ער האָט געטראַכט, און עס האָט אים ווייט געטאָן דאָס האַרץ, וואָרום זי האָט ניט חתונה — אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס זי בלייבט אַ פאַרזעסענע. איך זאָל זי האָטש אין מיין צוואה נט פאַרגעסן.

ער איז שווער אַראָפּגעקראָכן פון דער סאָפע. קרעכצנדיק איז ער צוגעגאַנגען צו דעם שראַנק, פון שראַנק אַרויס־גענומען אַ ביכעלע, און דערנאָך האָט ער פּאַוואָליע און מיט דריבנע ריינע אותיות אַריינגעשריבן אין דעם ביכעלע.

„צען טויזנט דאָלער פאַר עמאַ'ן, אויב זי וועט נאָך ביז דעמאָלט זיין אַ בתולה. אויב זי וועט ביז דעמאָלט חתונה האָבן, דאַרף מען איר אַ חוץ דעם געבן אַ שיינעם דרשה געשאַנק — אַזאַ, וואָס עס פּאַסט פאַר אַ באַלעבאַטישן מענטשן צו געבן.

6

מען איז שוין פאַרטיק מיט דער אַרבעט. די הייזער אין פּלעטבוש זיינען שוין אַלע אויספאַרקויפט. צענדליקער וועגע־נער מיט מעבל ציען אין יענעם געגענד. קינדער פאַרהילכן די לופט מיט קלינגענדיקע קולות. אַרויסגעלאָזט פון די ענגע גאַסן איבער דער שטאָט ניו יאָרק, און אַריינגעבראַכט אין אַ שטאָט פון בוימער און מיט אַ הימל, האָבן זיך די קינדער צע־לייגט איבער דער גאַנצער גאַס. גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן באַלייכטן די שטיל־באַבוימטע גאַסן ביז'ן פריען טאָג אַריין. קינדער שפּילן מיט פּילקעס. פון איין עק גאַס ביז דער צוויי־טער, און אַריבער די דעכער, פליען די האַרטע פּילקעס. מרדכי עטינגער קוועלט פון פרייד. מרדכי עטינגער פאָרט אַהער צו מיטן גרויסן אָטאָמאָביל און פאַר שעה'ען לאַנג קען ער אַזוי שטיין און קוקן און קוועלן פון דעם נייעם ישוב — איצט איז געקומען די צייט פון פאַרווירקלאַכן זיין חלום — פון אויס־פירן דאָס וואָרט — עס איז געקומען די צייט פון מקים זיין די שבועה, וואָס ער האָט זיך אַמאָל אין דער יוגנט געגעבן, אין די טעג ווען ער איז אַ גרינער איבער די גאַסן פון דער פרעמדער שטאָט אַרומגעגאַנגען.

— וואָס פאַר אַ חלום איז עס געווען? און וואָס פאַר אַ שבועה האָט ער זיך געגעבן? מרדכי עטינגער האָט זיך געגעבן אַ שבועה — מרדכי עטינגער איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל, ביי אַ גרעניץ, וואָס האָט אָפּגעטיילט צוויי לענדער. פאַרן אויג איז גאָר קיין חילוק ניט געווען צווישן די צוויי לענדער ביים גרעניץ. דאָ אויף דער זייט גרעניץ, און דאָרט, אויף יענער זייט גרעניץ, האָבן געוואָקסן ביים „זברוטש" די זעלבע ווערבעס. פון טייך האָבן זיך אויף ביידע זייטן גרעניץ, אויף דער זייט און אויף יענער זייט, אויפגעהויבן עטוואָס אויפגעהויבענע פלאַכן פון אַ ליימיקן באָדן באַוואָקסן מיט הויכן ווילדן גראָז. איבער דער לענג פון טייך, אָפּגעטיילט מיט אַ שטך פון אַ טויזנט פיס און צווישן, זיינען געלעגן איבערגעלעגטע שמאָלע ברעטער, אַזוי אַז די גוים (בלויז גוים און ניט קיין אידן) פלעגן אומגעשטערט אַריבערגיין פון איין זייט אויף דער צווייטער. גוים פון רוסלאַנד האָבן געהאַט שטיקלאַך פעלד אויף דער גאַליציאַנער זייט, און זיי פלעגן דאָרטן גיין זייער לאַנד באַאַרבעטן. פון ביידע זייטן טייך, ביים סאַמע ברעג, זיינען געשטאַנען ביידע בעדער. די באָד פון קליין־ירושלים אויף רוסלאַנד'ס זייט, און די באָד פון קייזערסוואַד אויף דער גאַליציאַנער זייט. אַביסל העכער, אויפגעהויבן אויף אַ קליינעם בערגל איז געשטאַנען אין אַ ריי די טשאָרטקאָווער קלויז, די הוסיאַטינער קלויז, די שניידער שול און די אַלטע שול. אין דער טשאָרטקאָווער קלויז פלעגט דאָס מרדכי עטינגער, פון זינט ער איז אַלט געוואָרן אַכט יאָר, און איז אַרויס פון גמרא־מלמד, גיין אַלע פּאַרטאָג לערנען. און אַלע פאַרטאָג האָט דער זעלבער זעלנער געפרעגט — „קטאָ אידאָט", און מרדכי פלעגט אַלע פאַרטאָג ענטפערן — „סוואָי", און זאָגנדיק דאָס וואָרט „סוואָי" האָט ער געהאַט אַ געפיל, אַז ער איז איינער פון אַ גרויסער משפחה וועמענס מיטגלידער עס ציילן זיך אין די טויזנטער.

קליינירושלים האָט געלעבט מיט די נעכט. בייטאָג האָבן זיך אַרומגעדרייט ציגן אין די גאַסן. די ציגן האָבן צוגעבאָמקעט מיט די ציגנע בערדלאַך זייער גרויס צופרידנקייט מיט די שיסלען באָב און קלייען, און זיי זיינען ווילד פון זאַטקייט

אַרומגעשפּרונגען איבער די שטעלן פון הויבס, וואָס זיינען געווען צעשטעלט איבערן מאַרק. פאַרשלאָפענע ווייבער, אין וואַטאָווע לייבלאַך, זיינען געזעסן אויף די שוועלן פון די מיט לאָדנס צוגעמאַכטע קלייטן, זיך געבראָטן אַנטקעגן דער תמוז־זון, און געהיט די קינדער, פון די גוישע חזירים וואָס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין די אידישע גאַסן.

וואו ניט וואו האָט זיך באַוויזן אַ גוישע פורל אויפן מאַרק. די צוויי קליינע דאַרע פערדלאַך זיינען אַראָפּגעלאָפן דעם מיט רוי־דיעם באַרג. דאָס וועגעלע האָט אויפגעהויבן אַ שטויב. דאָס וועגעלע צוזאַמען מיטן שטויב האָט זיך אַזוי אָפּגעשטעלט אין סאַמע מיטן מאַרק. פונקט אין דער פראָנט פון הינדע פון דער יאַמקעס קלייט, און דער גוי האָט פון דער פור אַראָפּגעשריען:

— „דזשינדאָברע פּאַני הינדע“!

און הינדע האָט פון דער שוועל אַראָפּ צוריקגעשאָקלט מיטן קאָפּ

— „דאַי וואָס באָזשע סטשאַסטיע, קומאַ וואַיטעק“.

אַלע קלייטן האָבן געענטפערט דעם גוי. אַלע ווייבער האָבן אָנגעהויבן רייבן די פאַרשלאָפענע אויגן. ציגן האָבן פון שרעק אָנגעהויבן שפּרינגען. די ווייבערשע אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן פון קנאה. הינדע פון דער יאַמקעס האָט זיך אויפגעהויבן פון דער שוועל. אָן אויסגעפּאַרעטע אין איר וואַטאָוון לייבל, האָט זי פאַריקט די פּאַטשיילע אונטערביידע אויערן, אַראָפּגעטרייסלט דאָס געפּאַלדעוועטע פאַרטוך, מיט ביידע הענט צו די זייטן צו, און צוקומענדיק צו דער פור, האָט זי אָנגעהויבן אַראָפּנעמען דעם שאָק אייער, דאָס ביסל רעטשקע, אַ בינטל פּאַוואָטינקעס אין דעם. ווי אַ וואַליאַק אויסגעפּלאַכטענעם שטיק פּלאַקס.

זי האָט דאָס אַריינגעטראָגן אין קלייט אַריין. און דער־פאַר האָט זי אָנגעלעגט דעם גוי אַ פולע פּאַזוכע מיט געדרייטע בייגל, צוקערקעלאַך, אַ באַנקעלע מיט נאַפט, אַ פּאָר דאַרע טשאַכאָניעס און אַ פערציגער אין מזומן.

קיין מאַנסבילן האָט מען אין קליינירושלים אין די וואָכעדי־קע טעג ניט געזען.

זייער וועלט האָט זיך אָנגעהויבן מיט חצות.

מיט חצות גלייך, זיינען שוין געשטאַנען די דריי בתי־מדרשים (א חוץ די אַלטע שול, אין וועלכער עס האָבן זיך גע־האַלטן שדים) באַלויכטענע. מיט די בליצלאַמפּן צעלייגט איבער אַלע ווינקעלאַך, האָט זיך דאָס ליכט צעלייגט ווייט אריבער דעם גרעניץ — אריבער דעם גרעניץ, וואו עס צעשניידן זיך געהיימניספולע וועגן, וועלכע פירן אַוועק אין ווייטע אומבאַ־וואוסטע לענדער. מרדכי'ן האָט געצויגן אין די ווייטע אומ־באַוואוסטע לענדער. פאַר אַלע אינגלאַך איז יענע זייט גרעניץ געווען דאָס לאַנד פון אייביקן בענקען. דאָרטן טראָגן די זעלנער קאַמאַשן, מיט הויכע קירישע היט, מיט פעדערן אין די היט. די זעלנער קענען ריידן אַלערליי שפּראַכן. זיי קענען אפילו ריידן דייטש. מיטן ביכעלע אין בוזעם קעשענע קען קירי'ס זעלנער אָנשרייבן דעם גרעסטן פּראָטאָקאָל, אפילו ביז צו פראַנץ־יאָזעפ'ן און אַלע פּאַרטאָג, אבי מרדכי האָט זיך געקענט אוועק'גנב'ענען פון טאַטן, פלעגט ער שטיין און קוקן אין דער ווייטער פינסטערניש, און וואַרטן פאַר א נס — טאָמער וועט אים עמיצער אכאַפּ טאָן און אַוועקטראָגן אין יענע ווייטע לענדער. אבער א כאַפּ געטאָן האָט אים דאָס אויסטערלישע ליכט פון דער טשאָרטקאָווער קלויז, פונקט ווי עס האָט פארכאַפּט און אויפגענומען אַלע אַנדערע אידן און אינגלאַך, וואָס האָבן זיך געצויגן פון אַלע עקן שטאָט.

די אידן זיינען געקומען שטילע, אונטערגעגאַרטלטע, מיט אוסגעפלאָכטענע פּיאות און לאַנגע בערד. מיט די הענט פאַר־שטעקט אין די ברייטע אַרבל, האָבן די אידן מיט די זייטן פון זייערע אַקסלען, און מיט די עלנבויגנס צעעפנט די צוויי האַלבע טירן פון דעם פּאַליש, און דערנאָך פון דער קלויז, און אַזוי שטומשווייגנדיקע זיינען זיי פאַרשוואונדן אין דעם מקום קדוש אריין.

— הם, הם, אמר רב אביא — שרעקנדיקע זיפצן — קולות פון מסירת הנפש, קריכן ארויף ביז צו דער סטעליע. עס טוקט דער בליץ לאַמפּ. עס גלאַנצט דער כיור. עס ווערט צעריסן דאָס האַרץ פון בענקעניש. גאָט שוועבט אַרום איבער

יעדן ווינקל פון זיין מקום קדוש. אידישע הערצער באהעפטן זיך מיט גאט. מען שאקלט זיך פריי און חקירה'ש. מען פלפול'ט זיך איבער א שווערע הלכה — אמר רב פפא — מען פלעכט פיאות — מען בייסט בערד.

און אזוי די אינגלאך. פונקט ווי די טאטעס, קומען זיי שטילע און בלאסע מיט צער אויפן פנים, מיט ניט אויסגע־שלאפענע פנימער, מיט פון קעלט, טרייסלענדיקע ציין, און פונקט ווי די טאטעס שטופן זיי אריין די קליינע הענט אין די ברייטע ארבל, פילן מיט די פינגער די ווארימע הויט פון די הענט און גייענדיק, שאקלען זיי זיך און טרויסלען מיט די אויסגעפלאכ־טענע פיאות.

מרדכי פלעגט יעדן פארטאג אויפשטיין צוזאמען מיטן טאטן צו חצות. גיין אין דער טשארטקאווער קלויז אריין און אזוי ביז שחרות לערנען תורה.

בלויז איין טאג אין דער וואך — מיטוואך, האבן זיך די אידן פון קליין ירושלים אפגעריסן פון דער תורה און זיינען געגאנגען אין מארק אריין האנדלען.

אין קליינירושלים איז מיטוואך געווען דער מארק טאג. דעמאלט זיינען זיך צענויפגעקומען די גוים פון די ארומיקע דערפער. די גוים האבן זיך אויסגעשטעלט מיט די פלאכע, נידריקע וועגלאך, ווי האלב אויפגעעפנטע צוויי טאוולען, אויסגעשפאנט די פערד און זיי אומגעקערט מיטן פנים צו דער קארעטע פון וואגן. די קליינע פערד האבן געקייט דאס פארדארטע שטרוי, און מיט א פארמאכט, דרעמלענדיק אויג, שטייענדיק אויף דריי פיס, האבן די פערד געהיט די לעבעדיקע סחורה, וואס איז אין וועגעלע געלעגן.

אויף דעם וועגעלע איז געווען א גאנצע קראם. דארט איז געלעגן א געפענטעט קעלבל, א חזיר, וואס איז געווען צוגע־בונדן מיט איין פוס צו דער אונטערשטער אקס, בינטלאך מיט פלאקס, א זויגעדיק קינד, און א פולער אונטערשטער וואגן אנגע־שיט מיט סיעטשקע אין וועלכן עס איז געלעגן אייער.

איבערן גאנצן מארק, און פון דעם מארק איבערן גאנצן שטעטל, האבן זיך צעטראגן די געוואלדיקע קולות פון די לע־בעדיקע באשעפענישן. קעלבלאך האבן געמעקעט, חזירים האבן

גקוויטשעט, צוויי פערד האָבן זיך געביסן אין די העלזער. און מיט אַ לאַנגן, דינעם פּייף געגרילצט אין דעם טומלדיקן לופטן, און איבער דעם אַלעמען איז געשטאַנען דאָס שרייען און שווערן זיך, און שילטן זיך פון די גוים מיט די אידן.

מיטוואָך פּלעגט מרדכי, צוזאַמען מיטן טאַטן, שטיין אין קלייט, מרדכי האָט געהאָלפן אַריינשלעפּן די קונים. ער האָט געבראַכט דאָס טעפּל מיטן אָנבייסן, געבראַכט פון דעם מאַרק'ס ברונעם אַ פלאַש מיט קוואַל וואַסער, און פלינק, ווי אַ הירש, האָט ער נאָכן טאַטנס וואונק נאָך, אונטערגעלעגט דאָס שטיק מאַראָזאָוו'ס לייוונט, אויפן אָרט פון זאַכאַראָווס.

— דער ערל איז מבין כל דבר — האָט דער טאַטע שנעל צווישן די ציין, געזאָגט. דער טאַטע האָט זיך געמאַכט גלייך ווי ער זוכט עפּעס אין שאַפע. זוכנדיק האָט ער שנעל גערעדט צו מרדכי'ן.

— דער ערל איז מבין כל דבר — זאָל ער ניט זען, וואָס דו טוסט.

און מרדכי האָט שוין, ווי אַן אויסגעלערנטער הונט, אויסגע־זוכט דעם אַלטן אַרשין, וועלכער איז געווען דין און איינגעשרומפּן און מיט אָפּגעמעקטע ווערשקעס און אים אונטערגעלייגט אונ־טער דער לייוונט.

ווען מרדכי איז אונטערגעוואַקסן און ער איז געוואָרן בר־מצוה, האָט מען אים אַריינגענומען אין קראָם אַריין.

דאָס ערשטע יאָר איז ער בלויז געשטאַנען פאַר דער טיר און ער האָט זיך געלערנט דעם סדר פון די עלטערע פּריקאַז־טשיקעס. ער האָט געגעסן בייגל אַלע אין דער פרי, וואָס ער האָט אַליין, פאַר זיין אייגן געלט, צוזאַמען מיט אַנדערע משרתים געקויפט. מיט די הענט פאַרלעגט אויף הינטן, איז ער אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען פּוסט און פּאַס איבער דער שמאָלער „אוליצע", געקנאַקט טרוקענע רויזנקערלאַך, און פלינק, פון צווישן די ציין, אַרויסגעשפּיגן די שאָלעכץ. ער האָט זיך שנעל אויס־געלערנט אויסלייגן די קלייט. די שאַפעס סחורה, אונטער זיינע הענט, האָבן געבלאַנקט מיט זייער קאָליר. ער האָט נאָך זיין גוסט נאָך, איבערגעדרייט די גאַנצע קראָם. ער האָט געמוזט,

אזוי ווי ער האט געוואלט, אויסלייגן די קאלירן. גלייך ביים אריינגאנג זיינען געלעגן די רויטע און די גרינע און די געלע בייקעס. א שטיק איבער א שטיק, אזוי, אז די פארבן האבן זיך געמיניעט אין זייער קאליר. טיפער אין קראם אריין זיינען געווען אויסגעלייגט די ציצ'ן. ראשע, גוי'עשע קאלירן, האבן זיי ארויסגעשריען פון די אינעווייניגסטע שאפעס און זיך צעלייגט ביז איבער דער גאנצער קלייט. שוין ביים אריינקומען, האט די קלייט מיט די קאלירן פארכאפט דאס אויג, און די שיקסע מיינענדיק אז דאס גלאנצן אזוי ארויס זייערע טייערע ארטיקלען, האט זי זיך געבעטן כאטש ווייזן דאס שטיק ציץ, זי וויל דאס כאטש אנטאפן.

— ווייזט מיר איך בעט אייך, דאס גרינע שטיק ציץ — ווי די בלעטער, וואס וואקסן אין פריץ'ס הויף קוקט עס אויס.

מרדכי האט זיך געריסן אונטער דער סטאיקע, ער האט ניט מורא געהאט פאר די גוים. מיט זיין קליינער האנט, האט ער אריינגענומען די לאפע פון א געזונטן גוי און אין איר אריינגעקלאפט:

— „א דוויטציאט דאיש ! א וואסיעמנאטצאט דאיעש !"

ער האט זיך אזוי לאנג געדונגען, ביז ער האט זיינס אויסגעפירט. פונקט ווי די גרויסע משרתים האט ער אפגענארט די גוים. ער האט זיי ניט בלויז אין קלייט אפגענארט. ער האט זיי אפגענארט אין גאס. ווען ער האט געכאפט א גוי, וואס האט געזוכט א ראזירער, האט ער אים אריינגעפירט צו משה מינצעס אין נאפט געשעפט, דעם גוי געזאגט אז דאס איז א ראזירער, און משה מינצעס, מיט דער גרויס אויסגעקעמטער בארד, האט זיך אנגעהויבן ארום דעם גוי מסעסק זיין. משה מינצעס האט אנידערגעזעצט דעם גוי אויף א באנק, איינגעריבן זיין מארדע מיט צעפירטן וואפנע, און ווען דער גוי איז שוין אזוי געזעסן אן איינגעשמירטער, מיט א בייסיקן ווייטאק איבערן פנים, איז דעמאלט מיטאמאל אריינגעלאפן מרדכי, אנגעהויבן רופן משה מינצעס אין דרויסן ארויס, אוןביידע האבן זיי אזוי איבערגעלאזט דעם איינגעשמירטן גוי.

מרדכי האט אמאל אריינגעפירט א גוי צו שלום דעם

אייזן־קרעמער, אז שלום זאָל אים שטעלן באַנקעס. און ווען עס איז געקומען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט אין דער „אוליצע“ פאַרקויפן זיינע לאַקיראָוונע שטיוול, האָט איינער פון די פּריקאַזטשיקעס די דאָזיקע שטיוול אָנגעמאָסטן. די שטיוול זיינען אים ניט געפעלן געוואָרן און ער האָט זיי געוואָלט צוריק אויסטאָן און אָוועקגעבן דעם סאָלדאַט, אָבער דער פּריקאַזטשיק האָט ניט געקענט אַראָפּשלעפּן די שטיוול — כאָטש נעם און צעריים זיי.

עס איז געוואָרן אַ טומל. דער פּריקאַזטשיק האָט זיך גע־בייזערט, און דער סאָלדאַט איז געבליבן שטיין אַזוי אינגאַנצן אַ פאַרצווייפלטער און מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער געפּרוּווט אַראָפּשלעפּן דעם שטיוול פון פוס. דער פּריקאַזטשיק האָט פאַרבויגן די פינגער פון פוס און דער שטיוול האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. און אַזוי, לפנים איז ער אויך געבליבן זיצן מיט אַ געמאַכט פאַרזאָגט פנים — און זיך געפרעגט — נו, און וואָס זאָל ער איצט טאָן?

— מען וועט מוזן אויפשניידן דעם נאָט — האָט דער סאָל־דאַט צום סוף אינגאַנצן פאַרצווייפלט געזאָגט.

און ער האָט אַרויסגענומען אַ קליין שאַרף מעסערל און פאַ־וואָלינקע, ער זאָל ניט צעשניידן חלילה די לעדער, האָט ער פונקט אויפן נאָט צעשניטן דעם שטיוול.

אין דרויסן פאַר דער טיר איז געווען אַ געוויסער גרעניץ ביז וואַנען מרדכי האָט געמעגט די קונים נאָכלויפן. ביז צען שפּאַן רעכטס, און ביז צען שפּאַן לינקס, האָט ער געמעגט גיין. אַריבער דעם שטח רעכטס האָט שוין באַלאַנגט צו מאיר אשר׳ס און אַריבער דעם שטח לינקס, האָט שוין באַלאַנגט צו פּיני באָבע ריוועס. אָבער גלייך ביים ערשטן אַרויסגיין פאַר דער טיר, האָט אים זיין טאַטע צוגערופן, געקניפּן איבער דער באַק, צוערשט אים אָנגעהויבן זידלען פאַר וואָס עס זיצט זיין קאַש־קעט קרום אויפן קאָפּ, און פאַר וואָס דאָס קאַפּאָטקעלע איז שמוציק, און ערשט נאָך די אַלע הכנות האָט דער טאַטע גע־זאָגט:

— דו ווערסט איצט, מיין זון, אַ מענטש פאַר זיך. עס

קען זיין אז זאָלסט אפשר קריגן באצאָלט פאַר דיין אַרבעט. און אַז דו וועסט אַריינשלעפּן געגוג קונים, וועסטו ביי מיר שטיין אונטער דער סטאַיקע.

ביי מרדכי׳ן האָבן געגעבן אַ בליץ זיינע אויגן. אונטער דער סטאַיקע לייזט מען געלט. דאָרט שטייט דאָס טישקעסטל. סימע אשר׳ס האָט ליב די געצוקערטע בייגעלאַך. מרדכי איז שוין אַ בחור׳ל פון פערצן יאָר. ער גייט צו צו טולע׳ס קלייט. טולע׳ס קלייט איז פונקט אַנטקעגן וועלוול אשר׳ס קלייט. טולע׳ס קלייט איז נידריק, מיט טרעפּ אַראָפּצוגיין, ווי אין אַ קעלער אַריין. וועלוול אשר׳ס קלייט שטייט הויך, מיט טרעפּ אַרויף צו גיין. וועלוול אשר׳ס קויפט סחורה אין קישענעוו און אין לאָדז. איינמאָל איז ער שוין אפילו געווען אין וואַרשע. סימע איז וועלוול אשר׳ס עלטסטע מיידל. פונקט אין זיינע יאָרן. ווען מרדכי זיצט ביי טולע׳ן אויף די טרעפּ, וואָס גייען אַראָפּ ווי אין אַ קעלער, קען ער זען סימע׳ן זיצן אויף די טרעפּ פון איר טאַטנ׳ס קראָם. ער האָט איינמאָל אין זומער, געזען פון טולע׳ס קלייט סימע׳ן זיצן אויף די טרעפּ. דאָס קורצע קליידל איז געווען פאַררוקט ביז איבער די קני. די פיס זיינען געווען צעשפּרייט. מרדכי׳ן האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ, ער איז אַראָפּגעפאַלן פון אַלע טרעפּ צו טולע׳ן אין קלייט אַריין. ער האָט דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט געוויינט, און זיך געשלאָגן סליחות און אַ גאַנצן טאָג געפאַסט.

— הינטער דער סטאַיקע לייזט מען געלט — דאָרט שטייט דאָס טישקעסטל — סימע האָט ליב געצוקערטע בייגעלאַך — מרדכי האָט ביי זיך אין האַרצן געטראַכט — צי מאיר אשר׳ס (אַ גאַנצע משפּחה אשר׳ס אין קליינירושלים) שוועל, וועט ער נים אַריבערגיין, פאַר מיכאַל׳ן דעם גרויסן משרת האָט ער מורא, אָבער פון פינע באָבע ריוועס וועט ער שלעפּן. אַלע זיינע קונים וועט ער אַוועקשלעפּן.

מרדכי פלעגט אַנטקעגן לויפן די גוים. מיט ביידע הענט, צעשפּרייט האָט ער זיי פאַרשטעלט דעם וועג. דערנאָך האָט ער מיט אַלע פינגער זיך איינגעקלעמט אין די גוימס אַרבל. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט מיט ביידע פיס, די צעשפּרייטע

אין דער ערד. די גויעס געקניפּן און געריסן זייער מאַנטל, ביז ער האָט זיי אַריינגעשלעפּט אין קלייט אַריין.

— דו מעגסט אַביסל ווייטער אויך צוגיין — האָט דער טאַטע געזאָגט — נישט קשה נישט, מאיר אשר'ס וועט דערפון ניט בדלות ווערן. וויפל קונים ער האָט ביי מיר צוגענומען, רבונו של עולם, זאָל איך אַזוי פיל טויזנטער האָבן.

ביזקל וואַנען מען האָט אים פאַררוקט צו דער שוועל פון מאיר אשר'ס קראָם.

מאיר אשר'ס האָט אים איינמאָל געוואָרנט און אַ צווייטן מאָל. אָבער מרדכי איז געווען פלינק. איידער יענער האָט נאָך זיין האַנט אויסגעשטרעקט אים אַ כאַפּצוטאָן, איז שוין מרדכי געווען אין מיטן מאַרק. ווי אַ ציג איז ער געשפּרונגען איבער די פאַרלאָזענע שטעלן. געשאָקלט מיט די אויסגעפלאָכטענע פּיאות געטרייסלט מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע, און אַרויסגעשטעלט פון איבער דער שטעל זיין לאַנגן צונג.

נאָר איינמאָל האָט ער זיך אויף זיין אייגענער שוועל איינגעקלאַמערט מיט די דינע פינגער אין אַ גוי'ס אַרבל. דער גוי האָט ניט געוואָלט אַריינגיין צו אים אין קראָם אַריין. מרדכי האָט אים געריסן. מרדכי האָט אים אָנגעהויבן קנייפּן. דער פּויער האָט זיך אויף אים פאַרמאָסטן מיטן פויסט. מרדכי האָט זיך אויף אים אָנגעהאַנגען מיט ביידע הענט אויפן האַלדז. דער גוי איז אַזוי, שלעפּנדיק מרדכי'ן מיט זיך, אַריינגעגאַנגען צו מאיר אשר'ס אין קלייט אַריין.

מאיר האָט זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן. זאַהיקענדיק זיך אַזש פון כעס, האָט ער אָנגעהויבן שרייען. ער האָט אָנגעהויבן אַראָפּשלעפּן מרדכי'ס הויזן, און ווי אַ האָגל אַזוי האָבן זיך אויף אים אָנגעהויבן שיטן קלעפּ.

מרדכי האָט זיך געווערט. ער האָט געשריען, געבריקעט מיט די פיס, און געביסן מיט די ציין. מיט זיין רעכטער האַנט האָט ער זיך געריסן צו מאיר אשר'ס באָרד. ער האָט די באָרד אָנגע־כאַפּט. ווי אַ פלעדערמויז האָט ער זיך אַריינפלאָנטערט מיט זיינע פינגער אין דער באָרד. מיט זיין געזונטן, אינגלשן קול, האָט ער אַרויסגעשריען אין דרויסן אַרויס.

עס זיינען אַנגעלאָפן מענטשן. עס זיינען אָנגעקומען מרדכי׳ס טאַטע מיט זיין מאַמע. די מאַמע האָט געקוויטשעט. ביידע ווייבער האָבן געקוויטשעט און זיך געשאָלטן. מיט די הענט אוועקגעלייגט אויף די פּאַכוועס, די טיכלאַך פאַרלעגט אונטער די אויערן, זיינען זיי געשטאַנען ווי צוויי הענער, וואָס וועלן באַלד איינער אויפן צווייטן אַ שפּרונג טאָן. מרדכי׳ס טאַטע האָט געכאַפּט דעם אייזערנעם אַרשין. מאיר אשר׳ס האָט געכאַפּט די שער. איינער האָט זיך אַריינגעריסן אין דעם צווייטנס באָרד אַריין. עס זיינען געפלויגן קאַשקעטן אָנגעצויגענע מיט סטאַלקעס. זשמעניעס מיט אויסגעריסענע האָר. פינגער האָבן זיך געקלעפּט אין בלוט. מרדכי האָט זיך שטילערהייט אַרויסגעכאַפּט פון קראָם. ער איז אַרויס אין דרויסן און איז באַלד צוריקגעקומען. אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שטיין. ער איז צוגעקומען גאָר נאָענט צו מאיר אשר׳ס און מיט זיין גאַנצן כח האָט ער געגעבן אַ שאָס אַריין דעם שטיין, גלייך אין מאיר אשר׳ס קאָפּ אַריין.

פון דעמאָלט אָן האָט מען מרדכי׳ן אַריינגענומען הינטער דער סטאָיקע.

הינטער דער סטאָיקע האָט מען אים מען אויסגעלערנט איבערן רוקן דעם אַרשין איבער דער סחורה אַזוי, אַז ער האָט געקענט מאַכן פון דריי מיט דריי פערטל, זאָל ווערן פיר. געבנדיק אויסגאָב, האָט מרדכי געציילט די גילדנס — איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף — און נאָכער קונציק דעם פינפטן צוריק געכאַפּט.

אַ גאַנצע וואָך איז דער טאַטע ניט געקומען אין קלייט אַריין. אַלע טאָג צו מיטאָג צו איז די מאַמע הענדום פענדום אַהיימגעלאָפן — דער טאַטע מיט דער שיין אויסגעכאַוועטער באָרד דאַרף קומען. ווען דער טאַטע איז שוין געקומען, איז שוין אויפן טיש געווען אויסגעשטעלט דאָס געקעכץ, און די מאַמע האָט אונטערטעניק געוואַרט ביז איר מאַן האָט די המוצא געמאַכט. ערשט דעמאָלט האָט זי מאַנסביליש איינגעטונקט דאָס שטיקל ברויט אין זאַלץ, פונקט אַזוי לאַנג, ווי דער טאַטע זיך געשאָקלט, און מיט שעפּטשענדיקע ליפּן געמאַכט די ברכה.

מרדכי איז געוואָרן דער גאַנצער באַלעבאָס איבער די וואָ־

בעדיקע טעג. אין די וואָכעדיקע טעג האָט ער זיך געחבר׳ט מיט די גרויסע משרתים, גערויכערט סיגאַרעטלאַך, אויסגעגעבן געלט אויף נאַשערייען, און זיך געדרייט פאַר סימע, וועלוול אשר׳ס קלייט.

— מרדכי, מרדכי, קיין לייט וועט שוין פון דיר ניט ווערן — האָט זיין טאַטע אים געמוסרט — נעמסט צומאָל קיין ספר ניט אין האַנט אריין.

עס איז פון אים יאָ געוואָרן אַ לייט. ער האָט יאָ גענומען אַ ספר אין האַנט. ער איז געוואַקסן דאָס, וואָס יעדער טאַטע־מאַמע אין קליינירושלים וואָלט זיך געוואונטשן זייער זון זאָל וואַקסן. ער איז געווען אַ גוטער סוחר. ער האָט געהאַט אַ גוט קעפּל. אַ בלאַט גמרא מיט תוספות האָט ער אָפּגעשאָסן אויף איין פוס. נאָך מער ווי דאָס — אין דער שטיל, ביי זיך אין האַרצן, איז ער געווען אַ שטאַרק גלויביקער. ער האָט זיך געגריבלט אין אַלערליי רמזים. ער האָט געוואוסט ווען די וועלט וועט אונטערגיין, און ווען דער קץ וועט קומען. און שוין פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן גלויבן אין אַלערליי איבער־נאַטירלאַכע זאַכן, ווען ער איז קראַנק געוואָרן, האָט ער בלויז מיט גרוים כונה, באַדאַרפט זאָגן „רפאונו" בשעת ער איז געשטאַנען שמונה עשרה, און ער זאָל גלייך אַ רפואה באַקומען. ער האָט זיך אויסגעלייגט אַלערליי טרעפנונגען. ער האָט אויס־געמיטן צו גיין אַרום קאַסטשאָל. ווען אַ גלח איז אים פאַרביי געגאַנגען האָט ער דריי מאָל אויסגעשפּיגן און געזאָגט שקץ תשקצנו. מרדכי האָט זיך שטענדיק אומגעקערט פון זיין שליחות ווען פאַרביי אים איז דורכגעלאָפן אַ שוואַרצע קאַץ.

ער האָט געגלויבט אין אַ פּאַטשאַטאַק. ווען מען האָט אַ פריען פּאַטשאַטאַק, איז אַ טאָג פון פריון.

עס איז געווען איינמאָל אין אַ מיטוואָך, אין די טעג פון ערב חגא. אין דרויסן האָט געברענט אַ פראָסט. די „אוליצע" איז געווען פאַרלייגט מיט טיפן שניי. אין מיטן האָט מען אָפּגעשאַרט אַ סטעזשקע, און פון ביידע זייטן זיינען געווען צוויי הויכע שנייאיקע ווענט. מרדכי האָט געטראָגן אויף זיינע פיס פוסטן. די פוסטן האָבע געוואַרמט, ווי אַן איבערבעט.

ארום מויל איז געפרוירן דער ווארימער אָטעם. זיינע אויערן זיינען געווען רויט אָנגעסמאָליעטע. מרדכי'ן האָט זיך געוואָלט מאכן א מענטש פון שניי. אים האָט זיך געוואָלט מאכן אן „אוצר". אים האָט זיך געוואָלט אונטערן שניי בויען אונטער־ערדישע קאנאלן, וואָס זאָלן זיך ציען ביז קיין ארץ־ישראל. נאָר מען האָט זיך געריכט אויף א גרויסן יריד. אין דרויסן האָט געברענט א פראָסט. מרדכי צוזאמען מיט זיין טאטן און מיט זיין מאמען, זיינען שוין פון פארטאָג אן ביי דער טיר גע־שטאַנען. זייערע הענט זיינען געווען פארפרוירענע. מען האָט געקלאפט א פוס איבער א פוס. צו דעם פייערטאָפּ האָבן זיך די מאנסבילן ניט צוגערירט. איבער אים איז געזעסן די מאמע. א מאמע זיצט און ווארימט זיך איבער א פייער טאָפּ. מענער פארקלאפן די הענט איבער דער פלייצע און רייבן זיי אין שניי. מען האָט פארקלאפט די הענט איבער דער פלייצע. מען האָט געבעטן פאר א גוטער שפע. איז דעמאָלט אריינגעקומען א הויכער, ברייטער גוי, מיט א פאָר לאנגע פיס, און געוואָלט קויפן סחורה אויף א פאָר הויזן.

דער גוי האָט זיך געדונגען. ער האָט ארויסגענומען די נשמה, אַלע אין קלייט, האָבן זיך שוין מיט אים געדונגען. אַלע אין קלייט, דער טאטע מיט דער מאמען האָבן געקלאפט אין זיינע הענט

— „א דוואטצאט דאיעש ?"

— „נו, נידאם."

— וויסימנאדצאט דאיעש ?"

— „נידאם".

— „א סקילקי זשע !"

— „יא וואם סקאזאל."

דער גוי האָט, פונקט ווי אן איינגעשפּאַרט פערד, זיך גע־האַלטן ביי דאָס זייניקע.

ער האָט געגעבן נאָך מיט א קאָפּיקע ביליגער, ווי עס האָט זיך אליין געקאָסט.

מרדכי'ס טאטע מאמע זיינען געווען פארצווייפלט. זיי האָבן אויך געוואוסט, אז אויב מען וועט ניט האָבן קיין גוטן

פּאַטשאַטאַק, וועט דער גאַנצער טאָג זיין אַ שלעכטער. דעם ערשטן קונה טאָר מען ניט אַרויס לאָזן. ביי מרדכי'ס מאַמע זיינען געשטאַנען טרערן אין די אויגן

— קום אַריין, ווען דו ווילסט — האָט זי ביים גוי גע־בעטן — און נעם וואָס דיין האַרץ גלוסט. אָבער איצט דינג זיך ניט. דו ביזט מיין ערשטער קונה. איך זאָל אַזוי דער־לעבן צו פירן מיין קינד צו דער חופּה, ווי איך קען ניט.

מרדכי'ן האָבן זיך אַזש געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער איז רויט געוואָרן. דאָס גאַנצע בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין.

— לאָז מיך, מאַמע — איז ער צוגעשפּרונגען — איך וועל ביי אים לייזן.

ער האָט אָנגענומען דעם גוי'ס האַנט אין זיינער און אָנגעהויבן קלאַפּן:

— „וויסימנאַדצאַט דאיעש?"

— „אַ סימנאַדצאַט?"

— „ניע."

— „אַ שעסטנאַדצאַט?"

— „ניע!"

— גוט — האָט ער געזאָגט — איך וועל דיר פאַרקויפן.

זיין האַרץ האָט געקלאַפּט. זיינע ליפּן האָבן געציטערט. ער האָט אָנגעהויבן מעסטן. מיט זיינע קליינע הענט האָט ער אָנ־געהויבן אַרבעטן מיט דעם אַרשין איבער דער סחורה. ער האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער. אַרויסגעשטופּט דעם צונג. און צום סוף האָט ער פאַרלעגט צוויי פינגער איבער'ן ברעג סחורה. געגעבן אַ פּיק איין, און אָפּגעריסן.

— טראָג געזונט — האָט ער צוגעווינשעוועט.

— אַ דאַנק, — האָט דער גוי געענטפערט.

דער גוי האָט באַצאָלט און איז אַוועקגעגאַנגען.

אָבער עס האָט ניט גענומען קיין צען מינוט, ווי דער גוי צוזאַמען מיט דריי אַנדערע גוים זיינען צוריקגעקומען. דאָס פּעקל אונטערן אָרעם איז געווען צעוואָרפן. צעקנייטשט און אָנגעצונדן אין זיין רציחה האָט דער גוי אָנגעהויבן שרייען:

— וואו איז דער זשידאָק ! ?

מרדכי׳ס טאַטע האָט שוין געזען, וואָס דאָ וועט זיין. ער האָט שנעל מרדכי׳ן אַרונטערגעשטופּט אונטער׳ן טיש.

דער גוי האָט אים באַמערקט:

— שטופּ אים ניט אונטערן טיש — האָט ער געשריען אין ווילדן צאָרן — איך וויל דעם זשידאָק!

דער גוי האָט מיט איין קלאַפּ איבערגעקערט דעם טיש. ער איז אַריין צווישן די שאַפעס. ער האָט אָנגעכאַפּט מרדכי׳ן פאַר די האָר, און אים אָנגעהויבן שלעפּן איבערן קראָם.

— איך מוז אים דער׳הרג׳ענען — האָט דער גוי, אינגאַנצן רויט מיט ווילד־בלוט, געשריען — אויפן אָרט וועל איך אים אַ טויט מאַכן.

און מיט זיינע שווערע הענט האָט ער אָנגעהויבן קלאַפּן איבער מרדכי׳ס פּנים און קאָפּ.

עס איז געוואָרן אַ טומל. מענטשן פון דעם גאַנצן מאַרק האָבן אָנגעהויבן לויפן אין קלייט אַריין. די קולות האָבן זיך געהויבן ביזן אונטערן הימל. רייסנדיק אירע האָר, איז מרדכי׳ס מאַמע געשטאַנען אין מיטן קלייט, און ווי אַ משוגענע האָט זי געשריען מיט באַנומענע קולות. מרדכי איז געבליבן ליגן פּאַרטאַיעט. פון זיין נאָז און פון זיין מויל און פון די אויגן האָט גערונען בלוט. דער גוי האָט אים געטראָטן מיט די פיס. מיט די אייזערנע פּאַדקאַוועס האָט ער אים געקלאַפּט איבערן בויך. מרדכי האָט זיך שוין אינגאַנצן מיאש געווען. נאָר אין זיין יאוש האָט ער זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ הויב אויף. זיינע צעשויבערטע האָר זיינען געווען איינגעקלעפּט אין שוואַרץ־רויטע קאָלטענעס, די אויגן זיינען ביי אים געווען איבערגעקערטע. פלינק, ווי אַ קאַץ, האָט ער געגעבן אַ שפּרונג צו דער שאַפע. אָפּגעריסן די שער פון שטריקל. אויפגעעפנט די שער, און אונטערשפּרינגענדיק האָט ער מיט זיין גאַנצן כח אַריינגעשטופּט די שער אין דעם גוי׳ס האַרץ אַריין.

דער גוי האָט אים אָפּגעלאָזט. ער האָט צעשפּרייט די גרויסע צוויי הענט אין דער ברייט. מיט די געזונטע, ווייסע ציין, האָט ער איינגעביסן די אונטערשטע ליפּ. ער האָט אויפגעהויבן

און גלייך צוריק ארונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, און שטיל זאָגנדיק — „אַ מאַטקאַ באָסקאַ" — איז דער גוי, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים אַנידערגעפאַלן.

מרדכי איז אַ וואָך צייט געלעגן באַהאַלטן ביי מאיר אשר'ס אין קעלער. דערנאָך האָט מען אים אינמיטן נאַכט איבערגעפירט צו אַ פעטער קיין פּילשטין. און פון דאָרטן איז ער צום סוף אַנט־לאָפן קיין אַמעריקע.

צוערשט אין קעלער ליגנדיק, און נאָכהער אין פּילשטין האָט מרדכי בלויז געלעבט אין אַ הינערפלעט. ער האָט גאָר נים געוואוסט, וואָס מיט אים טוט זיך. ער האָט ניט פאַר־שטאַנען, וואָס מען באַהאַלט אים אַזוי. די גאַנצע צייט האָט ער בלויז געטראַכט פון דער ווילדער רציחה מיט וועלכער דער גוי האָט אים געשלאָגן. די גאַנצע צייט איז פאַר זיינע אויגן גע־שטאַנען די ווילדע רויטע אויגן פון דעם געזונטן גוי. ער האָט נאָך איצט געפילט די שטאַרקע קלעפּ, וואָס דער גוי האָט אים געגעבן. זיין פּנים איז נאָך געווען געשוואָלן. נאָר וואָס ווייטער ער האָט זיך דערווייטערט פון דער היים, און ווען ער איז אַריבער דעם גרעניץ, און ווען ער האָט זיך געזעצט אויף דער שיף, האָט ער ערשט דעמאָלט, אונטער באַוואוסטזיין פון דער שוין באַשטימטער שטראָף — די שטראָף פון אייגענע טאַטע־מאַמע צו זיין נע ונד, און אויף אייביק פאַרשיקט ערגעץ אין פרעמדע לענדער האָט ער ערשט דעמאָלט, אונטער דעם דאָזיקן איינדרוק דערפילט אַז ער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, אַז ער האָט דער'הרג'עט אַ מענטשן. און ער האָט אָנגעהויבן פון זיך טראַכטן, ווי פון אַ מערדער. און אַ מערדער — איז ער אַ דערשלאָגענער און אָפּגעזונדערטער געזעסן איינער אַליין אויף דער שיף. די גרויסע ווייסע און שוואַרצע כוואַליעס, האָט זיך אים געדוכט, זיינען אַ מחנה פון וועכטער, וואָס יאָגן זיך נאָך אים. דער פייף פון שיף האָט אין אים געוועקט שרעק. יעדער הויכער וואָרט, וואָס ער האָט געהערט אונטער זיינע פּלייצעס, האָט ער אָנגענומען, ווי אַן אָנדייטונג אויף אים דעם מערדער. דאָס לשון אויף דער שיף איז געווען אַ פרעמדס. מרדכי האָט ניט פאַר־שטאַנען, וואָס מען רעדט — האָט ער אָנגענומען אַלע רייד פאַר

שלעכטע. און אַלע מענטשן פאַר שפּיאָנען, וואָס לויערן נאָך אים. ער האָט די גאַנצע צוויילף טעג אויפן שיף ניט געגעסן. און די גאַנצע צוויילף נעכט איז ער ניט געשלאָפן. און ווען די שיף איז אריינגעקומען אין דעם האפן. און ווען מען האָט אַלע פּאַסאַזשירן, ווי אַ גרופּע ארעסטאַנטן געצעלט און איבערגענומען, און אריינגעזעצט אין אַ קליין שיפל, און אריינ־געבראַכט אין דעם אָפּגעשלאָסענעם אינזל „קעסיל־גאַרדן" — האָט מרדכי דעמאָלט שוין זיכער געטראַכט אַז דאָס איז זיין סוף.

און דעמאָלט, אין די געציילטע טעג פון זיין לעבן, האָט ער אויפ׳ס׳ניי אָנגעהויבן צו פאַסטן. דריי טעג איז ער געלעגן אין „קעסל־גאַרדן" און קיין לעפל וואַסער אין מויל ניט גענומען. און דעמאָלט האָט ער זיך אַ נדר געטאָן און באַשוואָרן — אַז אויב גאָט אין הימל, וועט אים העלפן אין זיין איצטיקער צרה, און וועט אים ארויספירן בשלום פון זיין אומגליק, און וועט אים אין דעם נייעם לאַנד פירן בדרך הישר — וועט ער זיין...

מרדכי עטינגער האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ שבועה ער האָט זיך געגעבן. און ער האָט ניט געוואוסט וואָס ער וועט זיין. און ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן, כדי אָפּצוואַשן דעם פלעק פון זיינע הענט. און ווען ער האָט זיך אַ נדר גענומען צו זיין — האָט ער געמיינט עהרלאַך און פרום און גוט, און זיך פּייניקן, און רייסן שטיקער פון זיין הויט — אַלעס, אַלעס וועט ער טאָן.

ווען ער איז אויפגעשטאַנען דעם ערשטן אין דער פרי אין דעם אָרימען הויז, וואו ער האָט געוואוינט, און ווען ער האָט געזען דעם דלות אין שטוב און אַז ביי די מענטשן און זייערע קינדער, איז אַ קרן אַ שטיקל ברויט, האָט ער דעמאָלט אַ נדר געטאָן, אַז ווען ער וועט ווערן רייך, וועט ער זיין אַ בעל צדקה... אַז ער האָט שפּעטער אין דער זעלבער הויז געזען, ווי דער מאַן, אַ פּראָסטער מענטש, באַלעסטיקט זיין ווייב, און רעדט צו איר גראָבע רייד, האָט ער זיך פאַרשוואָרן אַז ווען ער וועט חתונה האָבן, וועט ער זיין אַ גוטער מאַן צו זיין ווייב. ער וועט זיין אַ גוטער מאַן, ער וועט זיין אַ גוטער טאַטע, אַ בעל

צדקה. — ער וועט זיין — מרדכי עטינגער האָט ליגנדיק אויף
אַ האַרט בעטל ערגעץ אין אַ פינצטערן צימער אויף דער איסט־
סייד, געטראַכט פון זיין היים, פון דעם קליינעם שטעטל, פון
טאַטע מאַמע, פון די בתי מדרשים, ביים גרעניץ. און פון דער
גרעניץ. אַלעס איז ביי אים אויסגעקומען — איז ניט ריכטיק
איינגעשטעלט — דאָס גאַנצע לעבן, דעם מענטשנס, איז ניט
גוט. איבעראַל עולות. וואָרום האָט אים זיין טאַטע געלערנט
שלעפן קונים פון מאיר אשר׳ס? וואָרום גנב׳עט מען פון דער
מאָס? וואָרום פאַרגעסט מען אין דער גאַנצער תורה, ווען
מען גייט אַרויס מיטוואָך אויפן מאַרק? צי האָט דען עמיצער,
אפילו איין מענטש, מיטוואָך אויפן מאַרק אָפּגעהיט אָט די
אַלע געבאָטן וואָס מען האָט אַ גאַנצע וואָך געלערנט אין קלויז?
און פאַרוואָס האָט ער קיינמאָל ניט געטאָרט אַריבערגיין דעם
גרעניץ. וואָרום האָבן גוים יאָ געמעגט אַריבערגיין דעם גרעניץ?
איז דען גאָט׳ס ערד ניט איבעראַל די זעלבע? איז דען אויף
יענער זייט גרעניץ נישטאָ דער זעלבער גאָט?

און אָט דאָס אַלעס, די אַלע רעטענישן און אומפאַרשטענד־
לאַכקייטן האָט מרדכי געהאַט אין זינען אין יענעם טאָג ווען
ער האָט זיך געגעבן די שבועה. ער האָט דאָס מיט ווערטער
ניט געקענט אַרויסריידן. און ער האָט קיין באַשטימטע זאַך
ניט געזאָגט. נאָר ער האָט געמיינט מיט דעם, אַז ער וועט
זיין ערלאַך, אַז ער וועט זיין גוט, אַז ער וועט זיין פרום, ער
וועט פירן זיין לעבן אויפן וועג פון די צדיקים — אַז ער וועט
ווערן רייך, וועט ער זיין אַ בעל צדקה — אַז ער וועט האָבן
קינדער, וועט ער זיי לערנען גיין בדרך הישר — די גאַנצע צייט
פון זיין לעבן ביז׳ן היינטיקן טאָג האָט ער געוואַרימט און
איינגעהילט מיט דער ריינקייט פון זיין נשמה אָט דעם גע־
דאַנק. ער האָט דערפון קיינמאָל ניט גערעט. ער האָט מורא
געהאַט מיט ווערטער אָנצורירן אָט די הייליקייט זיינע, שטענ־
דיק אַ פאַרשלאָסענער אַן אינזיכיקער, האָט ער בלויז מיט בטחון
און אינערלאַכער האָפנונג געוואַרט אויף דעם מאָמענט

און איצט, ווען מען איז שוין געווען פאַרטיק מיט דער
אַרבעט אין פלעטבוש, די הייזער זיינען געשטאַנען באַלויכטענע,

און מיט מענטשן באַלעבטע, און פאַרהילכט מיט די קולות פון קליינע קינדער, האָט זיך מרדכי עטינגער גענומען בויען די שול — אהבת ציון.

— עס איז אַגוטער איינפאַל — האָט אלדד אַ צופרי־דענער צוגעשטימט — דאָס וועט נאָך מער פאַרמערן די באַפעל־קערונג.

מרדכי עטינגער'ן האָבן די ווערטער געשטאָכן.

— רעד ניט אַזוי — האָט ער געזאָגט.

— איך מיין באמת — האָט אלדד גאָר ניט מיינענדיק ווייטער געזאָגט — עס איז אַ וואונדערבאַרער איינפאַל. אַ שול וועט צוציען אַ אידישע באַפעלקערונג דעמאָלט ווערט עס אַ ישוב, זייער אַ גוטער איינפאַל.

מרדכי עטינגער'ן האָט אָנגעהויבן צו בייסן אין די אויגן.

— איז ער שוין אויף אַזוי פיל אַ פאַרלאָרענער, אַז קיין איין גוטע מידה זיינע וויל מען ניט אָננעמען, אַזוי ווי די מידה איז? מיינט ער דען געשעפט? וועט ער שוין קיינמאָל ניט קענען מכפר זיין אויף זיינע זינד?

— איך בעט דיך, רעד ניט אַזוי — האָט ער זיך געבעטן ביי אלדד'ן — מאַך ניט פון דעם מקום קדוש קיין געשעפט, איך וויל בויען אַ שול, ווייל איך בין אַ איד. ווייל אידן דאַרפן האָבן אַ שול — ווייל איך בין שולדיק צדקה — ווייל איך מוז...

7

מרדכי עטינגער האָט געמוזט... אַלץ האָט ער איצט געמוזט טאָן איילענדיק. אַן אינעווייניקסטער אימפעט האָט אים געשטויסן. ער האָט מורא געהאַט פאַר יעדן קומענדיקן טאָג. ער האָט מורא געהאַט פאַר יעדער שעה. ער האָט מורא געהאַט פאַר זיין אייגענעם שאָטן. אים האָט איצט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן אַ משוגעת פון גרויסקייט. ער איז גרויס. גאָט איז דער ערשטער — דער אַלטער טשאָרטקאָווער דער צווייטער — ער, דער דריטער. ער איז גאַנצע טעג געווען איינגעהילט אין טלית. ער האָט גאַנצע טעג געזאָגט תפילות — גאָט איז דער ערשטער —

גאָט איז אַלמעכטיק — גאָט קען נעמען נקמה — מיט וואָס וועט ער קומען פאַר גאָט דעם בעל נוקם ?

נאָך איידער מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער שול, האָט געטראָפן איינמאָל אין אַ פּראַנאַכט, ווען מרדכי עטינגער איז געשטאַנען פאַר דעם נייעם בנין, נעבן אים איז געשטאַנען אלדד. די אַרבעטער זיינען זיך שוין געווען צעגאַנגען. איבער אַ קופּע אויסגעמישטע זאַמד מיט וואַפּנע איז געלעגן אַן איבער־געקערט וועגעלע מיט די רעדלאַך אויף אַרויף. ריסקעלעס מיט די שאַרפן אין דער ערד האָבן געגלאַנצט מיט די אויסגעאַרבע־טע הענטלאַך. דער וועכטער האָט אונטערגעשיט האָבער, דעם איינציק געבליבענעם פערד, און אים איינגעדעקט מיט אַ ווערעטע די פּלייצעס. ביידע, מרדכי עטינגער מיט אלדד'ן, האָבן גערעט פון דער ליבטיק־גרויער „סטאָקאָ". מרדכי עטינגער האָט מיט זיין שטעקן אָנגעוויזן אויף די געקאַרבטע רויטע טשערעפּעס, וועלכע זיינען געלעגן אויסגעלייגט איבער'ן דאַך, ווי איבערגע־קערטע האַלבע רערן. מיט זיין שטעקן האָט עטינגער אָנגעוויזן אויף אַ טעות פון דעם בויער.

— אַזעלכע טשערעפּעס זיינען צו שווער פאַר אַזאַ בנין — האָט ער געזאָגט — — מען וואָלט געווען באַדאַרפט דעקן דעם דאַך מיט שינדלען.

האָט געטראָפן פּונקט דעמאָלט, אין מיטן ריידן, אַז מרדכי עטינגער האָט זיך פּלוצלינג אָנגעהויבן צו שאָקלען, ווי אַ פערד־מער איד שאָקלט זיך ביים דאַווענען, זיין קערפּער האָט זיך צע־וויקלט אין פאַרכטיקן התלהבות, זיינע אויגן זיינען געוואָרן רויט און גרויס־אַרויסשטאַרצענדיק. ער האָט מיטאַמאָל געגעבן אַ לויף צו דעם פערד, אַרויסגעריסן פון פערד'ס עק אַ האָר, און אָנגעהויבן ריידן צו דער האָר.

— „מיינע ליבע ברידער — האָט ער געזאָגט —

מרדכי עטינגער האָט אָנגעהויבן מאַכן ווילדע גרימאַסן. גלייך ווי ער וואָלט אַריינגענומען אַ שרץ אין זיינע הענט, אַזוי האָט ער אָנגעהויבן טרייסלען, און אָפּטרייסלען עפּעס פון די פינגער — אונטער מיינע נעגל קריכן אַרום ווערים — האָט ער געשריען — מיינע האָר זיינען שוין פון יאָרן ניט קיין געוואַ־

שענע — אָבער עס איז מיר גוט אַזוי — גוט אַזוי — פון גאַנצן פרי און ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין...

גאַנצע פּסוקים פון אַלערליי ספרים האָט ער אויף אויסנווייניג נאָך געזאָגט, זיין פּנים איז שטאַרק בלאַס געוואָרן, די הענט האָבן אים געציטערט, פון זיין מויל האָט געזעצט אַ ווייסע שוים, אין זיין קול אוז געווען, ווי אונטער־ערדיש, ווי אַ קול, וואָס קומט פון אַ ליידיקן פאַס.

אַלדד איז צו אים צוגעלאָפן, ער האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און אים אָנגעהויבן אויפמונטערן.

— קומט אַהיים, פעטער, — האָט ער געזאָגט, — איר זענט מיד. עס איז שוין שפּעט.

— פיר מיך אַהיים, — האָט ער געענטפערט, .. איך בין מיד.

ווען מרדכי עטינגער איז געקומען צו זיך, האָט ער ניט געוואוסט וואָס מיט אים האָט געטראָפן. ער האָט יאָ געפילט אַז עפּעס האָט מיט אים געטראָפן, אָבער ער האָט ניט געוואוסט וואָס, און ער האָט זיך געשעמט און מורא געהאַט פאַר אַלדד'ן.

— דאָס חלומ'ט זיך מיר עפּעס אַזוינע זאַכן — האָט ער געזאָגט — אין מיטן העלן טאָג חלומ'ט זיך מיר חלומות — דו ביזט דאָך עפּעס אַ געלערנטער מענטש אַלדד! קען זיך אין מיטן טאָג חלומ'ען חלומות?

אין זיין הויז האָט שוין אויף אים געוואַרט דער דאָקטאָר. מרדכי עטינגער האָט זיך געוואונדערט, ווי אַזוי דער דאָקטער האָט געוואוסט איצט צו קומען. ער האָט זיך געבייזערט:

— וואָס איז מיר דען? גאָט מיינער! וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? איך בין בלויז אַביסל מיד.

דער דאָקטער האָט אים געמוזט מיט געוואַלד אונטערזוכן. דער דאָקטער האָט פאַרשריבן מעדיצינען.

— רו, רו, — האָט דער דאקטאר געזאָגט — איר מוזט אַ סך רוען.

עטעל האָט זיך צעוויינט.

— איך האָב דיר געזאָגט, אַז זאָלסט זיך ניט אַרומשלעפּן אַזוי שפּעט איבער די גאַסן. אַז דו וועסט אַזוי אויסגיין אין גאַס.

מרדכי עטינגער האָט געלאַכט. ער האָט געטרייסט זיין ווייב עטעל.

— אַרטעריע סקלעראָזע איז גאָר ניט — האָט ער געזאָגט — מען קען אַזוי אויסלעבן די יאָרן, מען דאַרף בלויז וויסן, ווי אַזוי זיך צו פירן, — און אפשר וועט ער שטאַרבן ?

— און אפשר וועט ער שטאַרבן ? היינט, מאָרגן, שטאַרבן ?

מרדכי עטינגערן איז איצט מער ווי אַלע מאָל באַפאַלן דאָס געפיל פון טויט. ער האָט בפועל ממש געפילט דעם טויט. אָט איז שוין אָפּגעשטאָרבן דער מינדסטער פינגער פון דעם לינקן פוס. דער פינגער איז קאַלט. ווייס, אָן בלוט. פון מינדסטן פינגער אויפן לינקן פוס, צעשפרייט זיך אַ גלאַטע קאַלטקייט, ווי דאָס קריכן פון אַ שלאַנג, אַריבער דעם גאַנצן פוס. צו זיין דיך. אַלע גלידער זיינען ווייך און נאָכגעביק און קאַלט. עס איז קאַלט די הויט איבערן בויך. די הויט איבערן קאַרק און איבערן שטערן איז קאַלט און גלאַנציק, ווי די הויט פון אַ פיש.

— און ער האָט נאָך אַזוי פיל אַרבעט צו טאָן ? און ער דאַרף נאָך אַזוי פיל אָנזאַמלען ? און ער דאַרף נאָך לויפן צום טשאַרטקאָווער נפטר ? און ווייסע תכריכים אין וועלכע צו קור־מען פאַר גאָט ברוך הו !

אים איז באַפאַלן אַ האסטיגקייט. דער טאָג איז פאַר אים געוועזן צו קליין. ער האָט גערן געשלונגען די מעדיצינען, מיינענדיק אַז ער נאַרט דערמיט אָפּ דעם דאָקטער — אָט נאַרט ער ביי אים אויס נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג. פונקט ווי אין יענעם יאָר, ווען איבערן לאַנד איז געקומען די מלחמה, און ער האָט אָנגעהויבן שפּאָרן יעדעס זעמדעלע, יעדע פּרוטה, אַזוי האָט מרדכי עטינגער איצט אָנגעהויבן שפּאָרן זיינע כוחות. שפּאָרן די טעג, די מינוטן.

— אפשר קומט מאָרגן די שעה ? אפשר קומט היינט די שעה ?

ער האָט נאָך מער אָנגעהויבן זיצן איבער די ספרים. מיט אַ שטיל וויינענדיק קול, האָט ער אָפּגעקלונגען איבער די גראַמע חדרים. אַהער, איבערן גרויסן ים, האָט עמיצער אַריבערגעבראַכט דעם טרויעריקן ניגון פון דער טשאַרטקאָווער קלויז. נישטאָ

דער אמאליקער בליץ לאמפ — אבער עס טוקט דער בליצלאמפ. נישטא דער אמאליקער כיור — אבער עס גלאנצט דער כיור. מרדכי עטינגער האט אריבערגעבראכט אהער דעם ניגון פון דער טשארטקאווער קלויז, וואס שטייט אויף א בערגל ביים ברעג פון זברוטש. מרדכי עטינגער האט אויפגעמישט א ניי בלעטל, און נאך אמאל א בלעטל, געזוכט קאפיטלאך און ניט געוואוסט וואו זיך אפ־צושטעלן, און צום סוף האט ער אויפגעמישט א בלעטל מיטן פסוק — האספסוף אשר בקרבו —

אבער ער האט דאס אויך ניט געלייענט. ער איז געווען מיד. אים האט געשווינדלט פאר די אויגן. ער האט דערפילט א שוואכקייט אין זיינע פיס. איבער זיין מח האט זיך צע־לייגט א שווערע טעמפקייט. ער האט פון גארניט, ניט געקענט טראכטן. אים איז באפאלן א שלאף. ער האט צוגעמאכט די אויגן.

אבער, ווי נאר ער האט איינגעדרימלט, אזוי איז באלד די טעמפקייט פון זיין מח צערונען. א ווייסער מארגנשיין איז אויפגעגאנגען איבער א קלארן בלויען הימל, פון ערגעץ האט געפלאסן א שטילער, בלויער טייך, איבער דער אויבערפלאך פון טייך זיינען ארומגעשוואומען קליינע פיש. די פיש־לאך האבן שפילעוודיק זיך געיאגט איינס נאכן צווייטן. איבער דער גאנצער וועלט איז מיט אמאל געווארן צעשפרייט א שטילע רואיקייט. עס האבן זיך אפגעשטעלט אלע טראמוואיען און גאסן־באנען און אטאמאבילן. פון אלע מענטשן איז געווארן שטילע, שארנדיקע שאטנס. אלע קי און פערד און אלערליי באשעפע־נישן זיינען געבליבן ליגן צעלייגטע — שטילע פלעקן איבער דער גאנצער אויבערפלאך פון דעם ערד קוגל. מרדכי עטינגער האט מיט זיינע אייגענע חושים געפילט אט דעם איבערגאנג. ער אליין איז ביסלאכווייז איבערגעגאנגען און איז פארוואנדלט געווארן אין א פעדערדיקער לייכטקייט. דער קאפ האט זיך געוויגט פון א שטילן ווינט. די האר אויפן קאפ זיינען געווארן נאך דינער, און זיינען שטיל געלעגן איבער דעם שטערן און איבער דער פאטילניצע. באטש פארמאכטע, זיינען דאך זיינע אויגן געווען זעענדיקע. שארפע. ער האט געזען בילדער. ער

האָט פאַרנומען געדאַנקען. ליגנדיק אַזוי, שוין איצט, אַן אויס־געצויגענער, איבער דער ווייכער סאָפע; די אויגן פאַרמאַכט, די יאַרמולקע פאַררוקט איבערן קאַרק, די רעכטע פוס עטוואָס אויסגעבויגן, ווי אַ קראַקווע, און מיט האַלב־אָפענע ליפּן, ווי אַ גע'חלש'טער, האָט ער איצט שטיל און שאַרף אויף אויסנ־ווייניק, נאָכגעזאָגט די ווערטער, וועלכע ער האָט ערשט מיט אַ מינוט פריער ניט פאַרשטאַנען.

ער האָט געזאָגט:

— פרייט אייך און טאַנצט אויף דעם גרויסן חסד, וואָס גאָט טוט מיט אייך.

שטילער און שטילער איז געוואָרן זיין קול. עס באַוועגן זיך שוין בלויז די ליפּן. דער פוס ציט זיך בישלאַכווייז אויס, און שלעפּט מיט דעם זיידענעם צודעק פון דער ווייכער סאָפע.

— האָט עמיצער זיך באַוויזן אין טיר? ווער שטייט אַ באַוועגלאָזער איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצן טוך? אויגן־גריבער — איינציקע, אָפּגעטיילטע ריפּנביינער — לאַנגע, שמאַ־לע ביינער, אָנשטאָט פיס — מרדכי עטינגער האָט שטיל אָנגעהויבן כאָרכלען. ער איז איינגעשלאָפן.

8

מיט יעדן טאָג איז איצט מרדכי עטינגער געוואָרן שוואַ־כער. זיין קאַפּוויטאַק איז איצט געוועזן כמעט אַ טעגלאַכע זאַך. אַלע טאָג, אַזוי שנעל ווי ער האָט נאָר אויפגעעפנט זיינע אויגן, האָבן זיך די שוואַרצע רעדער געדרייט פאַר זיינע אויגן, ער האָט זיך אָנגעטאָן. געלייגט טלית און תפילין, און בלויז פון יוצא וועגן האָט ער גענומען אַ ביסן אין מויל אַריין.

דער דאָקטאָר איז רעגלמעסיק יעדן טאָג געקומען. אַלע טאָג האָט דער דאָקטער פאַרשריבן נייע רעצעפּטן. אלדד קומט יעדן אָוונט מיט אַ באַריכט פון טאָג. אַ קרעכצנדיקער האָט מרדכי עטינגער אָנגעטאָן זיינע ברילן. ער מוז יעדע זאַך מיט די אייגענע אויגן זען. ער מוז איבערקוקן די חשבונות. זיין הויכער שטערן איז בלאַס. די צוויי קליינע הערנער איבערן שטערן, האָבן איצט בולט אַרויסגעשפּאַרט. מיט אלדד'ן וויל

ער זיך נאָך אַלץ שפּאַרן. ער וויל אים נאָך אַלץ דיקטירן, מרדכי עטנגער וויל זיך ניט אונטערגעבן.

— דער דאָקטער האָט געראַטן זיך אַריבערקלייבן אין די בערג — זאָגט אלדד. — ביימנדיק דעם קלימאַט, וועט עס אייך אַ סך גוטס טאָן.

— איז וואָס זאָגסטו — ענטפערט עטינגער — די צאָלונ־גען קומען אַריין מאָנאַטליך?

— יאָ, זיי קומען מאָנאַטליך — זאָגט אלדד.

— און די שול איז שוין אינגאַנצן פאַרטיק?

— פאַרטיק — ענטפערט אלדד.

— איז דאַרפן מיר איצט ווייטער אַרבעטן — זאָגט עטינ־גער — איצט וויל איך אויסבויען אַזאַ מקום קדוש, וואָס מען האָט נאָך דאָ פון אַזוינס ניט געהערט — איך וועל אויסבויען אַ בית ספר — וואו אידן זאָלן זיצן און לערנען תורה.

ער האָט זיך אין מיטן שמועס געכאַפּט פאַרן קאָפּ. די קליי־נע העמערלאַך איןביידע זייטן שלייפן האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן, ווי נאָגענדיקע פּיאַווקעס. פון גרויסן ווייטאָג האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן. זיינע ציין זיינען גע־וואָרן טערפּקע, ווי מען בייסט איין אַ זויערן עפּל.

— מירן בויען — באַרואיקט אים אלדד — אַ בית ספר. אידן וועלן לערנען תורה.

— גיב מיר אַביסל וואַסער — זאָגט עטינגער — מיר איז טרוקן אין מויל. דו ביזט אַ גוטער, אלדד. אַ גוטער. דו ביזט מיין מליץ יושר. איך בין דיין מליץ יושר. זעעסט, איך האָב דיך אויסגעהיט. עטעל האָט דיך געוואָלט פאַר׳קנס׳ן. איך האָב פאַרשטאַנען אַז עס טויג ניט. אָבער זאָרג זיך ניט. סיי ווי ועעסטו קריגן דיין חלק. אויף בעקי׳ן פאַרדריסט מיך. זי איז אַ וואויל קינד. מיט אַ פיינעם מאַן, וואָלט זי אויסגעוואַקסן אַ אידישע טאָכטער.

אלדד׳ן האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. די צעבראָכנקייט פון דעם אַנטקעגנדיקן מענטשן האָט אים אַליין געבראָכן.

— איז ער שולדיק אין דעם אַלעמען?

— זאָל ער אים זאָגן אַז ער האָט ליב בעקי'ן? זאָל ער אים זאָגן, אַז ער איז אַפילו גרייט מיט איר חתונה צו האָבן?

ווען אלדד איז אַרויס פון מרדכי עטינגער'ס צימער, איז ער געבליבן שטיין מיט פרוי עטינגער אין עס־זאַל.

— מען מוז אים פון דאַנען צונעמען — האָט אלדד געזאָגט — מען מוז בייטן דעם קלימאַט. מען דאַרף זען קריגן אַ וואוינונג אין די בערג.

די געשעפטן — „די עטינגער וואולן קאָ.", די „עטינגער ריעלטי קאָרפּאָריישאָן", און די „פּלעטבוש דעוועלאָפּינג קאָ." זיינען זיך דערוויל געוואַקסן מיטן נאַטירלאַכן וואוקס. הונדערטער און הונדערטער פּעק מיט וואָל זיינען רעגלמעסיק, יעדע וואָך, און יעדן טאָג אַרויסגעשיקט געוואָרן, און אַריינגענומען געוואָרן. מען האָט שוין איצט פאַרצווייגט נייע מערק. מען האָט געהאַנדלט מיט ענגלאַנד און מיט פראַנקרייך. מען האָט געשיקט סחורה נאָך בעלגיען און אין די פּאַרוואָרפענע באַלקאַנען. מיט אַ רויטן זיגל, פאַרזיגלט, האָט מען אויף די גרויסע פּעק בלויז צוגעשריבן — „מיט דער ראָיאַל מייל קיין ענגלאַנד" — עקסטראַ ספּעשעל קיין פראַנקרייך. די הייזער אויף בראָדוויי און אין דעם אונטערשטן טייל פון שטאָט זיינען געווען אַלע באַוואוינטע. אַלע פענסטער שטייען באַלויכטן. הונדערטער און הונדערטער מענטשן לויפן אַריין און אַרויס דורך די פון זיך אַליין דרייענדיקע טירן. די הייזער „דאַון טאַון" זיינען אַלע פריש געפאַרבטע, צו דער מינוט רעמאָנטירטע. גאַנץ דרום פּלעטבוש איז שוין פאַרקויפט. די ערשטע „מאָרטגעדזשעס" ליגן זיכער פאַרשלאָסענע אין די הויכע פייער־קאַסעס. די שול אויף סאַנסייט עוועניו גלאַנצט אַנטקעגן דער פריי צעלייגטער זון. אַ נידריקע, אָבער ברייטע געביידע, האָט די שול פאַרנומען כמעט אַ פערטל פון דעם גאַנצן קוואַרטאַל. מיט האַלבקייַלעכדיקע, הויכע סלופּעס אונטערגעשפּאַרט, איז דער אַריינגאַנג געווען, ווי אין אַ סקלעפּ, אַ געהיימניספולער. ווען מען האָט אויפגעעפנט די האַלבע, שווערע טירן, האָט פון דער שול געגעבן אַ שלאָג אין פּנים אַריין אַן איינגענעמע קילע לופט. שמאָלע, הויכע פענסטער, פאַרענדיקט אין אַ האַלב־רונדע, האָבן מיט זייערע קאָלירן זיך

געמיניעט אין גאס ארוים. אין פראנט איז געווען א ברייטער, ביז צום וועג פארצוימטער גרינער גראז, ווי א פריש אויסגע־קערטער גרינער דיוואן. און אונטער דער שול איז געווען דאס גרויסע שפּיל פּלאץ פאר דער יוגנט.

א ניי־מאדישע שול איז עס געווען. ווי עס איז ניי דאס גאנצע אידישע לעבן אין אמעריקא. מיט קליינע חדרים׳לאך פאר די וואכעדיקע מנינים. מיט א גרויסן אונטערגרונט פאר שפּילערייען, מיט א גימנאסטיק פּלאץ פאר דעם „יאנג־דזשודא“, מיט א גרויסן זאל פאר אידישע אסיפה׳ס.

אין דעם דאזיקן גרויסן זאל האט מען דאס פאררופן די ערשטע אסיפה, כדי אנצוטאן כבוד דעם אידן, וואס האט געבוים די שול.

מרדכי עטינגער איז געקומען יענעם שבת צו נאכט אין שול אריין. עס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס ער איז באטראכטן די שוועל פון זיין מקום קדוש. דאס הארץ האט אין אים געקלאפּט. אויף זיין שטערן זיינען געשטאנען טראפּנס שוויים. זיינע ליפּן האבן געציטערט און עס האבן אים גע־קלאפּט די ציין אין מויל. ער איז פארכאפּט געווארן פון דעם גרויסן אידישן ישוב. ער האט שוין דארטן געטראפן א פולע שול מיט מענטשן. די צוויי גרויסע עלעקטרישע לאמפּן, אונ־טערגעשפּארט מיט צוויי לייבן, האבן באלויכטן דעם גאנצן ברייטן אריינגאנג. די טירן זיינען געשטאנען צעפּראלטע. מע־נער און פרויען זיינען אריין און ארוים. מען האט זיך גע־וואונטשן „גוט־וואך“. מען האט זיך געדריקט הענט. אלטע און יונגע זיינען פארשלונגען געווארן אין דער בלענדנדיקער ליכט. אין ציונ׳ס פאן איז געווען באדעקט דער אויבנאניקער באלעמער. אין אמעריקאנישע פאנען זיינען געווען איינגעוויקלט די פארענ־טשעס, וואס האבן אפּגעטיילט די ווייבערשע שול. עס האט גע־שפּילט מוזיק. קינדער זיינען ארומגעלאפן און געווייעט מיט אלערליי דגל׳ם — דגל מחנה יהודא — דגל מחנה זבולן — דגל מחנה גד. מענער אין הויכע, זיידענע היט, און פרויען אין שור־שענדיקן זייד, האבן זיך אויסגעמישט מיטן ארימן פאלק. עס איז געווען אן אמת׳ער פאלקס יום־טוב. עס איז געווען א בילד

פון שרייענדיקע קאָלירן אויף קנאַקעדיק זייד אויסגעמישט מיטן טונקעלן פאַרב פון די אָרימע מאסן. שמעקעדיק זייף, ריחות פון פּאַרפיום האָבן זיך אויסגעמישט מיטן ריח פון מעל און טוכלער ערד. מען איז געגאַנגען הקפות. מען האָט געטאַנצט מיט דער תורה. מענטשן האָבן זיך געקושט. מרדכי עטינגער האָט זיך אָפּגעקערט אין אַ ווינקל און אָנגעהויבן וויינען.

אים האָט זיך דעמאָלט געדוכט, אַז ער איז אויסגעהוילט פון אַלע אירדישע חושים. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז עמיצער אַ ווייט אַנקומענדיקער, צי עמיצנס אַ חתונה. — ואָט איז דער ערשטער — דער טשאָרטקאָווער דער צווייטער — איז מרדכי עטינגער דער דריטער? איז ער ניט משה רבינו, וואָס האָט זיך פאַרזאַמט פערציק טעג אויפן באַרג סיני? האָלט ער ניט אין זיינע הענט די לוחות? ער האָט געהאַלטן אין זיינע הענט אַ ספר תורה. מענטשן האָבן אים, צוזאַמען מיטן ספר תורה אויף די הענט, געטראָגן, און מען האָט זיך מיט אים, ווי מיט אַ ספר תורה אין אַ ראָד געדרייט. מרדכי עטינגער איז געוואָרן היסטעריש.

מען האָט געבראַכט דעם דאָקטער. מען האָט אים באַרואיקט. ער איז געזעסן אויבנאָן. קיינער איז שוין נאָענט צו אים ניט צו־געקומען. עטעל האָט יעדע ווײַלע אָפּגעווישט זיין שטערן. זי האָט אים אונטערגעשטעלט אַ בענקעלע אונטער די פיס — שטעל אַרויף די פיס — האָט זי געזאָגט — זע ווי מיד דו ביזט?

— אידענע, אידענע — האָט ער שטיל געמורמעלט — און ווען איך זאָל אפילו היינטיגע נאַכט שטאַרבן, קומט מיר דען אַזאַ כבוד?

מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל. איבער דער גרויס באַלויכ־טענער שול האָט זיך דורכגעטראָגן אַ פיינלאַכע שטילקייט. עמיצער האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן צו ריידן. דאָס קול פון דעם מענטשן האָט געציטערט. דער מענטש איז געווען אויפגערעגט. ער האָט שטיל געזאָגט:

— רבותי! מיר האָבן פאַררופן די היינטיקע אסיפה לכבוד החכם המפורסים, והנגיד רב' מרדכי עטינגער. פריער צו גאָט און דער נאָך דעם אידן דאַרפן מיר דאַנקען פאַר דעם מקום קדוש

אין וועלכן מיר שטיין איצט. דאָ, אין דעם געשטאַלט פון דעם אידן קענען מיר זען ישראל'ס השגה. ניט אַפּשאַצן איז אַ אידנ'ס האַרץ. נאָך אַזוי פיל יאָרן פון גלות הויבט ווידער אויף אויפצוּלעבן דעם אידנס גרויסקייט. מיר זעען פאַר זיך אויפגיין אַ ניי פאָלק, מיט דער אַלטער אמונה. מיט די אַלטע מנהגים. אָבער אין אונזער גרויסער פרייד, טאָרן מיר ניט פאַרגעסן אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים. און די צווייטע העלפט פון אונזער אסיפה דאַרף איצט זיין צו באַטראַכטן מיטלען, ווי אַזוי אונזערע ברידער דאָרטן צו העלפן. רב איטשע האָט געקראָגן אַ בריף פון דעם רב. רב איטשע וועט אייך דעם בריף איבערלייענען.

רב איטשע, אַ איד מיט אַ שיטערער, לאַנגער, געלער באָרד, מיט אַ פויגלדיקער נאָז, אַן אָרעמאַנגעטאָנענער און אַ זאַהיקע, האָט זיך דורך געשטופּט פון צווישן דעם עולם. אַ שעמעוודיקער איז ער צוגעגאַנגען צום באַלעמער. אין זיין באָרד איז נאָך געווען איינגעקלעפּט שטויב און שטיקלאַך פּאַוואָטינע פון דעם וואָכעדיקן מסחר. ער האָט פאַרשפּיליעט זיין ראָק, און מיט אַ שווער לשון האָט ער אָנגעהויבן

— איך... איך... קען.. קען... נישט ר־ר־ר־רעדן. איך... בין אַ כבד פּה. מיך־מיך־מיך האָט גאָט געשטראָפט. דער־ר־ר־ר־ריבער וועל איך אייך אַליין געבן דעם בריף צו לייענען.

שוין איצט, ביי די רייד די אומפאַרשטענדלאַכע, האָט איינע אַ אידענע אָנגעהויבן צו וויינען. פריער שטיל, אין זיך. נאָר וואָס ווייטער האָט זיך איר קול צעוויקלט. דאָס קול איז געוואָרן ווי דאָס וואָיען פון אַ היימלאָזן הונט. דאָס קול האָט זיך צעטראָגן איבער אַלע ווינקעלאַך.

אַלע אין שול זיינען געוואָרן פאַרציטערטע. דער אידענעס קול האָט זיך צעלייגט, ווי אַ כישוף איבער אַלעמענס הערצער. אין אַלע ווינקעלאַך האָבן מענטשן אָנגעהויבן הוסטן. שלוכצן.

דער ערשטער מאַן האָט גענומען דעם בריף פון רב איטשען און אָנגעהויבן לייענען.

אלע זיינען געבליבן ווי צוגעשמידטע צו זייערע פלעצער. דער מאַן, וואָס האָט געלייענט דעם בריף, איז געבליבן אַזוי שטיין אין דער זעלבער פּאָזע, ווי בשעת׳ן לעזן. ער איז גע־שטאַנען אַזוי באַלויכטן פון דער שאַרפער ליכט, ווי איינער, פון וואַקס אָן אויסגעגאָסענער.

און פּלוצלינג איז די לופט דורכגעגרילצט געוואָרן פון אַ משונה׳דיקן גרילץ. פון אַ נים־מענטשלאַכן קוויטש. די אידענע, וואָס האָט פריער געוויינט אין דער שטיל האָט זיך איצט היסטע־ריש צעקוויטשעט — מיינע טעכטער — מיינע צוויי טעכטער — נעמט צו מיין קלייד, נעמט צו מיין מאַנטל!

די פרוי האָט אָנגעהויבן פון זיך רייסן אירע קליידער. זי האָט זיך געריסן פאַר די האָר. זי האָט געקוויטשעט אַלץ העכער. אירע אויגן זיינען געווען רויט־פאַרלאָפן. זי האָט זיך געריסן צום באַלעמער. זי איז אַוועקגעפאַלן אַ פאַר׳חלש׳טע.

און עס איז געווען, ווי אַן אומזעבאַרע האַנט וואָלט זיך מיטאַמאָל איבער דעם מקום קדוש פאַרשפּרייט, און אויף אַלע־מען אַ שרעק אָנגעוואָרפן. די אָט ערשטיקע פרייד, איז גע־וואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ ים פון טרערן. אויף דער אידענעס קוקנדיק האָבן אַלע אָנגעהויבן צו וויינען. מיט צעפּלאַמטע פּנימער, און מיט רויטע אויגן, האָבן זיך אַלע אָנגעהויבן שטופּן צום באַלעמער צו. זיי האָבן אָנגעהויבן שלעפּן דאָס געלט פון די קעשענעס. אייניקע האָבן אויסגעטאָן זייער צי־רונג. עס האָט זיך געדוכט, אַז די מענטשן ווילן מיט זייער לעצט העמד זיך אויסקויפן פון עפּעס אַ שרעק, וואָס עס איז זיי אַלעמען באַפאַלן.

מרדכי עטינגער האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ווייב׳ס הענט. מיט ציטערדיקע פיס האָט ער זיך דורכגעשפּאַרט דורך דעם ענגן עולם. ער איז אַרויף אויפן באַלעמער. זיין פּנים איז געווען פאַרקרימט. זיין נאָז אויסגעצויגן און פויגלדיק שפּיציק. דער קנאָפּ אין זיין האַלדז איז געשפּרונגען אַרויף און אַראָפּ, גלייך, ווי ער זאָל עפּעס שנעל שלינגען. מיט אַ הייזעריק בריפּענדיקן קול האָט ער געזאָגט

— רבותי . . .

אבער מער ווי דאָס וואָרט האָט ער ניט געקענט אַרויס־ריידן. ער איז אומגעפאַלן אין חלשות.

א נאַכט פון ווילדע חלומות. קעץ האָבן זיך געריסן און געפורסקעט פון צווישן די וואַנצן. די אויערן זיינען פאַרלעגט מיט בלאָטע. פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזוי פיל בלאָטע אין מרדכי עטינגערס אויערן? ער קען גאָר ניט הערן.

אויף מאָרגן איז ער שוין אויפגעשטאַנען אינגאַנצן א קראַנקער.

זיין גומען איז אים געווען טרוקן. זיין צונג ווייס. עס האָט אים געשטיקט אין האַלדז. א שאַרפע ווייטאָק האָט זיך צעליינגט איבער די קריזשעס. אים האָט געוואָרפן אין קעלט.

— דעקט מיך צו, דעקט מיך צו — האָט ער זיך געבעטן — מיינע פיס. עס איז מיר קאַלט אין די פיס.

עס איז געקומען דער דאָקטער. דער דאָקטער איז שוין ניט אוועקגעגאַנגען. אונטערגעשפּאַרט אָרום און אָרום מיט קישנס איז ער אַזוי געזעסן אין בעט, און מיט א שוואַכער שטימע גערעדט צום דאָקטער.

— וואָס וואָלט איר געטאָן אויף מיין אָרט? איך ווייס מיינע טעג זיינען געציילטע. זיך אַליין אוועק גע'הרג'עט. אין מיין אייגענעם גאָלד וועל איך דערטרונקען. נאָך וואָס האָב איך דאָס אַלץ באַדאַרפט? נאָך וואָס האָב איך דאָס אַלץ געטאָן? איך האָב אַליין גאָט געבעטן ער זאָל מיר צושיקן אַלדר'ן — ער זאָל מיר געבן נאָך מער רייכקייט — איצט וועל איך אין גאָלד דערשטיקט.

— איר וועט נאָך געזונט ווערן. איר וועט געזונט ווערן! וואָרום האָט איר מיך נעכטן ניט געפאָלגט און געגאַנגען אין שול אריין?

— אין שול אריין? — מרדכי עטינגער האָט שווער געשמייכלט — און ווען איך ווייס איך שטאַרב גלייך אויפן אָרט, גיי איך דען ניט? מיין גאַנץ לעבן איז עס איצט — וואָס נאָך איז מיר אין לעבן געבליבן?

ער איז ווידער אַמאָל געוואָרן אויפגערעגט, אָנגעהויבן צו

שרייען הויך אויפן קול, זיך געריסן פון בעט און ער האָט אָנ־
געהויבן טרויסלען מיט די הענט.

דער דאָקטער האָט אים איינגעשפריצט אַ שפּריצאַכץ. עטינ־
גער האָט ביסלאַכווייז אָראָפּגעלאָזט צו ערשט דעם קאָפּ, דער־
נאָך די הענט. דער דאָקטער האָט אים אינגאַנצן אויסגעצויגן.
ער איז איינגעשלאָפן.

אלדד און דער דאָקטער און עטעל האָבן זיך פאַרקליבן אין
אַ צווייטן חדר, און אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אים
אַריבערצופירן אין די בערג. מען האָט באַשטימט אַרויסצופאָרן
און קויפן אַ הויז.

— ווען איך זאָל שוין דערלעבן אים זען אוועקפאָרן —
האָט עטעל געוויינט.

עס האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ שטיל וואָיען, ווי פון אַ
פאַר'חלש'טן הונט. פון צימער, וואו עטינגער איז געלעגן האָט
זיך דערטראָגן אַ קול, ווי איינער וואָס רעדט מיט אַ פאַרבונדן
מויל. דאָס קול האָט זיך שווער, ווי דורך עפּעס דורכגעריסן,
און מיט אַ שרעקנדיקן, בלעכענעם ווידערקול זיך פאַרטראָגן צו די
דריי דאָ זיצנדיקע :

— און אַז איך וועל שוין אויסטיילן מיין פאַרמעגן?
וועט דאָס דען זיין מיין כפרה? כדי קומען צו דער מדרגה
פון טשאַרטקאָווער דאַרף איך אָפּשינדן מיין הויט. דאַרף
איך פאַרברענען אַלעס וואָס איך פאַרמאָג. אידן! גייט אין
די גאַסן און שרייט געוואלד. איך וויל אַלעס צעטיילן! עס
איז ניט מיינס. עס איז גזלה. זאָגט אַלעמען אַן גלייך אהער צו
קומען. אַלע אַרבעטער מיינע. צווישן זיי וויל איך מיין פאַר־
מעגן צעטיילן — ברוך אתה אדוני — אלהנו מלך מלכי המלכים...

דער דאָקטער איז צו אים צוגעלאָפן. עטעל האָט אָנגע־
הויבן הויך אויף אַ קול צו וויינען. מרדכי עטינגער האָט לאַנג־
זאַם געעפנט די אויגן. עס איז געווען צוויי גלעזערנע אויגן
— פרעמד אַריינגעשטעלטע.

9

מיטן פרילינג איז מרדכי עטינגער'ן געוואָרן בעסער. מען
האָט זיך געגרייט אַרויספאָרן אויפן לאַנד. די טעג זיינען

געוועזן מילדע. לופטיקע, די בלעטער אויף די בוימער זיינען געוועזן, ווי פריש אפגעוואשענע. עס איז געוועזן א בלויער הימל, און טעג פול מיט האפנונגען פאר אלע באשעפענישן.

מרדכי עטינגער איז אראפ פון בעט. ער איז ארויס אין גאס. ער איז ארומגעגאנגען איבערן גארטן. ער האט באטראכט די בייטן מיט די פרישע איינגעזעצטע בלומען. ער האט גע־הערט ווי די קליינע, גרויע שטיינדלאך אונטער זיינע פיס סקריי־פען, ווי ווען מען טוט אן א פאר נייע שיך. ער איז געוועזן מאגער. זיינע פלייצעס סטילעוואטע. נידריק צווישן די אקס־לען האט אריינגעזונקען דער קאפ. ארום די אויגן איז געוועזן לויז די הויט, ווי איינגענייטע קישעלאך. מרדכי עטינגער איז צוגעגאנגען צום דרויסנדיקן וואסער־קראן און מיט איין מאל אויסגעטרונקען א פול גלאז וואסער.

— א, ווי גוט — האט ער זיך מחיה געוועזן — דו פילסט ווי עס שווענקט דיר אויס די קישקעס.

אין א וואך ארום איז ער ארויסגעפארן מיט דער מאשין. ער איז געזעסן אין ווינקל פון מאשין, און פון דארט ארויס באטראכט גאט'ס וועלט.

ער האט גערעדט צו זיך אליין:

— ווי שיין גאט'ס וועלט איז. ווי שיין. וועלכער מאלער וואלט דען געקענט אויסמאלן אזא פאנאראמע! און וועלכער ארכיטעקטאר וואלט געקענט אויפבויען אזא וועלט! אפיקורסים בלויז מיינען אז מען קען נאכטאן גאט'ס מעשים. אפיקורסים.

ער איז אליין צוגעפארן צו זיין דאקטער. פון דער מאשין אראפ האט ער צום דאקטער אריבערגעשריען:

— גוט־מארגן, הער דאקטער! אט נאט אייך אייער חולה! וואס, אפשר א ניי פלעשעלע?

דער דאקטער האט זיך מיט אים דערפרייט:

— קומט אריין! קומט אריין! —

דער דאקטער האט אויסגעשטרעקט די האנט, גענומען עטינגער'ן אונטערן ארעם און אים אריינגעפירט אין זיין אפיס.

מרדיכ עטינגער האט געשמייכלט. ער האט באטראכט דעם דאקטערס אינסטרומענטן. זיך אויסגעשטרעקט אויפן לאנגן עק־

זאמינירונגס טיש, געגומען אין די הענט אריין די שערלאך און די מעסערלאך, און צוגעלייגט צו די אויערן די רערלאך, וואס מען הערט מיט זיי אויס די לונגען. אים האט אנגעהויבן זשו־מען אין די אויערן.

— ווי עס פייפט דארטן — האט ער געשמייכלט.

ער האט זיך אוועקגעשטעלט ואיף דער וואג. עס האט אים געגעבן א קלאפ אין הארצן. ער האט געוואויגן הונדערט מיט צוויי און צוואנציק פונט.

— עס מאכט ניט, עס מאכט ניט — האט ער פארקרימט דאס מויל און קרום געשמייכלט — ניט אזוי, דאקטער? דער דאקטער וועט שוין אן עצה געבן! כא, כא, כא — ניט אזוי דאקטער?

ער האט זיך געזעגנט מיטן דאקטער. זיך אריינגעזעצט אין אטאמאביל.

— פאר אין פלעטבוש — האט ער צום שאפער געזאגט.

די מאשין האט זיך שטיל אוועקגעקאטשעט.

— הייסט עס, אז איך האב אנגעווארן דריי און פופציק פונט? — האט ער אנגעהויבן טראכטן — לאמיר נאר זען. איך האב געוואויגן הונדערט פינף און זיבעציק, אז איך וועג איצטער הונדערט צוויי און צוואנציק — האב איך אנגעווארן דריי און פופציק פונט.

ער האט ארויסגענומען א בליישטיפט מיט א שטיקל פאפיר, אנגעשריבן הונדערט פינף און זיבעציק, אונטן — הונדערט צוויי און צוואנציק און אונטערגעצויגן. די מאשין האט זיך א וויג געטאן, מיט דעם בליישטיפט אין האנט, האט ער גע־געבן א פארמעק דאס אנגעשריבענע — עס האט זיך בלויז אפגעשטעלט דער ציפער — 2 —

— הייסט עס צוויי?

— וואס צוויי?

— יא. ס'איז צוויי.

— אבער וואס איז צוויי?

עס איז אים געווארן קאלט. די ציין האבן אים אנגעהויבן

צו קלאַפּן. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט נאָך לעבן בלויז צוויי —

— וואָס צוויי?

— צוויי יאָר? צוויי חדשים? און אפשר בלויז צוויי וואָכן? צוויי טעג? צי אפשר גאָר צוויי שעה?

— שנעלער פּאָר אהיים! — האָט ער פּלוצלינג אָנגעהויבן שרייען.

ער האָט ניט געקענט איינזיצן אויפן אָרט. פון דעם ווייכן זיץ אין דעם אָטאָמאָביל האָבן זיך אויפגעהויבן שטעכיקע שפּיזלאַך. ער האָט געוואָלט אַזוי פון אונטן אַרום אָנכאַפּן דעם שאָפער'ס טשאַפּרינע און אים אויסרייסן די האָר. ער האָט כמעט ווי געשריען:

— שנעלער אהיים!

ווען דער שאָפער האָט ביים סוף גאַס, אויפן ראָג, אויסגעקירעוועט דעם אָטאָמאָביל איז מרדכי עטינגער'ן געוואָרן גרינגער. ער האָט געהאַט אַ געפיל פון איינעם, וואָס האָט אויסגעמיטן אַ גרויס געפאַר, און איצט איז אים גוט אויפן האַרצן. און מיט אַזאַ געפיל אין זיין האַרצן האָט ער שוין וואויל־יונגעריש געקענט אָפּשפּעטן און פּאַוואָלינקע איבערטראַכטן די פריערדיקע שרעק.

— הייסט עס, אַז אין צוויי יאָר אַרום וועט פון דיר ווערן אַ מת? אַ נבלה? הייסט עס אַז פון היינט איבער צוויי יאָר וועט אויף דיר ליגן אַ באַרג מיט אש? מיט אַ שווערער מצבה — פּ. נ.? און אַלע דיינע מיליאָנען וועלן ניט העלפן? און דיין גוטער נאָמען וועט ניט העלפן? און די קרעדיט הייזער?

— דו, מרדכי עטינגער, דאַרפסט שטאַרבן.

דער טויט איז איצט געשטאַנען קלאָר פאַר זיינע אויגן. ער האָט געזען דעם מלאך המות — אַ סקעלעט מיט ביינערדיקע ריפּן, מיט צוויי לעכער אַנשטאָט אויגן. דער מלאך המות האָט געהאַלטן אין זיין האַנט עפּעס אַזאַ לאַנגע זאַך, אַ ביטש צי אַ שווערד, צי אַ קאָסע. דער מלאך המות האָט געוויינט.

מרדכי עטינגער האָט גאָר ניט געזאָגט. ער האָט אין דעם מאָמענט אפילו ניט געטראַכט. ער האָט זיך אינגאַנצן אונטער־

געגעבן. פארקערט, ער האָט געהאַט אַ געפיל, ווי ער וואָלט עמיצן אויסגענאַרט, עמיצן איבערגעשפּיצלט. ער האָט געהאַט דאָס געפיל פון אַ מענטשן, וואָס כאַפּט זיך אַרויס פון אַ גרויסער געפאַר.

— פאָר אַהיים — האָט ער געזאָגט — וואָס האָב איך שוין דאָ צו טאָן. איך האָב שוין אַלעם אָפּגעטאָן.

ער האָט זיך פאַרדרוקט טיף אין ווינקל פון דער מאַשין.

אָבער פונדעסטוועגן איז אים געווען קאַלט, און אין האַרצן האָט אים עפּעס געשראָקן. און וואָס קעלטער עס איז אים געוואָרן אַלץ שרעקעדיקער איז ער געוואָרן, און וואָס שרעקעדיקער, אַלץ קעלטער איז אים געוואָרן. ער האָט צום סוף אָנגעהויבן שרייען אויפן שאָפער:

— ווי פאָרט מען דאָס אַרויס אָן אַ צודעק! אין וועלכע אָנשטענדיגע הייזער האָסטו עס געאַרבעט? ווי ערלויבסטו זיך נעמען און אַוועק'הרג'ענען אַ מענטשן? אַרעסטירן דאַרף מען דיך!

מרדכי עטינגער איז געוואָרן אַלץ אויפגערעגטער. פון אויפרעגונג איז אים געוואָרן נאָך קעלטער. אים האָבן שוין געוואָרפן די ציין אין מויל. ער האָט געהאַלטן אין איין זידלען דעם שאָופער.

— נעמט אייך מיין ראָק — האָט דער שאָפער געזאָגט — ווער וואָלט געקענט וויסן, אַז אייך וועט זיין קאַלט אין אַזאַ וואַרימען טאָג.

— וואַרימער טאָג, וואַרימער טאָג — האָט עטינגער אים איבערגעקרימט — וואַרים איז אים. איך בין אַ קראַנקער מענטש. אפשר וועל איך מאָרגן שטאַרבן. גיב אַהער דיין ראָק.

דער שאָפער האָט אָפּגעשטעלט די מאַשין. ער האָט אַראָפּגעשלעפּט זיין ראָק, מיט דעם ראָק איינגעדעקט מרדכי עטינגער'ס פיס. דערנאָך האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט ביים ראָד, און ער איז שוין אַזוי ביז'ן הויז אַריינגעפאָרן מיט אַ וועסט און אַ פּאָר ווייסע אַרבל.

10

סוף מאַי האָט מען זיך געגרייט אין דער שטוב צום

ארויספאָרן. דורך די צענומענע גאַרדינען פון די גרויסע פענ־
סטער האָט אַריינגעשטראָמט פּאַסן זון. פון די צעבליטע בוימער
האָט זיך געטראָגן אַ שמעקעדיקער ריח. אַלעס אין שטוב איז
שוין געווען פאַרפּאַקט אין גרויסע קאַמאָדן. איבער'ן דיל האָבן
זיך געוואַלגערט שטיקלאַך שטריק און אַלטע צייטונגען. עמאַ
איז אַרומגעלאָפן אַ צעטומלטע, אַלע מאָל האָט זי זיך דערמאָנט
אין עפּעס אַן אַנדער זאַך און זי איז צוריקגעלאָפן אַהין, פון
וואַנען זי איז ערשט געקומען. די אַלטע קעכין איז שוין גע־
ווען גרייט פאַרפּאַקט מיט איר געשיר. צי אין אָפּענעם קאַמאָד,
וואָס איז נאָך געשטאַנען אין מיטן צימער, האָט עטעל אַלע
מאָל צוגעלייגט קליינינקייטן. עטעל איז געווען צעטראָגן. זי האָט
געוויינט. זי האָט זיך דערמאָנט אין דעם טאָג ווען זי האָט זיך
געפּאַקט פאָרן קיין אַמעריקע.

— ווי לאַנג איז שוין אין דעם ?

דעמאָלט. מען האָט זי אַהער מיט אַ מומע אַריבערגעשיקט.
וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך די פיר, פינף און דרייסיק יאָר ?
פּאַקנדיק דעם אָפּענעם קאַמאָד, איז עטעל'ן פאַר די אויגן דורכ־
געגאַנגען איר גאַנץ לעבן. אַלע אירע זאָרג און פרייד. אַלע
ערשטע, שווערע יאָרן אין דעם נייעם לאַנד, און איצט . . . איצט
אַז גאָט האָט שוין געהאָלפן . . . וואָס טויג איר איצט דאָס רייכ־
קייט איר'ס און דאָס גאַנץ לעבן איר'ס . . . דייוו איז טויט,
אסתר ערגיץ אין אַ ווייטער שטאָט, מרדכי אַזאַ געפערלאַכער
חולה . . . ווער ווייסט וואָס מיט אים קען טרעפן . . . אַזאַ
געפערלאַכער חולה — זי האָט אָנגעהויבן הויך אויפן קול צו
שלוכצן, זי האָט איבערגעלאָזט די אַרבעט און איז אינמיטן
אַוועקגעגאַנגען.

אין זיין צימער איז געלעגן מרדכי עטינגער, ער איז געלעגן
אָנגעלענט, אַרום געלייגט אַרום און אַרום מיט קישנס. פון זיין
פּנים האָט גערונען שווייס. ער האָט אַלעמאָל שוואַך און נער־
וועז געריבן מיט אַ פינגער די באָרד. דער נאַסער שווייס האָט
געקיצלט זיין הויט, דאָס האָט אים דענערווירט, אָבער ער האָט
שוין ניט געהאַט קיין כח זיך אָנטקעגן צו שטעלן.

מרדכי עטינגער האָט שוין ניט געהאַט קיין כח זיך אַנט־

קענגנצושטעלן דער מינדסטער זאך. און ווערטער, אין זיין אונ־טערבאוואוסטזיין, האט ער שוין מיט עמיצן געשלאסן א שלום. עמיצער האט אלעם פון זיינע פלייצעס אראפגענומען, און א בעפרייטער האט ער שוין איצט רואיק געקענט זיך צוהערן צו דעם רינען פון שוויים איבער זיין הויט, און דערמיט זיך איגנאנצן איצט אפגעבן. ער האט געהערט, ווי א טראפן שוויים קייקלט זיך ארונטער פון זיין פאטילניצע און לויפט ארונטער אין האלדז אריין — ספריטנע איז ער דעם טראפן שוויים פארלאפן דעם וועג, און מיט א פינגער דעם טראפן געגעבן א וויש אפ, פונקט דעמאלט, ווען ער איז שוין געווען נידריק אין קארק. ווי א קינד האט ער זיך דערנאך געפרייט אויף דעם גרויסן אויפטו זיינעם. ער האט נאכאמאל געטאן די זעלבע זאך. ער האט אלע מאל ארייגעשטופט צוויי פינגער אין דער שיטערער, פייכטער באָרד, זיך דארטן מיט די צוויי פינגער פאר א סעקונדע גע־ראַיעט, און עפעס פון דארטן ארויסגענומען, גלייך, ווי ער זאל דארטן קלייבן לייז. און ער האט געטאן די ארבעט בשלומות. פאוואליע. מיט א רואיקן געמיט זיך צוגעהערט צום אנקומען פון א פרישן טראפן, און פונקט אזוי האט ער מיט א רואיקן געמיט זיך צוגעהערט און געענטפערט אלדד'ן.

— אלרייט, זאל זיין אוועקפארן.

אבער דאס רייִדן זיינס איז שוין איצט געווען א בײ־זאך. דער עיקר האט ער געהאט אין זינען זיך. ער האט זיך געקראצט. עפעס געקליבן פון דער באָרד, עפעס געזוכט אין בוזעם, ריידנדיק צו אלדד'ן האט ער אפילו אויף אים ניט גע־קוקט. עס איז אויסגעקומען אזוי ווי איינער, וואס טוט עפעס זייער א וויכטיקע ארבעט, און ווען עמיצער זיצט נעבן אים, ווארפט ער סתם אזוי ארוים ווערטער, וועלכע גייען אים גאר ניט אן.

— איך ווייס, — האט ער געזאגט — אז איך קען שוין אוועקפארן — דו וועסט פירן די געשעפטן — — — געשעפטן —

אלדד איז ארויסגעגאנגען. צוזאמען מיט בעקי'ן איז ער פארגאנגען אין דעם לעזשימער. זיי האבן זיך ביידע אריינגע־זעצט אין א ווייכער סאמעטענער סאפע. בעקי האט איינגע־

נורעט איר קאָפּ אויף אלדד'ס קני. אלדד האָט געקושט אירע הענט. שווייגנדיק האָבן זיי ביידע איצט גערעדט פון זייער ווייטערדיקן לעבן. אלדד האָט געטראַכט פון זיין מאָרגן, און פון זיין איבערמאָרגן; ער מיט בעקי'ן וועלן וואוינען אין אַ באַזונדער שטוב, אין אַן אייגענער היים. ביידע צוזאַמען, וועלן זיי אויפבויען אַ נײַ לעבן, אַ נייעם דור, אַזאַ בלאָנדן, שטאַרקן, אלדד'ישן דור — אין אלדד'ן רינט רויט בלוט — אין אלדד'ן פליסט אַ דורות'דיקער יחוס — אלדד איז ערשט איצט אינגאַנצן צוויי און דרייסיק יאָר אַלט, פאַר אים שטייט איצט די וועלט אַ פרייע און אַ ברייטע — ער פילט ווי פון אים שפּראָצט אַרויס אַ נייער וואָרצל, פון אים גייט אויף אַ נייע זון — בעקי! בעקי! זע מיין ליבּ! טאָפּ אָן מיין איידל פּנים! הער ווי עס קלאַפּט מיין האַרץ מיט דער פריילאַכער בשורה! זע...

פלוצלינג האָט זיך דערהערט עמעל'ס משונה'דיק קול. אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו מרדכי עטינגער'ן אין צימער. אָבער אין צימער איז געווען פּונקט ווי פריער שטיל.

— איך ווייס ניט — האָט עמעל געזאָגט — עפּעס האָט מיר מיטאַמאָל געגעבן אַזאַ קלאַפּ אין האַרצן — — — מיר האָט זיך געדוכט אַז דער טאַטע איז טויט...

זיי זיינען שוין זאַלבעדריט פאַרבליבן אין עטינגערס צימער. אַלע האָבן געשוויגן. מיט אַמאָל האָט עמיצער זיך אָנגעהויבן שאַרן אַרום די וועט. און כאָטש קיינער האָט קיינעם ניט געזען און קיינער האָט קיינעם ניט געהערט, האָט מען אָבער פאָרט געהערט ווי עמיצער שאַרט זיך אַרום די ווענט און אַרום מרדכי עטינגערס בעט. מרדכי עטינגער איז פּלוצלינג געוואָרן אומרו־איק, ער האָט אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפן פון זיך די קישנס, ער האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן, און איז צוריקגעפאַלן. ער איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך. ער האָט גאָר נישט ניט געזאָגט, אָבער מען האָט געזען, ווי עס צוקן די אָדערן איבער זיינע באַקן, ווי עס שפּילן זיך — גרויס און קליין — גרויס און קליין זיינע אויגן, און כאָטש שווייגנדיק, שרייט ער — ראַטעוועט! ראַטעוועט! איך שטאַרב.

— האָט זיך עמיצער באַוויזן אין צימער? איז עמיצער

ארײַנגעפֿלױגן דורך דער סטעליע און געטריבן װינטן אין דעם רױם?

קײנער האָט קײנעם ניט געזען, און קײנער האָט קײנעם ניט געהערט — אָבער עמיצער שאַרט זיך פּאָרט אַרום די װענט. מרדכי עטינגער פּרובט זיך נאָך אַמאָל אױפֿשטעלן. עס דוכט זיך אױס, װי ער אײַלט זיך. אינעװײניק אין אים, זעט מען, טרײַבט עפּעס אַן איבערנאַטירלאַכע קראַפֿט. ער צעשפּרײט זײַן לײַב און קאָרטשעט זיך באַלד צענױף, ער עפֿנט זײַן מױל און פֿאַרמאַכט עס, זײַנע אױגן עפֿענען זיך און פֿאַרמאַכן זיך — ער האָט אָנגעהױבן הײזעריק כאָרכלען.

מען האָט געבראַכט דעם דאָקטער. מען האָט אים איבערגע־טראָגן אין אַ צװײטן בעט אַרײַן. דער דאָקטער האָט אים גע־מאַכט אַן אײַנשפּריצונג. מרדכי עטינגער האָט פֿאַרגלאָצט מיט די אױגן, מיט די ליפּן צעעפֿנט, װי אײנער מיט געשװאָלענע יאָס־לעס האָט ער עפּעס שטיל און אומפֿאַרשטענדלאַך גערעדט.

דערנאָך איז שױן זײַן קול געװען קלאָר. אױף אױסװײניק האָט ער געזאָגט קאַפּיטלאַך תהילים. גערעדט פֿון די קינדער, גערעדט פֿון זײַן װײַב עטעל, ער האָט אַזױ גערעדט ביז אין גרױען פֿאַרטאָג אַרײַן.

אין דער פֿרי, װען עס האָט אָנגעהױבן בלױען אױף טאָג, האָט ער אױפֿגעעפֿנט די אױגן. די אױגן זײַנען געװען בלױע און קלאָרע. זײַן שטערן איז געװען קלוג פֿאַרקאָרטשעט. זײַנע ליפּן זײַנען געװען ברײט צעעפֿנטע, װי עמיצער װאָלט עס איז היים אין מױל, און ער װיל דאָס מױל אָפּקילן. ער האָט קלאָר און שטיל געזאָגט:

— דאַנקען גאָט, איבערגעקומען. זאָגט נאָך מיר קדיש. דאַנקען גאָט — שמע — ישראל — שמע — שמע — שמע —

ער האָט זיך שטיל אױסגעצױגן. עטװאָס אַן אַ זײַט האָט ער פֿאַרװאָרפֿן דעם קאָפּ. די פּיס האָבן זיך ביסלאַכװײַז אױס־געשטרעקט. די הענט אױף בײדע זײַטן בעט זײַנען געבליבן ליגן אײַנגעקרעמפּטע. ער האָט שפּיציק אַרױסגעשטופּט דאָס קלײן צונעשניצט בערדל, און ער איז געװאָרן אַלץ געלער און קאַלטער.

ברוך דיין אמת.

נױ יאָרק, 1923־1926